יוסף הייבלום

# געלעכטער מיט אַ טרער

הומאָרעסקעס

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישראל

תל־אביב, תשמ״ב — 1982

# דורך דער לאַכנדיקער טרער

**„אַלע מענטשן לאַכן — זאָגט אַ שפּאַניש פֿאָלקסוואָרט — רייכע לאַכן פֿאַרזיכטיק, ווייל זיי האָבן וואָס צו פֿאַרלירן, אָרעמע לאַכן מיטן** פולן מויל, ווייל זייער מצב איז ווייט פון געלעכטער". די טשעכן דריקן עס אויס נאָך קלאָרער: „געלעכטער איז דאָס גאָלד פונעם אָרעמאַן און ברענגט ליכטיקייט אין אָרעמע שטובן."

די דאָזיקע ליכטיקייט פון מענטשלעכן געלעכטער און דער קלאַנג פון גאָלד, וואָס הערט זיך אין דעם געלעכטער, זענען די קענצייכנס פון אמתן הומאָר און אין דעם ליגט דער פּישוף־כּוח פון יוסף הייבלומס הומאָרעסקעס.

„אַ מענטש דערקערנט מען אין זיין געלעכטער, — האָט געזאָגט דער גרויסער דאָסטאָיעווסקי — אין געוויין, אין געשריי בלייבט תּמיד אָרט פאַר אָנשטעל. צום עכטסטן איז דער מענטש ווען ער לאַכט". לייענענדיק הייבלומס הומאָרעסקעס, ווילט זיך עס פאַראַפראַזירן: צום עכטסטן פון אַלע שרייבערס איז דער הומאָריסט, עכט מיט זיין אופן פון זען און באַנעמען, פון קריטיקירן און באַזינגען דאָס לעבן. דאָרט, וווּ פאַר אַנדערע שרייבערס זענען גענוג זייערע פינף חושים און באַפליגלטע פאַנטאַזיע, דאַרף דער הומאָריסט אַנטוויקלען אין זיך דעם זעקסטן חוש פאַרן צונויפטרעפן געלעכטער מיט אַ טרער און דערמיט אַריינקומען לייכט, כּמעט ווי צופעליק, אומעטום וווּ דער צוטריט פון שרייבער זעט אויס צו זיין שווער.

איבער הייבלומס מענטשן, אַפילו די משונהדיקע און אויסגעקרימטע, שוועבט ווי אַ ניגון, וואַרעם געמיט, ווייל אין שיין פון געלעכטער ווערט ליכטיק אויף דער נשמה און מענטשן וואָס לאַכן, זענען געבענטשט מיט געזאַנג, מיט לעבן.

אין הומאָרעסקע נאָך הומאָרעסקע שמייכלען זיי אונדז אַנטקעגן די פאַרשיידענערליי טיפּן, פאַרכאַפּן דאָס אויג מיט זייערע אויסטערלישקייטן און שוואַכקייטן און, אַז שוואַכקייטן זענען מענטשלעכע, קען מען געשמאַק אַ לאַך טאָן, און מיט אַזאַ טאַלאַנט און אָפּפרישנדיקער פּיקחות ווי הייבלומס קענען די שוואַכקייטן אַ מאָל מגולגל ווערן אין מעלות, ווייל הינטער זיי שטראָמט אָן אַ שיעור וויטאַליטעט, פלייס און ענערגיע.

איי, ס'איז קאָמיש ! דערפאַר טאַקע פילט מען דאָך אין זיי דעם וטן טעם פון טעאַטער. דער קאָמיזם קומט דאָך פון די מענטשנס דראַמאַטישן אָנשלאָגן זיך אין דער האַרטער וואַנט פון דעם אַרום, וואָס איז ישט צוגעפּאַסט צו זייערע מעגלעכקייטן, אָבער אַזוי ווי אַלע אַנדערע ראַמאַטישע עלעמענטן, ווערן זיי געמילדערט דורך הייבלומס ליריש־הומאָריסטישן שמייכל, אין הייבלומס אויסגעלייטערטן קרישטאָלענעם הומאָר.

עס דאָמינירט אין די הומאָרעסקעס דאָס מאָנאָלאָגיש־טעאַטראַלע און עס איז ווי אַ שפּיגל, וואָס רעפלעקטירט אויף אַ גראָטעסקן אופן אַלע מענטשלעכע תּנועות, האַנדלונגען, העוויות, און, פאַרטראַכטנדיק זיך איבער זיי, לאַכט מען פון דער נאַרישער אומגעלומפּערטקייט און נאַיִווער אומבאַהאָלפנקייט, אָבער לאַכנדיק, פאַרטראַכט מען זיך אויך איבער די אמתדיקייטן, וואָס שימערירן מיט אַזוי פיל חכמה אין דעם ים פון אומזיניקייטן, חלומות און פאַנטאַסטישע ווונטשן.

עס איז די מאַגיק פון הויכער מייסטערשאַפט אין אַרויסברענגען זיי, אַ מייסטערשאַפט נישט קיין אויסערלעכע, נאָר אַן אינעווייניקסטע, פון טיפער קענטשאַפט און טאַלאַנט צו דערזען דאָס טיפער געמיינטע פון פּראָסטע רייד, דאָס פונאַנדערגעשפּילטע פון די טיפן אין די קאָמישסטע סיטואַציעס.

אויף יעדן טיפ ליגט די האַנט פון אַ מייסטער און דערפאַר קומט זייער יעדער זאָג אַרויס געטאָקט און די ווערטער פון די געשליפענע צינגלעך האַלטן זיך אונטערטעניק, רייסן זיך נישט אַרויס פון דער סטרוקטוראַלער גאַנצקייט.

דערפאַר איז דאָס בוך „געלעכטער מיט אַ טרער" אַ דערגרייכונג פון אַ באַזונדערער מדרגה. דאָס זענען הומאָרעסקעס ווי אינטערעסאַנטע טעאַטראַלע קאָמפּאָזיציעס, וועלכער מ'קען לייענען און הערן מער ווי איין מאָל און ביי יעדן מאָל ווערן פון ס'ניי פאַרכאַפּט פון די שפּרודלדיקע איינפאַלן און אויפשפּילן, מיט וועלכע הייבלום איז אַזוי רייך און איינציקאַרטיק.

**שמעון קאַנץ**

# דער אמת

— איך בין טאַקע געוואָרן אויס קאָמוניסט, אָבער אַ שלעכט וואָרט אויף רוסלאַנד וועט איר פון מיר נישט הערן. העלפן די קאַפּיטאַליסטן, די אימפּעריאַליסטן, באַשמוצן רוסלאַנד — דאָס נישט. קיין מאָל נישט. ווען איך בין אַרויס פון יענע לענדער, האָב איך מיר געגעבן אַ נדר בכלל נישט צו רעדן מיט קיינעם וועגן פּאָליטיק, סאָציאַליזם. גאָרנישט. שווייגן.

— פערזענלעכע זאַכן, יאָ. דאָס קענסטו מיט מיר רעדן.

— געקומען בין איך קיין אַמעריקע מיט ליידיקע הענט און מיט אַ ליידיקן מאָגן, און דו זעסט, אַן אייגענע פאַבריק. דער גורל האָט מיך פאַרשלעפּט אין אַ קאַפּי־טאַליסטיש לאַנד אַריין. האָב איך מיר געעפנט אַ פאַבריקל פון פאַרבן, און ביסלעכ־ווייז בין איך אויך געוואָרן אַן אייגנטימער פון אַ האָטעל, זעכצן שטאָק, אַ שטיק ערד דאָ און דאָרט, און דאָס אַלץ איז געקומען פון די פאַרבן. ווער האָט געחלומט אַז איך וועל פאַבריצירן פאַרבן? איך האָב געהאַט אַזאַ אַנונג אין פאַרבן, אַזוי ווי דאָ האָסט אַן אַנונג אין פלאַנעטן. איך האָב געאַרבעט ביי אַ שטובן־מאָלער, האָב איך געזען ווי... איך מוז דיר דען דערציילן געניי אַלצדינג וואָס איך האָב געזען?

— כ׳האָב געכאַפּט די סמיעקאַלקע און אַלץ איז גוט און וווּיל, נאָר וואָס קומט אַרויס, אַז ווו דו שטעלסט אַ פוס, שמעקט עס מיט קאַפּיטאַליזם. איך בין דאָך פאָרט אַ מענטש פון אַן אַנדערן גייסט, אַ רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט. איך האָב טאַקע פאַרלאָזט די פּאַרטיי. אָבער אינערלעך בין איך נאָך אויסגעשטאָפּט מיט מאַרקסיזם. ווי האָט לענין געזאָגט? : אדם יסודו מעפר, וסופו...

— פאַר וואָס איך האָב פאַרלאָזט די פּאַרטיי? ווייל נאָך אַכט יאָר זיצן אין אַ קאָטאָרגע־לאַגער אין רוסלאַנד, בין איך אַוועק קיין פּוילן, האָב איך דערזען, אַז כ׳האָב צו טאָן מיט אַ באַנדע נאַכאַלניקעס, אַנטיסעמיטן. האָב איך מיר געטראַכט: כ׳האָב אייך אין דר׳ערד. אויס קאָמוניסט! אויסערלעך! אָבער אינערלעך... פאַר־שטייסט וואָס כ׳מיין?

— כ׳פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי. זאָג־זשע מיר, פאַר וואָס ביסטו עפּעס געזעסן אַכט יאָר אין רוסלאַנד?

— ווייל מען האָט מיך געכאַפּט ביי דער האַנט ווען כ׳האָב גענומען אַ מיליאָן דאָלער פון אַמעריקע פאַר שפּיאָנאַזש, און איך האָב געוואָלט אָפּרייסן אַ שטיק אוקראַינע פאַר מיינעטוועגן.

— דאָס איז טאַקע נישט אָרנטלעך. ביסט אַ קאָמוניסט, לעבסט אין רוסלאַנד, גייסטו שפּיאָנירן פאַר אַמעריקע און אָפּרייסן אַ שטיק אוקראַינע?

— משוגענער! ביסט דאָך אַ קאָמפּלעטער משוגענער. איך בין געגאַנגען

פּרייסן אוקראַינע? נאָך וואָס דאַרף איך אוקראַינע? וואָס וועט אַזאַ ייִד ווי איך טאָן מיט אוקראַינע? און ווען איך קריג דעמאָלט פון אַמעריקע, נישט קיין מיליאָן, נאָר איין דאָלער, וואָלט איך דאָך נישט געווען אַזוי אויסגעהונגערט.

— פאַר וואָס־זשע האָט מען דיך איינגעזעצט?

— ווייל איך האָב זיך מודה געווען. איך בין געשטאַנען פאַר אַ געריכט און האָב זיך מודה געווען אין שפּיאָנאַזש און אין דעם אַלעם איבעריקן.

— אַז דו האָסט זיך מודה געווען, זענען זיי דאָך געווען כשר גערעכט.

— אַזוי גערעכט זאָלן זיי לעבן, טאַטע זיסער, שקר וכזב, איין ליגן איז גרעסער פון דאָרן צווייטן.

— אויב אַזוי, פאַר וואָס־זשע האָסטו זיך מודה געווען? וועלכער אידיאָט איז זיך דאָס מודה אין אַ זאַך וואָס ער האָט נישט געטאָן.

— האָסטו דיר דעם חכם! פאַר דו אַהין, און זיי דו זיך נישט מודה, וועל איך דעמאָלט זען וואָס פאַראַ חכם דו ביסט. שוין! לאָמיך אָפּ! כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז אויף רוסלאַנד וועל איך קיין שלעכט וואָרט נישט רעדן. כ׳בין טאַקע אויס קאָמוניסט, אויסערלעך, אָבער אינערלעך?...

— אויסגעשטאָפּט מיט מאַרקסיזם.

— יאָ. דערפאַר וויל איך נישט רעדן. כ׳וויל נישט באַשמוצן רוסלאַנד.

— זיי האָבן נישט נויטיק, אַז דו זאָלסט זיי באַשמוצן. זיי אַליין מאַכן עס אַ סך בעסער.

— אויב דו ווילסט מיט מיר שמועסן, איז נאָר וועגן פּערזענלעכע זאַכן. ווייל איך האָב זיך געגעבן אַ נדר...

— שוין. כ׳האָב שוין געהערט. כ׳ווייס שוין. וואָס הערט זיך ביי דיר פּערזענלעך?

— צרות, קאָפּ־דרייעניש. די אַרבעטאָרערס האַלטן מיך אין איין סטראַשען מיט אַ שטרייק. כ׳זאָל זיי דערלייגן אויפן געהאַלט, נאָר דערלייגן. קדחת מיט כשרן פּאָדעם! איך זאָל צוהעלפן אַ קאַפּיטאַליסטישע מדינה, אַז אירע אַרבעטער זאָלן לעבן אין שווילטאָג? זיי פאָרן דאָך שוין אין אייגענע קאַרס. ריכטיקע פּראָלעטאַריער דאַרפן זיך אָפּלערנען פון רוסלאַנד. אין רוסלאַנד שטרייקט מען? דו האָסט שוין געהערט אין רוסלאַנד אַ שטרייק?

— שטרייקן טאַקע נישט, אָבער אַרעסטן! מען אַרעסטירט ייִדן וואָס בעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן קיין ישׂראל.

— מען האָט אַרעסטירט אין מיטן דער נאַכט אַ ייִד אין קישינעוו, וואָס האָט געוואָלט פאַרכאַפּן אַ רוסישן עראָפּלאַן אין לעניגראַד. נו, איז וואָס?

— ווי קען אַ ייִד פאַרכאַפּן אַן עראָפּלאַן אין לעניגראַד אין דער זעלבער צייט ווען מען גייט אים אַרעסטירן אין קישינעוו?

— זעסט דאָך...

— און דו גלויבסט טאַקע אין דעם?

— ער האָט זיך דאָך מודה געווען!

— דו האָסט זיך דאָך אויך אַ מאָל מודה געווען.

— איך האָב זיך טאַקע מודה געווען אויף אַן אמת, נאָר דער אמת איז אויך

געוועזן אַ ליגן. איך האָב דיר שוין צען מאָל געזאָגט, אַז איך וויל נישט רעדן קעגן רוסלאַנד. קענסט מיך צווינגען דערצו?

— וועגן ישׂראל ווילסטו יאָ רעדן?

— יאָ, וועגן ישׂראל — גערן. כ׳בין דאָרט געוועזן, ס׳איז מיר געפעלן. כ׳וואָלט זיך גערן דאָרט באַזעצט, ווען ישׂראל וואָלט צוריקגעגעבן אַלע שטחים. ווען אַמעריקע וואָלט אַרויסגעצויגן דאָס מיליטער פון וו?עטנאַם און דעם זעקסטן פלאָט פון מיטללענדישן ים. ווען ישׂראל וואָלט אַריינגעלאָזט צוריק די דריי מיליאָן אַראַבישע פליטים.

— וואָס פאַראַ דריי מיליאָן?! ווען זענען געוועזן דריי מיליאָן פליטים?

— איצט איז שוין דאָ. די רעגירונג זאָל מיר אינוועסטירן צוויי מיליאָן, די הסתדרות זאָל זיך נישט אַריינמישן צו די אַרבעטער, וואָלט איך אויפגעשטעלט אַ פאַבריק פון פאַרבן אין תּל־אָביב.

## אַ מעשׂה מיט אַ בלומענטאָפּ

אין אַ טאָג פאַר אַן ערב יום־טוב איז דאָס געוועזן. איך קום צו צו דער טיר פון מיין וווינונג, שטייט אַ בלומענטאָפּ. שליס איך אויף די טיר און נעם אים אַריין אין שטוב. אַ גרויסער טאָפּ, אַרומגעהילט מיט בלויען קרעפּפּאַפּיר, מיט זייער אַ שיינעם פלאַנץ, נאָר קיין צעטל, קיין וויזיט־קאַרטע איז נישטאָ אויף אים.

זיץ איך און קוק אויף דעם בלומענטאָפּ מיט גרויס הנאה, און טראַכט פון וועמען קען דאָס זיין? ווער פון מיינע פריינד האָט מיך מהנה געוועזן מיט אַזאַ שיינעם בלומענטאָפּ לכבוד יום־טוב, און אָנגעטאָן מיר אַ שפּיצל, נישט צו וויסן פון וועמען דאָס איז?

קומט אָן מיין פרוי. אַ מינוט בלייבט זי שטיין שטיל, כאַפּט אַ בליק אויף מיר און אויפן בלומענטאָפּ און נאָך אַ מאָל, אַזוי אַהין און צוריק.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט זי מיך.

— אַ בלומענטאָפּ.

— דאָס זע איך דאָך.

— פאַר וואָס־זשע ביסטו אַזוי פאַרווונדערט געוואָרן?

— ווייל איך האָב עס מיר קיין מאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז דיר זאָל אַ מאָל איינפאַלן צו קויפן אין שטוב אַריין אַ בלומענטאָפּ.

— איך האָב אים נישט געקויפט, עמעץ האָט געשיקט. איך האָב אים געפונען שטיין נעבן דער טיר.

— ווען עמעץ וואָלט אים געשיקט, וואָלט דאָך געווען דערויף אַ צעטל.

— אָט אַ דאָס איז עס דאָך. דערפאַר זיץ איך דאָך און קלער: ווער פון אונדזערע ידידים האָט אונדז מהנה געוועזן לכבוד יום־טוב מיט אַזאַ מתּנה?

זי האָט באַקוקט דעם בלומענטאָפּ פון אַלע זייטן און פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ פלאַנץ, וואָס הייסט פילאַדענדראָן. ער האַלט זיך גוט אין שאָטן און לעבט זייער לאַנג. דערנאָך האָט זי זיך אָנגעזעצט און מיטגעהאָלפן מיר טראַכטן, ווער עס האָט געשיקט דעם בלומענטאָפּ.

— דו ווייסט — זאָגט זי נאָך אַ רגע טראַכטן — ווער עס האָט געשיקט דעם בלומענטאָפּ? איצקאָוויטש.

— וואָס דיר קען אַלץ קומען אויפן געדאַנק. אַן איינפאַל פון אַ מענטש. ווי קענסטו זאָגן, אַז איצקאָוויטש האָט געשיקט אַזאַ פילאַדראַנג? אַז אַזאַ, ווי הייסט דאָס, האָט אַ ברירה צו קאָסטן אפשר כ'ווייס...

— כ'האָב מורא, אַז פאַר דריי מאָל אַזוי פיל וועסטו עס אויך נישט באַקומען.

— זעסט דאָך אַליין, אַז דאָס קען נישט זיין איצקאָוויטש. פון זיינע פאַרדינסטן האָט ער קוים די נשמה צו דערהאַלטן. פון וואַנען האָט ער געלט צו קויפן אַזאַ נו... ווי הייסט עס?

פלוצעם הערט זיך אַ קלונג אין טיר, און ער איז דאָ, איצקאָוויטש איז געקומען. מיין פרוי איז אים מקבל פנים מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פריינדלעכקייט.

— זיצט, אַ שיינעם דאַנק אייך פאַרן בלומענטאָפּ. דאָס איז די שענסטע איבער־ראַשונג וואָס איר האָט אונדז געקענט מאַכן. מיר ווינטשן אייך צו האָבן אַלס גאַסט יום־טוב צום מאַלצייט.

— וואָס רעדט איר? — האָט איצקאָוויטש אַ פאַרשעמטער אַרויסגעשלעפּט די ווערטער ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד — נאָך וואָס דאַרפט איר עס? יום־טוב... מאַכן זיך אַרבעט... געסט... וואָשן געשיר...

— ניין, ניין — האָט זי אים איבערגעריסן — דאָס וועט זיין פאַר אונדז די גרעסטע פרייד. וואָס זיצט איר אַזוי פאַרטראַכט, אדון איצקאָוויטש?

— איך קוק — זאָגט ער — אויף דעם בלומענטאָפּ. זייער שיין. אָבער דאָס איז נישט דער בלומענטאָפּ, וואָס איך האָב אייך געשיקט. דאָס איז אַ גאַנץ אַנדערער בלומענטאָפּ.

— אַזעלכע גנבים ווי די בלומען־הענדלערס זענען — האָט מיין פרוי אויס־געשריגן מיט גרויס פאַרדראָס — דער קונה גייט אַוועק, שיקט מען עפּעס אַנדערש.

אַ האַלבע שעה נאָך דעם, ווי איצקאָוויטש איז אַוועק אין אויסערגעוויינלעכער איילעניש, איז אָנגעקומען אַ בלומענטאָפּ, אַ פּאַלמעפלאַנץ און מיט אַ צעטל — איצקאָוויטש.

זענען מיר ווידער זיצן געבליבן און געקוקט אויף דעם בלומענטאָפּ, אויף דעם ערשטן, און ביידע האָבן מיר זיך געהאָלפן קעגנזייטיק טראַכטן: ווער האָט דאָס געשיקט דעם בלומענטאָפּ? דעם ערשטן?

— גענדלבערג! — האָט מיין פרוי אויסגערופן.

— דאָס זעסטו לייגט זיך אויפן שׂכל, ווייל ער איז אַ מענטש וואָס... אָבער פון וואַנען ביסטו דאָס געקומען אויף גענדלבערגן?

— ווייל — זאָגט זי — איך האָב זיך איצט דערמאָנט, אַז היינט אַ יאָר האָט מיר גענדלבערג דערציילט, אַז ער האָט דערהאַלטן פון עמעצן אַ טאָפּ מיט אַ פלאַנץ, איז ער זייער דעקאָראַטיוו, האָט ער באַשלאָסן, אַז פון היינט אָן שיקט ער שוין ער נישט

מער זיינע פריינד קיין בלומען, נאָר טעפּ מיט פלאַנצן. קיין בלומען האָט ער אונדז נישט געשיקט. איז פון וועמען איז דאָס?

— ריכטיק ווי גאָלד! דאָס איז עס! הונדערט פּראָצענט! איך האָב אים היינט געטראָפן אין גאַס, האָט ער צו מיר אַזוי זייטיק געשמייכלט, ווי איינער זאָגט: אַ שיינער בלומענטאָפּ? הע?

אַזוי ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס איז עס, בין איך גלייך אַרויס אין גאַס, און צוריקגעשיקט מיין פריינד גענדלבערג אַ טאָפּ מיט אַן אַלעקסאַנדער־פלאַנץ.

אַ פּאָר שעה שפּעטער קלינגט מען אין טיר, און מען טראָגט אַריין אַ גרויסן טאָפּ מיט אַ פיקוס־בוים, און מיט אַ צעטל פון גענדלבערגן.

שטייען שוין ביי מיר דריי בלומענטעפּ, מיט דריי ביימער און מיר זיצן און קוקן אַלץ אויפן ערשטן. ווער צו אַלדע גוטע יאָר, האָט מיר געשיקט דעם בלומענ־טאָפּ? דעם ערשטן?

— איך ווייס שוין ווער — האָט זי ווידער אויסגערופן — קלאַפּשלאָס. דער קלאַפּשלאָס, וואָס האָט אַ פאַבריק פון פּיזשאַמעס. כ׳וועל דיר זאָגן פאַר וואָס. איך האָב זיך אַ מאָל געהאַט באַליידיקט פון אים, אַ גראָבער מענטש, האָט ער מיר געשיקט אַ בלומענטאָפּ, כּדי מיך איבערצובעטן. און נישט אויפגעגעבן דעם נאָמען. ווייל ער וויל, אַז מיר אַליין זאָלן זיך כאַפּן...

— ווער כאַפּן, וואָס כאַפּן? אין מינוט, ער האָט דאָך אַ טעלעפאָן. וועל איך אים אָנפרעגן. סתּם זיך ברעכן דעם קאָפּ.

— האַלאָ, מיסטער קלאַפּשלאָס?! איך האָב דערהאַלטן אַ בלומענטאָפּ. אַ פּי־לאַנדאָרס, כ׳האָב פאַרגעסן ווי ער הייסט. אָן אַ צעטל. וויל איך וויסן, צי דאָס איז פון אייך. מיין פרוי זאָגט, אַז איר האָט עס געשיקט. וויל איך אייך זאָגן אַז ס׳איז זייער שיין. און אַ שיינעם דאַנק.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט דאָס נישט געשיקט, אָבער ער בעט, אַז מיר זאָלן צוּוואַרטן אין שטוב. ווייל ער שיקט מיר שוין אַרויס אַ בלומענטאָפּ, האָב איך נאָך אַזעלכעס אין מיין לעבן נישט געזען. אָבער וועמענס איז דער בלומענטאָפּ? דער ערשטער?

— כ׳וואָלט שוין געגעבן וויפל מען וויל, מען זאָל מיר זאָגן, ווער עס האָט מיר געשיקט דעם בלומענטאָפּ. מען קען דאָך אָבער נישט זיצן סתּם און ברעכן זיך דעם קאָפּ. אַ גאַנצן טאָג רעדן וועגן אַ בלומענטאָפּ.

— ביסט גערעכט — גיט צו די פרוי — מען דאַרף טאַקע מער נישט רעדן וועגן דעם. אָבער — זאָגט זי — עס האָט דאָך פאָרט עמעצער געשיקט דעם בלומען־טאָפּ. אַליין איז ער דאָך נישט געקומען. איז ווער קען דאָס זיין?

פּלוצעם, ווידער אַ קלונג אין דער טיר, און עס גייט אַ בלומענטאָפּ, מיט אַ צעטל אונטערגעשריבן: קלאַפּשלאָס. אַ קאַקטוספלאַנץ ווי אַ גרויסער אַרבוז אַרומ־גענומען מיט שטעכעכץ ווי אַ נישט ראַזירטע באָרד. פון דער זייט וואַקסט אַרויס אַ שטיק, ווי אַ לאַנגער וווּרשט. אין סאַמע שפּיץ אַ מאָדנע בלאַט ווי אַ ברייטע אָפּענע לאָפּע. אַזאַ משוגעת פון דער נאַטור, און מיין פרוי זאָגט, אַז דאָס איז שיין.

אַזוי ווי מען האָט אַוועקגעשטעלט דעם פערטן בלומענטאָפּ אויף דער ערד,

קומט אַריין די שכנה וואָס וווינט אַ טיר ביי אַ טיר, און פאַרקלאָגט זיך:

— איך זע — זאָגט זי — אַז מען האַלט אין איין טראָגן צו אייך בלומענטעפּ. זאָל אייך ווויל באַקומען, און האָט אַ פריילעכן יום־טוב. מיר האָט מען נעכטן אויך געשיקט אַ בלומענטאָפּ מיט אַ וווּנדערבאַרן פלאַנץ. איז מען געגאַנגען וואַשן די פּאַדלאָגעס, האָב איך אים אַרויסגעשטעלט דעם בלומענטאָפּ פאַר דער טיר. אין פינף מינוט אַרום, ער איז נישטאָ. פאַרשווונדן ווי אין וואַסער אַריין. וואָס זאָגט איר נישט צו דעם? ווער האָט מיר געקענט צונעמען מיין בלומענטאָפּ?

# אין אַ קליניק

אויף די לאַנגע בענק זיצן שוויגנדיקע מענטשן און קוקן אויף דער טיר, וואַרטן, מען זאָל אויסרופן זייער נאָמען.

נעבן מיר זיצט איינער מיט אַ קאָפּ ווי אַ גרויסע באַרנע, וואָס שאָקלט זיך אין דער ברייט ווי אַ רודער ביי אַ זייגער, און קוקט אַ פאַרטראַכטער אויף די שפּיצן פון זיינע צוויי זייער גרויסע שיך. אַ דאַרער איז ער. אַ קליינער און אַזעלכע ריזיקע שיך.

— כ׳זאָל אַזוי וויסן פון זייערע קעפּ און פון זייערע הענט און פיס — איז ער פּלוצעם אַרויס מיט לשון קוקנדיק אויף מיר — אַז ס׳איז נישטאָ קיין מענטש וואָס זאָל מיר געבן אַ ריכטיקע עצה. וואָס שווייגט איר?

— אַנטשולדיקט. וואָס פאַר אַן עצה דאַרפט איר?

— וועגן די דאָקטוירים. אוי האָבן זיי מיך צעדרייט. אַז אַ שוואַרץ יאָר... כ׳וויל אים נישט שעלטן, פאַרט אַ דאָקטער. געזונט זאָל ער זיין. ער האָט מיר געזאָגט, אַז כ׳זאָל אויפהערן רויכערן. איז וואָס אייער מיינונג?

— הערט אויף.

— פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ מיט אים צוזאַמען. קוק אים אָן, אַ נייער ספּעציאַליסט. מען האָט אייך אָוועקגעזעצט ספּעציעל נעבן מיר, אַז איר זאָלט מיך איבעררעדן, אַיאָ? איך קען זיך אויף די גנבישע שטיקלעך.

— רויכערט יאָ.

— וואָס איז דאָס פאַראַ זאָגן רויכערט יאָ? פאַר וואָס זענט איר מיר פּלוצעם געוואָרן אַ שונא? כ׳וועל דאָך באַצאָלן דערפאַר מיטן לעבן. יעדער פּאַפּיראָס איז דאָך פאַר מיר אַ גאַנצער ליטער טויט.

— נו זאָג איך דאָך אייך.

— וואָס זאָגט איר מיר?

— וואָס פרעגט איר מיך?

— רויכערן?

— ניין!

— זייער שיין פון אייער זייט, זייער פיין. פאַר וואָס־זשע רויכערט איר?
— ווייל איך וויל.
— וויל איך דאָך אויך.
— טאָ רויכערט.
— אויב אַזוי, ווילט איר דאָך אָפּקוילעננען מיין פּאַסקודנע לעבן. שוין! ענט־פערט מיר נישט מער. איך האָב אייך גאָרנישט געפרעגט און מיר האָבן גאָרנישט גערעדט. איר קענט אויך משוגע מאַכן אַ וועלט. אויף וואָס אייגנטלעך זענט איר געקומען צום דאָקטער? אויפן קאָפּ?
— אויף די פיס.
— אַז מען ליידט אויפן קאָפּ קומט מען אויף די פיס. אָבער וועגן וואָס?
— אַ גאָרנישט, אַ קלייניקייט.
— ס׳דאַכט זיך אייך אַזוי. אַז אָך און ווי איז צו אייערע יאָרן. אַ קלייניקייט איז דאָס ביי אים. איך זע שוין ווי אַזוי איר וועט אויסקוקן אין אַ חודש אַרום. זיי וועלן אייך פּאַרטיק מאַכן. הערט מיך און טראָגט אייך אָפּ פון דאַנען. ציט קאַמאַשן, ווי לאַנג ס׳איז נישט צו שפּעט. ביי מיר האָט זיך עס אויך אָנגעהויבן פון אַ קלייניקייט. עס האָט מיר אָנגעריסן אַ פינגער. איך האָב אים געקענט איינווייקן, צולייגן עפּעס, האָט דער שוואַרץ יאָר מיך אָנגערעדט צו גיין אין קליניק אַריין, צו אַ דאָקטער. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן מיין אומגליק. אַזוי ווי איך בין אַריין צום פינגער־ספּעציאַליסט, און ער האָט געהערט ווי איך פּאָנפּע ביים רעדן, האָט ער מיך גלייך געשיקט צו אַ נאָזדאָקטער. דער נאָזדאָקטער האָט ביי מיר געפונען מאַנדלען וואָס קומען פון די נירן, האָט ער מיך געשיקט צו אַ נירן־ספּעציאַליסט. דער ספּעציאַליסט האָט געזאָגט, אַז מיינע נירן קוקן אויס אַזוי ניי ווי זיי וואָלטן איצט אַרויס פון דער פאַבריק און מען קען זיי לאָזן אַרבעטן איבערשעהען. הלוואי — האָט ער געזאָגט — וואָלט אייער מאָגן אַזוי געאַרבעט. דעם מאָגן האָב איך צופיל אָפּגענוצט. אַ ווונדער? פון דער מינוט אָן וואָס איך בין געקומען קיין אַמעריקע, אַרבעט ער ביי מיר מיט די לעצטע כּוחות. דערפאַר האָב איך געגנוג גאָזן וואָס ברענגען מיר דערווייל נישט קיין שום נוצן. פון דעם האָב איך באַקומען אַ הויכן בלוטדרוק, האָט מען מיך געשיקט צו אַ האַרצדאָקטער. לאָזט מיך אויסרעדן. רייסט מיר נישט איבער אין דער מיט. איר זעט דאָך, אַז איך מאַך עס בקיצור. איז דער לעבער־דאָקטער, כ׳מיין דער גאַלדאָקטער. ביי וועלכן דאָקטער האַלט איך? איר האָט מיך אַזוי צעמישט אַז... איך האַלט, זאָגט איר, ביים האַרצדאָקטער? איר זענט זיכער? גלויב איך אייך.
— ס׳האָט מיך באַלד נישט געהאַרצט צו דעם האַרצדאָקטער, כאָטש דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, נעם זיך נישט צום האַרץ. כ׳האָב באַדאַרפט צעברעכן אַ פוס אײדער כ׳האָב איבערגעטרעטן זיין שוועל, וואָלט עס אויסגעגאַנגען צו אַ ביסל גיפּס. ס׳האַרץ וואַרפט זיך אין מיר ווען איך רעד וועגן האַרץ. איר הוסט גאַנץ באַלעבאַטיש. גיט מיר אויך אַ פּאַפּיראָס.
— איר זעט, די גרויסע שיף מיינע, זיי ראַטעווען מיר דאָס לעבן. דער האַרצ־דאָקטער וויל, איך זאָל אַראָפּנעמען פון דער וואָג. דער מאָגן־דאָקטער וויל, אַז איך זאָל צונעמען צו דער וואָג. איז ביים האַרצדאָקטער וועג איך זיך אָן די שיך. ביים

מאַגן־דאָקטער וועג איך זיך מיט די שיך. זענען זייביידע צופרידן. יעדער שוך וועגט דאָך אַ פּוד.

— וואָס פאַראַ צייטונג האָט איר דאָ אין דער קעשענע? לאָזט מיך כאַפּן אַ בליק. איך קויף דאָך נישט מער די צייטונג. כ'האָב זיי פאַר'ן גענוג. אַז אויב זיי ווילן נישט אַרויסוואַרפן דעם דאָקטער, דעם וואָס שרייבט די מעדיצינישע עצות, וועל איך מער נישט קויפן די צייטונג. ווייל איך האָב אים געשריבן, אַז איך בין שוין אַכט און צוואַנציק יאָר אַ געטרייער לייענער, וויל איך, ער זאָל צו מיר קומען פּריוואַט צונאַכטס ווען איך האָב צייט, און מיר איבערגעבן די עצות. איך האָב נישט קיין געדולד צו שרייבן בריוו און וואַרטן מי יודע ווי לאַנג, ביז ער וועט אָפּדרוקן מיין נאָמען אין צייטונג און מיך הייסן גיין צו אַ דאָקטער.

— מיין ווייב שלאָגט מיך לעצטנס וואָס אַ מאָל שטאַרקער. און איך האָב שוין פאַרלוירן דעם כוח־גברא צוריקצושלאָגן. איצט דאַרף איך האָבן אַ קלענערע פּראָ־סטאַטע, ווייל מיינע איז געוואָרן צו גרויס. און דער פינגער איז נאָך אַלץ נישט פאַרהיילט צוליבן צוקער.

— שוין. מען רופט שוין מיין נאָמען. וואַרט צו. כ'קום באַלד צוריק, וועל איך אייך דערציילן וועגן דער לעבער.

## אַ ייִד מיט מצוות

אַ שאַרפער קלונג האָט מיך אויפגעריסן אַ דערשראָקענעם פון שרייבטיש. דער קלונג, וואָס מאַכט אַזאַ אומהיימלעכן רעש ווי מען וואָלט געריסן בלעך, קומט פון אונטן, פונעם אַריינגאַנג. על פּי רוב קלינגט עס דער פּאָסטטרעגער, ווען ער האָט פאַר מיר אַ בריוו פון מיינעם אַ צעטראָגענעם חבר פון תל־אָביב, וואָס פאַרגעסט אויפצוקלעבן פּאָסט־מאַרקעס.

— ווער איז דאָס? — פרעג איך דאָס לעכל אין דער וואַנט.

— „אָפּען די דאָר, פּליז!” — איז צוריקגעקומען אַ באַפעלערישער ענטפער פון אונטן. רוק איך אַראָפּ דאָס צינגל, די טיר עפנט זיך. און איך שטעל זיך אַוועק אַרויסקוקן דורכן לעכל פון מיין טיר, זען ווער עס איז אָנגעקומען.

דערזען האָב איך אַן אַלטן הויכן דאַרן מאַן, וואָס פּרוּווט זיך פאַרריכטן דעם קראַוואַט און צעדרייט אים נאָך מער. פירט אַדורך די האַנט דורכן פּראָנט פון די הויזן, איבערצייגן זיך אַז ס'איז אַלץ געשלאָסן. ווען איך האָב דערזען, אַז ער איז שוין מיט אַלעם פאַרטיק, האָב איך געעפנט די טיר. ער האָט זיך פאַרנויגט. צעשמייכלט און געבלאָנקעט מיט די אויגן.

— מיסטער הייבלום?

— יעס.

אין מיטן רעדן ענגליש האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט מיט אַ „פּשעפּראַשאַם”

און אַ „פּאַניעוואַזש", האָב איך דאָך גלייך געזען אַז ער רעדט ייִדיש. האָב איך אים אַריינגעבעטן אין הויז, און... געלויבט דעם איבער אונדז, ס'איז דאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן.

— איך בין שוין — זאָגט ער — דרייסיק יאָר אין קאַנאַדע. קיין ענגליש קען איך נאָך נישט. אָבער ייִדיש האָב איך שוין פאַרגעסן. דאָס שטערט מיר נישט, ווייל בלויז וואָס דאָס הויז ברענגט מיר אַריין קענען לעבן אַ פּאָר משפּחות. עלטער־פּענסיע באַקום איך. פּראָצענט האָב איך פון דער באַנק. אַ שטיקל ערד האָב איך אויך ליגן ערגעץ. אויף דער עלטער, אַ מענטש אַליין, לעבט מען. איך לייג נאָך אויך אַוועק אַ פּאָר דאָלער אויף די עלטערע יאָרן. מען מוז דאָך קלערן פאַרן מאָרגן. יעדן טאָג גיי איך אַרויס טאָן מצוות. איך בין מבקר חולים. ליגט אין שפּיטאָל אַן אַלטער ייִד, געווען אַ מאָל אַן עושר. היינט, נישט פאַר קיין מענטש געדאַכט, קראַנק, איינזאַם, קיין גראָשן נישט ביי דער נשמה... דער ייִד הייסט הייבלום. איך קום טייל מאָל אין אייער הויז, ווייל דאָ וווינט מיין טאָכטער, האָב איך דערזען אויף די פּאָסט־קעסטלעך אַ הייבלום. האָב איך געטראַכט אַז ס'איז מן הסתם אַ משפּחה. וועגן דעם בין איך צו אייך געקומען.

— ס'קען זיין. ווי הייסט ער, דער ייִד? פון וואַנען איז ער?

— ער הייסט געצל. שטאַמט פון גאַליציע.

— איז עס נישט מיין משפּחה. די הייבלומס פון גאַליציע האָבן קיין שום שייכות נישט צו די הייבלומס פון וואַרשע.

— מילא, איז עס נישט אייער משפּחה. אָבער קראַנק איז ער? איינזאַם איז ער? הייבלום הייסט ער? נעמט מען אַריין אַזאַ ייִד צו זיך אין שטוב, און מען לאָזט אים נישט אַרומוואַלגערן זיך איבער די שפּיטעלער.

— ווו האָב איך דאָ אַ פּלאַץ אַוועקצולייגן אַן אַלטן קראַנקן ייִד? איר מיינט, אַז איר האָט דאָ אָנגעטראָפן אויף אַ גביר?

— אויף צו טאָן אַ מצווה מוז מען נישט זיין אַ גביר. איר מוזט עס טאָן ווייל איך האָב שוין דעם ייִד אין שפּיטאָל געזאָגט, אַז איך האָב אויסגעפונען זיינס אַ משפּחה און דער ייִד האָט זיך זייער דערפרייט און געזאָגט: געלויבט איז גאָט וואָס ער פאַרלאָזט מיך נישט אויף די אַלטע יאָרן.

— וועט איר אים זאָגן, אַז איר האָט געהאַט אַ טעות.

— וועט ער דאָך האָבן עגמת נפש. ווי מעג מען אַזאַ ייִד אָנטאָן עגמת נפש?

— איז וואָס־זשע זאָל איך טאָן? וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?

— פינף הונדערט דאָלער. גיט מיר פינף הונדערט דאָלער פאַר אַן אַלטן קראַנקן ייִד אַ תּלמיד־חכם. ער איז טאַקע נישט אייערס אַ משפּחה, אָבער הייבלום הייסט ער?

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך קען געבן פינף הונדערט דאָלער אַ נדבה? איר קענט מיך? איר זענט דאָ אַן אַלטער תּושב. אַן אייגן הויז, פּראָצענט פון דער באַנק, עלטער־פּענסיע. אַ שטיקל ערד ערגעץ האָט איר אויך און אַ פּאָר דאָלער אין דער זייט לייגט איר אויך אַוועק, אָבער איך בין דאָ אַ פרעמדער. פאַר וואָס גיט איר אים נישט קיין פינף הונדערט דאָלער?

— איך טו גענוג איבער מיינע כּוחות. איך קום צו קראַנקע אין די שפּיטעלער יעדן טאָג! איר ווייסט וואָס פאַראַ מצווה ס'איז ביקור־חולים? איך בין שוין

אַריבער די אַכציק. און איך מוז אָוועקלייגן פאַר זיך אַ פּאָר דאָלער אויף די עלטערע יאָרן וואָס אָט קומען זיי אָן. וואָס בין איך געקומען בעטן פאַר מייַנעטוועגן? פאַר וואָס קומט עס מיר, איר זאָלט מיך אַזוי אויפרעגן?

— רעגט אייך נישט אויף. ס׳קען אַלץ פּאַסירן. איר האָט געהאַט אַ טעות. איר וועט אפשר טרינקען אַ גלעזל טיי?

— קאַלטס, קאַלטס. אַ קאַלט גלעזעלע וויסקי, מער גאָרנישט. אויב איר האָט אַ שטיקל הערינג איז גוט. נישט, דאַרף מען נישט. ס׳איז אפשר דאָ ביי אייך אַ פּולווער קעגן ברענונג? יאָ? זייער גוט. קען מען שוין פאַרבייסן אַ שטיקל ווורשט, נאָר כשרן. אויב איר זענט נישט קיין היגער, פון וואַנען זענט איר?

— פון ישׂראל.

— אַהאַ. אַז מען רעדט דעררעדט מען זיך. ווען דער קראַנקער ייִד וועט מערטשעם קומען צו זיך, שטעלן זיך אויף די פיס, וועט מען אים אַוועקשיקן קיין ישׂראל.

— וואָס וועט אַזאַ אַלטער קראַנקער ייִד טאָן אין ישׂראל?

— דאָס זעלבע וואָס ער טוט דאָ. מען דאַרף דאָך האָבן אָן עליה אין ישׂראל, ניין? אַ רגע, לאָזט מיך נאָר כאַפּן דעם געדאַנק. דאָ איז דאָ נאָך אַ הייבלום וואָס שרייבט אין די בלעטער. אפשר איז דער הייבלום יאָ אייערס אַ משפּחה?

— אפשר.

— וואָס הייסט אפשר? איך קען דאָך אים. ער שטאַמט דאָך שוין יאָ פון אייערע מקומות. איז ער דאָך זיכער אייערס אַ משפּחה.

— אַוודאי.

— זענט איר דאָך אַ געמאַכטער מענטש. איך בין דאָך אייך שוין מקנא. דאָס איז אַ ייִד וואָס ווייסט אַליין נישט וויפל ער פאַרמאָגט. ער זיצט דאָך איצט אין אַמעריקע. שרייבט אים אָן אַ פּאָר ווערטער, אַז עס זאָל אים אָנגעמען ביים פּופּיק, און איר זענט אַ געהאָלפענער מענטש. כ׳וועל אייך געבן זיין אַדרעס. כ׳קען אים זייער גוט. יענע צאַצקע. זיין גוטסקייט אין אַ משוגענעם הונט אַריין. כ׳וויל אים נישט באַרעדן, אָבער שרייבט. איר וועט אַריינכאַפּן די ערשטע זשמעניע, וועט איר מיר געבן פינף הונדערט דאָלער פאַרן קראַנקן ייִד. איר זעט, מען טאָר נישט זיין פויל אויף אַ גאַנג. אָט האָב איך איצט ווידער אַריינגעכאַפּט אַ מצווה.

## אוי, ווינט ער!

מאַקס איז אַ פריזירער אין תּל־אָביב, אַ קינסטלער אין זיין פאַך. אַז ער פאַר־טיקט אויס אַ דאַמסקע קעפּל, איז עס אַזאַ מייסטערווערק, אַז מען מוז עס איינהילן אין אַזאַ שפּינוועב־טיכעלע אויסצוהיטן עס פון ווינט. שווישפּילערס טראָגן הערלעכע טשופּרינעס אויף זייערע נאַקעטע פּליכן, מען קען זיך שטעלן אויפן קאָפּ, וועט מען נישט דערקענען. אַלץ אַ דאַנק מאַקסן.

שוין אַ לאַנגע צייט ווי ער האָט אויפגעהערט אַרבעטן, ווייל עס רינט אים פון די אויגן. ער טראָגט זיך אַרום מיט נאָסע טיכלעך אין די טאַשן, און יעדער פרעגט אים פאַר וואָס ער וויינט. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אַלערגיע, ער מוז טוישן ס'פאַך און נישט קומען מער אין באַריר מיט פרעמדע האָר. אויף דעם האָט ער בשום אופן נישט געקענט מסכּים זיין. איז ער אַוועק קיין אַמעריקע, ווייל, ערשטנס, האָט ער געגלויבט, אַז אין אַמעריקע איז איינס צוויי ווערט ער אויסגעהיילט. צווייטנס לאָקט אים שוין פון לאַנג צו זען אַמעריקע. איצט, צוליב די קראַנקע פאַרטרערטע אויגן, האָט ער שוין געגוג צייט אויף דערויף.

די ערשטע טעג האָט ער שפּאַצירט איבער די ניו־יאָרקער גאַסן. געקוקט און באַוווּנדערט די געוואַלדיקע גרויסקייט פון דער שטאָט, אָפּגעשטעלט זיך ביי די שויפענצטער, נאָכגעקוקט מענטשן אין גאַס. מענטשן פון אַזוי פיל פעלקער, ראַסן, קאָלירן. ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ מאָדנעם הויז מיט צוויי ברענענדיקע לאַמטערנס אין ביידע זייטן טרעפּ אין מיטן העלן טאָג. איינער האָט אים דערקלערט אַז דאָס איז אַ פיונעראַל־הויז, אַזאַ חברה־קדישא. אַ פּריוואַט געשעפט פון מענטשן וואָס מאַכן אַ לעבן פון טויטע. זיי לעבן אויף ווען יענער שטאַרבט. זיי זענען זייער רייך. אָבער די אַרבעט איז זייער אַ שווערע, ווייל מען מוז אַ גאַנצן טאָג זיין טרויעריק.

איז ער אַריינגעגאַנגען אין דעם הויז זען ווי אַזוי ס'קוקט אויס אַזאַ צערעמאָניע אין אַמעריקע. אין זאַל זענען געווען בסך הכּל זיבן מענטשן. אויף דער בינע איז געשטאַנען אַ יונגער ראַזירטער ראַביי אָנגעטאָן ווי אַ גלח, און גערעדט עפּעס מיט פאַרמאַכטע אויגן אויף ענגליש, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען. ווען דער ראַביי האָט געענדיקט דאָס זאָגן, איז ער אַראָפּ אין זאַל, צוגעגאַנגען צו אים. זעענדיק זיינע רינענדיקע אויגן, האָט ער אים געגלעט איבער דער פּלייצע, און געזאָגט אים אַ פּאָר טרייסטווערטער. אויסגעפרעגט געגוי ווי ער הייסט און פאַר־שריבן דעם אַדרעס זיינעם פון ניו־יאָרק און פון תּל־אָביב, אַ דריק געטאָן אים די האַנט מיט אַ סך מיטגעפיל און גיך אַוועק ערגעץ, מסתּמא אויף אַ ניי זאָגעכץ.

*

דער באַרימטער אויגן־ספּעציאַליסט האָט אים באַרויקט, גאַראַנטירט, אַז נאָך איין חודשדיקער קוראַציע, וועלן זיינע אויגן אויפהערן רינען, און ער וועט קענען ווייטער אַרבעטן ביי זיין פאַך, ווייל דאָס איז נישט קיין אַלערגיע, דאָס איז אַזעלכעס וואָס ער קען נישט נאָכזאָגן, ווייל ס'זענען לאַטיינישע ווערטער.

אין אַ פּראָסטן פרימאָרגן דערהאַלט ער אַ דרינגענדיקן בריוו פון אַן אַדוואָקאַט, ווו ער ווערט געבעטן קומען צו אים אין ביוראָ אונטערשרייבן אַ וויכטיקן דאָ־קומענט.

די שרעק פאַר דעם בריוו האָט אים אַזוי צעטומלט, אַז ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טראַכטן, איז ער גלייך מיט דעם בריוו געלאָפן צום אַדוואָקאַט. די שיינע סעקרעטאַרין האָט אים באַגאַסן מיט אַזעלכע ליבלעכע שמייכלעך, אַז די שרעק איז פון אים גלייך אַוועק. ווען ער קען אַ ביסל בעסער ענגליש, וואָלט ער איר גלייך געזאָגט וואָס פאַרא פאַרטאַטשנע אַרבעט זי טראָגט אויף איר קאָפּ, און וואָס

פּאַר אַ הערלעכע פּריזור ער וואָלט איר געמאַכט, אַז זי וואָלט געוואָרן צען מאָל שענער ווי זי איז.

די סעקרעטאַרין האָט דורכן טעלעפאָן איבערגעגעבן דעם שעף זיין נאָמען און קוקנדיק אויף זיינע רינענדיקע אויגן, געזאָגט: „איר האָט נישט קיין שום סיבה צו וויינען. פאַרקערט...״

דער אַדוואָקאַט האָט אים קורץ און שנעל דערקלערט, אַז זיין חלק פון דער ירושה, פון דעם פאַרשטאָרבענעם, וואָס ער איז געווען דעמאָלט אָפּגעבן אים דעם לעצטן כבוד, באַטרעפט דריי הונדערט און זעכציק טויזנט דאָלער. דער פאַר־שטאָרבענער איז געווען אַן איינזאַמער מענטש, אַ קאַרגער, אַ שלעכטער, האָט קיין איינציקן פריינד נישט געהאַט, האָט איבערגעלאָזט אַ צוואה, אַז דאָס גרויסע פאַרמעגן זיינס זאָל צעטיילט ווערן צווישן די מענטשן. וואָס וועלן קומען צו זיין לוויה אָפּגעבן אים דעם לעצטן כבוד. ער איז איינער פון די אַכט מענטשן וואָס זענען געקומען.

אַ טאָג שפּעטער קומט צו אים אין האָטעל אַריין איינער אַ דיקער מיט אַ ציגאַר, זעט אויס צו זיין אַ פריילעכער ווילצלער. ער איז איינער פון די באַלעבאַטים פון דעם פיונעראַל און שליסט אָפּ מיט אים אַ קאָנטראַקט אויף דרייסיק טויזנט דאָלער אַ יאָר. זיין אויפגאַבע דאַרף זיין צו שטיין ביים אָרון פון יעדן מת און וויינען. ער האָט אים דעמאָלט אָבסערווירט, און געזען, אַז ער וויינט ווי אַ גרויסער פאַכמאַן. אויסער דעם דאַרף ער אויך, אין באַזונדערע פאַלן, באַגלייטן אַן איינזאַמע אלמנה אונטערן אָרעם צום בית־עולם און פון בית־עולם אַהיים. דאָס אַלץ.

קודם האָט ער גלייך אָפּגעשטעלט די קוראַציע ביים דאָקטער. ער וועט דאָך נישט גיין מיט די אייגענע הענט באַגראָבן אַזאַ גאָלדענע פּרנסה. נישט קיין טרערן, נאָר גאָלד גיסט זיך פון זיינע אויגן. אמת, איינזאַמע אַלמנות, לגמרי אָן קרובים, זענען זעלטענע פאַלן, אָבער פון צייט צו צייט האָט זיך אַזעלכעס געטראָפן. איין מאָל האָט ער באַגלייט אַזאַ אַלמנה אין אַ רייכן אַפּאַרטאַמענט אויף דער פינפטער עוועניו. ער האָט זי אַריינגעפירט אין איר עלעגאַנטן סאַלאָן, געוואַרט ביז זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און געלאָזט זיך אַרויסגיין. האָט די אַלמנה געבעטן ער זאָל נאָך אַ ביסל בלייבן, ווייל זי איז איינזאַם, דערשיטערט און פול מיט פחד. דער רויטער פאָטעל, ווו מיט דריי טעג פריִער איז דער מאַן אירער נאָך געזעסן אין אים און געשריגן אויף איר מיט היסטעריע און מיט ווילדע קללות, זי האָט אַזוי מורא. אָט אָט, דאַכט זיך איר, וועט דער פאָטעל זיך אַ וואָרף־טאָן אויף איר... איז ער געבליבן מיט דער דערשראָקענער אַלמנה אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן חתונה געהאַט.

היינט זיצט ער שוין אין דעם רויטן פאָטעל, אָבער ער שרייט נישט, ער שעלט נישט. ער וויינט. אוי, וויינט ער! פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת וויינט ער מיט ביטערע טרערן. קיין שום דאָקטער קען אים שוין איצט נישט העלפן.

# ווער איז קליגער?

— איך טראָג זיך אַרום מיט אַ בייז האַרץ אויף אייך, און כ׳האָב שוין געהאַט באַשלאָסן אַריינצוזאָגן אייך אַזוי, אַז די אויגן זאָלן אייך איבערגיין. ווילט איר דאָך מיך פרעגן פאַר וואָס? וועל איך אייך דערציילן: אַנומלט האָב איך מיט אייך געשמועסט. איך האָב אייך געזאָגט, און איר האָט מיר געזאָגט, איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס איר האָט געשוויגן, ביז מיר האָבן ביידע נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק. דערנאָך האָט איר די גאַנצע מעשה אָפּגעדרוקט אין צייטונג, טאַטש וו׳טאַטש, יעדעס וואָרט, און דאָס מאַכט איר שוין נישט צום ערשטן מאָל. און איר דערמאָנט נישט אַפילו מיין נאָמען. אַזוי שווער איז אייך צוצושרייבן מיין נאָמען, אַז דער עולם זאָל וויסן, אַז לייבל דערדיק האָט דאָס געזאָגט? דאָס ביסעלע כּבוד קענט איר מיר אויך נישט פאַרגינען?

— חוץ דעם האָט איר דאָך געקריגן באַצאָלט דערפאַר. איז ווו איז מיין חלק? אַ העלפט קומט מיר? ניין? אמת, איר האָט טאַקע צוגעגעבן עטלעכע נישט געשטויגענע זאַכן, אָבער די רעשט איז דאָך אַלץ געננוי וואָס איך האָב געזאָגט. איר קענט דאָך נישט צאַפּן פּרנסה פון מיר דאָס גאַנצע לעבן. וואָס מיינט איר, אַז איך בין צווויי פאַר אַ דריייער? די פאַר דאָלער דאַרף איך טאַקע אויף טויזנט כּפּרות, נאָר כ׳האָב פיינט, אַז מען מאַכט פון מיר ס׳געגנאַר. איז אויב איך וועל נישט אַדורכקומען מיט אייך מיט גוטנס, וועל איך אייך אָפּגעבן אין סאָנד אַריין, וועט עס אייך קאָסטן דריי מאָל אַזוי פיל, אויסער חרפות און בושות.

— רעגט אייך נישט אויף. איך זאָג אייך צו, אַז שוין, דאָ אויפן אָרט, וועלן מיר אַדורכקומען מיט גוטנס. די טענה וועגן אייער נאָמען? גערעכט! די צווייטע מעשה, וואָס איך וועל דרוקן, וועט זיין געשריבן בפירוש אַז: לייבל דערדיק האָט דאָס געזאָגט.

— נישט לייבל. נאָר הערש לייבל. איך האָב צוויי נעמען.

— אויך מסכּים. גוט וואָס איר האָט מיר געזאָגט. וועגן געלט וועט מען אויך אַדורכקומען. וויפל ווילט איר? אַ העלפט?

— כ׳וועל נעמען ווייניקער. איך בין נישט אַזאַ גזלן ווי איר מיינט. איך דאַרף עס נישט אַזוי בויטיק אין טאָפּ אַריין. איר, מישטיינסגעזאָגט, לעבט דאָך דערפון. און איך, ווי איר קוקט מיך אָן, אויף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט נישט ערגער.

— קודם וויל איך וויסן וויפל קריגט איר באַצאָלט פאַר אַזאַ שטיקל. וויפל? שעמט אייך נישט. ווייניקער? שוין. לאָמיר זאָגן נאָך ווייניקער. און איצט וויפל האָט איר פון די צייטונגען וואָס דרוקן אייך איבער? איך האָב אַליין געזען מיט מיינע אויגן אייערע זאַכן אָפּגעדרוקט אין ייִדישע צייטונגען פון פאַרשידענע לענדער. בלויז פון די אויסלענדישע צייטונגען פאַרדינט איר דאָך אַ פאַרמעגן. זאָגט־זשע מיר וויפל. כ׳וועל אייך גלויבן, נאָר דעם ריינעם אמת.

— דעם ריינעם אמת ? גאָרנישט. פאַרקערט. ס׳קאָסט מיך נאָך געלט. ס׳איז אייך שווער צו גלויבן ? הערט זשע זיך צו: אַ רעדאַקטאָר פון אַזאַ צייטונג האָט מיר געשריבן, אַז ער קען מיר נישט באַצאָלן פאַר מיינע געדרוקטע זאַכן, ווייל דאָס פּאַפּיר צו דער צייטונג, דער דרוקער, דער זעצער, און דער סעקרעטאַר קאָסט אים אָפּ אַזוי פיל, אַז ער לייגט צו געלט צו יעדער אויסגאַבע, און עס קומט אים אָן מיט מאַטערניש שבת צו מאַכן, ווייל ער האָט אַ ווייב מיט פיר קינדער, און ער דאַרף נאָך אויסהאַלטן אַ נייעם קאַר מיט אַן אַלטע מאַמע. האָב איך אים אַריינגעשיקט פופצן דאָלער און כ׳האָב זיך אַנטשולדיקט וואָס איך קען אים דערווייל מער נישט שיקן. איר מעגט מיר גלויבן, אַז איך האָב דאָס אויך נישט געקענט. אויסער דעם, האָט ער געשריבן, שיקן מיר אין פּרינציפּ נישט קיין האָנאָראַר.

— ווער דאַרף האָנאָראַר ? נאָך וואָס דאַרפט איר האָנאָראַר ?! אַ טשעק, אַ טשעק זאָל ער שיקן. איך אויף אייער אָרט וואָלט עס איבערגעגעבן אַ לאָיער. כ׳וואָלט אים אַריינגערוקט אַ טויזנטער און אַ העלפט פון דער הכנסה. זאָל ער זיך ברעכן דעם קאָפּ. איר האָט נישט קיין שׂכל צו אַזעלכע זאַכן. וועגן קיין געלט וועל איך שוין מיט אייך נישט רעדן. איך זע דאָך שוין ווי דאָס מסחר קוקט אויס, אָבער דעם נאָמען מיינעם וועט איר אָפּדרוקן ?

— ווי איך בין אַ ייִד.

— איז נאָט אייך די האַנט און מיר זענען ווידער די זעלבע פריינד ווי מיר זענען געווען. איצט וויל איך, אַז איר זאָלט דאָרט זאָגן אין רעדאַקציע, אַז זיי זאָלן אויפהערן שרייבן אַזעלכע גרויסע ליגנס, ווייל ס׳איז אַ חרפּה און אַ שאַנד. דער עולם איז נישט קיין גולם. ווען מען שרייבט, למשל, אַז איינער האָט דערשאָסן זיין ווייב, לייגט זיך עס אויפן שׂכל. ווי זאָגט מען ביי ייִדן ? פּיקוח נפש. אָבער ווען מען שרייבט, אַז אַ ייִד פון ניו־יאָרק האָט געקויפט אין לאָנדאָן אַ בילד פאַר מיליאָנען דאָלערס, איז... מיט וועמען רעדט איר ? ווער וועט אייך גלויבן אַזאַ זאַך ?

— דאָס איז אָבער אמת. דאָס איז אַ בילד וואָס איז אַלט איבער הונדערט און פופציק יאָר.

— אויב אַזוי, קען איך דאָך פאַר מיין בילד קריגן אַ מיליאַרד. איך האָב געקויפט אַ בילד אין תּל־אָביב, ווי יעקב אָבינו שלאָפט אויפן שטיין צוקאָפּנס און די מלאכים קריכן אויפן לייטער דורך די וואָלקנס אין הימל אַריין. איז דאָך מיין בילד אַלט... באַ־באַלד... אַדרבא, רעכנט אויס וויפל יאָר איז דאָס פון יעקב אבינוס צייטן. צוואַנציק דאָלער האָט דער מאָלער פאַרלאַנגט פאַרן בילד, האָב איך אים געגעבן פינף און צוואַנציק, האָט ער מיר דערפאַר צוגעמאָלן די כּותל מערבי און איבער די וואָלקנס אַן עראָפּלאַן פון „אָל־על”. ווער וועט אייך גלויבן, אַז מען האָט באַצאָלט פאַר אַ בילד מיליאָנען דערפאַר ווייל ס׳איז הונדערט און פופציק יאָר אַלט ?

— איר זעט דאָך.

— וואָס זע איך ? אַז ס׳איז געדרוקט אין צייטונג און אַז ס׳איז אַ גראָבער ליגן, דאָס זע איך.

— עס זענען דאָ רייכע קאָלעקציאָנערן, זאַמלערס, וואָס... איר וועט דאָס נישט פאַרשטיין.

— פאַר וואָס וועל איך נישט פאַרשטיין? איך אַליין בין אויך אַ זאַמלער. איך זאַמל געלט.

— אַלט געלט?

— און נײַ איז שלעכט? איך זאַמל אַלט, נײַ, ניקל, פּאַפּיר, לייג עס אַרײַן אין באַנק, ברענגט עס מיר פּראָצענט. שלעכט? זאָגט מיר, אַדרבא, אָבער דעם אמת, ווען מען הייסט זיך בײַ אײַך געבן פינף הונדערט דאָלער פאַר אַזאַ בילד, וואָלט איר געגעבן?

— זיכער וואָלט איך געגעבן.

— איר רעדט נאָר אַזוי. ס'וואָלט געקומען צום ציילן, וואָלט איר אַנדערש גערעדט. איך, זעט איר, וואָלט קיין הונדערט דאָלער אויך נישט געגעבן.

— רעדט איר דאָך ווי אַ נאַר. אַ בילד וואָס מען קען פאַר אים קריגן מיליאָנען.

— איך בין קליגער פון אײַך. וואָס טו איך, אויב איך לייג אַרײַן הונדערט דאָלער און יענער גייט דערווײַל אַרײַן צו אַ דאָקטער און קומט צוריק מיט אַן אויסגעהיילטן קאָפּ? ווערט ער שוין מיר דעמאָלט קיין איין דאָלער נישט געבן. ווײַגן אַזאַ זאַך האָט איר נישט געטראַכט? נו? ווער איז קליגער? זעסט. ער האָט מיר נישט וואָס צו ענטפערן.

## מאַדמואַזעל הינדע

איך האָב קיין מאָל אין מײַן לעבן נישט חתונה געהאַט אויס ליבע. כ'האָלט, אַז דאָס בעסטע פאַר אַ מענטש, און נאָך מער פאַר אַ פרוי, איז חתונה צו האָבן דורך אַ שדכן. איך האָב מיר מײַן שדכן אין תּל־אָביב וואָס איך אַרבעט שוין מיט אים אַ סך יאָרן, און אַזאַ יאָר אויף מיר. אַ גרויסער פּאַכמאַן. בײַם ערשטן קוק ווייסט ער גלײַך וואָס דעם מענטש אָנצוהענגען.

דאָס ערשטע מאָל ווען איך בין צו אים געקומען, האָט ער מיך גלײַך אָנגערופן בײַם נאָמען און געזאָגט:

— מאַדמואַזעל הינדע, פאַרלאָזט אײַך אויף מיר, וועט איר זײַן צופרידן איבערן קאָפּ. לאָזט אײַך אַרויס פון די מאַנספאַרשוינען מיט טשוטשעניו פּוטשעניו, וואָס ברענגען בלומען, נעמען צו דעם נדן, דערנאָך קומען זיי אַהיים שפּעט בײַ נאַכט מיט אַ קאָפּווייטיק, און איר קענט נישט פון אים אַרויסקוועטשן אַפילו אַ וואָרט. זײַט נישט קיין נאַר, מאַדמואַזעל הינדע. אַנשטאָט צו געבן געלט, נעמט בעסער געלט. דער מענטש איז טאַקע אַ ביסל עלטער פון אײַך, אָבער ער איז אַ געגטער. ער האַנדלט מיט פּלעצער, אַ ברילִיאַנטן־שלײַפערײַ, אַ סקלאַד מיט ברעטער, צוויי פּרדסים, פיר ברידער און דרײַ בולדאָזערס. ער האָט זיך געגט מיט זײַן ווײַב, ווײַל ער איז פּלוצעם, אַהיימקומענדיק בײַ נאַכט, געוווּיר געוואָרן, אַז זי וווינט שוין מיט אַן אַנדערן פינף יאָר צײַט אָן זײַן וויסן. אַ צעטראָגענער אַ ביסל. איר

וועט נישט דאַרפֿן קאָכן, רייבן טעפּ, ווייל ער עסט אין גאַס. אַ געזונטער מענטש מיט אַ האַרטן מאָגן און מיט אַ גרויס פֿאַרמעגן. ער איז שוין געווינט נישט צו האָבן קיין קינדער, אָבער ער דאַרף האָבן אַ געטרייע איבערגעגעבענע און שיינע פֿרוי, וואָס זאָל אים אָפּנעמען די פּאָסט, באַצאָלן יעדן חודש פֿאַר דער עלעקטרי, איין מאָל אין אַ יאָר אויסשרייבן די אַדרעסן אויף די שנה־טובהס און — שוין! ביי טאָג וועט איר זיך קענען זיצן אין אַ קאַפֿעהויז. ביי נאַכט וועט איר מוזן גיין אין אַ סינעמאַ אָדער שפּילן קאָרטן, ווייל ער האָט פֿיינט, אַז מען האַקט אים אין קאָפּ אַריין. איר וועט זיך ביידע אויסלעבן אייערע יאָרן ווי צוויי שטומע טויבן.

דריי מאָל זענען מיר אַרויסגעגאַנגען אויף פֿופֿצן מינוט צום באַקענען זיך. אויפֿן פֿערטן מאָל זענען מיר שוין אַוועק צום רב, אויך אויף פֿופֿצן מינוט, און געשטעלט אַ חופּה. אַ שטיל רויִק פּאָרפֿאָלק זענען מיר געווען. ס׳איז קיין מאָל נישט געווען צווישן אונדז קיין יאָ און קיין ניין, גאָרנישט! איין מאָל ווען איך בין אַהיימגעקומען שפּעט ביי נאַכט פֿון די קאָרטן, האָט ער מיר דערלאַנגט אַ גלעזל טיי און געבעטן, אַז איך זאָל צוזאָרטן ווייל זיין פֿרוי דאַרף באַלד קומען. ווען ער האָט מיך אַרומגענומען, האָט ער דערזען, אַז דאָס בין איך, זיין אייגן ווייב. אַזאַ צעחושטער איז ער.

פּלוצעם בין איך געוווּיר געוואָרן אַז איך בין געוואָרן אַן אַלמנה. שווער געווען איבערצוטראָגן אַזאַ אומגליק, ווייל ס׳גאַנצע פֿאַרמעגן איז אָפּגעשריבן געווען זיינע ברידער. האָב איך זיך גענומען אין די הענט אַריין, און האָב נאָך באַוויזן, אַז עס זאָל מיר אויך עפּעס בלייבן. איר מעגט עס פֿאַרדינען אַלע דריי חדשים. כ׳בין אייך נישט קיין שׂונא.

ביי דער שבעה איז געקומען מיין שדכן און האָט מיך געטרייסט, אַז יעדער מענטש מוז שטאַרבן. באַלד נאָך די שלושים האָט ער מיך באַקענט מיט איינעם אַ נערוועזן, אַ קורצזיכטיקן, וואָס וויל חתונה האָבן נאָר אויס ליבע. האָב איך מסכּים געווען. נאָך אַ צייט האָט ער געזען אַז ער קען מיט מיר נישט אויסקומען. איך האָב געזען, אַז איך קען מיט אים אויך נישט אויסקומען. אַ ווילדער, נערוועזער, וואָס איז כּסדר הייזעריק פֿון שרייען. תּמיד מיט אַ פֿאַרביטערט פּנים. האָב איך געזאָגט: לאָמיר זיך גטן. איז ער פּלוצעם פֿריילעך געוואָרן. איך האָב פֿאַרלאַנגט צו פֿיל. ער האָט געוואָלט געבן צו ווייניק. אָבער מיר זענען אַדורכגעקומען שטיל, שאַ. איך בין אַוועק אַ צופֿרידענע, ער איז אַוועק אַ הייזעריקער און מיין שדכן, געזונט זאָל ער זיין, האָט געזאָגט אַז כ׳האָב גוט געטאָן.

קענן וואָס דערצייל איך אייך דאָס אַלץ? קענן דעם וואָס איר פֿרעגט מיך, פֿאַר וואָס איך בין געקומען קיין ניו־יאָרק. מיין איצטיקער מאַן איז דאָך אַ ניו־יאָרקער. ער איז געקומען קיין ישׂראל באַקוקן דעם כּותל מערבֿי. האָט אים מיין שדכן געפֿירט קוקן אויף מיר, און שוין. דעם כּותל מערבֿי האָט ער שוין נישט געזען.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַ פֿאַבריק פֿון מאַנטלען, אַן אייגן הויז. ער איז אויך אַ רעדנער, וואָס רעדט אויף פֿאַרזאַמלונגען. איך בין אים זייער געפֿעלן, ווייל ער איז אַ ציוניסט און מיין שדכן האָט אים דערציילט, אַז איך האָב געדינט אין דער ישׂראלדיקער אַרטילעריע.

אין ניו־יאָרק איז ער מיר געגאַנגען וויזן ווי אַזוי ווי ער רעדט אויף אַ פֿאַר־

זאַמלונג. איינער אַ פּאַרזיצער האָט אים געמוזט געבן דאָס וואָרט, אַנישט האָט ער געדראָט אויסצוברעכן די שויבן.

ווען ער האָט געענדיקט רעדן, האָט מיך אַ ייִד פֿאַרהאַלטן ביים אַרויסגאַנג און געפֿרעגט צי מען קען שוין אַריינגיין. זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, זאָגט ער, דערפֿאַר ווייל זיי האָבן נישט געקענט הערן רעדן די דאָזיקע בהמה.

וואָס וועל איך אייך אַזוי פֿיל דערציילן? איר האָט דען צייט דאָס אַלץ אויס־צוהערן? איצט ווייַנט ער פֿאַר מיר, די בהמה, אַז ער איז אַ ייִד אַן אָרעמאַן. ס׳טויג אים אַזוי צום הויקער, ווייל עס האַלט שוין ביי אַ גט.

כ׳קען צושטיין מיט מיין געלט אַלס שותּף צו אַ פֿאַבריק פֿון ווורשט און ווערן אַ מיליאָנער, אין אַ האַלב יאָר. כ׳קען זיך אָבער איצט נישט אַריינלאָזן אין קיין ביזנעס. טאָמער מאַכט זיך מיר אַ שידוך אין דער מיט. כ׳האָב דאָך שוין געשריבן אַ בריוו צו מיין שדכן קיין תּל־אָביב. געזונט זאָל ער זיין.

## מיליטערישע סודות

ייִדן פֿאָרן קיין ישׂראל זען דעם כּותל מערבֿי, דעם קבֿר רחל, די מערת המכפּלה. איך בין געפֿאָרן וועגן גאָר אַנדערע זאַכן. כ׳האָב געוואָלט זען וואָס ס׳הערט זיך. איך קען זיך נישט פֿאַרלאָזן בלויז אויף דעם וואָס די בלעטער שרייבן. פֿון די בלעטער ווייסט מען גאָרנישט. מען קען נישט זאָגן „גאָרנישט״, נאָר אַז מען איז אויפֿן אָרט, מען הערט וואָס מען זעט, מען פֿרעגט זיך נאָך, קען מען עפּעס דער־שנאַפּן.

איך בין איינגעשטאַנען אין האָטעל וויס. דער מיסטער וויס ווייסט אַ סך. נאָך דעם ווי דער מיסטער וויס האָט מיר דערציילט וואָס ער ווייסט, האָב איך געוווּסט אַז איך ווייס גאָרנישט. גיי און וויס.

און פֿאַרשטיין, פֿאַרשטייט מען יאָ? ווי אַזוי קען מען פֿאַרשטיין, אַז אַזאַ לענדעלע, אַן וואַסערן, אָן טייכן, אָבער פֿיש, פֿעטע קאַרפּן, וויפֿל איר ווילט. ווייזט מיר אין גאַנץ אַמעריקע, מיט קאַנאַדע צוזאַמען, אַזאַ געשמאַק שטיקל קאַרפּ ווי איך האָב דאָרט געגעסן. מיר האָבן די טייכן און זיי האָבן די פֿיש. אַז מען כאַפּט שוין ביי אונדז אַ משוגענעם פֿיש, איז ער פֿול מיט מערקורי, קוועקזילבער. איר עסט אויף אַזאַ שטיקל פֿיש, זענט איר פֿאַרזיכערט מיט אַ שנעלן עולם הבא.

ווי אַזוי פֿאַבריצירן זיי קאַרפּן אָן וואַסער? אָסור אויב איך ווייס. ווען מען ברענגט אַזאַ ביסל לעבעדיקע קאַרפּן קיין אַמעריקע, מיט אַ הכשר אויף יעדן קאַרפּ, אַז ער האָט נישט מחלל שבת געווען, וואָלט מען דאָך געמאַכט אַ פֿאַרמעגן.

מען האָט זיך גאָרנישט וואָס צו שעמען מיט אונדזערע ייִדעלעך. געניאַל! נאָר מען קען פֿון זיי גאָרנישט געוווּיר ווערן. ווער האָט איינגענומען מדבר סיני? איר ווייסט? ווער ווייסט יאָ? אַז מיט יעדן איינעם וואָס איך האָב גערעדט, איז ער,

און נאַר ער האָט איינגענומען דעם מדבר סיני. ווען נישט ער וואָלט געווען זייער ביטער. רעדט און רעדט איינצורעדן, אַז ער וויל נישט רעדן, ווייל ער וויל זיך נישט באַרימען. אַז איך האָב געפרעגט דעם מיסטער וויס פון האָטעל, אפשר ווייסט ער ווער ס׳האָט איינגענומען דעם מדבר סיני, האָט ער אויסגעשריגן אַ ברוגזער: וואָס הייסט ווער?! איך!

אין פאָרט האָב איך געזען אַ יידישע קריגסשיף, מיט האַרמאַטן, פּולעמיאָטן. האָב איך געוואָלט אַריינגיין אין דער שיף אַ קוק טאָן, קען מען נישט. ס׳הייסט קענען קען מען יאָ, ווען דוד וואָלט געלאָזט. דוד איז אַ מאַטראָז מיט אַ ביקס, וואָס מען האָט אים אַוועקגעשטעלט היטן די שיף. כאָטש גיי איצט און ברענג אים אַ פּשעפּוסטקע פון משה דיין.

— נישט איז נישט. אָבער זאָג מיר, כ׳בעט דיך, וואָס פאַראַ האַרמאָט איז דאָס?

— דאָס — זאָגט ער — איז אַ האַרמאַט וואָס שיסט.

— פאַר וואָס־זשע איז ער אַזוי איינגעוויקלט?

— ער זאָל זיך נישט פאַרקילן. ס׳איז אַ ווינט אויפן ים.

— וויפל קאָסט בערך דער האַרמאַט?

— ער איז נישט צום פאַרקויפן.

לויט די דאָזיקע תשובות האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז ער מאַכט פון מיר חוזק. האָב איך אים געזאָגט: איך בין פון אַמעריקע. איך גיב געלט פאַר ישׂראל. איך בין געקומען אייגנס אַהער, ווייל איך וויל עפּעס וויסן. זאָלסטו מיר ענטפערן ווי מען ענטפערט אַ טוריסט. ווי אַלט איז די שיף?

— זי איז שוין נישט אַזוי יונג, אָבער איך בין פאַרליבט אין איר.

— ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר! צ׳זאָלט האָבן נחת איינער פון צווייטן. ווענמענס איז די וועש וואָס הענגט דאָרט צום טריקענען? איך זע דאָרט אַן ארבע כנפות.

— דער קאַפּיטאַן איז אַ לובאַוויטשער חסיד.

— הער נאָר, הער נאָר. איך בין דאָך אויך אַ לובאַוויטשער. אַזאַ שיף, מיט אַזעלכע האַרמאַטן און מיטן רבינס כּוח, קען דאָך איינעמען אַ וועלט. מזוזות זענען דאָ אויף אַלע טירן?

— דאָס איז אַ מיליטערישער סוד.

— כ׳פאַרשטיי. אָבער מזוזות אויף אַ קריגסשיף דאַרף מען אָפּהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ.

— אַוודאי, אָבער אין ערגסטן פאַל וועט מען שיסן מיט די האַרמאַטן.

— באָמבעס האָט עץ אויך?

— וואָס פאַראַ פראַגע? באָמבעס און ראַקעטן, וואָס אַרבעטן אויף זייגערס. מען שטעלט אַן דעם זייגער, רייסט עס אויף צו דער סעקונדע.

— קען איך דאָך ביי אייך ווערן אַ גענעראַל. איך בין דאָך אַ זייגערמאַכער! זאָג מיר, כ׳בעט דיך, ווו שטייען די אונטערוואַסער־שיפן? כ׳וויל אָנקוקן אַ יידישע אונטערוואַסער־שיף.

— די אונטערוואַסער־שיפן קען מען נישט זען. ווייל זיי שטייען איצט אונטערן וואַסער.

— און די האַנדלס־שיפן ?
— די האַנדלס־שיפן פאָרן אַרום האַנדלען.
כ׳האָב געזען אַז כ׳האָב נישט וואָס צו הערן. מ׳קען גאָרנישט ביי זיי געוווּיר ווערן. מיין שוועסטערס זון, אַן אָפיציר, אייגן בלוט און פלייש, פּרוּווט ביי אים אַרויסקריגן אַ וואָרט. כ׳האָב אים געזאָגט : כ׳האַלט אין איין געבן געלט פאַר ישׂראל. מעגסטו דאָך מיר כאָטש זאָגן וויפל אַטאָם־באָמבעס מיר האָבן.
— זאָרג נישט, פעטער — האָט ער אויסגערופן — פאַר אַהיים, גיב געלט פאַר ישׂראל. האָסט זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן — אַזוי האָט ער מיר געזאָגט.
איז מיר געבליבן נאָר צו גיין צו דעם כּותל מערבי, צו דער מערת המכפּלה. ביי אברהם אָבינו איז נישטאָ קיין מיליטערישע סודות. כ׳בין געשטאַנען נעבן אברהם אָבינוס קבר און געטראַכט : ווען איך בין זוכה איבער הונדערט און צוואַנציק צו ליגן דאָ נעבן אברהם אָבינו, וואָלט איך דאָך געוווּסט פון אַ לעבן, אָבער אויך דאָ איז אַלץ איינגעהילט אין סודות.
אין ירושלים איז געשען אַ פאַרדריסלעכע זאַך. מען האָט געברענגט אין שפּי־טאָל אַריין אַ גלח מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, ווייל ער איז אַריינגעגאַנגען אין מאה שערים־גאַס פאַר הבדלה און כּמעט מחלל שבת געווען בפרהסיה. זענען געקומען די נטורי קרתאניקעס אין שפּיטאָל אַריין און געבעטן דעם גלח, אַז ער זאָל זיי מוחל זיין. זיי האָבן אים געשפּאָלטן דעם קאָפּ, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז ער איז אַ ייִד, אָבער וואָס פאַראָ סודות האָט ער געזוכט אין מאה־שערים ?

## אַ רבי צו פאַרקויפן

אַ באַקאַנטער מיינער האָט מיר אַ מאָל געהאָלפן קויפן אַ שרייבטיש. ער האָט מיר געשיקט זיינס אַ קוזין, אַ דיקער, וואָס רעדט אַ סך און רויכערט אַ סך, און יענער האָט מיך אַוועקגעפירט מיט זיין אויטאָ ערגעץ אין אַ האַלב פינצטערן קעלער. אַ מושב זקנים פון מעבל, בילדער, פאָרצעלייען, דיוואַנען און נאָך אַ סך זאַכן, וואָס האָבן שוין אָפּגעגלאַנצט זייער יוגנט אין פאַרשידענע היימען. דאָרט האָב איך געקויפט אַ שרייבטיש זייער ביליק, וואָס קיין שענערן פון דעם וועל איך אין ערגעץ נישט באַקומען. אַזוי האָט ער געזאָגט, דער פאַרקויפער.
ער האָט מיר דעמאָלט נישט געלאָזט לאַנג טראַכטן, ווייל ערשטנס איז עס אַ מציאה, צווייטנס, אויב דער טיש וועט נישט טויגן, אָדער ער וועט מיר נישט געפעלן, וועט ער מיר צו יעדער צייט צוריקגעבן דאָס געלט. אַזוי האָט ער געזאָגט. וואָס קען נאָך זיין אָרנטלעכער ?
ווען מען האָט אַריינגעברענגט דעם שרייבטיש אין שטוב אַריין, איז מיין ווייב שטיין געבליבן מיט אַ פאַרצווייפלט פּנים.
— גיב אַ קוק, וואָס דו האָסט געקויפט — האָט זי אויסגעשריגן — ווו זענען

געוועז דײַנע אויגן? ס׳איז דאָך אַ חרפּה אַרײַנצושטעלן אַזעלכעס אין אַ שטוב אַרײַן.

ס׳איז מיר געלונגען זי באַרויִקן, ווײַל איך האָב איר דערציילט, אַז דאָס איז אַן אָרנטלעכער מענטש. ער וועט מיר צו יעדער צײַט צוריקגעבן דאָס געלט, אויב דער טיש וועט מיר נישט געפעלן. דערפאַר האָב איך טאַקע בײַ איר געפּועלט, זי זאָל לאָזן דערווײַל שטיין דעם טיש, און מען וועט זען.

נאָך צוויי טעג האָב איך שוין אַליין געזען, אַז זי איז נישט אומגערעכט. אַז דאָס וואָס זי קערט אָפּ דעם קאָפּ ווען זי גייט פאַרבײַ דעם שרײַבטיש ווײַל זי וויל נישט אויף אים קוקן, איז נישט סתם אַ קאַפּריז. ערשטנס האָט ער אַזעלכע אײַנגעבאַקענע פלעקן, וואָס מען קען זיי בשום אופן נישט אָפּרײַניקן. די קאַנטן זענען אָפּגעקראַכן און אַז מען זיצט בײַם שרײַבטיש, באַקומט מען רויטע קני פונעם שופלאָד, וואָס רײַבט און קוועטשט אָן רחמנות. צום ערשט האָב איך געמיינט, אַז מײַנע פיס זענען צו הויך, דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס פעלן טיילן פון די פיס, און דער טיש איז פאַרנידעריקט געוואָרן. האָב איך באַשלאָסן אַז מען דאַרף צוריקנעמען דאָס געלט.

בײַם קויפן דעם שרײַבטיש איז דער סוחר תּמיד געווען גרייט מיט מיר צו רעדן, אָבער איצט איז ער רק פאַרנומען. עס האָט גענומען זייער לאַנג ביז ער האָט געפונען פאַר מיר אַ קליין ביסעלע צײַט.

— יאָ, ריכטיק — האָט ער געזאָגט — איך האָב אײַך צוגעזאָגט אומקערן אײַער געלט צו יעדער צײַט, אָבער דאָס וועט אײַך נישט לוינען, ווײַל אַריבערפירן דעם טיש צו אײַך האָט געקאָסט אַ ים מיט געלט. איצט, צוריקברענגען דעם טיש, וועט ווידער קאָסטן אַ ים מיט געלט. דער באַקאַנטער אײַערער, מײַן קוזין, וואָס האָט מיך צו אײַך געשיקט, האָט אויך דערבײַ עפּעס פאַרדינט. ס׳קומט אים נישט? בײַם אַרויפטראָגן דעם טיש האָבן זיך אָפּגעריבן די קאַנטן, וועל איך מוזן נעמען אַ בעל־מלאכה אויף אײַער חשבון. איר ווייסט וויפל אַ בעל־מלאכה הייסט זיך היינט באַצאָלן?

— איז לויט אײַער חשבון קומט דאָך אויס, אַז איך וועל נאָך דאַרפן צוצאָלן.

— וויפל ס׳וועט קאָסטן. כ׳וועל בײַ אײַך חלילה קיין גראָשן נישט פאַרדינען. הערט מיך, מאַכט אײַך נישט קיין עגמת נפש פון אַ נאַרישן שרײַבטיש. מײַנס אַ באַקאַנטער, אַ מיליאָנער, בײַ אַ קעניג אין אַ פּאַלאַץ שטייט נישט אַזאַ שרײַבטיש ווי ער האָט. ליגט ער אין שפּיטאָל אין אַ לאַגע, נאָר אונדזערע שונאים געזאָגט. דאַנקט זשע גאָט, אַז איר זענט געזונט. דאָס געזונט איז וויכטיקער פון צען שרײַבטישן. נאָר דאָס זאָג איך אײַך צו און גיב אײַך די האַנט דערויף, אַז איך וועל אײַך דעם טיש פאַרקויפן. פאַרלאָזט אײַך אויף מיר. איר וועט עפּעס פאַרלירן, איך וועל עפּעס פאַרדינען. מ׳עט שוין דורכקומען.

אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט ער צו מיר אַ צעשמייכלטער, אַ צופרידענער.

— שוין — זאָגט ער — איך האָב שוין אויסגעפונען אַן עצה פאַר אײַער שרײַבטיש. איר וועט אים פּטור ווערן און נישט פאַרלירן דערבײַ קיין איין סענט. פאַרקערט, איר וועט נאָך מאַכן ריווח.

— איר האָט אַ קונה?

— איך האָב אַ רבין.

— אַ רבי, וואָס וויל קויפן דעם שרייבטיש?

— ניין. איך האָב אַ רבין צום פאַרקויפן. אַ רבי מיט אַ שטריימל, מיט טלית און תפילין. אַ וויסע באָרד און לאַנגע פאות... איר פאַרשטייט נאָך אַלץ נישט וואָס כ׳מיין? אַ ריכטיקער רבי אויפגעמאָלן אויף אַ פּאָרטרעט, וואָס איז אַזוי גרויס ווי דער שרייבטיש.

— וואָס זענט איר מיר פלוצעם אַריין מיט אַ רבין?

— ווייל איר האָט דאָך ליב בילדער. ביי איך הענגען אַזעלכע געפּאַטשקעטע זאַכן. מן הסתם קענט איר זיך אויף קיין בעסערס נישט דערלויבן. און מיר האָט זיך פּונקט געמאַכט אַ רבי. הענגט אים אויף אויף דער וואַנט, דעם רבין. איך גיב אים איך אַוועק פאַר דריי הונדערט דאָלער. דאָס שטריימל אַליין איז ווערט פינף הונדערט.

— אָבער וואָס פאַראַ שייכות האָט דער רבי צום שרייבטיש?

— לאָזט אויסרעדן, וועט איר וויסן. פאַרן שרייבטיש האָט איר באַצאָלט צוויי הונדערט דאָלאַר, איר וועט צוצאָלן איין הונדערטער, וועט איר קודם אָפּנעמען אייערע צוויי הונדערט פאַרן שרייבטיש, און איר וועט האָבן דעם רבין. דעם רבין האָט געמאַכט איינער פון די גרעסטע בעלי־מלאכות אין דער וועלט. אים האָט געמאַכט דער... ווי אַזוי הייסט ער דאָס, דער מיט גאַל?

— שאַגאַל?

— יאָ. זיינס אַ בילד איז ווערט אפשר צען טויזנט דאָלאַר. נאָך דרייסיק יאָר וועט איר אָפּנעמען דערפאַר אַ מיליאָן.

— באַלד, אַ רגע, אויף דעם בילד איז אונטערגעשריבן שאַגאַל?

— ניין. אויף דעם בילד איז אונטערגעשריבן פייסעכאָוויטש, אָבער דאָס איז שאַגאַל. טאָמער גלויבט איר מיר נישט, וועל איך איך ברענגען צוויי עדות, און כ׳וועל איך געבן אַ צעטל מיט אַ גאַראַנטיע אויף אַ יאָר. וואָס דאַרפן מיר אַזוי פיל רעדן, כ׳האָב אונטן שטיין מיין נייעם אָלדסמאָביל, טוט אָן דעם מאַנטל וועלן מירביידע פאָרן צום רבין. וועט איר זען, אַז איך פאַרקויף איך נישט קיין קאַץ אין זאַק. אַ לעבעדיקער רבי, וואָס איז נפטר געוואָרן מיט אַכציק יאָר צוריק. איר ווייסט וואָס פאַראַ אַרבעט דער שאַגאַל האָט אין אים אַריינגעלייגט? די נאָז איז ביי אים אַ ביסל אָפּגעריבן. אָבער דאָס איז גאָרנישט. מיט אַ ביסל פאַרב קענט איר עס אַליין צושמירן. קומט! וואָס טראַכט איר? איר ריזיקירט דאָך מיט גאָרנישט. טאָמער וועט ער איך נישט געפעלן, וועל איך איך צוריקגעבן ס׳געלט צו יעדער צייט.

## זי האָט מורא

— איך בין איך געקומען דערציילן אַ וואָזשנע זאַך. איר וועט לעקן די פינגער. דאָס וועט פאַר איך זיין אַ גוטע בשורה טובה. קודם כל: שאַלום! איך האָב שוין אָנגעהויבן רעדן עברית. איצט וועל איך איך דערציילן די נייעס:

נעכטן ביי נאַכט האָט מיין ווייב מסכּים געווען און געזאָגט: יאָ. קען איך דאָך מיין ווייב בעסער פון אייך. איצט זאָגט זי יאָ און נאָך אַ מינוט ניין. האָט זי מיר געגעבן די האַנט תּקיעת־כּף און אַזוי בלייבט עס. איר זענט צופרידן? כ׳האָב איך אָנגעזאָגט אַ גוטע בשׂורה טובה?

— זייער. אָבער וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, הויב איך נישט אָן צו וויסן.

— איר געדענקט שוין גאָרנישט? אַ מענטש זאָל נישט געדענקען פון דאַנען ביז אַהער. ערשט נישט לאַנג האָב איך אויסגעגאָסן פאַר אייך מיין ביטער האַרץ וועגן מיין ווייב, אַ פאַרברענטע ציוניסטקע, וואָס האָט מורא צו פאָרן קיין ישׂראל צוליב די אַראַבער, צוליב די רוסן און אַנדערע אַנשיקעניש. די זאַכן ליגן איינגע־פּאַקט און יעדעס מאָל ווען זי זאָגט יאָ, זאָגט זי ניין. איר האָט אַפילו אָפּגעדרוקט די גאַנצע מעשׂה אין דער צייטונג. איר האָט געהאַט שׂכל נישט צו דערמאָנען קיין נאָמען. דאָס איז געווען אייער נס. אַנדערש וואָלט זיך מיין ווייב אין אייך איינגע־וויקלט און זי וואָלט אייך אַרויסגענומען די בעבעכעס מיט די קישקעס צוזאַמען. צו די זאַכן טויג זי זיך אויס בעסער פון אַ לאַיער. די אַסעקוראַציע־געזעלשאַפטן קענען זיך מיט איר אויך נישט קיין עצה געבן.

בקיצור: איך האָב מיט איר געאַרבעט שווער און ביטער, ביז זי האָט מיר נאָכגעגעבן. געזאָגט יאָ. האַנט תּקיעת־כּף און יאַזדאַ, מען פאָרט.

— ווען פאָרט איר?

— אַ, וועגן דעם וויל איך זיך מיט אייך שואל־עצה ־זיין. אפשר איז טאַקע מיין ווייב גערעכט געווען ווען זי האָט געזאָגט, אַז מען זאָל אָפּוואַרטן ביז מען וועט וויסן גענוי וואָס די רוסן מיינען? אָדער פאַרלאָזן זיך אויף משה דיין? איך פרעג אייך. גלייך ווי איר וואָלט געווען אַ ישׂראלדיקער מיניסטער. ווען איר זענט, ווייסט איר אויך פון אייערע הענט און פיס. כ׳האָב באַשלאָסן צו פאָרן. אַלץ איז איינגע־פּאַקט, איז נישט געבאַלעמוטשעט. כ׳בין גערעכט?

מיט דעם אַריינקלערן מאַכט מען זי אַליין משוגע. כאָפּ־לאָפּ. הייסע לאָקשן. מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ... ווי זאָגט מען דאָס, קען מען הענט און פיס צעברעכן. ווער ווייסט ווי לאַנג ס׳וועט געדויערן ביז ס׳וועט אויסברעכן אַ שלום?

— אויף דעם, זעט איר, וועט איר מיר שוין יאָ קענען געבן אַ תּשובה. די סוכנות וויל מיר געבן נהריה. וואָס זאָל איך טאָן?

— נהריה איז אַ שטאָט. פאַר וואָס גייט אייך עפּעס די סוכנות אָוועקגעבן נהריה?

— נישט די גאַנצע שטאָט. בלויז אַ דירה. וויל איך וויסן, וואָס איר זאָגט צו נהריה.

— נהריה איז זייער שיין. ליגט נעבן ים.

— נאָך וואָס דאַרף איך דעם ים? וואָס וועל איך טאָן מיט אַ ים? שווימען קען איך נישט. קיין פיש כאַפּ איך נישט. ס׳וועט דורכפאָרן אַ רוסישע שיף, וועל איך פאַרלירן ס׳לעבן. פון דער ערשטער מינוט, אַזוי ווי מיין מאַמע האָט מיך געבוירן אַלס זייער אַ יונג קינד, לעב איך אויף דער יבשה. זאָל איך מיך איצט גיין באַזעצן אויף אַ ים? קיינער צווינגט מיך נישט. אויב נישט נהריה, קריג איך עכּו. וואָס זאָגט איר צו עכּו? איר קענט עכּו?

— וואָס פּאַראַ פראַגע? עכּו איז אַ שטאָט וואָס ליגט ביים ים.

— שוין ווידער אַ ים? מ׳קען נישט דאָרט געפינען פאַר מיר אַ שטאָט אָן אַ ים?

— עכּו איז אַן אַלטע היסטאָרישע שטאָט. זי איז שוין אַלט טויזנטער יאָרן.

— אַזוי? און די גנבים פון דער סוכנות האָבן מיך געוואָלט אַריינזעצן מיט מיין מאָדערן מעבל אין אַן אַלטער שטאָט אַריין, וואָס מען ניצט זי שוין טויזנטער יאָרן. זייער גוט וואָס איר האָט מיר געזאָגט. אַלע מאָל איז גוט אַז מען פרעגט זיך. איך וויל נישט רעדן קיין שלעכטס אויף די סוכנות־מענטשן. דעם אמת געזאָגט, איז מיר שוין אַפילו אַ רחמנות אויף זיי. וואָס זיי ליידן זיך אויס פון די נייע עולים. זיי מיינען, די נייע עולים, אַז זיין טוען אַ טובה דעם ייִדישן פאָלק און גיב זיי כאָטש אַלע וווינונגען אין די גרויסע שטעט, ווו ס׳איז שוין נישטאָ קיין אָרט אַ שפּילקע אַריינצושטעקן. וואָס זאָלן זיי נעבעך טאָן די סוכנות־מענטשן? סקאַנדאַלן, זידלערייען, ווען איר באַגילדט מיך, איך זאָל איבערנעמען אַזאַ דזשאָב.

— רבותי — האָב איך זיי געזאָגט — איך דאַרף פון אייך גאָרנישט. ממש גאָרנישט. נאָר אַ דירה וויל איך אין טבריה, ווייל אין טבריה זענען דאָ די הייסע קוואַלן און די בעדער וועלן אונדז אָפּראַטעווען ס׳לעבן. איך און מיין ווייב ליידן פון רעוומאַטיזם. האָט ער גלייך געענטפערט יאָ. נו, אַז ס׳איז שוין געקומען צו רייד, וואָס איז אייער מיינונג וועגן טבריה?

— אַ שיינע שטאָט נעבן דעם ים כּנרת.

— אַ נייער ים! זיי האָבן דאָך דאָרט אַ ים מיט ימען. שוין. זאָל שוין זיין אַזוי. כ׳קען דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל מיר אַוועקנעמען דעם ים. אָבער די שטאָט? וואָס זאָגט איר צו דער שטאָט?

— דאָס איז אַ שטאָט, ווו ס׳האָבן אַ מאָל געוווינט גרויסע צדיקים. דאָרט איז דאָ דער קבר פון רמב״ם.

— אַזוי?! דער רמב״ם?! אין טבריה? האָט ער דאָך נעבעך אויך געליטן פון רעוומאַטיזם! פון וואָס האָט דאָרט געלעבט אַזאַ ייִד ווי דער רמב״ם?

— וואָס הייסט פון וואָס? דאָס איז דאָך געווען אַ ייִד אַ חכם.

— חכם אַהין, חכם אַהער. פּרנסה!

— ער האָט געשריבן ספרים. זיין באַרימט ספר איז דער „מורה נבוכים״.

— אַוודאי, אַ ראָמאַן, אַ בעסטסעלער, איז מען אַ געמאַכטער מענטש. אָבער איך רעד דאָך איצט וועגן מיר. אין טבריה איז זומער אַזוי הייס, אַז מען קען צעשמאָלצן ווערן. דערפאַר זענען אָבער דאָ בעדער. אין צפת איז זומער קיל אַ מחיה. דערפאַר זענען אָבער נישטאָ קיין בעדער. וויל איך זיין זומער אין צפת, און ווינטער אין טבריה. אַ גוטער געדאַנק? ווילן זיי מיר נישט געבן קיין צוויי דירות. רעד הייגט, רעד מאָרגן, צעטלען פון דאָקטוירים. גאָרנישט. האָט מיר מיין שוואָגער פון חיפה געשריבן, אַז איך זאָל אויף גאָרנישט קוקן און פאָרן, און אַז איך וועל אָנקומען אין לוד, זאָל איך זיך אַוועקזעצן אויף די וואַליזעס צוזאַמען מיט מיין ווייב און זיך נישט רירן פון אָרט ביז מען וועט מיר געבן אַ דירה אויף דיזענ־גאָף גאַס אין תל־אָביב, און אויב דאָס וועט נישט העלפן, זאָל איך מאַכן אַ הונגער־שטרייק.

איך האָב אַ שוואָגער אַזאַ חכם, אַז דער רמב״ם מעג זיך גיין לערנען ביי אים.

מיט זיין קאָפּ האָט ער געקענט ווערן אַ לערער פון רעכענען. נישט פירן אַ שוסטערײַ.

דער געדאַנק איז מיר געפעלן. האָב איך דאָך אַ ווײַב, זאָגט זי ניין. שריי איך צו איר: באַלטשע! וואָס האָסטו מורא? די קאָמיסאַרן זענען ייִדן. די פּאָליציאַנטן זענען ייִדן. מ׳עט זיך מיטנעמען אַ קוישל סענדוויטשן אויף איבערצוקומען דעם הונגערשטרייק. דעט׳ס אָלל.

מײַן ווײַב איז זייער אַ קלוגע, נאָר זי פֿאַרשטייט נישט. דער קאָפּ בײַ איר קען נישט אויפכאַפּן אַ שׂכלדיקע זאַך און דאָ ווען שוין אַפֿילו קיין קאָמפּרעסן אויך נישט העלפן. דאַרף איך זיך שואל־עצה־זיין מיט אַ מענטש וואָס איז קלוג. פֿאַר־שטייט.

— דערפֿאַר זענט איר געקומען צו מיר?

— כ׳האָב דאָך נישט קיין ברירה...

# אַ זשורי

— איר האָט צייט אַ פּאָר מינוט? וועל איך מיט אײַך רעדן אַ האַלבע שעה. וועגן וואָס? וועגן אַ זאַך, וואָס וועט אײַך זייער אינטערעסירן. עס האָט אַ שייכות צו ייִדן, צו ישׂראל און צו דער גאַנצער לאַגע פון ייִדישן פאָלק. איר האָט פֿאַר־שטאַנען?

— ניין.

— איך וויל אײַך פֿאַרלייגן צו ווערן אַ זשורי. דאָס הייסט אַ ריכטער. די זשורי וועט באַשטיין פון דריי ריכטערס, און איר וועט זיין דער עלטסטער, דער פּאַרזיצער. געלט, זאָג איך אײַך צו, וועט איר נישט באַקומען. אָבער כּבוד, אָן אַ שיעור. מען וועט אײַך פאָטאָגראַפֿירן ווי איר שטייט אין דער מיט און קלאַפּט מיט אַ האַל־צערנעם האַמער. די צוויי זשוריס זיצן איןביידע זייטן און קוקן אַרויף צו אײַך. די פאָטאָגראַפֿיעס וועל איך צעשיקן אין אַלע רעדאַקציעס, אויך אין ישׂראל. איצט פֿאַרשטייט איר שוין?

— נאָך נישט.

— לאָזט זשע מיך דערציילן פון אָנהויב אָן, וועט איר צעקייען די זאַך. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעלייענט די רעדע פונעם ישׂראלדיקן פּרעזידענט צו די ייִדן אין אַמעריקע. און די רעדע זיינע האָט מיך אַזוי גערירט אַז איך בין געוואָרן אין גאַנצן צעטשמיעלעט. דער קאָפּ איז מיר געגאַנגען ווי אויף רעדער. האָב איך מיר געמאַכט אַ חשבון הנפש פון מײַן לעבן: מיט מײַן ווײַב האָב איך אָפּגעלעבט פינף און דרייסיק יאָר ווי אַ קאַץ מיט אַ מויז. ס׳האָט זיך אָנגערוקט די עלטער, איך האָב זיך געענדערט, זי האָט זיך געענדערט און מיר האָבן געלעבט ווי צוויי אַלטע טויבן. איז זי געשטאָרבן, האָב איך זיך פֿאַרליבט אין אַן אַנדערער און איך האָב געפילט, אַז אָן איר איז מײַן לעבן נישט ווערט קיין

ציבעלע. ס'האָט שוין געהאַלטן אַט אַט, האָב איך אין דער לעצטער מינוט דערזען, אַז עס לייגט זיך נישט אויפן שכל. האָב איך באַשלאָסן, אַז איך האָב זי נישט ליב. קעגן וואָס איך זאָג אייך דאָס אַלץ? הערט זשע אויס מיט געדולד. איך האָב ליב צו דערציילן אַ זאַך גרונטאָוונע.

בין איך ווידער געבליבן אַליין מיט אַ בראַנכיט. אַ פאַרמעגן האָב איך, אַז איך זאָל אַפילו לעבן אַזוי לאַנג ווי מתושלח, האָבן אַן אַפעטיט פון אַ וואָלף און האַלטן אַזאַ דיעטע, אַז איך זאָל דאַרפן צונעמען פינף קילאָ יעדן חודש צו דער וואָג, וועל איך קיין פערטל פון מיין פאַרמעגן נישט קענען אויפעסן. און אַז איך כאַפּ זיך אַ מאָל אַריין צו די פערד־געיעגן פאַרשפּילן אַ הונדערטער, געווין איך אַ טויזנטער. אַלץ קאַפּויער.

די קינדער האָבן אַלע חתונה געהאַט און זענען נאָך רייכער פון מיר. און דאָ האָט דער ישׂראל־פּרעזידענט דערציילט ווי אַזוי דאָס קליינע ישׂראל קעמפט קעגן אַזוי פיל שׂונאים, ווי אַזוי די ייִדן אין רוסלאַנד זענען זיך מקריב פאַר זייער ייִדישקייט און מיר ייִדן אין אַמעריקע דאַרפן העלפן אונדזערע ברידער אין דעם היסטאָרישן קאַמף, האָב איך זיך דערפילט ווי אַ שולדיקער. ביז איצט האָב איך דאָך נאָך גאָרנישט נישט געטאָן. נאָך לאַנגע טראַכטענישן האָב איך באַשלאָסן... טרעפט וואָס איך האָב באַשלאָסן.

— צו געבן אַ סומע געלט פאַר ישׂראל.

— דערצו דאַרף מען דאָך נישט האָבן קיין זשוריס מיט ריכטערס. שוין. קנייטשט נישט דעם שטערן. איר וועט זיך נישט כאַפּן. איך האָב באַשלאָסן... טרעפט וואָס.

— נו... איר ווייסט דאָך, אַז איך וועל זיך נישט כאַפּן.

— איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ פאָנד אויף מיין נאָמען פאַר ליטעראַטור און קונסט. יעדעס יאָר וועט מען געבן אַ פּרעמיע פון צוויי טויזנט דאָלער פאַרן בעסטן ווערק.

— דאָס איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלן. ס'איז זייער שיין. אָבער וואָס פאַראַ שייכות האָט דאָס צום פּרעזידענטס רעדע וועגן דעם געפייניקטן ייִדישן פאָלק?

— פרעגט נישט קיין קשיות. אַזוי האָב איך באַשלאָסן און דאָס איז עס! איך, אַלס שרייבער, דאַרף מען אייך דערקלערן די וויכטיקייט פון אַזאַ פאָנד? וויל איך, אַז איר זאָלט זיין דער פאָרזיצער פון דער זשורי, וואָס וועט פייערן די פייערלעכקייט פון דעם גרויסן פייערלעכן יום־טוב. דערנאָך וועל איך האַלטן אַ רעפעראַט וועגן דעם פאָלקלאָר פון די ליטווישע ייִדן אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש. נאָך דעם וועלן אויפטרעטן אַ ישׂראלדיקער זינגער און אַ ישׂראל־דיקער קינסטלער, ווייל אין אַמעריקע זענען היינט נישטאָ קיין אַנדערע. דערנאָך וועט מען טיילן די פּרעמיע מיט קאַווע און קוכן. און... שוין. איצט פאַרשטייט איר שוין? באַשעוויס וועט אַליין צושיקן אַ בוך, קען מען דאָך אים נישט מאַכן פאַר אַ זשורי איבער זיין אייגן בוך. איר זענט אַ פאַסיקער מענטש. אַ הומאָריסט טראָגט זיך נישט אַרום מיט קיין בויך־איינרעדענישן אויף פּרעמיעס. די צוויי אַנדערע זשוריס זענען אויך נישט אַ ליאַדע ווער. דאָס זענען צוויי רייכע ייִדן וואָס איך האָב גענומען פון יעדן איינעם צו פינף טויזנט דאָלער. פאַר אַזאַ כבוד איז דאָס

נישט קיין סך. די אַנדערע וואָך וועט איר האָבן אַ זיצונג. און איר וועט אַלע דריי אָננעמען איינשטימיק, אַז די פּרעמיע באַקום איך.

— איר?! וואָס עפּעס איר? איר זענט אויך אַ שרייבער?

— פאַר וואָס נישט? איר מעגט, איך נישט?

## צווישן אייגענע...

וואָס איך האָב אַלץ נישט געטאָן פאַר אים. איך האָב אים געשיקט פּעקלעך מיט קליידער און הויזן, דער עיקר הויזן, ווייל מיין ערשטער מאַן, עליו השלום, האָט געהאַט אַ סך הויזן. נאָר מיין ערשטער מאַן עליו השלום האָט געהאַט אַ דיקן בויך ביים לעבן, און איז געווען אַ קורצער. האָט מען געקענט אויבן איינגעמען און אונטן אָרויסלאָזן. איר מעגט מיר גלויבן, אַז איך האָב עס געטאָן מיטן גאַנצן האַרץ. פאַר וואָס נישט? פון מיין גאַנצער משפּחה איז געבליבן נאָר ער איינער. כ׳זאָג נישט, אַז ער האָט פון מיר פאַרלאַנגט עפּעס. חלילה. ער פלעגט אַפילו נישט שרייבן צו מיר. נאָר איך האָב דאָך געוווּסט: אַ יינגל, וואָס דער טאַטע איז אומגעקומען ביי די דייטשן. די מאַמע איז לעצטנס אויך אַ ביסל, אָפּגעשיידט זאָל זי זיין. ישׂראל איז אַן אָרעם לאַנד וואָס פלאָגט זיך נעבעך אַרום מיט די אַראַבער. דאַרף ער וויסן, אַז ער איז נישט אַליין. אַז ס׳איז דאָ אַ משפּחה.

שרייבט ער מיר אַן אַ בריוו, אַז איך זאָל אים מער נישט שיקן קיין הויזן, ווייל ס׳איז אַ שאָד דאָס פּאָסטגעלט.

אויף מיין פּאָסטגעלט האָט ער געקריגן רחמנות. ער איז דאָך שוין געוואָרן אַ ישׂראלדיקער. און ווער די ישׂראלים זענען, דאַרף איך דאָך אייך נישט דערציילן. כאַטש נעם און שיק אים אַריין אַ הענגלבריק, אַ וואָלקנקראַצער, וועט ער זיין צופרידן.

איר מעגט מיר גלויבן, אַז איך וואָלט אַפילו נישט געשריבן צו אים. כ׳בין טאָקע אַ קרובה, אָבער כ׳האָב אים דען אַ מאָל געזען פאַר מיינע אויגן? ווייט פון אויג, ווייט פון האַרץ. נאָר וואָס דען? כ׳האָב ליגן אַ פולע שאַנק מיט הויזן פון מיין ערשטן מאַן עליו השלום, האָב איך געטראַכט, וואָס וועט עס אַזוי אויסליגן? האָב איך גענומען עטלעכע פאַר הויזן, אַדורכגעקוקט די קעשענעס — ווייל מיין ערשטער מאַן עליו השלום פלעגט האָבן אַ טבע צו פאַרשטופּן ניקלס און אַנדער קליינגעלט אין די הויזן־קעשענעס — און כ׳האָב אים אָוועקגעשיקט.

אַן אַנדערער, דו ווילסט נישט שרייבן קיין שיינעם דאַנק, שרייב נישט. דו ווילסט נישט, איך זאָל דיר שיקן הויזן? שרייב, אַז דו ווילסט נישט קיין הויזן. דו ווילסט בכלל נישט שרייבן? שרייב, אַז דו שרייבסט נישט. אָבער אַזעלכע ווער־טער ווי: פּאָסט־געלט. פאַר וואָס קומט עס מיר? מער האָב איך אים נישט געשריבן. ער מיר אויך נישט, און געענדיקט.

פאַרט מיינער אַ קוזין אויף אַ וויזיט קיין ישׂראל, אַ רייכער מענטש, אַ ווױלער מענטש, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל זיך זען מיט דעם בחור, ווייל ערשטנס איז ער דאָך פּאַרט אַן איינזאַמער. און צווייטנס וויל איך, ער זאָל זען וואָס פאַראַ מענטש ער איז. אויב ער איז טאַקע אַ לײטישער בחור און אַ שיינער בחור, זאָל ער אים זאָגן אַז איך בין גרייט אים צו ברענגען קיין אַמעריקע אויף מיינע הוצאות. און כ׳האָב אים דערציילט פאַר וואָס איך וויל עס טאָן, ווייל די טאָכטער מיינע וואָס שטייט אין שידוכים, איז שטיין געבליבן, און אַ מיידל אַז זי שטייט, קען זי פאַרזיצן. זי איז טאַקע נישט אַזאַ שיינע, אָבער אַ נערוועזע. און וואָס וועל איך טאָן, אַז זי וועט זיך פאַרליבן אין אַ גוי? איר ווייסט וואָס עס טוט זיך היינט אַפּ ביי אונדז אין אַמעריקע? מיינע פריינד, אַ רעליגיעזע היים, אַן איינציקער זון, גייט ער מיט אַ מיידל פון פרומע עלטערן, קאַטוילן. מיינע פריינד האָבן געוואָלט געבן דעם מיידל פופציק טויזנט דאָלאַר, אַז זי זאָל זיך אָפּטשעפּען פון זייער בן יחיד. האָט זי נישט געוואָלט הערן דערפון. כ׳ברענג מיר אַראָפּ אַזאַ בחור, איז אַ כּשרער טאָפּ מיט אַ כּשרן לעפל.

דער בחור איז מיין קוזין זייער געפעלן. ער שטודירט עלעקטראָניק און חלומט צו קומען קיין אַמעריקע. דאָס איינציקע לאַנד — זאָגט ער — ווי ער קען אַ סך דערגרייכן אין זיין לערע. האָב איך אים גלייך געשיקט אויף הוצאות. צוגעגרייט אַ צימער ביי מיר אין הויז, אַ שרייבטיש, אַ ביכערשאַנק און אַ טעלעוויזשן.

אין דעם טאָג, וואָס ער האָט באַדאַרפט אָנקומען צוזאַמען מיט מיין קוזין, בין איך מיט מיין טאָכטער, וואָס איך האָב זי אַרויסגענומען פון אַ קאָסמעטישן סאַלאָן אַרויס, מיט אַ פּנים וואָס מען דאַרף עס אָפּהיטן פון אַ נעהאָרע, אַוועק אים אָפּוואַרטן אויפן פליפאָרט. איך האָב אים געקושט די ערשטע. מיין טאָכטער האָט אים געקושט דערנאָך. און... הערט אַ מעשׂה: אַנשטאָט צו מיר, איז ער פאַרפאָרן צו מיין קוזין און וווינט גאָר ביי אים. דאָס האָט מיך אויפגעגעסן לעבעדיקערהייט, ווייל דער קוזין האָט אויך אַ טאָכטער. איר פאַרשטייט וואָס דאָ טוט זיך?

אַז מיין אייגענער קוזין, וואָס איך האָב אים געהאָלטן פאַרן פיינסטן מענטש, זאָל מיר אָנטאָן אַזאַ זאַך, דאָס האָב איך נישט געגלויבט. ער האָט מיר אַפילו געזאָגט, דער קוזין מיינער: ווילסט אים? נעם אים דיר.

וואָס הייסט נעם אים דיר? טרייב אים אַרויס, וועל איך אים נעמען. אַליין וויל ער דאָך נישט גיין. ס׳איז דערגאַנגען צו אַזאַ שׂנאה און צו אַזעלכע זידלערייען צווישן מיר און מיין קוזין, אַז איך האָב אים געזאָגט, ער זאָל פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט זיין הויז אַן אַ גראָשן אַסעקוראַציע, כאָטש מיין טבע איז נישט צו שעלטן. אַז דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן, האָב איך צוריקגענומען די הוצאות וואָס כ׳האָב אַריינגעלייגט. מער ווי דאָס האָט ער נישט געוואָלט געבן, דער קוזין, און זאָל ער גיין צו אַלדע גוטע יאָר.

מיינט איר דאָך, אַז מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט? הערט זשע אַ מעשׂה:

אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט צו מיר מיין קוזין מיט אַ טענה, אַז דער בחור איז פון אים אַוועק און ער ווייסט נישט וווּהין. דאַרף איך אים צוריקגעבן ס׳געלט פון די הוצאות. קדחת מיט כּשרן פּאָדעם קען ער ביי מיר באַקומען. אויף מיר קען מען זיך דאָך אָבער אויך פאַרלאָזן. איך בין דאָך נישט קיין צווי פּאָר אַ דרייער. בין איך

גלייך געווויר געוואָרן וואָס דאָ איז געשען. דער בחור האָט זיך פאַרליבט אין דעם מיידל פון די קאַטוילישע עלטערן, און זי אין אים, נאָך מער. מיינע פריינד, וואָס האָבן איינגעלייגט ווילטן פון איר פּטור צו ווערן, שיינען פון גדולה. זיי האַלטן, אַז דאָס איז אַ נס מן השמים.

האָב איך דאָך אויך עפּעס אַ צד אין דער שיסל. דער בחור איז דאָך געקומען אויף מיינע הוצאות.

מיט זיי האָב איך נישט באַדאַרפט אַ סך רעדן וועגן דעם. פיינע מענטשן. גאָר פיינע מענטשן. איר מעגט עס פאַרדינען יעדן חודש מיט מיר בשותפות, וויפל איך האָב אָפּגענומען פון דעם עסק. אָסור אויב איך בין איך אַ שונא.

## דער שווינדלער

מענדל איז אַ שפּאָרזאַמער מענטש. גוט, זאָל זיין אַ קאַרגער. זיינע אַלע פריינד, וואָס זענען געקומען אין דער זעלבער צייט קיין אַמעריקע, האָבן זיך אַרויפגעאַרבעט. יעדער איינער פון זיי האָט געפונען זיין וועג צו דערגיין צו אַ פאַרמעגן, נאָר ער, מענדל, האָט זיך נישט אויסגעטויגט. ער איז אַ קירזשנער. דאָס קען ער. קיין ביזנעס פאַרשטייט ער נישט און אויב ער האָט דאָך אָפּגעשפּאָרט אַ שיין ביסל געלט, איז עס אַ דאַנק זיין שפּאָרזאַמקייט. דאָס ווייב זיינס וואָס האָפט נאָך אַלץ צו מאַכן פון אים אַ לייט, רעדט אין אים אַריין יעדן טאָג במשך פון דריי און דרייסיק יאָר און גיט אים צו פאַרשטיין אַז מען ריזיקירט נישט, האָט מען נישט.

איז מענדל געפאָרן קיין ישׂראל ווייל, ערשטנס, האָט מען אים געזאָגט אַז מען ברענגט פון ישׂראל אַ פּאָר בריליאַנטן, שלאָגט מען זיך אויס די הוצאות. צווייטנס, אַ פּאַך האָט ער. אַ ביסל געלט אויך. ישׂראל האָט ער ליב. וועט ער זיך דאָרט אַרומקוקן. אפשר...

אין תּל־אָביב, אין האָטעל, האָט ער געטראָפן אַ גוטן פריינד, אויך אַ ניו־יאָרקער, וואָס שוין לאַנגע יאָרן שיקן זיי זיך שנה־טובהס און דאָ האָבן זיי זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים. דערציילט אים זיין פריינד, אַז ס'איז דאָ צו קויפן אַ ברי־ליאַנט פאַר פיר טויזנט דאָלער, וואָס אין אַמעריקע איז ער ווערט אַכט און צוואַנציק טויזנט. אויב ער וויל, קען מען עס קויפן בשותפות. האָט מענדל מסכּים געווען, ווייל אַז מען ריזיקירט נישט, האָט מען נישט.

יענער, אַ פלינקער יונגערמאַן האָט שנעל איבערגעציילט דאָס געלט, און איבערגעגעבן מענדלען דעם אוצר, איינגעוויקלט אין וואַטע. מענדל האָט עס פאַר־זיכטיק אַריינגעלייגט אין דער פאָדערשטער קליינער הויזן־קעשענע, פאַרשפּילעט מיט אַ זיכער־נאָדל. צוויי מאָל ריזיקירן וויל ער נישט.

ער האָט קיין מאָל אין לעבן נישט פאַרשטאַנען צו וואָס מען מאַכט פאַרנט אין די הויזן די קליינע טעשעלעך. ערשט איצט איז עס אים קלאָר געוואָרן. אָבער

אויף די אויספלוגן,ביים באַקוקן די אַלטע היסטאָרישע ערטער, איז אים יעדעס מאָל אַדורך אַ ציטער דורכן לייב. יעדעס מאָל האָט ער אָנגערירט דאָס קליינע טעשעלע, אָבער ביז ער האָט דערטאַפּט דעם שטיין, האָט אים דערווייל אָנגעכאַפּט אַ ציטער.

פליִענדיק צוריק קיין ניו־יאָרק, האָט ער אויפן גאַנצן וועג געטראַכט נאָר וועגן שטיין. פון אַלע היסטאָרישע ערטער איז אים געבליבן אין זכרון די כותל המערבי, ווייל דאָרט, צווישן די שטיינער פון דער וואַנט, האָט ער אַריינגעשטופּט אַ צעטעלע מיט אַ בקשה צום רבונו־של־עולם, אַז ער זאָל אָן שום מכשול אָנקומען בשלום צוזאַמען מיט דעם שטיין קיין ניו־יאָרק. דער פריינד זיינער, דער שותף צום שטיין, וואָס איז צוריקגעפלויגן מיט אַ פּאָר טעג פריִער, האָט אים אָנגעזאָגט אַז ביי דער קאָנטראָלע אויפן פליפעלד, טאָמער חלילה דערפילט ער עפּעס אַ חשד, אַ סכנה, זאָל ער נישט ריזיקירן און גלייך אַראָפּשלינגען דעם שטיין.

וואָס מער דער עראָפּלאַן האָט זיך דערנעענטערט צו ניו־יאָרק, אַלץ אומרויִקער איז ער געוואָרן, ביז ער האָט באַשלאָסן נישט צו וואַרטן אויף דער לעצטער מינוט, און אַזוי ווי דער עראָפּלאַן האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן אויפן פליפעלד, איז שוין דער שטיין געלעגן אין זיינע געדערעם... אַראָפּגעשלונגען. וואָס זיכער איז זיכער.

ביים צעקושן זיך מיטן ווייב נאָכן אַרויסקומען פון דער קאָנטראָל מיטן באַגאַזש, האָט אים שוין דער פריינד זיינער, דער שותף, אָוועקגעשלעפּט אין אַ זייט, און געזאָגט אים, אַז ער פּאָרט שוין איצט מיט זיין קאַר צו אים אין שטוב, ווייל עס וואַרט שוין דאָרט אַ קונה מיט געלט.

— דער קונה וועט מוזן קומען מאָרגן, ווייל ס׳איז מיר אוממעגלעך היינט אַרויסצונעמען דעם שטיין — האָט מענדל געענטפערט.

— וואָס הייסט אוממעגלעך? ווו האָסטו אים אָוועקגעלייגט?

— אין מאָגן.

— אַראָפּגעשלונגען?

— יאָ.

— גיי זשע גיך אַהיים און זע וואָס דו האָסט צו טאָן.

— ס׳גייט נישט אַזוי כאַפּ־לאַפּ. הלוואַי מאָרגן. איך לייד אויף עצירות.

— אַז דו האָסט געוווסט, אַז דוליידסט אויף עצירות, פאַר וואָס זשע האָסטו אַראָפּגעשלונגען דעם שטיין?

— ווייל כ׳האָב מורא געהאַט צו ריזיקירן. מאָרגן, מערטשישעם, וועל איך עסן געקאָכטע פלוימען מיט רויִע עפּל און דער אייבערשטער וועט העלפן.

צו מאָרגנס האָט דער שותף געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אין איין קלינגען אין טעלעפאָן, געווויר ווערן ווי ס׳האַלט. ביז ס׳איז אָנגעקומען די בשורה, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג נאָר דער שטיין איז נישט אַרויס.

אַז דער שותף האָט פאַרלוירן דאָס געדולד איז ער אַרויס פון די כלים, און אָוועקגעשלעפּט אים צו אַ דאָקטער, אַ ספּעציאַליסט, נישט אויף קיין בריליאַנטן, נאָר אויף מאָגנס. דער דאָקטער האָט געמאַכט אַ רענטגען־אויפנאַמע, און האָט אים געוויזן שוואַרץ אויף ווייס אַז דער שטיין איז דאָ. ער ליגט אויף אַ זיכער אָרט, בעסער נאָך ווי אין אַ געפּאַנצערטער קאַסע. ער האָט אים פאַרשריבן אַ גוטע זאַך

וואָס נאָך צוויי דריי טעג וועט ער מן הסתם אַרויס, און אויב נישט, וועט ער אים דערנאָך פאַרשרייבן נאָך אַ בעסערע זאַך, און דעם קונה קען מען דערוויל ווייזן דאָס בילד פון דער רענטגען, וועט ער זען ווי דער שטיין קוקט אויס.

אַ שטיין פאַר אַכט און צוואַנציק טויזנט דאָלער קען מען נישט פאַרקויפן ווען ער ליגט אין מאָגן און מען קען נישט פאַרלאַנגען פון אַ קונה וואָס צאָלט מזומנע געלט, אַז ער זאָל זיך אים אַליין אַרויסנעמען. האָט דער שותף פאַרלאַנגט שוין אַן אָפּעראַציע. מענדל האָט שוין מסכים געווען, האָט אָבער דאָס ווייב זיינס נישט דערלאָזט דערצו. אין מסחר־זאַכן, אַז מען האָט צו טאָן מיט ווייבער, זאָל מען אָפּגעהיטן ווערן.

גאַנצע טעג האָבן זיך די שותפים געקריגט און געזידלט. די ווייבער האָבן זיך שוין געריסן ביי די האָר. מענדלס ווייב האָט געשריגן, אַז דער בריליאַנט מעג אַפילו זיין פון גאָלד, וועט זי נישט לאָזן איר מאַן גיין אונטערן מעסער. דעם שותפס ווייב האָט געשריגן, אַז מען קען נישט לאָזן ליגן הפקר אין אַ מאָגן אַ פאַרמעגן פון אַכט און צוואַנציק טויזנט דאָלאַר.

מען האָט שוין געהאַט באַשלאָסן צו גיין צו אַ דין תורה. איז ביז וואָס ווען, איז געשען דאָס וואָס מען האָט געהאָפט, און דער שטיין איז דאָ! דער דאָקטער האָט, ווייזט אויס, טאַקע געגעבן אַ גוטע זאַך. נאָר וואָס דען? דער קונה וויל נישט געבן קיין גראָשן פאַר אים. אַ פאַלשער בריליאַנט!

אַזוי אָפּנאַרן צוויי נאַציאָנאַלע ייִדן אין אַ ייִדישער מדינה, וואָס איז אויפגעשטאַנען נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות, איז ממש הימלשרייענדיק.

האָט מען טעלעפאָנירט צו דער תּל־אָביבער פּאָליציי, דערציילט און אָנגעבייזערט זיך אויף. וואָס הייסט? היתּכן? צוויי ייִדן וואָס קויפן באַנדס, ווי קען מען צו אַזעלכעס דערלאָזן?

די ישׂראלדיקע פּאָליציי איז דאָך באַרימט אויף דער וועלט און אַזאַ זאַך ווי אָפּנאַרן טוריסטן וועט זי בשום אופן נישט דערלאָזן.

נאָך איין וואָך איז אָנגעקומען אַ באַריכט פון דער תּל־אָביבער פּאָליציי, מיט דעם גענויעם נאָמען פון דעם שווינדלער, וואָס האָט שוין אָפּגענאַרט אויך עטלעכע ישׂראלדיקע ייִדן. נאָר זיי קענען אים נישט אַרעסטירן, ווייל ער וווינט אין ברוקלין.

## זי מוז וואַרטן

— דאָס איז מיין ווייב האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ צעשראָקענער פרוי מיט אַ ציטערנדיקער גאָמבע — כ׳האָב ביי איר קוים געפּועלט, זי זאָל אַהערקומען צו אייך. רעדט מיט איר, גיט איר צו פאַרשטיין, ווייל איך האָב שוין קיין כּוח צו איר. זי האָט מיך שוין גלייכגעלייגט. נערוועז? אין גאַנצן משוגע בין איך שוין. איך רעד נישט חלילה אויף איר קיין שלעכט וואָרט. אַ פיינע פרוי. ווער מיר גוטס

גינט אַזאַ פרוי. נאָר ס׳האָט זיך אַריינגעזעצט אין איר אַ קליפּה, אַ שד, אַ דיבוק, אַ שוואַרץ יאָר ווייסט עס וואָס.

ווענן וואָס עס האַנדלט זיך? וואָס פרעגט איר מיך? רעדט מיט איר. כ׳האָב זי דאָך אַהערגעברענגט. אָט האָט איר זי דאָך.

איך האָב אים אָוועקגענומען דעם מאַנטל, ווייל ער האָט אים געהאַלטן אין איין וואַרפן פון איין האַנט אויף דער צווייטער, אַהין און צוריק, אַהין און צוריק. דאָס האָט מיך נערוועז געמאַכט. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט, און גענומען פּויקן מיט אַ פוס אין דיל און מיט די פינגער אויפן טיש, אַזוי אַז מיטן אַוועקנעמען דעם מאַנטל האָב איך נישט געכאַפּט קיין מציאה.

— איר געדענקט ווי איך האָב אייך דערציילט, אַז איך האָב שוין אַלץ איינגעפּאַקט, און איך פּאָר אַוועק באַזעצן זיך אין ישׂראל? פון דעמאָלט אָן איז שוין אַדורך אַ מעשׂה פון... וויפל? און איך זיץ נאָך אַלץ מיט די איינגעפּאַקטע וואַליזעס. איר פרעגט מיך שוין ווידער פאַר וואָס? פרעגט זי, זאָל זי אייך זאָגן.

— אַזוי ווי איר קוקט אים אָן — האָט זי אָנגעהויבן — איז דאָס אַ חיה, נישט קיין מענטש, אַ שטיק רציחה איז ער. כ׳רעד נישט חלילה קיין שלעכט וואָרט אויף אים. אַ פיינער, איבערגעגעבענער מאַן. ווער מיר גוטס גינט. נאָר דער מענטש איז אין גאַנצן קיין מענטש נישט, עפּעס אַ שטיק, כ׳ווייס אַליין נישט וואָס.

— שוין, שוין. נעם שוין איין אַ ביסל שטומוואַסער און לאָז מיך זאָגן אַ וואָרט. דו וועסט באַטשקען פון היינט ביז מאָרגן און ער וועט גאָרנישט פאַרשטיין.

— איך בין שוין נישט קיין יונגער מענטש. נערוון, אולקוס, אַרטרעטיזם, בלוט־דרוק.

— און אַ סטאַטע האָט ער אויך.

— זי מיינט אַ פּראָסטאַטע. אַלץ מוז זי דערציילן. האָסט נאָך עפּעס צו דער־ציילן? האַק מיר נישט איבער און לאָז מיך רעדן. שוין געהאַט אַ פאַבריק אין בעלגיע, אין פּאַריז. אין ניו־יאָרק. האָב איך באַשלאָסן: אויס פאַבריקן. גענוג. איצט וויל איך אויסלעבן רויק מיינע יאָרן אין ישׂראל. כ׳האָב ערד אין הרצליה, אַ פּאָר הייזער אין אַמעריקע. קיין געלט פעלט מיר נישט. און צו דעם אַלעם קריגן מיר ביידע עלטער־פּענסיע. איז צו וואָס דאַרף איך אַזוי פיל? כ׳וועל מיך אַוועקזעצן אין צפת, אויף אַ הויכן באַרג, ריינע לופט. ווען מען שמוגלט אַריין אַזאַ פּאָר ליטער לופט קיין ניו־יאָרק, קען מען פאַרדינען מער ווי ביי׳ן כאַשיש. איך ליג מיר אויף אַן אויסלייגשטול און קוק אויפן רויטן ים, אויפן טויטן חולה־ים, כּנרת־ים און זינג מיר: כּי־נרת כּי־נרת שעע־ליי־י. וואָס קען נאָך זיין בעסער? אַדרבא, זאָגט מיר.

כ׳וועל מיר איינהאַנדלען אַ ציג, וועל איך האָבן פרישע ציגן־מילעך פאַר בחינם. אויף צו פאַרברענגען די צייט, זענען דאָ די קברים פון רבי מאיר בעל הנס, פון אר״י הקדוש, און נאָך אַ מענגע צדיקים. איצט די גאַלעריעס פון די מאָלערס. מען קען דאָרט שטיין און קוקן אויף די בילדער ווי לאַנג מען וויל. און אַז עס מאַכט זיך אַ מציאה, אַ גוט שטיקל אַרבעט פאַר ביליק, קויף איך. טאָמער חלילה ס׳מאַכט זיך אַ מלחמה מיט די סיריער, דאַרף איך נישט קיין צייטונג, קיין טעלעוויזיע. פון באַרג זע איך ווי די אַרבעט גייט צו.

ס׳האַרץ פּלאַצט דאָך מיר ווען איך רעד וועגן דעם. וואָס שטיי איך דאָ?!

וואָס זיץ איך דאָ?! ס'איז דאָך אַן עבירה יעדע מינוט. ווער דאַרף די שוואַרצע פּענטערס, צו אַלדע שוואַרצע יאָר? זיצן יעדע נאַכט אין שטוב און קריגן זיך מיטן ווייב? ביי טאָג, אַז איך גיי שוין אַרויס, מוז איך האָבן ביי זיך גענוג געלט אויף צוצוראַבעווען. אַנישט קען דער באַנדיט ווערן אויפגערעגט און מיך אַוועק־שיסן. ווייל זי זיך נישט רירן פון אָרט.

רייס מיר נישט איבער. כ'וועל אים אַלץ דערציילן. פון דיין באַטשקען וועט ער גאָרנישט וויסן. ווען מען האָט אָפּגעשטעלט דאָס פייער ביים סועץ, האָט מען איינ־געפּאַקט אַלע זאַכן אין קאַסטנס, געקויפט שיפסקאַרטן. מיט אַן עראָפּלאַן האָט זי מורא. אויך אירס אַ משוגעת. בכן מען קען אים פאַרכאַפּן, און ס'קען חלילה פּלאַצן אַ שרייפל אין מאָטאָר, אָדער ס'קענען זיך אַריינכאַפּן ווערעם אין בענזין אַריין.

פּלוצעם, מען פאָרט נישט, ווייל מען האָט אַוועקגעשטעלט „מיסלס" ביים סועץ. זי וועט זיך נישט רירן פון אָרט ביז מען וועט נישט אַוועקנעמען די מיסלס. וואָס זשע האָב איך צו טאָן? איך קען אַהינפאָרן אַוועקנעמען די מיסלס? מוז מען זיצן און וואַרטן ביז עמעצער וועט אַוועקנעמען די מיסלס.

האָט דערנאָך משה דייק, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין, געזאָגט, אַז מען האָט נישט קיין מורא פאַר די מיסלס. אַז זיי זענען ווערט אַ שמעק טאַבאַק, איז דאָך שוין גוט. פּאַקט מען די זאַכן. איז פּונקט ווען מען האַלט שוין ביים פאָרן, פאַרגלוסט זיך נאַצערן צו מאַכן אַ שטאַרב. ס'ערשטע וואָס איך הער פון מיין ווייב: מען רירט זיך נישט פון אָרט. זי מוז איבערוואַרטן, ווייל מען קען גאָרנישט וויסן וואָס דאָ קען ווערן. נעם איך צוריק דאָס געלט פון דער שיפסקאַרטע און וואַרט. אַ ברירה האָב איך?

האָט מען דערלעבט אַ נייע רעגירונג, סאַדאַט איז אויף נאַצערס אָרט און מען האַנדלט זיך שוין ביים אונטערהאַנדלען די אונטערהאַנדלונגען. מיין ווייב באַרויִקט זיך שוין און מען פּאַקט שוין ווידער.

איצט בין איך שוין געווען הונדערט און פופציק פּראָצענט זיכער, אַז מען פאָרט. נעמען די רוסן און שיקן אַריין אַ נייעם עראָפּלאַן, מיג 25. און מיין ווייב: סטאָפּ! זי רירט זיך נישט פון אָרט.

ווער איך שוין אויפגערעגט, אָבער איך רעד צו איר געלאַסן, מיט שׂכל. כ'ווייז איר אַ צייטונג ווי עזר וויצמאַן זאָגט: אַז די אַלע מיגס 25 זענען ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי. אַז אונדזערע פּליִערס זענען טויזנט מאָל בעסער פון זייערע. דער וויצמאַן ווייסט דאָך וואָס ער רעדט, אַ גענעראַל, אַ גרויסער פאַכמאַן אויף די זאַכן. איך האָב איר אויך געוויזן אַ יידישע צייטונג. כ'געדענק נישט צי פון פאַריז צי פון מעקסיקע, ווי איינער אַ ראַפּאַפּאָרט שרייבט דאָרט, אַז ישׂראל שרעקט זיך נישט. בפירוש געשריבן, אַז ישׂראל שרעקט זיך נישט. נו, אַז ראַפּאַפּאָרט אַליין זאָגט, מעג מען דאָך שוין אַוודאי זיין רויִק. ער האָט זיך דאָך אונטערגעשריבן מיט זיין אייגענעם נאָמען, אָבער מיט איר בין איך נאָך אַלץ נישט זיכער. אין דער לעצטער מינוט קען זי מיר ווידער זאָגן סטאָפּ. בעט איך אייך, רעדט מיט איר, גיט איר צו פאַרשטיין.

— ס'איז נישטאָ וואָס צו רעדן — האָט זי געזאָגט — מען מוז וואַרטן, און ווי לאַנג כ'וועל נישט וויסן קלאָר וואָס ריגען מיינט.

— קען דאָך מיר אויסקומען צו וואַרטן אפשר אַן אַכציק יאָר. איר זעט, דאָס איז זי, מיין ווייב. כ׳האָב שוין געקלערט אַריינגיין מיט איר צו אַ פּסיכיאַטער. אָבער זי וועט אים אויך משוגע מאַכן.

## איר וועט דאָ נישט לייזן קיין געלט...

אַ קראָם פון געבעקס און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן, אָבער בלויז אויף צום עסן. אונטער אַ לאַנגן טיש שטייען פיר רירעוודיקע צעשמייכלטע פרויען, און האַלטן אין איין פּאַקן פּראָדוקטן אין גרויסע בייטלען אַריין.

צוויי פאַרדאגהטע מענער, די באַלעבאַטים, שטייען אין אַ ווינקל און שמועסן צווישן זיך סודותדיק.

— גיב דעם הער — זאָגט איינער פון די מענער צו אַ פאַרקויפערין — דריי ציבעלע־פּלעצלעך מיט אַ פּעקל פּוטער, נישט קיין געזאַלצענע. דער הער שרייבט אין די בלעטער.

— צי איך קען איך? מען האָט מיר שוין דערציילט וועגן אייך אַלצדינג. מיט אייער פאַך וועט איר דאָ ביי אונדז אין מאָנטרעאָל גאָרנישט מאַכן. איר זעט — ווייזט ער מיר אויף די ווורשטן, קעזן און קאַקאַ־קאָלאָס — דאָס איז סחורה! דאָס גייט ווי מצה־וואַסער. פון שרייבן וועט איר דאָ נישט לייזן קיין געלט. כאַפּט אייך אַראָפּ קיין בראַזיליע. אייער פאַך איז דאָרט זייער גוט. מיינס אַ קוזין, אויך אַ שרייבער, איז געוואָרן דאָרט אַ מיליאָנער. ער האַנדלט מיט הייזער.

פרידאַ! — רופט ער פּלוצעם אַ פאַרקויפערין — גיב דעם הער דאָרט אַ ווורשט, אַ סלאַי אוגערקעס, און פרעג אים וואָס נאָך ער וויל האָבן, ווייל ער איז זייער אַן אויפגערעגטער.

איך קען זיי, די קונים, ווי מיינע פינף פינגער. איך ווייס אַלצדינג וואָס עס טוט זיך ביי יעדן איינעם. איר זעט, דער מענטש, טאָמער גיט איר אים נישט גלייך וואָס ער דאַרף, גיט אים ס׳בלוט אַ זעץ אין קאָפּ אַריין. ער איז נישט קיין חכם, נישט קיין מיליאָנער, נאָר אַ נערוועזער. ער האָט דערפונדן אַזאַ זאַך צו פאַרשטאָפּן די אויערן, מען זאָל נישט הערן קיין געשרייען. פון פּלאַסטיק איז עס. אַ גאַנגבאַר אַרטיקל. בחורים און געגטע קויפן דאָס נישט. ער איז אַ קאַרגער, אָבער ער האָט אַ זון אַ דאָקטער, אַ הונט אַ בולדאָג, און אַ ווייב אַ קורצזיכטיקע.

מאָנטרעאָל איז אַ שטאָט וואָס אויב ס׳געלינגט — געלינגט. געלינגט נישט, קען מען זיך נעמען צו שרייבעריי. מען דאַרף אָבער קענען איינשטעלן. דער וואָס שטעלט נישט איין ווייסט נישט צי ער פאַרלירט. ווען איר קענט גוט פּראָנצוייזיש, און איר עפנט אַ כינעזישן רעסטאָראַן אין יידישן פּערטל, גייט איר אין גאָלד.

פרידאַ! גיב דעם שרייבער אַ סלאַי שמאַלץ־הערינג, וועט ער האָבן אַ הנאה. איר טאָרט נישט עסן קיין געזאַלצנס? לאַכט זיך אויס פון די דאָקטוירים. אַ באַנדע

זשוליקעס. מיינס אַ קונה, אַ ליטוואַק, האָט געזאָגט זייער אַ קלוג וואָרט: אַ מענטש — האָט ער געזאָגט — מוז עסן. ווען איר פאַרמאָגט דאָס וואָס אים האָבן אָפּגעקאָסט דאָקטוירים, וואָלט מען פאַר אייך דרך־ארץ געהאַט. ער האָט אויך נישט געטאָרט קיין זאַלץ, קיין פליייש. ער האָט זיך אָבער פון זיי אויסגעלאַכט. אַ חכם אַ ייִד. זאָל ער זיין אין ליכטיקן גן־עדן. אויסגעהויכט די נשמה ביי אַ קעלבערנעם שניצל. יאָ, ס'זענען פאַראַן פאַלן, ווען מען מוז הערן אַ דאָקטער. איינעם האָט אַ מאָל אַ דאָקטער געזאָגט, אַז ער מוז זיצן אין שטוב, ווייל ער האָט פיבער. האָט ער אים נישט געפאָלגט. איז אַזוי ווי ער איז אַרויס אין גאַס האָט מען אים געכאַפּט ביי אַ גנבה... אַ געלעכטער אין אַ זייט. איר מיינט, אַז אין אייער בראַנזשע קען מען דאָ נישט אויפטאָן? ווען איר גיט זיך אַ שטרענג אָן, און איר גיט אַ לאָז אַרויס אַ „בעסט סעלער", אַ ביכל וואָס גייט אין די מיליאָנען, זענט איר אַ געמאַכטער סוחר. עס האָט איינער אַרויסגעלאָזט אַ ביכל „עצות פאַר מענטשן ווי אַזוי לאַנג צו לעבן", האָט ער געמאַכט אַ פערטל מיליאָן, און אַליין איז ער געשטאָרבן צו דריי און דרייסיק יאָר. אַזעלכע אומגליקן טרעפן זיך.

כ'האָב נאָך אַ געדאַנק פאַר אייך: עפנט אייך אַ שול, קורסן פאַר העברעיִש, וועט איר זיך אין איינוועגס אויסלערנען ענגליש.

אַ שיינע שטאָט מאָנטרעאָל, האַ? ווילע ייִדן. איך קען דאָ איינעם אַ שוסטער, וועט איר אים נישט קויפן פאַר קיין פינף מיליאָן. ער האָט אַ זון, האָט ער געענדיקט אין דענענמאַרק ערגעץ דעם אָקספאָרדער אוניווערסיטעט. דאָרט, אין דענענמאַרק, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פראַנצויזין, וואָס איז אַנטלאָפן פון שפּאַניע פון איר מאַן, אַ כינעזער. אַזוי ווי ער איז אָנגעקומען מיטן ווייב און מיטן דיפּלאָם, האָט ער זיך גלייך געעפנט אַ געשעפט פון דאַמען־קליידער, און ער שטייגט שוין איבער זיין טאַטן. אַזאַ וועלט איז היינט. מען מוז לערנען.

אויב איר פילט זיך דאָ דאָסיק, ס'פעלט אייך „געזעלשאַפט", קומט אַריין צו מיר שבת, וועט איר באַקענען מיינע פריינד, כאַפּן אַ קערטל, הערן וויצן. איר קענט דעם וויץ ווי „דראַ ייִדן גייען אַראָן אין אַ באַן אַראָן"?

האַרי, גיב נאָר אַ קוק אויף דעם פינפער דאָלער וואָס דער שראַבער האָט מיר געגעבן. זע נאָר צי ער איז נישט קיין פאַלשער.

## אָן אַ טרער

איך ווייס נישט ווי ס'איז אין אַנדערע געגנטן אין מאָנטרעאָל, נאָר אין מיין געגנט, אַז איך וויל קויפן אַ ייִדישע צייטונג, מוז איך זיך מטריח זיין און גיין אַ צוואָנציק מינוט צום אַפּטייק אין שאָפּינג־צענטער.

אַ יונגע פרוי, מיינס אַ שכנה, אַ טיר נעבן אַ טיר, איז געשטאַנען אַ פאַרזאָרגטע ווייל זי האָט שוין קיין צייטונג נישט באַקומען. דאָס איז געווען די לעצטע צייטונג,

רעזערווירט פאַר מיר. די פרוי לייענט נישט קיין יידיש. קען נישט קיין יידיש. און די צייטונג האָט זי געוואָלט קויפן פאַרן טאַטן.

האָב איך איר פאַרגעלייגט באַרגן מיין צייטונג. ווען דער טאַטע וועט האָבן אויסגעלייענט וועט זי מיר צוריקגעבן. ס'איז דאָך אַ טיר ביי אַ טיר. מיט צופרידנקייט און דאַנק האָט זי אין פּרינציפּ מסכּים געווען, נאָר געוואָלט האָט זי פאַרקערט, איך זאָל דער ערשטער אויסלייענען, ווייל דער טאַטע איז אַן עלטערער מענטש וואָס האָט אַ טבע צו כאַפּן אַ דרימל אין מיטן לייענען און אויסדרימלען אַ צייטונג קען ביי אים נעמען ווער ווייסט ווי לאַנג.

האָב איך שנעל אַדורכגעלייענט די פאַר וויכטיקסטע זאַכן וואָס האָבן מיך אינטערעסירט. אויסגעשניטן מיינס אַ הומאָרעסקע, און די שכנה האָט דורך אַ שפּאַרע פון דער טיר צוגענומען די צייטונג, באַשאַנקען מיך מיט אַ זיסן שמייכל און מיט אַ דאַנק.

אַ ביסל שפּעטער קלאַפּט מען אין טיר. אין דער בריט-געעפנטער טיר איז געשטאַנען אַן אַלטער ייִד — איך האָב זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינט צו רעדן מיט עמעצן דורך אַ טירשפּאַרע — איך האָב אים אַריינגעבעטן אין הויז. דער אַלטער האָט זיך אַוועקגעזעצט. איך בין — זאָגט ער — דער פאָטער פון אייער שכנה. איר האָט מיר געגעבן אייער צייטונג, וויל איך אייך זאָגן אַז עס פעלן אינווייניק אַ גאַנצע האַלבע זייט. דער וואָס האָט אייך פאַרקויפט די צייטונג, האָט אייך אָפּגענאַרט.

— חלילה. איך האָב אַליין אויסגעשניטן.

— פאַר וואָס האָט איר עפּעס אויסגעשניטן? איר האָט דאָך געוווּסט, אַז איך וויל אויך לייענען.

— ס'איז נישט אַזאַ וואַזשנע זאַך.

— אַז איר האָט עס אויסגעשניטן איז דאָך אַ סימן, אַז ס'איז יאָ עפּעס. גיט עס מיר דאָס אויסגעשניטענע, וועל איך עס דורכלייענען, דאָ אויפן אָרט. האָט נישט קיין מורא, כ'וועל עס אייך נישט צונעמען. ווו האָב איך ערגעץ די ברילן? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט לויפנדיק נערוועז מיט די הענט איבער אַלע קעשענעס — זייט אַזוי גוט און זאָגט מיין טאָכטער, אַז זי זאָל מיר געבן די ברילן. זאָגט איר, אַז זיי ליגן אין קיך אויפן טיש אָדער אין סאַלאָן אויף דער סאָפע, אַנישט זאָל זי אַ קוק טאָן אין דער וואַנע.

בין איך ווידער געשטאַנען ביי דער אָפענער שפּאַרע פון איר טיר, און געוואַרט אויף איר טאַטנס ברילן. ס'איז נישט צו גלויבן אַז דאָס זעלבע פּנים וואָס האָט מיך פריער אַזוי זיס באַשמייכלט אַז ס'איז צעגאַנגען אין אַלע אברים, זאָל קענען מיט איין מאָל ווערן אַזוי זויער און ביטער. זי האָט מיר דערלאַנגט די ברילן, בייז פאַרקלאַפּט די טיר. כ'האָב קוים באַוויזן אַוועקצוכאַפּן די נאָז פון דער שפּאַרע.

דער אַלטער האָט זיך געלאָזן אויסגעווישט די ברילן און אָנגעהויבן לייענען מיט בײדע ליפּן. ער האָט געפּירט דעם קאָפּ אַהין און צוריק איבער יעדער שורה באַזונדער. דאָס פּנים זיינס איז געוואָרן וואָס אַ מאָל טרויעריקער, די קרעכצערייי וואָס אַ מאָל שטאַרקער, ביז ער האָט זיך צעהעשעט און די טרערן האָבן אים אָנגעהויבן רינען איבער בײדע באַקן.

רשע — האָב איך שטיל געטענהט צו זיך אַליין — אַט זעסטו דאָך שוין אַליין וואָס פון דעם מענטש איז געוואָרן ביים לייענען דיינס אַ הומאָרעסקע. נעם אים אַוועק די צייטונג, ווייל דער ייִד וועט אַוועקחלשן.

איך האָב אים אַרויסגעכאַפּט דאָס שטיקל צייטונג פון דער האַנט, אָבער דער ייִד האָט זיך געבעטן רחמים כ׳זאָל אים לאָזן ענדיקן. ער לייענט וועגן איינעם אַ שאַרלאַטאַן וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט פיר קינדער און צוגענומען דאָס גאַנצע פאַרמעגן. איין קינד ליגט אין שפּיטאָל נאָך אַן עקסידענט. די פרוי איז משוגע געוואָרן און אונטערגעצונדן דאָס הויז. די באָבע איז געשטאָרבן פון אַ האַרצאַטאַק, און דער זיידע לויפט צו שכנים באָרגן אַ רעוואָלווער, ער וויל זיך שיסן. די מעשׂה איז געווען אָפּגעדרוקט אויף דער צווייטער זייט פון מיין הומאָ־רעסקע. ס׳איז מיר באַלד געוואָרן לייכטער אויפן האַרץ. אַבי איך בין נישט דער שולדיקער אין דעם ביטערן צער זיינעם.

סוף־סוף האָט ער מיר צוליב געטאָן, דער אַלטער, און אָנגעהויבן לייענען די אַנדערע זייט, מיין הומאָרעסקע. כ׳האָב אים געקוקט גלייך אין פּנים אַריין, געוואָלט זען די ווירקונג אויף אַ פּשוטן לעזער וואָס ווייסט נישט, אַז דער מחבר זיצט נעבן אים. קיין שמייכל האָב איך ביי אים נישט געזען. אָבער איך האָב זיך זייער געפרייט וואָס דער ייִד וויינט נישט. קיין איין טרער נישט.

פּלוצעם זענען אים די ברילן אַראָפּגעפאַלן אויף דער שפּיץ נאָז, דאָס מויל איז אים געבליבן אָפן אומבאַוועגלעך, און ער האָט אָנגעהויבן פייפן מיט דער נאָז. דער ייִד שלאָפט. אַ שטול איז אומגעפאַלן. דער טעלעפאָן האָט שוין דריי מאָל געקלונגען, אָבער דער ייִד שלאָפט.

נאָך אַ שטאָרך אין דער זייט, האָט דער ייִד זיך אויפגעכאַפּט און ווייטער געלייענט. האָב איך אַזוי לאַנג געשטאָרכט ביז ער האָט איבערגעלייענט די הומאָ־רעסקע.

---

נאָך די ערשטע פּאָר שורות פון מיין הומאָרעסקע איז דער ייִד איינגעשלאָפן. פון מעדיציניש שטאַנדפּונקט האָט דער הומאָר אַ גוטע ווירקונג אויף שלאָפלאָזע און נעוראַסטעניקער. ווייסט מען דאָך אָבער, אַז די צייטונג איז נישט פאַראינטער־רעסירט איינצושלעפן דעם עולם. פונדעסטוועגן האָב איך די זאַך יאָ צוגעשיקט צום דרוקן, ווייל דער ייִד האָט דאָך פּאָרט נישט געוויינט. ער האָט איבערגעלייענט אַ גאַנצע הומאָרעסקע אָן איין טרער.

## ר׳ פּיניעס ירושה

— אַ געזשונט אויף אייך, קומט אַריין — האָט מיר געזאָגט די פרוי, אַן אַלטע אויסגעצייכנטע ליטוואַטשקע מיט אַ קרומער פּלייצע — איר וועט זשיך קויפן אַ מיטשווע. דער מענץ איז סוויר קראַנק. גייט אַריין. אַ מיטשווע, אַ מיטשווע.

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ ביינערדיקע האַנט וואָס ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער קאָלדרע אַפּויר, און גלייך זיך צעוויינט:

— דו זעסט ווי איך קוק אויס? אַלט, קראַנק און עלנט. די טיר עפנט זיך נישט. נישטאָ פאַר וועמען ס'האַרץ זיך אָפּצורעדן. נאָך גוט וואָס דו ביסט דאָ אין מאָנטרעאָל און ווייסט וועד פיניע ריפּטשיק איז אַ מאָל געווען. זיץ. זאָג דער ליטוואַטשקע וועט זי דיר אַריינברענגען אַ בענקל.

— איז וואָס איז איך, ר' פיניע? וואָס זאָגט דער דאָקטער?

— יעדעס מאָל דאָס זעלבע: פופציק דאָלער און הייסט, מען זאָל אים רופן נאָך אַ מאָל. שויך. זי שטופּט שוין ווידער אַריין די נאָז, די ליטוואַטשקע מיינע. אַ פיינע פרוי. געטריי. ווי אַן אויג אין קאָפּ בין איך ביי איר פאַר זעכציק דאָלער אַ וואָך מיט עסן און שלאָפן. יעדע צוויי וואָכן אַ הוספה. זי וויל נעבעך אַריינקומען און דיך פרעגן וואָס ס'הערט זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. איר מאַן איז דאָרט פאַר־פאַלן געוואָרן ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון דעמאָלט אָן, זי זעט אַ נייעם מענטש, איז ס'ערשטע, וואָס הערט זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל?

מיין לאַגע, איז ווי אַזוי זאָל איך דיר אָנמשלען? ס'איז נישט אַזוי לייכט צו משלען לאַגעס. קיינער האָט מיך קיין מאָל נישט געהאָרכט. וואָס איך האָב געזאָגט, האָט מען געטאָן פונקט פאַרקערט. כ'האָב געבעטן מיין ווייב, לאָז איצט אָפּ מיט דעם פעלצמאַנטל, ס'איז טאַקע אַ מציאה. און איך האָב דיר צוגעזאָגט. אָבער ס'ברענט דאָך נישט. מ'קען דאָך צוואַרטן אַ יאָר צוויי. האָט זי געקוויטשעט, סקאַנ־דאַלעוועט, אַרויסגעריסן זיך מיט כוח אין גאַס אַריין, געכאַפּט אַ טשמעל פון אַן אויטאָ וואָס על פּי נס איז דער שאָפער אַן אָנשטענדיקער מענטש און אַ מיליאָנער. ער וויל מיר געבן אַכציק טויזנט דאָלאַר. זי איז דאָך געווען מיין איין און איינציקע פרוי. דער פעלצמאַכער וויל מיר צוריקגעבן די הונדערט דאָלער האַנטגעלט, כאָטש ער האָט שוין צוגעשניטן, אָבער איך בין דאָך אַזוי קראַנק.

שימעלע, מיין צווייטער זון פון דער ערשטער פרוי, אַזוי ווי ער האָט אָנגעהויבן לערנען דאָקטאָריע, האָב איך אים געבעטן: לערן זיך די ווייבערישע זאַכן. ביי די ווייבערישע דאָקטוירים טוט זיך דאָך סכנות נפשות. פון דער פרי ביז ביי נאַכט שטייט מען אין אָטשערעד און זיי גייען אין גאָלד. טוט ער פונקט פאַרקערט. איך, בהמה, האָב געגעבן געלט, און ער האָט שטודירט פּסיכאָלאָגיע. דאָס הייסט אַז ווען עמעצער ווערט קראַנק אויפן שכל דעמאָלט קריגט ער באַצאָלט פאַר אַ וויזיט. זיצט ער דאָרט גאַנצע טעג אין קאַבינעט און וואַרט ס'זאָלן קומען משוגעים. די משוגעים אָבער האָבן שכל, קומען זיי נישט. בין איך דער איינציקער משוגענער און צאָל ווי אַ טאַטע, אַנישט וועט ער דאָך אויסגיין פון הונגער. כ'האָב אים אַ מאָל געבעטן: שימעלע, ביסט אַ דאָקטער, רייב מיר כאָטש אויס די פּלייצעס. אַזוי ווי צו דער וואַנט. דאָס זענען קינדער. באַלטשע, דאָס איז מיין ערשטע טאָכטער פון מיין צווייטער פרוי. פאַרמעגנס האָט מיך די מויד אָפּגעקאָסט. אַוועק קיין קאַליפאָרניע, חתונה געהאַט מיט אַ כינעזער. כ'האָב שוין אַן אייניקל מיט אַ פּאָר אויגן, ווי צוויי שפּאַרעס.

מקריב געווען זיך פאַר די קינדער. אין הייליקן לאַנד אָפילו נישט געווען. מען האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז נישטאָ דאָרט קיין ברוינע קאַשע. איצט איז שוין

שפעט. די נשמה הויבט זיך שוין אָן אַרויסצוגליטשן פון אונטער די הענט. וויל איך, אַז דו זאָלסט מיר אויפשרייבן אַ צוואה און איך וועל אונטערשרייבן.

שרייב געגוי וואָס כ׳זאָג דיר. שרייב, אַז מיין גאַנץ פאַרמעגן: די הייזער, די פעלדער און דאָס געלט פון די בענק צוזאַמען מיט די אַכציק טויזנט פון מיין ווייבס עקסידענט און די הונדערט דאָלער פונעם פעלץ שענק איך אַוועק פאַר ישׂראל. פאַר די קינדער קיין איין גראָשן נישט. האָסט געשריבן? פאַר דעם געלט זאָל מען אויפשטעלן אַ ישיבה אויף די פּיראַמידן.

— די פּיראַמידן זענען דאָך אין מצרים.

— וועט מען זיי איינגעמען. מיך זאָל מען ברענגען צו קבורה אין ירושלים נעבן אליהו הנביאס קבר.

— אליהו הנביאס קבר איז דאָך אויפן כרמל.

— וועט מען אים איבערלייגן. וויפל עס וועט קאָסטן וועל איך באַצאָלן. אַ מנין ייִדן זאָלן נאָך מיר זאָגן קדיש פיר מאָל אין טאָג.

— דריי מאָל אין טאָג.

— אַז איך זאָג פיר, זאָגט ער דריי. וואָס מישסטו זיך אַריין? ס׳איז דיין געלט? פאַר מיין געלט קען איך פאַרלאַנגען וויפל כ׳וויל. געגוי ביי יציאת נשמה. וועסט דאָך שוין דערקענען אין מיין רעדן, זאָלסטו אַ קוק טאָן אויפן זייגער, און גלייך אָפּזאָגן די ליטוואַטשקע, ווייל אַזוי שטילערהייט קען זי מיר איינמאַכן אַ פאַר שעה, און זי זאָל זיך גלייך אָפּטראָגן, ווייל כ׳האָב פיינט, אַז מען פּלאָנטערט זיך מיר אונטער די פיס. וויפל ס׳וועט קאָסטן וועסטו באַצאָלן און אָפּדרוקן מיין בילד אין די צייטונגען, אין דער ייִדישער צייטונג אויך. אפשר וועט פאַרט ווער קומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. זאָלסט אויך באַצאָלן פאַר אַ הספד, און זאָלסט פאַר זיך אַראָפּנעמען געלט אויף אויטאָבוסן. ביסט נישט מחויב צו לויפן פאַר מיר צו פוס. די צוואה וועסטו מיר לאָזן אויף איבערצוקוקן, דערנאָך וועל איך דיך רופן צוזאַמען מיט אַן עדות, און אונטערשרייבן.

מער האָט ער מיך נישט גערופן. נאָך חדשים בין איך געוואויר געוואָרן אַז ער וווינט אין פילאַדעלפיע. ער האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט אַן אלמנה וואָס האָט אַ גרויסן האָטעל.

## אַ וועלט מיט פערד...

### מאָנאָלאָג פון אַ חסידישן ייִד

— ...צו דער לבנה פליט מען?! אַזוי?! אַ וואָ, אַ וואָ!

כ׳בעט דיך זייער, דריי מיר נישט מער קיין קאָפּ, און איך בין נישט מחויב צו שטיין און אויסהערן דיינע טפשותן. ביסט אַ בהמה און אַ שטיק פערד, כ׳זאָל דיך נישט באַליידיקן. גיי דיר געזונטערהייט, האָב מיט מיר מער נישט קיין עסקים און טראָג זיך אַוועק פון מיינע אויגן מיט דיין בהמהוואַטן קאָפּ צוזאַמען.

וואַרט נאָך צו אַ רגע. לויף נישט אַזוי, ווייל איך וויל דיר נאָך זאָגן איין וואָרט:

אויב דו גלויבסט וואָס די בלעטער און די גאַזעטן האָבן דיר אַריינגעהאַקט אין דיין נאַרישן קאָפּ אַריין, וואָס איינער אַ שאַלאַמויז, אַ גונב דעת הבריות האָט דאָרט אַנגעפּאַטשקעט אַ באָבע־מעשׂה, נישט געשטויגן און נישט געפלויגן, ווילסטו אַז איך זאָל אויך גלויבן?

וואַרט נאָר אַ רגע, לויף נישט אַזוי. ס'ווערט געברענגט אין אַ ספר אַ בפירושער רמז דערויף. און ער אַליין, זכרונו לברכה, וואָס דער היינטיקער קען זיך נישט פאַרגלייכן צו אים, האָט עס מסביר געווען אויף זייער אַ קלאָרן אופן: אַז נישט דאָס וואָס מען מיינט, מיינט מען. נאָר טאַקע דאָס וואָס מען מיינט נישט, מיינט מען. דער עולם דעמאָלט האָט זיך גלייך געכאַפּט וואָס מען מיינט. אָפּענע מוחות געווען. האָט מען גיך תּופס געווען.

וואַרט אַ רגע און לויף נישט. ווען דו וואָלסט פאַרשטאַנען אַ פּאָר ייִדישע ווערטער, אָדער אַ ביסל פּשט, וואָלט איך דיר געוויזן שוואַרץ אויף ווייס, וואָלסטו דיר אַרויסגעשלאָגן דיינע אַלע נאַרישקייטן פון קאָפּ און וואָלסט אפשר געקריגן אַ הרהור תּשובה. ווייל נאָר מיט תּשובה, תּפילה און אַנדערע מעשׂים טובים, קען מען דערגיין צו די העכסטע הימלען. און נישט מיט קיין בענזין, ראַקעטן, און דער טייוול ווייסט זיי וואָס נאָך פאַראַ מאַשינעריעס.

וואַרט אַ רגע, לויף נישט אַזוי. אַז מען רעדט צו דיר דאַרפסטו שטיין און אויסהערן ביזן סוף.

ס'דרייט זיך אַרום אַ וועלט מיט פערד לא עלינו. מ'קען היינט איינרעדן יעדן איינעם אויפן הימל אַ ירידֹ. צו דער לבנה פליט מען גאָר. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? אדרבא, גיב מיר צו פאַרשטיין די זאַך על־פּי שׂכל. ווי אַזוי? קען זיין, אַז איך בין טאַקע נישט אַזוי קלוג. קען זיין, אַז איך בין טאַקע אַ נאַר, אַ טשיסטע בהמה, אַ שאינו יודע לשאול. אָבער אַזוי פיל שׂכל ווי דו האָסט, האָב איך דאָך נאָך אויך. גיב זשע מיר צו פאַרשטיין.

שויך, שויך, געננוג! הער שוין אויף צו פּלאַפּלען, ווייל דער קאָפּ פאַרדרייט זיך מיר פון דיין בעבעריי. ס'האָט געהערט אַ לשון? רוימישע ספערן. מאַגנעטישע פעלדער. פעלדער גאָר.

פון וואַנען קומען אין הימל אַריין פעלדער? קוק אַרויף. קוק, קוק. ווייז מיר, וווּ זענען זיי די פעלדער? ווייז מיר איין מענטש וואָס זאָל דאָרט זען פעלדער? אויסער דעם, מוז מען גאָרנישט קוקן. ווייל אויב ס'וואָלטן געווען אויבן פעלדער, וואָלט דאָך וועגן דעם געברענגט געוואָרן ערגעץ ווו. ווייסטו וואָס? גיי אַריין צו אַ ייִד אַ למדן, מוזסט זיך נישט פאַרלאָזן אויף מיר אַליין, און זאָל ער דיר ווייזן ווו עס ווערט ערגעץ געברענגט, אַז אויבן זענען דאָ פעלדער. הער מיך און דערצייל נישט קיינעם וועגן די פעלדער, ווייל מען וועט פון דיר לאַכן... לויף נישט. וואָס קענסטו נישט איינשטייען אויף קיין אָרט? מען רעדט דאָך צו דיר. איז, לאָמיר זאָגן, אַז ס'איז אמת. ס'הייסט אמת איז דאָך נישט מעגלעך ס'זאָל זיין, נאָר לאָמיר זאָגן. איז אויב דאָס איז אמת, טאָר מען דאָך שוין נישט מקדש לבנה זיין. ווייל ווי אַזוי קען זיך אַ ייִד אָוועקשטעלן און אָקעגנטאַנצן דער לבנה, קדוש, קדוש, קדוש, אין דער צייט ווען עס זיצט אויף איר אַ גוי און טרינקט בראָנפן?

איז דאָך די גאַנצע מעשׂה ווערט אַן אויסגעבלאָזן איי. נאָר וואָס דען שטעקט פּאָרט דערין? איז לויט מיין שׂכל שטעקט דערין פּוסטע גדלות. רוסלאַנד, וואָס זייער טבע איז צו פאַרכאַפּן אַלץ מיט כּוח, ווילן זיי זיך אַריינרייסן איצט אינעם רקיע השביעי, איינפירן דאָרט קאָמוניזם און באַווייזן דער וועלט, אַז מען דאַרף שוין נישט מער קיין יראת שמים. פאַרשטייסט? וויל דאָך אַמעריקע נישט דערלאָזן דערצו. ווייזט זי, אַז זי קען בעסער. און די אַמעריקאַנער האָבן טאַקע בעסערע בעלי־מלאכות. דו זעסט די הויזן? אַמעריקאַנער הויזן. מיין שוואָגער פון ניו־יאָרק האָט מיר אַ מאָל געשיקט אַ פּעקל. פופצן יאָר טראָג איך זיי שוין. ווען מיין ווייב וואָלט זיי נישט געוואָשן אַזוי פיל, וואָלטן זיי נאָך היינט אויסגעקוקט ווי ניי. דאָס וואָשן הרגעט אָוועק די מלבושים... לויף נישט, כ׳ענדיק שוין — איז, לאָמיר זאָגן, אַז מען האָט טאַקע פאַרכאַפּט די לבנה. איז וואָס וועט מען מיט איר מאַכן? ווייז מיר איין משוגענעם, וואָס דאַרף האָבן אַ לבנה און ווייז מיר איין משוגענעם, וואָס זאָל וועלן וווינען אויף אַ לבנה. ביי אונדז אין רמת־גן איז שלעכט צו וווינען? אַזאַ יאָר אויף מיר. און מיין שוואָגער אין אַמעריקע וווינט אויך אין אַ רחבותדיקער דירה.

רייס מיר נישט איבער, ווייל דו האָסט מיר גאָרנישט וואָס מחדש צו זיין. כ׳טראַכט נאָר איצט וועגן דיר. ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף דיר. מיין עצה איז: גיי אַהיים, לייג זיך פּרי שלאָפן, און לייען פריִער „קרישמע" מיט כּוונה, און זאָג דיין ווייב, אַז זי זאָל דיר צולייגן אַ קאַלטן קאָמפּרעס צום קאָפּ. אַזאַ מענטש ווי דו, טאָר זיך נישט אַרומשלעפּן איבער די גאַסן איינער אַליין מיט אַזעלכע רעיונות. ווייל דו קענסט נאָך חס ושלום אין גאַנצן אַראָפּ פון זינען.

## דער בלינדער פידלער

— ס׳זענען פאַראַן פאַרשידענע בעטלערס און קבצנים אויף דער וועלט: אַ בלינ־דער, איינער וואָס שפּילט אויף אַ פידל, אָדער סתּם אַ שנאָרער. איך בין אַלע דריי זאַכן צוזאַמען. אַ בלינדער, מילא. נאָך נישט אַזוי געפערלעך. יענע וואָך האָב איך אַריינגעקוקט אין אַ פראַנצייזישער צייטונג, האָב איך קיין וואָרט נישט געקענט איבערלייענען. כ׳האָב געטווישט די ברילן, געטאָן אַלץ, אָבער ס׳איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. איר פאַרשטייט ווי אומגליקלעך איך בין? ווען איך לערן זיך אָבער קליינערהייט פראַנצייזיש, וואָלט איך דאָך נישט געברויכט אַזוי אָנשטרענגען מיינע אויגן.

כ׳בין געווען ביי אַן אויגן־דאָקטער, אַ גוטער אויגן־דאָקטער, האָט ער מיר פאַר־שריבן אַ סיראָפּ צום הוסטן, אָבער איך בין בלינד, אַ קאַליקע נעבעך אויף די אויגן.

דער זייגער מיינער גייט שוין ווידער איינגעהאַלטן. איר מיינט אַז איך דאַרף נייטיק האָבן אַ זייגער? איך טאָר גאָרנישט קוקן אויף אַ זייגער, כ׳בין דאָך אַ בלינדער. נאָר דער זייגער האָט אַ געשיכטע. כ׳וועל איך דערציילן:

ס׳איז אַ מאָל דורכגעגאַנגען אין גאַס אַ ייִד פון טשיקאַגאָ, האָב איך אים געבעטן אַ נדבה, האָט ער זיך געשוווירן, אַז ער האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. האָט עס מיך אָנגענומען ביים האַרצן, האָב איך ביי אים אָפּגעקויפט דעם זייגער זיינעם, אויס רחמנות. אַ גאָלדענער שאַפּהאַוזן.

אַ מאָל איז געווען אַ וועלט. געווען, געווען. איר מעגט מיר גלייבן, אַז כ׳דאַרף זאָגן צען מאָל אין טאָג: געלויבט איז גאָט דערפאַר. כ׳לעב אין ישראל, דווקא אין תל־אָביב. אין דער פרי שטעל איך זיך אַוועק מיט מיין פידעלע נעבן הילטאָן־האָטעל. אַ ייִד, אַן אַמעריקאַנער טוריסט, הייבט זיך אויף פון שלאָף. געגעצט דורכן פענצטער צו די בלאָע הימלען אונדזערע. שפּיל איך אים אויף אַ שטיקעלע ירושלים, וואַרפט ער מיר אַריין אַ דאָלער.

אין דער צווייטער זייט פון האָטעל, דאָרט שפּיל איך נישט, ווייל דאָרט וווינען טוריסטן פון אַרגענטינע, ווילע ייִדן, אָבער זיי האָבן פּעזעס. איר קענט זיך אויף וואַלוטע, ווייסט איר דאָך וואָס פאַראַ פּנים זייערע פּעזעס האָבן.

טאָמער איילט איר זיך, און איר ווילט גיין — געזונטערהייט. איך האָב גענוג צייט. פאַרקערט, כ׳האָב הנאה, אַז אַ מענטש שטעלט זיך אָפּ, כאַפּט אַ שמועס. וואָס איז דען דאָס גאַנצע לעבן, מישטיינס געזאָגט?

איר זענט דאָך אַ טוריסט? יאָ? אַראָפּגעכאַפּט זיך קיין ישראל. נו? ס׳געפעלט אייך, איאָ? דאָס אַלץ וואָס איר זעט דאָ, האָט מען געמאַכט מיט די אייגענע הענט. קוקט, קוקט אַן אַ הימל. ווען איך בין דער פּרעזידענט פון ישראל, הייס איך באַצאָלן יעדן טוריסט אַ דאָלער פאַר איין קוק אויף אונדזער הימל. קוקט אַן אַ ים. האַ, אַ ייִדישער ים. קוקט אַן אַ פּאָליציאַנטקע. אַ ייִדיש מיידל אַ פּאָליציאַנטקע. קוקט, קוקט, איר זעט? נו שוין גענוג געקוקט. וואָס קוקט איר אויף איר אַזוי לאַנג? זע נאַר, ווי דער ייִד האָט זיך פאַרגאַפּעט. איר זענט דאָך געקומען אויף פיר וואָכן. אויב איר וועט אַזוי קוקן, וועט אייך נישט סטייען קיין יאָר.

אַ ייִד דרייט זיך אַרום מיט אַ קאַמעראַ אין ישראל און פאָטאָגראַפירט. רוט זיך אויס די נערוון. האָט הנאה, שעפּט נחת. וואָס קומט אַרויס, באַלד פאָרט איר צוריק אין אייער היים, ווידער הור־האָ, לויפן מיט דער קאַר, לויפן מיטן סאָבוועי, מיטן עלעוועיטער. לויפן צום דאָקטער, אַוועקגעבן ס׳גאַנצע געזונט פאַרן ביסל דאָלאַרן און דערנאָך אַלע דאָלאַרן פאַרן ביסל געזונט.

בין איך געווען קליגער פון אייך. איך האָב מיר געזאָגט: ניין. איין מאָל פאַר אַלע מאָל ניין! קיין שום לאַנד נישט אין דער וועלט, נאַר ישראל! איך בין אַהער־געקומען, דאַרפט איר וויסן, מיט אַ פאַך אין דער האַנט. כ׳האָב מיך פריִער אויס־געלערנט שפּילן פידל. כ׳שפּיל אַ מאַלאַגעניע, אַ ייִדישע מאַמע, מיין שטעטעלע בעלז, אָטשי טשאַרניִע, ביי מיר ביסטו שיין, ס׳איז נישט אַזאַ לייכטע אַרבעט צו שפּילן פידל. אָבער כ׳אַרבעט זיך נישט איבער. כ׳געדענק שוין נישט ווען כ׳האָב געשפּילט אויף מיין פידל. נאָך וואָס דאַרף איך שפּילן? אַ מענטש גייט אַדורך אין גאַס, קוקט מיך אָן, זעט ער, אַז אַ ייִד בין איך. אַ בלינדער בין איך. אַ מוזיקאַנט בין איך. אַ שנאָרער אויך. גענוג! גיט ער מיר אַ פּאָר גראָשן. וואָס דאַרף איך אים נאָך צושפּילן אויך?

דאָס איז נישט דער עיקר פּרנסה מיינע. דער עיקר לעב איך דאָך פון סימ־

פאַנישן אָרקעסטער. יאָ, יאָ. יעדעס מאָל ווען ס׳איז אין היכל התרבות אַ קאָנצערט פון סימפאָנישן אָרקעסטער, שטיי איך נעבן אַריינגאַנג מיט מיין פידעלע, און איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך אין דרויסן פאַרדין מער ווי דער אינווייניק וואָס שוויצט אָפּ אַ גאַנצע נאַכט מיטן סאַקסאָפאָן אויף דער בינע. און איר מיינט אַז איך שפיל עפּעס? אָסור. ווען איך זאָל אַפילו וועלן טאָר איך דאָך אויך נישט שפּילן. מען גייט דאָך אויף אַ קאָנצערט. מענטשן קענען נישט הערן צוויי קאָנצערטן איינעם נאָכן צווייטן.

כ׳האָב מיך אויסגעלערנט אַ גאַנץ גוט פאַך, און כ׳האָב געקענט אויסלעבן מיינע יאָרן שפּילנדיק, נאָר די קאָנקורענץ. אוי די קאָנקורענץ! מען לאָזט דאָך נישט לעבן דאָ אין ישׂראל. יאָרן האָב איך זיך געמאַטערט ביז איך בין צו עפּעס דערגאַנגען מיט מיין פידל, און ס׳האָט מיר אָנגעהויבן גיין גוט, זייער גוט. איז אָנגעקומען איינער אַ יהודה מנוחין און אַוועקגעהרגעט מיר די פּרנסה. ביי ייִדן קאָנקורענץ — אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן.

אָבער נישט צום פאַרזינדיקן. כ׳בין שוין דאָ איינגעפירט. כ׳האָב שוין דאָ מיינע שטענדיקע קליִענטן. כ׳האָב איינעם אַ קליִענט, אַ קאָמפּאָזיטאָר. שטעל איך זיך אַוועק נעבן זיין פענצטער. כ׳שפּיל אים אָפּ אַ שטיקל, קומט ער אַרויס און זאָגט: „נאָט אייך אַ פונט און האָט רחמנות און הערט אויף״. ביי אים מוז איך תּמיד שפּילן. טאָמער שפּיל איך נישט, גיט ער נישט קיין גראָשן. ער איז נישט קיין גביר, אָבער אַ ברייטע האַנט.

איר פאַרשטייט וואָס פאַראַ גוט פאַך פידל איז?

אין דער מלחמה האָב איך געוואָלט אַרויסגיין שפּילן פאַר אונדזערע סאָלדאַטן אויפן פראָנט, אָן געלט. האָט מען מיך נישט געלאָזט. זעקס טעג מלחמה קענען זיי אויסהאַלטן, אָבער איין שעה שפּילן מיט מיין פידל, קענען זיי נישט אויסהאַלטן. בין איך מיר אַריינגעגאַנגען אין אַ שפּיטאָל אַריין און געשפּילט פאַר די פאַרווונ־דעטע סאָלדאַטן. אַזוי ווי כ׳האָב אָנגעהויבן שפּילן, האָט זיך איינער, אַ שווער־פאַרווונדעטער, אויפגעריסן פון בעט און אָנגעהויבן שרייען: שיקט מיך צוריק אויפן פראָנט! איר זעט ווי מוזיק קען ווירקן?

מוזיק איז אַ גרויסע זאַך. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין דער וועלט וואָלט איך געגאַנגען אין גאָלד. ווען איך שטעל זיך אַוועק מיט מיין פידל אויפן טיימס־סקווער, מאַך איך מיליאָנען.

און ווען איר גיט מיר מיליאָרדן? אַמעריקע דאַרף איך האָבן? אין אַמעריקע וועט איר האָבן צייט צו שטיין מיט מיר אין גאַס און כאַפּן אַ שמועס? אין אַמעריקע וועט איר אויך זען גיין אין גאַס בלויז ייִדן קאָן איינעהאָרע? און פון דער גאַנצער וועלט. אין אַמעריקע וועט איר אויך זען אַ פאַראַשוטיסט אַ בעלזער חסיד? און אַ טאַנקיסט וואָס טראָגט כּפל שמונהדיקע ציצית און לייגט רבינו תּמס תּפילין וועט איר יאָ זען?

מען זעט דאָך דאָ נישט קיין גויים ביי אונדז. די אַלע גויים וואָס איר זעט דאָ אין גאַס זענען דאָך ייִדן. און אַז מען זעט שוין אַ מאָל אַ גוי, אַן אמתן גוי, איז דאָך אַ רחמנות אויף אים אַ קוק צו טאָן. ווער איז אים שולדיק וואָס ער איז נעבעך געבוירן געוואָרן אַ גוי?

דערפֿאַר זאָג איך דאָך אייך, זעצט אייך אַוועק אין ישׂראל, וועט איר וויסן אַז איר לעבט. אָבער פֿריִער לערנט אייך אויס אַ פֿאַך. ס'בעסטע, ס'לייכטסטע — פֿידל, נאָר פֿידל...

## פֿדאי צו זיין אַן ערלעכער מענטש

— ס'איז מיר פֿאַרלוירן געגאַנגען אַ נאָטיץ פֿון אַ הומאָרעסקע, אַ גוטער איינפֿאַל, וואָס איך האָב מיר פֿאַרנאָטירט. ווען כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט שרייבן די דאָזיקע הומאָרעסקע, האָב איך דערזען, אַז די נאָטיץ איז נישטאָ. אויסגעזוכט אַלע טאַשן, און ווו ס'איז נאָר דאָ אַן אָרט. געפּרוּווט זיך דערמאָנען די טעמע, די האַנדלונג. גאָרנישט. דער זכּרון אויסגעטרוקנט. אין קאָפּ אַ פּוסטע ליידיקייט. בין איך געגאַנגען אַ פֿאַראומערטער אויף דער אַלענבי גאַס, אין דעם קאַפֿע־הויז ווו איך בין נעכטן געזעסן. אפֿשר האָב איך די נאָטיץ דאָרט איבערגעלאָזט.

פֿאַרשריבן איז דאָס געווען אויף אַ בריוובויגן מיט מיין אָפּגעדרוקטן נאָמען און אַדרעס. האָב איך געהאָפֿט אויף אַן ערלעכן געפֿינער מיט שׂכל און אינטעליגענץ וואָס וועט עס מיר אָפּברענגען אַהיים. ווייל טאָמער האָט ער נישט קיין שׂכל און קיין אינטעליגענץ, וועט ער נישט פֿאַרשטיין אָפּצושאַצן דאָס פּאַפּירל, און מיינען אַז ס'איז סתּם אַן אָנגעפּאַטשקעטע זאַך.

גייענדיק האָט זיך מיר פֿאַרוואָלגערט פֿאַר די פֿיס אַ לעדערנער פּוטעראַל, האָב איך אים אויפֿגעהויבן. אין דעם פּוטעראַל איז געווען אַ פּאָר ברילן מיט זייער גראָבע גלעזער, וואָס געהערן זיכער צו אַ שווער־זעענדיקן מענטש. אין דעם זעלבן פּוטעראַל איז אויך געווען אַ קליין צעטעלע מיט עטלעכע אומגעלומ־פּערטע ציפֿערן, וואָס זענען זיכער געשריבן געוואָרן מיט אַ האַנט וואָס ציטערט, אויך אַן אַדרעס מיט אַ נאָמען וואָס איז אוממעגלעך פֿעסטצושטעלן צי ס'איז עבֿרית צי ייִדיש, ווייל אויף ביידע שפּראַכן זענען די גרייזן געוואַלדיק גרויס.

ס'האָט מיך געפֿרייט וואָס יענער האָט געהאַט אַזאַ מזל, אַז זיינע ברילן זאָלן געפֿונען ווערן דורך אַ געוויסנהאַפֿטן מענטש. האָב איך זיך גלייך געלאָזט גיין דערפֿילן דעם חובֿ פֿון אַן ערלעכן געפֿינער, אַריינגעקוועטשט זיך אין אַן אויטאָבוס, דערנאָך אַ ביסל צו פֿוס, אַרויפֿגעגאַנגען אויף אַ מענגע טרעפּ ביז אויפֿן פֿערטן שטאָק. אַוועקגעשטעלט זיך ביי דער טיר אָפּדעכען און אָנגעקלונגען.

איידער כ'האָב נאָך באַוויזן צו זאָגן שלום, האָט זי מיר גלייך דערקלערט, די פֿרוי ביי דער טיר, אַז איר מאַן איז נישטאָ, און אַז אַן איר מאַנס וויסן גיט זי נישט קיין געלט.

— איך פֿאַרלאַנג נישט פֿון אייך קיין געלט. כ'האָב געפֿונען אַ פּאָר ברילן. אָט אַ דאָס זענען זיי, אַ צעטעלע, אייער נאָמען, אייער אַדרעס.

— מיין מאַן טראָגט נישט קיין ברילן. קיינער ביי אונדז טראָגט נישט קיין ברילן.

— אָבער אַ צעטעלע, אייער נאָמען. איר ווילט דווקא, אַז איך זאָל צונעמען אַ פּאָר פּרעמדע ברילן ?

— און איר ווילט דווקא, אַז צוליב אייערס אַ צעטעלע זאָל מיין מאַן אָנטאָן ברילן ? גייט אייך געזונטערהייט, יונגערמאַן, ווייל איך האָב נישט קיין נערוון פאַר אייערטוועגן.

אַנשטאָט זי זאָל מיך בעטן זיצן און באַגייסטערט ווערן פון מיין ערלעכקייט, שטייט זי מיט דעם הענטל פון דער אָפענער טיר גרייט זי צו פאַרקלאַפּן פאַר מיר און מיט אַ בליק ווי אויף עפּעס אַן אַנטשעפּעניש.

ווער האָט דיך געבעטן — האָב איך מיר געטראַכט — שלעפּן זיך אַזאַ מרחק און אויף אַ פערטן שטאָק מיט אַ פּאָר ברילן ? ווער בעט דיך צו זיין אַזאַ ערלעכער זאַקפּייפער ? וויפל אומדאַנקבאַרקייטן האָסטו שוין איבערגעלעבט פון מענטשן, וואָס האָסט זיי געטאָן גוטס ?

ווען איך האָב זיך שוין געהאַט אויסגעדרייט צום אַוועקגיין, איז צוגעלאָפן אַ יינגעלע און אויסגערופן, אַז דאָס איז דעם שניידערס ברילן. די פרוי האָט זיך באַלד אויך געכאַפּט, אַז דער שניידער האָט אויף דעם צעטעלע פאַרשריבן די מאָסן פון איר מאַנס זשאַקעט, און אויך דעם אַדרעס. דער שניידער וועט זי שוין מער נישט זען ווייל ער איז אַ ייד אַ זשוליק, ער האָט איבערגעפירט דעם מאַנס זשאַקעט. מען האָט זיך געקריגט און מען האָט אים אַרויסגעוואָרפן צוזאַמען מיט דעם זשאַקעט. איז אויב איך וויל דווקא אָפּגעבן דעם שניידער די ברילן, דאַרף איך צופאָרן ערגעץ קיין יפו אויף דעם אַדרעס, אַ זייטיק געסעלע, נישט אַזוי לייכט צו געפינען, אָבער איר וועט זיך שוין אַן עצה געבן.

אין דעם אויטאָבוס וואָס פאָרט קיין יפו, האָט יעדער איינער געוווּסט ווו דאָס געסל איז, נאָר יעדער איינער האָט אַנגעמשלט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, און צוליב מיין אַדרעס האָבן די פּאַסאַזשירן זיך אָנגעהויבן צו קריגן.

אַ טונקל צימער, אויף דער וואַנט אַ גרויס פאָטאָבילד מיט אַ סך קאָלירן פון אַ פאַרפאָלק נאָך דער חתונה. אַ ניימאַשין. אויפן טיש קרישקעס. אַ האַלבע לימענע און אַ גרויסע שער.

— זיצט — זאָגט צו מיר אַ פרוי מיט אַ פאַרדאגהט פּנים, נישט פרעגנדיק וואָס איך וויל — מיין מאַן קומט באַלד צו גיין. טאָמער וועט דויערן אַ ביסל לענגער, זאָלט איר מוחל זיין און צוואַרטן. מיין מאַן האָט היינט אַ טאָג, מיינע שׂונאים געזאָגט. צו דעם שווערן לעבן אונדזערן, שיקט אונדז דער רבונו־של־עולם צו נאָך צרות. מיין מאַן מיט זיין קראַנק האַרץ, האָט אָפּגעטראָגן אַ שטיקל אַרבעט קיין תל־אָביב צו אַן אייגענעם מענטש, אַ שטעטישער, אַ געוועזענער רעוואָלוציאָנער, היינט אַן אויפגעקומענער גביר, אויסגעריסן זאָל ער ווערן. האָט מען אים אַנגעזידלט, אַרויסגעוואָרפן, נישט באַצאָלט פאַר דער אַרבעט. אויפן וועג אין אויטאָבוס האָט מען אים אויסגעליידיקט די קעשענעס. זעכציק פונט. אַ פּאָר ברילן. מיט גרינע ווערעם קומט אים אָן ביז ער פאַרדינט זעכציק פונט, אָבער די ברילן, נישט קיין פּשוטע ברילן. ווער ווייסט וויפל מען וועט זיך הייסן געבן פאַר אַזאַ פּאָר ברילן. איז ער אַוועק מעלדן דער פּאָליציי. דער שכן אונדזערער, עזריאל, האָט אים געהייסן אַזוי טאָן. וואָס די פּאָליציי קען דאָ העלפן ?

— ווען דעם בין איך דאָך טאַקע געקומען. איך האָב געפונען אייער מאַנס ברילן. אָט האָט איר זיי.

— ו ו אַ אָ ס ?! — איז זי שטיין געבליבן מיט אַן אָפן מויל — און דאָס געלט ?!

— איך האָב געפונען בלויז די ברילן.

— וואָס הייסט בלויז די ברילן ? און ווו איז דאָס געלט ?! איך וויל איר זאָלט מיר צוריקגעבן אויך דאָס געלט ! מיין מאַן איז אַן אָרעמער שניידער. עזריאל ! עזריאל ! — האָט זי גענומען שרייען דורכן פענצטער.

אַ יונג מיט אַ בלאָען אָווראַל, ווייזט אויס אַ שלאָסער, איז אַריין אין שטוב און אויסגעהערט וואָס די פרוי האָט געשריגן מיט היסטעריע, גערעדט אין איין אָטעם. ביים פענצטער און ביי דער טיר האָבן זיך צונויפגעזאַמלט שכנים און איינע אַ פרוי האָט אויסגעשריגן, אַז מען דאַרף מיך שוין באַזוכן אין אַלע קעשענעס און עזריאל האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, אַרויסגעוואָרפן אויפן טיש מיין טעשל, אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן, צעטעלעך, פּאַפּירלעך. איך האָב אים נישט געשטערט, פאַרקערט, זאָל ער זוכן. פלוצעם האָב איך דערזען צווישן די פּאַפּירן די נאָטיץ פון דער הומאָרעסקע. זי איז דאָ !... עזריאל האָט זי געפונען ! איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן מיין פרייד דעמאָלט.

דאָס באַווייזט, אַז אין לעבן איז יאָ כּדאַי צו זיין אַן אָרנטלעכער מענטש. אַ סימן, איר זעט דאָך.

## מיט שאָלקעס זון אויף בראָדוויי

— אַזוי ווי כ׳האָב איך דערזען, האָב איך גלייך געוואָלט צוגיין, האָבן זיך מיר די פיס פאַרבראָקסט און כ׳האָב מיר געזאָגט : זאָל ער גיין צו אַלדע שוואַרץ יאָר. ווען איך וואָלט געוווסט אויף זיכער, אַז דאָס זענט טאַקע איר, וואָלט איך אַזעלכעס נישט געזאָגט. האָב איך באַשלאָסן וואָס ס׳וועט זיין וועט זיין. יאָ, ניין ניין... זאָגט מיר, ווער זענט איר ?

— איך בין שאָלקעס זון. איר געדענקט שאָלקעסן ? מיר האָבן געוווינט אין שכנות, אין תּל־אָביב. אויף אייך האָט מען דעמאָלט געזאָגט אַז איר זענט אַ... ווי הייסט דאָס ? פון דער פּאַפּיר־בראַנזשע.

— אַ שרייבער.

— יאָ. מיין טאַטע, שאָלקעס, איז געווען דער עלטסטער מויערער אין תּל־אָביב.

— אַוודאי, כ׳געדענק. מען האָט דאָך דערציילט וועגן אייער טאַטן...

— וואָס מען האָט דערציילט איז גאָרנישט. איך וועל אייך דערציילן. מיין טאַטע איז אַ לאָמזשער. אין לאָמזשע איז דעמאָלט געקומען צו אים איינער פון די ציוניסטן און געזאָגט : שאָלקע, דו ביסט אַ מויערער. אין גאַנץ פּוילן קען מען נישט געפינען קיין יידישן מויערער. פּאַק איין די קעלניע מיט דער וואַסערוואָג

און פאַר קיין ארץ־ישׂראל בויען הייזער. אַז דו וועסט האָבן די זכיה צו בויען אין ירושלים דאָס בית־המקדש, ביסטו פאַרזיכערט מיט עולם הבא אויפן גאַנצן לעבן נאָכן טויט. מיין טאַטע האָט נישט געקענט זאָגן פון דער תּורה. פון אַ סידור איז אים אויך אָנגעקומען שווער. ער האָט אָבער דערהערט ארץ־ישׂראל, איז אים דאָס פּנים פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן און ער האָט געזאָגט צו דער מאַמען: קריינדל, מען פאָרט קיין ירושלים בויען אַ בעסמיקדעש, ווו די כּהנים וועלן כּשר מאַכן ס'פלייש אויפן מזבח.

אַז ער האָט אויפגעשטעלט אַ ווינקל־מויער פון אַ הויז אויף אַלענבי גאַס, האָט ביאַליק צו אים געזאָגט: שאַלקע, ביסט אייזן. איר ווייסט, ווער ביאַליק איז געווען? אויך פון דער פּאַפּיר־בראַנזשע. די ציגעלעך זענען געלעגן ווי אַריינגעשטעלטע ציין ביי אַ פילם־אַרטיסט. זאָל איך אַזוי האָבן אַ רפואה אויף מיין אויג, וואָס איז פאַרסמאַלעט געוואָרן פון הייסן קאַלעך. נאָר וואָדען? אַן עקשן. אַז ער איז געוואָרן קראַנק, האָב איך צו אים געשריגן: טאַטע, האַלט זיך! קריך נישט אַראָפּ פון דער רושטאָוואַניע. שלעפּ נאָך צו די דריי חדשים וועסטו אַריינכאַפּן אַ הונדערטער. האָט ער מיך נישט געהערט און געגאַנגען פּייפן. אַן עליו השלום אויף זיינע צוויי גאָלדענע הענט. דריי חדשים האָט אים געפעלט צו אַ גאַנצן הונדערטער.

קומט אריין אין דער קאַפעטעריע. צוויי ותיקים טרעפן זיך אויפן בראָדוויי. איז דאָך דאָ וואָס צו רעדן.

מיין טאַטע האָט נישט געהאַלטן פון לערנען. ער האָט געזאָגט, אַז דער וואָס לערנט באַקומט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ און וועט שוין קיין מאָל נישט קענען אָוועקלייגן אַ ציגל. איך האָב גאָרנישט געלערנט און די רעשט האָב איך פאַרגעסן.

ער האָט אַ מאָל צוגענומען אַ בחור לערנען דאָס פאַך. נאָכן ערשטן טאָג האָט ער אים געזאָגט: חבר, טראָג זיך אָפּ, דו וועסט שוין קיין מויערער נישט זיין. אַ רחמנות געווען אויף דעם בחור. היינט איז ער אַ דאָקטער. וואָס דען האָט אַזאַ אָרעמער בחור געקענט טאָן? ער האָט דאָך געמוזט פון עפּעס לעבן.

נאָך וואָס איך בין געקומען קיין אַמעריקע? אָ, כ'על איך דערציילן. נאָכן טאַטנס טויט איז מיין מומע פון ניו־יאָרק געוואָרן אַזוי... ווי זאָגט מען עס... כּסדר געשריבן, אַז איך זאָל קומען ווייל זי וויל מיך זען. זי האָט מיר געשיקט אַ בילעט אויף אַ גרויסן עראָפּלאַן, האָב איך מיר געזאָגט: פאַר! די מומע וועט זען דיך און דו וועסט זען אַמעריקע.

אַזוי ווי כ'בין אָנגעקומען האָט מען מיר אָוועקגענומען אַ פּאָר גוטע כאַקענע הויזן און אַריינגעוואָרפן זיי אין מיסט אַריין. און מען האָט מיר אָנגעטאָן אַ פּאָר שמאַלע הויזן מיט אַ ברייטן קראַוואַט. מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָמאָביל און מיין מומע מיטן מאַן זענען געפאָרן מיר ווייזן ניו־יאָרק. די גאַנצע צייט האָבן זיי מיר געהאַקט אַ טשייניק אויף אַמעריקאַניש. דערנאָך האָט מען מיך אויפגעוועקט און אַריינגעפירט אין אַ רעסטאָראַן מיט אַ סך לאָמפּן ווי אַ סינעמאָ. כינעזער מיט ווייסע זשאַקעטן ווי אין אַ שפּיטאָל.

— וואָס איז דאָ? — האָב איך זיי געפרעגט — אַן אוניווערסיטעט צי אַ רעסטאָראַן? ווייל זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט לייענען אין אַזעלכע גרויסע גלאַנציקע טאָוולען, ווו ס'שטייט אויסגערעכנט אַלץ וואָס ס'איז דאָ צום עסן. איך בין געקומען

קיין אַמעריקע לייענען צי עסן? האָט מען מיר טאַקע געבראַנגט אַ גרויסן טעלער און אויפן טעלער נאָך אַ גרעסערן סטעיק. די מומע האָט מיך געפרעגט, צי עס שמעקט מיר. האָב איך איר גלייך געזאָגט: באַלעמוטשע נישט און באַשטעל פאַר מיר נאָך איינעם.

צו מאָרגנס בין איך אַוועק אין אַ האָטעל, ווייל די מומע איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. זי האָט געזאָגט, אַז איך האָב אַזוי געכראָפּעט, אַז דאָס הויז האָט געציטערט, און דאָס איז אַ הויז פון פערציק שטאָק.

יעדן אין דער פרי קלינגען זיי צו מיר אין האָטעל. מען זאָגט מיר האַו דו יו דו און מען לייגט אַוועק דעם טעלעפאָן.

די מומע וואָס האָט מיך זייער געוואָלט זען, האָט מיך נאָך רעכט נישט אָנגעקוקט. זי האָט נישט ווען אויף מיר צו קוקן. אין דער פרי גייט זי אויף גימ־נאַסטיק, דערנאָך אויף מאַסאַזשן, ביי נאַכט שפּילט זי ברידזש און דריי מאָל אין דער וואָך צום פּסיכיאַטער, איז ווען האָט זי צייט מיך אָנצוקוקן?

דער מאַן אירער האָט אַן אַפּטייק ווי מען פאַרקויפט קאַווע מיט הייסע וורשט־לעך. ער האַנדלט מיט הייזער און האָט נישט קיין צייט אַריינצוגיין אין שפּיטאָל אויף די נירן.

אַהיימפאָרן קען איך נישט פריִער ווי אין צוויי וואָכן אַרום. אַזוי איז אויפגע־שריבן אויף מיין בילעט. אין די צוויי וואָכן וועל איך משוגע ווערן. אַ נס וואָס איך האָב אייך געטראָפן, כאָטש אַ וואָרט אויסצורעדן.

אין תּל־אָביב, אַז כ'האָב געזען אַן אַמעריקאַנער טוריסט, האָב איך געמיינט מי יודע. וואָס? איר אײַלט זיך? אויב איר דאַרפט דאָ בלייבן נאָך לענגער פון מיר, איז אויף אייך אויך אַ רחמנות.

## פריש געזונט און משוגע

— נו, דאָקטער, וואָס וועט זיין דער סוף דערפון? איר האַלט אין איין גלאָצן אויף מיר מיט די אויגן. מען דאַרף דאָך האָבן שטאָלענע נערוון דאָס אויסצוהאַלטן. לאָזט מיך אויסרעדן אַ וואָרט, כ'וועל דאָך פּלאַצן.

— גוט, רעדט, וואָס האָט איר צו זאָגן?

— ווען איך זאָל אייך זאָגן אַלץ וואָס איך האָב אייך צו זאָגן, וואָס מיר ליגט אויפן האַרץ און וואָס מיר ליגט אויף דער צונג, וואָלט עס גענומען אַ טאָג מיט אַ נאַכט. איר וואָלט מיר דערנאָך צוגעשטעלט אַ חשבון, וואָלט מיר פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט קראַנק צו זיין.

— וואָס טוט אייך וויי?

— די נשמה. איך בין משוגע. וואָס האָלט איר אין איין קוקן אויף מיר? איך בין, נישט פאַר אייך געדאַכט און נישט פאַר קיין שום מענטש געדאַכט,

אַ משוגענער. ער קוקט שוין ווידער אויף מיר. ער מיינט אַז איך ווייס נישט וואָס ער זעט.

— וואָס זע איך ?

— אַ משוגענעם.

— הערט אויף צו רעדן נאַרישקייטן. עפנט די אויגן !

— דאָקטער, איך בין אַ מענטש מיט אָפענע אויגן.

— איר זעט גוט ?

— הלוואי וואָלט איך אַזוי פיל נישט געזען.

— ווייזט מיר די צונג, נאָך אַ ביסל. וואָס זשאַלעוועט איר אַ שטיקל צונג ? איך וועל זי אייך נישט צונעמען.

— נישטאָ וואָס צו זען. אַ געשליפן צינגל. איר מעגט מיר גלייבן אויפן וואָרט, דאָקטער. איך בין פריש, געזונט און משוגע.

— איך זע נישט ביי אייך קיין סימנים פון משוגעת.

— זאָל איך נאָך אַזוי דערלעבן צו שענקען אַן אַמבולאַנס פאַר ישׂראל אויף מיין ווייבס נאָמען, ווי איך בין משוגע. דאָקטער, אַז מען זאָגט משוגע, זאָלט איר גלייבן.

— פון וואַנען נעמט איר דאָס, אַז איר זענט משוגע ? וואָס האָט איר אַזעלכעס געטאָן ?

— איך בין אַליין געגאַנגען צום „אינקאַם טעקס" און צוגעצאָלט זעכצן דאָלער און אויפגעוויזן, אַז זיי האָבן געהאַט אַ טעות און גענומען צו ווייניק.

— מען קען דאָס נאָך נישט אָנרופן משוגעת.

— איך האָב חתונה געהאַט.

— אַ נאָרמאַלע זאַך.

— מיט אַ גרושה.

— מן הסתם אַ שיינע.

— מיאוס ווי די נאַכט און האָט פינף קינדער פון דריי מענער.

— נאָר זי האָט געלט.

— קיין גראָשן נישט ביי דער נשמה.

— האָט איר זיך פאַרליבט.

— איך קען איר פּנים נישט אָנקוקן.

— פאַר וואָס זשע האָט איר מיט איר חתונה געהאַט ?

— דאָס איז עס דאָך ! משוגע ! און איר ווילט מיר איינרעדן, אַז איך בין נאָרמאַל. אַ נאָרמאַלער מענטש וועט טאָן אַזאַ זאַך ?

— פאַר וואָס נישט ? איר האָט זיך אַריינגעהאַקט אַ מאַנקעלאַניע אין קאָפּ אַריין אַז איר זענט משוגע.

— אַלץ הייסט משוגע ?! טראַלאַלאַלאַ אויפן גאַנצן מוח. די שיסערייען אין ישׂראל צעדרייען מיך ווייניק ? מיר טאָרן נישט שטיין און קוקן ווי מען באַשיסט אונדז טאָג און נאַכט. מען דאַרף איינגעמען מצרים און סיריע און אַ סוף זאָל עס נעמען !

— דרייט נישט קיין קאָפּ, רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. מען דאַרף אַדורכ־

קומען מיט גוטנס. זיי האָבן זיך פאַרעקשנט, אַז מען זאָל זיי פריִער צוריקגעבן טעריטאָריעס, דאַרף מען פרוּוון צוריקגעבן. אפשר יאָ.

— דאָקטער, איר זענט אַ משוגענער! אויב איר זענט נאָרמאַל בין איך אַ טראַנספאָרמאַטאָר. איר זענט אַ משוגענער, כ׳זאָל אייך נישט באַליידיקן. איר רעדט ווי אַ בהמה, כ׳זאָל אייך נישט באַליידיקן. אַן אייזל האָט דאָך מער שׂכל פון אייך, כ׳זאָל אייך נישט באַליידיקן.

— איר זענט געקומען רעדן מיט מיר פּאָליטיק? איך בין אַ דאָקטער. איר זענט אַ קראַנקער. גאַנץ נאָרמאַל זענט איר נישט.

— משוגע, זאָג איך אייך! אוי, בין איך משוגע! ווייִ און וויי און וויי, ווי איך בין נעבעך משוגע.

— אַבער אַזוי פאַרשטייט איר אַלצדינג, נאָרמאַל.

— ווען איך וואָלט וואָלט נישט פאַרשטאַנען נאָרמאַל, וואָלט איך דאָך נישט געווען משוגע. אַזאַ לאַנד ווי אַמעריקע. אזוי פיל קאָנגריישנס, פאַרבאַנדן, אַסאָסייִיטיס. איר טרעפט אַ ייִד אין גאַס איז ער אַ פּרעזידענט, אַן ערן־פּרעזידענט, אַן ערן־וויצע־פּרעזידענט, אַ צווייטער וויצע־ערן־פּרעזידענט, אַ פּרינציפּאַל, אַ סעקרעטאַר, אַ טרעזשורער. און די אַלע טוערס רעדן נאָר ענגליש און האַלטן אין איין טאָן פאַר ייִדיש לשון. און ייִדיש... אוי וויי, אוי וויי. בין איך משוגע.

— איר רעדט דאָך מיט אַ קלאָרן שׂכל. דערציילט מיר די הויפּטזאַך. וואָס קוועטשט אייך?

— גוט, כ׳וועל אייך דערציילן: נאָך דריי טויזנט יאָר ווי מיר ייִדן זענען געווען אין גלות...

— נישט קיין דריי טויזט, נאָר צוויי טויזנט יאָר זענען מיר געווען אין גלות.

— נאָך צוויי טויזנט יאָר ווילט איר אַז איך זאָל נאָך דאָס אויך געדענקען? איצט וויל איך מיך באַזעצן אין ישׂראל.

— זייער נאָרמאַל, שיין, קלוג.

— קיין פאַך האָב איך נישט און געלט, וויפל איר ווילט... האָב איך נישט, אָבער איך האָב אַ שוואָגער אין ישׂראל, איז ער אַ גאַנצע שישקע אין סוכנות. וויל ער מיר געבן אַ דירה, און אַ פּאָסטן ווו איך וועל גוט פאַרדינען און נישט דאַרפן אַרבעטן.

— איז דאָך גוט, וווּנדערבאַר!

— וויל איך נישט אויסנוצן קיין פּראָטעקציעס, און איך וויל נישט באַרויִבן אונדזער אָרעמע מדינה. איך בין אַ מענטש וואָס גיי נאָר מיטן אמת, מיט יושר און גערעכטיקייט.

— משוגענער!!!

# „גליק"

אַ קלאָגנדיקע שטים האָט געזאָגט צו מיר אין טעלעפאָן, אַז זי וויל מיט מיר רעדן פּערזענלעך. אַזוי האָט די שטים געזאָגט: פּערזענלעך.

אַריינגעקומען איז אַ פּירקאַנטיק מענטשעלע מיט אַ שיינעם קראַוואַט, קורצע הענט, לאַנגע מאַנזשעטן מיט גרויסע גאָלדענע ספּינקעס, דאָס פּנים זיינס האָט דערציילט, אַז ערשט נישט לאַנג איז עס נאָך געווען פריילעך און לוסטיק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן וואַרפן אין אַשבעכער שוועבעלעך וואָס האָבן זיך נישט געצונדן, ווייל די הענט האָבן אים געציטערט פון נערוועזיטעט. פאַרצויגן דעם פּאַפּיראָס, און געקוקט מיר גלייך אין די אויגן, קלערנדיק ווי אַזוי אָנצוהייבן.

— איר זענט דאָך אַ ישׂראלדיקער ייִד — האָט ער ענדלעך אָנגעהויבן — און יענער איז אויך אַ ישׂראלדיקער. יענער, מיין איך, דער וואָס האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין דער בלאָטע אַריין. איך זינק אין בלאָטע. איר פאַרשטייט וואָס איך רעד צו אייך? איך פאַרשטיי, אַז איר פאַרשטייט נישט. וועל איך אייך דערציילן אַלץ גענוי.

איר זענט דאָך פון תּל־אָביב. קענט איר דאָך איינעם וואָס הייסט שלמה גליק. אַ קליינער איז ער, מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ מאַכער אויף דער שוואַרצער בערזע. איר קענט אים נישט? הלוואי וואָלט איך אים אויך נישט געקענט. דער קליינער גליק איז אַ גרויס אומגליק. איך פאַרשטיי, אַז איר פאַרשטייט נאָך נישט. וועל איך אייך דערציילן אַלץ גענוי.

ביי אונדז. דאָ אין מאָנטרעאָל, איז די לאַגע געוואָרן שלעכט. אַ מאַנגל אין געלט. נישטאָ קיין געלט. אין די רעסטאָראַנען דערקענט מען טאַקע נישט, מען פרעסט פּונקט ווי אַלע מאָל, נאָר קיין געלט איז נישטאָ. ס'איז שוין דערגאַנגען צו דעם, אַז אַפילו די מיליאָנערן מיט געשוואָלענע באַנקקאָנטעס וויינען אויך, אַז זיי האָבן נישט קיין געלט.

דאָס איז נישט די הויפּטזאַך, די הויפּטזאַך איז דאָס וואָס איך האָב שטעקן אַ פאַרמעגן אין הייזער, ניי־אויפגעבויטע לוקסוס־הייזער. פאַרקויפן קען מען נישט. נישטאָ היינט קיין קונים אויף הייזער. אַ קריזיס. דאָס געלט שרייט געוואַלד: ראַטעווע! האָב איך אַרויסגעשטעלט אַ גרויסע שילד, אַז די הייזער זענען צום פאַרקויפן פאַר אַכט און צוואַנציק טויזנט דאָלער אַ שטיק. ביליק, האַ? כ'פרעג דאָך אייך? איר ווייסט נישט? דאָס איז אויך נישט די הויפּטזאַך.

די הויפּטזאַך איז, וואָס די קונים וואָס זענען מיך באַפאַלן און גרייט געווען שוין צו כאַפּן די מציאות, כ'מיין די הייזער, האָבן פּלוצעם אויפגעהערט קומען, ווייל דערנעבן, אויף אַ ליידיק פעלד, האָט מען אַרויסגעשטעלט נאָך אַ גרעסערע שילד, אַז מען גייט דאָ אויפשטעלן הייזער וואָס וועלן קאָסטן אַ סך ביליקער, און וועלן זיין נאָך שענער און נאָך גרעסער.

וועט איר דאָך זאָגן, אַז דאָס איז נישט מעגלעך, ווייל וועלכער משוגענער וועט גיין לכתחילה בויען הייזער אויף צו דערלייגן געלט, אין דער צייט ווען ס׳איז נישטאָ קיין געלט. דאָס זעלבע האָב איך דאָך אויך געזאָגט. אָבער... איר זעט דאָך.

דער איטאַליענער, צו וועמען דאָס שטיק פעלד געהערט, איז גאָרנישט שולדיק. איינער אַ ישׂראלדיקער, וואָס הייסט גליק, האָט אים פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַריינ־געוקט אים אַ פּאָר דאָלער אין יד אַריין, און אַרויסגעשטעלט די שילד.

בין איך געגאַנגען צו דעם גליק. אַ ברירה האָב איך געהאַט? ביים ערשטן בליק האָב איך גלייך דערזען אַז דער מענטש האָט נישט דעם טאָג איבערצולעבן. ער האָט מיר גלייך געזאָגט, אַז ער טראַכט גאָרנישט וועגן בויען און ער קען שוין אַרונטערנעמען די שילד, אָבער עס דאַרף קאָסטן געלט. האָב איך מיר געטראַכט, מילא, נאָט אייך אַ הונדערטער. איז ער געוואָרן אויף מיר אָנגעצונדן.

— ביי דער היינטיקער צייט — האָט ער אָנגעהויבן שרייען — ווען ס׳איז אַזאַ מאַנגל אין געלט, און איר האָט שטיין דריי און זעכציק הייזער צום פאַרקויפן, גייט איר מיר געבן הונדערט דאָלער? וואָס בין איך אַן אידיאָט? צען טויזנט דאָלער קאָסט דאָס! רעכנט אויס וויפל דאָס מאַכט אויס אויף איין הויז, וועט איר זען אַז איך באַהאַנדל אייך ווי אַן אייגענעם ברודער. איך שטעל מיר פאָר ווי דער ברודער זיינער האָט אויסגעקוקט נאָך זיינס אַ באַהאַנדלונג. ס׳קען אויך זיין, אַז דער גנב האָט אין גאַנצן קיין ברודער נישט. נאָך שווערע מי און מאַטער בין איך מיט אים דורכגעקומען אויף פינף טויזנט. אָפּגעשניטן און פאַרטיק.

אָפּגעשניטן? ווייס איך וואָס. הערט ווייטער. אַ פּאָר טעג שפּעטער באַקום איך טעלעפאָנען פון געשעפטן און סטאָרס, מיינע קונים, אַז מען שיקט מיר צוריק די סחורה מיינע וואָס זיי האָבן אין סטאָק, ווייל איינער אַ גליק נעמט אויף באַשטע־לונגען אויף די זעלבע טריקאָטאַזש־אויסאַרבעטונגען ווי אין מיין פאַבריק, פאַר אַ האַלבן פּרייז. דאָ האָב איך שוין דערזען מיין סוף. אויף אַזאַ בראָך האָב איך זיך נישט געריכט.

לויף איך רעדן מיט גליקן. אַ ברירה האָב איך? ער האָט מיך פריינדלעך אויפגענומען מיט אַ פּאָר אויסגעפּאַשעטע פּיסקעס פאַר מיין געלט. איך האָב זיך — זאָגט ער — געריכט, אַז איר וועט אָנקומען יעדע מינוט. די באַשטעלונגען — זאָגט ער — וואָס איך האָב אָנגענומען, קען איך שוין אַנולירן. כ׳קען אַפילו אַרויפשרויפן די פּרייזן אויף דריי מאָל אַזוי פיל ווי ביי אייך און די פאַבריק אייערע וועט אַרבעטן אויף דער גאַנצער פּאַרע. שיין פון מיין זייט? אָרנטלעך פון מיין זייט?

אָרנטלעך און שיין, אָבער דאָס האָט מיך געקאָסט געגוג געלט. וואָס קען איך מיר העלפן אַז געזעצלעך קען איך אים גאָרנישט טאָן. ער האָט דאָס רעכט צו פאַרקויפן הייזער פאַר ביליק, און טריקאָטאַזש פאַר ביליק. ער האָט זיך מיט מיר גערעכנט ווי מיט אַ שטענדיקן קליענט.. אַנישט וואָלט עס מיך געקאָסט צוויי מאָל אַזוי פיל. וואָס איז וויכטיק? מיינט איר דאָך טאַקע, אַז ס׳איז שוין אָפּגעשניטן? אַ נעכטיקער טאָג. ער האָט זיך פאַרליבט אין מיין ווייב און מיין ווייב האָט זיך פאַרליבט אין אים.ביידע זענען זיי אַוועק קיין האָליוווד. ער גייט זי מאַכן פאַר אַ פילם סטאַר. אַזוי ווי איר הערט. ער האָט איר איינגערעדט, אַז ער וועט מיט איר דרייען אַ פילם.

פאַרליבט, פאַרליבט. אָבער זי איז אַ כשרע בהמה, כשר למהדרין... דער קאָפּ אַנטוויקלט זיך ביי איר וואָס אַ מאָל נאַרישער. זי האָט אַ הויז אין באָסטאָן פון פופצן שטאָק אויף איר נאָמען. איר פאַרשטייט מיין אומגליק? איצט איז אַזוי: דאָס ווייב האָט ער מיר צוריקגעגעבן, נאָר דאָס הויז נישט, דעם פילם האָט ער נאָך נישט געדרייט, אָבער איר האָט ער שוין יאָ צעדרייט, אַז זי גייט יעדן טאָג צום פּסיכיאַטער.

בין איך געקומען צו אייך... נאָך וואָס בין איך געקומען צו אייך? כ׳זאָל אַזוי וויסן פון זיין קאָפּ און פון זיינע הענט און פיס... איצט אָ האָב איך זיך געכאַפּט אַז איר קענט מיר העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס.

# אַ יידישער גזלן

— גיטס נאָר אַ קוק ווער ס׳איז דאָ! ברוך הבא! וואָס מאַכסטו איציק?!

— געלויבט זיין ליבן נאָמען. לעצטנס פיל איך זיך עפּעס... שוין, לאָמיר נישט רעדן. דו ווייסט וועגן וואָס איך בין צו דיר געקומען?

— וועגן וואָס? רעד, וואָס שווייגסטו? האָב נישט קיין מורא. וואָס ציטערסטו אַזוי?

— כ׳האָב מורא, אַז דו וועסט זיך דערשרעקן. ס׳פאַלט אויף מיר אָן אַ פּחד ווען איך קוק אויף דיר. דו זעסט וואָס איך האַלט אין דער האַנט?

— אַ רעוואָלווער!

— גיב אַהער דאָס געלט!

— וואָס איז געשען מיט דיר, איציק? ביסט געוואָרן אַ באַנדיט?

— אַ באַנדיט און אויך אַ רוצח. זאָל יעדן אַזוי לעבן.

— און דו שעמסט זיך נישט?

— ווער שעמט זיך דאָס היינט? פאַר וואָס עפּעס שעמען? אַרבעט איז נישט קיין שאַנדע! גיב שוין אַהער דאָס געלט, אַנישט וועל איך דיך חלילה מוזן דערשיסן, וועסט ווערן אַ זכרונו לברכה. און דערנאָך וועסטו שטאַרק באַדויערן.

— הער, איציק, ביסט געוואָרן אַ באַנדיט. געזונטערהייט. אָבער רעדן זאָלסטו ווי אַ מענטש. וואָס פאַראַ דיבורים איז דאָס: „גיב אַהער דאָס געלט״? קודם פרעגט מען זיך, צי מען האָט געלט. אַלע קלאָגן זיך היינט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין געלט. כ׳ווייס גאַרנישט ווו דאָס גאַנצע געלט איז אַהינגעקומען. די רעגירונג שרייט אויך, אַז זי האָט נישט קיין געלט.

— וואָס רעדסטו אַזוי פיל? פאַר וואָס האַלטסטו מיך אויף? האָסט נישט קיין רחמנות אויף מיין צייט? דאָס איז, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַן אייגענעם. גיב אַהער דאָס געלט און רעג מיך נישט אויף. צווינג מיך נישט אַז איך זאָל דאַרפן שיסן. ס׳איז נישט פאַר מיינע כוחות און נישט פאַר מיינע נערוון.

— וואָס ברענסטו אַזוי? וואָס יאָגסטו אַזוי? קומסט אַריין איין מאָל אין אַ יובל, קענסטו דאָך זיצן אַ מינוט, רעדן אַ וואָרט. זיץ, זיץ, האָב איך דיר געזאָגט! וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? ציטער נישט! כ׳וועל דיר גאָרנישט טאָן. אַ האַלב יאָר צייט האָב איך דיך נישט געזען. קוקסט אויס נישט אַזוי גוט, אָבער גאַנץ נישקשה. איך האָב געוואָלט צוגיין צו דיין קוזין שלמה געוווויר ווערן וואָס עס הערט זיך ביי דיר, האָב איך אים געטראָפן אין גאַס און פאַרגעסן אים צו פרעגן. איז וואָס מאַכסטו?

— זייער גוט, צו אַלדע שוואַרץ יאָר, ווען איך וואָלט נישט באַדאַרפט עסן, וואָלט איך געהאַט פרנסה איבערן קאָפּ.

— דיין מומע יוכבד איז נאָך אַלץ קראַנק? און דו גייסט נאָך אַלץ אַרום מיט דער גרושה? אויסערלעך איז זי זייער אַ מיאוסע, אָבער אינערלעך, איז זי אַ גאַנץ שיינע פּרוי.

— דו רעדסט און רעדסט און האַלטסט מיך אויף אומזיסט און אומנישט. דאָס איז אַזאַ ישׂראלדיקע חוצפּה. אין אַמעריקע וואָלט איך נישט באַדאַרפן שטיין אַזוי לאַנג און אַרויסרעדן מיר דאָס האַרץ. דורך דער צייט וואָס איך רעד מיט דיר, האָב איך שוין געקענט האָבן באַראַבעוועט צוואַנציק מענטשן.

— ס׳וועט דיר גאָרנישט אַנטלויפן. איין זאַך זאָלסטו וויסן: אַז וואָס ס׳איז באַשערט, קומט עס אַליין אין שטוב אַריין. און איידער דו גייסט אַרויס אויף אַ שטיקל אַרבעט, דאַרפסטו פריִער אויסשמירן דעם רעוואָלווער מיט נאַפט. קוק אָן די כּלי דיינע, זי איז דאָך אין גאַנצן פאַרזשאַווערט, האָב נישט קיין מורא, כ׳וועל זי דיר נישט צונעמען. מיט אַזאַ געצייג גייסטו אַרויס צו דער אַרבעט? אין מיטן שיסן, ס׳גיט זיך דיר אַ פאַרהאַק, קען דער דערשאָסענער אַנטלויפן. פון וואַנעט קומט צו דיר בכלל דאָס דאָזיקע פאַך? האָסט דאָך געאַרבעט אין אַ פאַבריק.

— האָט מען דאָך מיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

— דאָס איז נישט גוט.

— האָב איך געעפנט אַ געוועלב פון ירקות.

— גוט, זייער גוט!

— זענען נישט געקומען קיין קונים, די ירקות זענען פאַרפוילט געוואָרן.

— נישט גוט, זייער שלעכט.

— האָב איך פאַרקויפט דאָס געוועלב.

— גוט! זייער גוט!

— האָב איך פאַרלוירן דאָס גאַנצע געלט, געוואָרן אַ באַנדיט, אַ רוצח. נו אַ סוף! געלט אָדער דאָס לעבן!

— וועסט אפשר טרינקען אַ גלעזל טיי?

— טיי ליגט אים איצט אין זינען! אין אַזאַ געפערלעכער לאַגע ווי דו געפינסט זיך איצט, ליגט דיר אין זינען טיי?

— זאָג מיר, ווי לאַנג ביסטו שוין אין דעם פאַך?

— היינט דעם ערשטן טאָג וואָס איך האָב אָנגעהויבן. און דאָס איז די ערשטע אַרבעט מיינע.

— זאָל דיר זיין מיט הצלחה, אין אַ מזלדיקער שעה!

— אַ שיינעם דאַנק.

— גלייב מיר, איציק, אַז דאָס איז שוין היינט אויך נישט קיין פּאַך. יעדער סמאַרק האַלט זיך היינט פאַר אַ ספּעציאַליסט. ער זעט צוויי קרימינעלע פּילמען, ווערט ער גלייך אַ פאַכמאַן און ער איז שוין גרייט עמעצן אַוועקצוהרגענען. דאָס פאַך איז אַריין צווישן די פּשוטע מענטשן. ס׳לוינט זיך שוין בעסער צו געבן געלט אויף פּראָצענט.

— דאָס טראַכט איך דאָך טאַקע. אָפּאַרבעטן אַ שטיקל צייט, קומען צו אַ ביסל געלט און אַוועקגעבן דאָס אויף פּראָצענט. כ׳בין לעצטנס אַזוי נערוועז, די לאַגע אין ישראל צעשרויפּט מיר די נערוון. שוין. גענוג גערעדט! איך גיב דיר צייט ביז פינף. איינס! צוויי! זאָלסט נישט אַוועקכאַפּן דעם קאָפּ. דו הערסט? דריי!

— אַ רגעלע. וואָס איילסטו דיך אַזוי. לאָמיך כאָטש אָפּזאָגן ווידוי: אשמנו, בגדנו! הער מיך, איציק, און טרינק אַ גלאָז טיי. געלט איז נאָך נישט אַלץ. דער עיקר איז דאָס געזונט. אַ לעבעדיקער קבצן איז בעסער פון אַ טויטן מיליאָנער. נאָכן טויט איז זיין מיליאָן נישט ווערט קיין גראָשן. קיין איינציקן גראָשן. און אַ באַנדיט איז אויך נישט מער ווי — איך בעט דיך איבער — אַ מענטש. נאַ דיר אַ פּאָר פונט און גיי קודם עפּעס אָפּעסן.

— איך האָב נאָך היינט אין מיין מויל נישט געהאַט.

— מען דערקענט דאָך דאָס אויף דיין פּנים. איצט גיב איך דיר אַן אַדרעס פון אַ רייכן ייִד. אַ ווילער ייִד. ער הייסט ראַפּאַפּאָרט. נעם דעם רעוואָלווער און גיי צו אים אַריין און דער איבערשטער זאָל דיר העלפן זאָלסט מצליח זיין.

— צו ראַפּאַפּאָרטן וועל איך נישט גיין. אַ קאַרגער ייִד. מ׳קען אויסגיין פאַר זיינס אַ גראָשן. אויסער דעם, בין איך שוין ביי אים געווען, ער האָט דאָך מיך געשיקט צו דיר.

# אין אַמעריקע ליגט געלט אין די גאַסן!!

אויף אַלענבי גאַס אין תל־אָביב איז געווען אַ געשעפט וואָס אויסער וועש און אַנדערע זאַכן, האָט מען אויך רעפּאַרירט סקאַרפּעטקעס. דאָס איז געווען אין יענע צֶנַע־יאָרן, ווען מען האָט זיך געמוטשט באַגנוגענען מיט דעם וואָס ס׳איז דאָ און קיין סך איז נישט געווען. נישט יעדער האָט זיך געקענט דערלויבן אַוועק־וואַרפן אַ פּאָר צעריסענע סקאַרפּעטקעס.

האָט זיך דאָס געשעפט רעקלאַמירט מיט אַ גרויסער שילד אין גאַס אַרויס און מיט אַנאָנסן אין די צייטונגען, אַז פאַר צוויי פּיאַסטער ווערן צעריסענע סקאַר־פּעטקעס רעפּאַרירט לויט אַ נייעם פּאַטענט אויף נישט צום דערקענען, ווי נייע.

הינטערן טיש איז געשטאַנען אַ בלאָנדער פלינקער יונגערמאַן וואָס האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געשיקטקייט צוגענומען ביי יעדן איינעם די צעריסענע

זאָקן, אַריינגעוואָרפן זיי אין אַ בייטל, אויפגעשריבן דעם נאָמען און געהייסן קומען מאָרגן.

אויף צו מאָרגנס האָט דער זעלבער יונגערמאַן פון אַ גרויסן קויש גיך אויסגעפונען דעם בייטל מיט מיין נאָמען. די זאָקן זענען טאַקע געווען גאַנץ. אָבער וועגן אויסקוקן ניי, איז נישטאָ אַפילו וואָס צו רעדן.

— מילא — האָב איך געזאָגט דעם יונגנמאַן — דאָס וואָס די זאָקן קוקן נישט אויס ניי, דאָס בין איך אייך מוחל, אָבער די רעפּאַרירטע פּיאַטעס קוקן דאָך אויס עפּעס לא עלינו. ס'איז דאָך אַ חרפה אַרויסצוגיין מיט אַזעלכעס אין גאַס. און איר שרייבט דאָך בפירוש, אַז איר מאַכט עס אויף נישט צו דערקענען.

— אַוודאי — זאָגט ער — אַז איר קוקט פון דער נאָענט. פון דער ווייטנס וועט קיינער נישט דערקענען, סיידן אַ מענטש מיט אַ שאַרפער ראיה. נאָך צוויי טויזנט יאָר — האָט ער זיך פלוצעם צעשריגן — אַז מיר האָבן דערלעבט אַן אייגענע מדינה, אונדזערע קינדער קעמפן אויף די פראָנטן, מוזט איר האָבן רעפּאַרירטע פּיאַטעס, אַז מען זאָל חלילה גאָרנישט דערקענען? און אַז מען וועט יאָ דערקענען, איז וואָס? אַ ייִד זאָל זיך נישט רעכענען מיט דער שווערער לאַגע, וואָס דאָס לאַנד לעבט איבער.

האָב איך געשוויגן, ווייל איך האָב געטראַכט, אַז ס'קען זיין אַז דער ייִד איז גערעכט.

אַזוי ווי כ'האָב אַרויפגעצויגן די זאָקן אויף די פיס, האָבן זיך ביידע פּיאַטעס צוריק געעפנט, און די לעכער זענען געוואָרן נאָך גרעסער ווי פריִער. בין איך אַן אָנגעצויגענער אַוועק צו אים אין קראָם, אַוועקגעלייגט פאַר אים די צעריסענע סקאַרפּעטן, געקוקט אים גלייך אין פּנים.

— דאָס איז געשען באַלד ביים אָנטאָן — האָב איך אים געזאָגט.

— וואָס זשע ווילט איר? אַז איך זאָל אייך געבן אַ גאַראַנטיע אויף אַ יאָר?

— אָבער...

— וואָס אָבער? איך ווייס וואָס איר האָט מיט זיי געטאָן? איך בין געשטאַנען דערביי? אפשר האָט איר זיי געוואַשן.

— וואַשן טאָר מען זיי אויך נישט?

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז מען טאָר נישט? איך האָב דאָס רעכט צו זאָגן אייך אַ דעה אויף אייערע סקאַרפּעטקעס? איך קען זיי אייך נאָך אַ מאָל פאַרריכטן, אויב איר וועט באַצאָלן.

— און אַז זיי וועלן זיך ווידער צערייסן ביים אָנטאָן? וועט איר ווידער פאַרריכטן און איך וועל ווידער באַצאָלן?

— דאָס דאַרפט איר אַליין באַשליסן. דאָס איז שוין אייער זאַך.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט אונדזער געשפּרעך און מער האָב איך דעם מענטש נישט געזען.

לעצטנס, ביים אַריינגאַנג אין אַ קראָם אין מאָנטרעאָל, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף איינעם זייער אַ דיקן, וואָס האָט מיר אויסגעזען זייער באַקאַנט. אַ ווײַלע האָבן מיר זיך ביידע אָנגעקוקט.

— איר זענט דאָך דער וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט אין תל־אָביב אויף

אַלענבי, און אין דער צנע־צייט האָט איר רעפּאַרירט סקאַרפּעטקעס לויט אַ נייעם פּאַטענט?

— יאָ, יאָ. פון וואַנען ווייסט איר?

— איך האָב ביי אייך דעמאָלט רעפּאַרירט אַ פּאָר סקאַרפּעטקעס.

— נו? — האָט ער זיך צעלאַכט, און אַ קיצל געטאָן מיר מיטן פינגער אין בויך — ס׳האָט געהאַלטן פון אסתר תענית ביז פורים? איר ווייסט וואָס פאַראַ סקאַנדאַלן איך האָב געהאַט צוליב די סקאַרפּעטקעס? כ׳האָב אָבער גוט פאַרדינט. אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ. ווען נישט די רעגירונג, וואָלט איך פון ישׂראל נישט אַוועקגעפאָרן.

— וואָס פאַראַ שלעכטס האָט אייך די רעגירונג געטאָן?

— פרעגט אייך גאָרנישט. מען האָט געפונען ביי מיר סחורה וואָס איז נישט געווען פאַרשריבן. האָט מען שוין קאָנטראָלירט די ביכער, האָט מען דאָרט אויך עפּעס געפונען. האָבן זיי שוין געמאַכט אַ רעוויזיע. און אַז מען הייבט אָן זוכן געפינט מען. דערנאָך האָט מען געכאַפּט איינעם וואָס האָט אַריינגעשמוגלט שווייצאַרישע זייגערלעך. האָט יענער אויפגעגעבן, אַז איך בין זיין שותף. צו דעם אַלעם האָט מיך נאָך אַ ייִד געמסרט. האָט מען מיך געכאַפּט ביי דער האַנט, האָב איך געצויגן פיס. אַנשטאָט צו גיין זיצן בין איך בעסער געפאָרן.

— אַ רגע. כ׳וויל קויפן ציגאַרעטן.

— לאָזט אָפּ מיט די ציגאַרעטן. פאַררויכערט אַ דאָלערדיקן ציגאַר — האָט ער מיר אַריינגעשטופּט אַ לאַנגן ציגאַר אין מויל אַריין — איז וואָס טוט איר דאָ? איר האָט עפּעס אַ פאַך?

— אַ שרייבער.

— וואָס שרייבט איר?

— פאַרשידענע זאַכן.

— ענגליש?

— ייִדיש.

— פּונקט צוגעפּאַסט פאַר אַמעריקע. איר ווייסט וואָס אַמעריקע איז? מיינס אַ שטאָטישער פאַרנעמט זיך אויך מיט די שרייבערייען. האָט ער מיר געברענגט אַ ביכל, האָב איך אים געגעבן אַ צענערל מיט אַ גלעזל קאַווע. ער האָט דאָרט עפּעס אָנגעהאַקט אַ טשייניק און ער זאָגט אַז דאָס זענען לידער. ווען ער לאָזט זיך פון מיר אַריינשטופּן אין ביזנעס, וואָלט ער שוין היינט געווען אַ גביר. קומט אַריין אין מיין קאַר, וועל איך אייך אָפּפירן אַהיים און אויפן וועג וועל איך אייך געבן אַ לעקציע וועגן אַמעריקע.

ער איז געפאָרן ביז אויסער דער שטאָט כדי עס זאָל זיין גענוג צייט אויסצוהערן זיין לעקציע וועגן אַמעריקע, און די גאַנצע צייט האָב איך מער נישט געהערט ווי דאָלערס, דאָלערס און ווידער דאָלערס. מען דאַרף אויפשטעלן — זאָגט ער — אין קאַליפאָרניע טויזנט הייזלעך. מען ברענגט אייך פון אַ פאַבריק פאַרטיקע ווענט, פאַרטיקע דעכער מיט פאַרטיקע קוימענס. אין דריי טעג שטייט עס פיקס און פאַרטיק מיט אַ באָד, אַ קיך, איירקאָנדישן, פרידזשידער, אַ גאָרטן מיט בלומען, און אַ טראָטואַר. איר נעמט פאַר אַזאַ הייזל זעקס טויזנט דאָלער.

פאַרדינט איר אייערע פינף הונדערט. פון טויזנט שטיקלעך האָט איר אַ האַלבן מיליאָן. שלעכט? איך האָב פאַר איך נאָך אַ ביזנעס, אַ פּולווער צו געשיר, אַ נייע דערפינדונג. אַ ביסעלע פּולווער אין וואַסער ווערט דער טאָפּ פון זיך אַליין ריין און פּאָלירט ווי אַ שפּיגל. מען דאַרף קיין פינגער נישט צולייגן. דער גאַנצער פּולווער קאָסט נישט מער ווי צוואַנציק סענט. מען דאַרף נאָר אַריינלייגן הונדערט טויזנט דאָלער אין רעקלאַמע, גייט עס אַוועק ווי מצה־וואַסער. אויב איר לייגט אַריין אַ העלפט מאַכן מיר שותפות.

— וועגן דעם וועט מען נאָך רעדן. גיט מיר קודם אַ ביסל פּולווער פאַר מיין ווייב. זי וועט זיך דאָך מחיה זיין ביים וואַשן דאָס געשיר.

— גייט שוין גייט. איר גלייבט טאַקע אַז דאָס איז עפּעס?

— ס'איז די זעלבע מעשה, הייסט דאָס, ווי דעמאָלט. די סקאַרפּעטקעס?

— נאָך ערגער.

— ווי אַזוי זשע גייט איר ריזיקירן הונדערט טויזנט דאָלער אין רעקלאַמע? דער עולם וועט זיך דאָך גלייך כאַפּן, אַז ס'איז גאָרנישט ווערט.

— קיין איין סענט ריזיקע האָט איר נישט. ביז דער גאַנצער עולם אין אַמע־ריקע וועט זיך כאַפּן, וועלן מיר שוין האָבן איינגענומען צוויי מיליאָן דאָלער. אין אַמעריקע ליגט געלט אין די גאַסן!!

## בעני איז נישטאָ

אין דער צייט פון איינער פון די מלחמות אין ישראל, איז אַ גראַנאַט געפאַלן אין אַ געסל אין ירושלים, וואָס איז אַריבערגעשאָסן געוואָרן איבער דער מויער פון דער אַלטער שטאָט ווו ס'איז געשטאַנען דער ירדנישער לעגיאָן.

דער אויפרייס האָט באַשעדיקט אַ בנין, אויסגעריסן אַ טיר, צעבראָכן שויבן, נאָר קיין מענטשן האָט עס נישט געשאַדט.

אַ פּאָר טעג נאָך דער געשעעניש, האָבן די שכנים פון הויז זיך אַרומגעזען אַז בעני איז נישטאָ. אַ מינוט נאָכן אויפרייס האָט מען אים געזען שטיין אַ ציטערנ־דיקן פון פּחד. און פּלוצעם, נישטאָ.

האָט מען געמאָלדן דער פּאָליציי. מען האָט אויפגעבראָכן די טיר פון דעם קליינעם צימערל ווו בעני וווינט, און מען האָט אַלץ געפונען אין אָרדענונג. אַן אייזערן בעטל מיט אַ פּינקטלעך איינגעלייגטער דעק. אַן אַלט טישל. אַ בענקל נאָך אַן עלטערס, אַ שענקל מיט מלבושים פון אַ גאַנץ אַנדערער קאָליר, אָבער אַלץ ריין. אַ ווירטשאַפט פון אַן אָרעמען בחור, אַ פּעדאַנט. נאָר ער אַליין, בעני, איז נישטאָ.

אין דעם צימער איז שוין נישט געווען מער וואָס צו נישטערן, האָבן די פּאָליציי־לייט גענומען באַטראַכטן דאָס הויז פון דרויסן, און איינער פון זיי האָט זיך געלאָזט גיין אויף אַ שמאָל סטעזשקעלע וואָס האָט זיך געצויגן צו אַ פאַרוואָרלאָזטן

פלאַץ, און דאָרט, צווישן שטיינער, האָט ער דערזען עפּעס אַ לאָך ווי אַ הייל, און אינעווייניק איז געזעסן אַן איינגעקורטשעטער פאַרשמוציקטער מענטש.

— בעני ?! האָט ער אַריינגעשריגן.

— יאָ. וואָס הערט זיך ? מען שיסט נאָך ? מ׳קען שוין גיין ?

דריי טעג איז ער דאָרט געזעסן אין דעם לאָך, און ווען מען אַנטדעקט אים נישט באַצייטנס, וואָלט ער דאָרט אויסגעגאַנגען.

אַזאַ פּחדן איז בעני. אַ שיינער און אַ קלוגער בחור. נאָר אַ שרעקלעכער פּחדן. צוליב דער זעלבער סיבה האָט מען אים באַפרייט פון מיליטער. די מיליטערישע דאָקטוירים האָבן באַשטעטיקט אַז ער איז אַ ריכטיקער אומהיילבאַרער פּחדן, וואָס קען חלילה אומקומען פון פּחד.

אַ מומע, אַן אַלמנה, האָט אים אַראָפּגעברענגט קיין ניו־יאָרק, און ער האָט זיך גענומען לערנען עלעקטראָניק. דער קאָפּ איז גוט. באַהערשט דאָס פאַך שנעלער ווי יעדער אַנדערער. נאָר דאָס פּחדנות זיינס, אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן. און ווו קען מען היינט געפינען אַ ווינקל אין דער וועלט, ווו אַ מענטש, אַ פּחדן, זאָל אויך קענען עקזיסטירן ?

פאַר אַ ווינדע ציטערט ער אימת מוות, ווייל אין די ווינדעס זענען געשען איבערפאַלן און מאָרדן. אַז עס קומט אים אויס צו זיין אַ מאָל אין אַ הויכער געביידע, גייט ער צענדליקער שטאָקן צו פוס. פאָרן מיט אַ ווינדע — בשום אופן נישט. ווען נישט דאָס פּחדנות זיינס וואָלט ער שוין היינט געווען אַ גליקלעכער פאַרהייראַטער מענטש. אַ שיין מיידל פון אַ רייכער היים האָט זיך אין אים פאַרליבט. האָבן זיי שפּאַצירט געאָרעמט ווי אַ יונג פאַרליבט פּאָרל. דאָס איז געווען אין מיטן העלן טאָג, אויף אַ באַלעבטער גאַס אין ניו־יאָרק. האָט זיי פאַרהאַלטן אַן עלטערער מענטש, אַ זקן, געפרעגט אויף עפּעס אַ גאַס. האָט ער זיך דערשראָקן, ווייל יענער איז געווען אַ נעגער, איז אַנטלאָפן איבערלאָזנדיק דאָס מיידל אַליין מיט דעם אַלטן נעגער. פאַרשטייט זיך אַז פון דעם שידוך איז שוין גאָרנישט געוואָרן.

בעני איז געוואָרן אַ גוטער בעל־מלאכה, אַן עלעקטראָניקער. ער האָט זיך אַנאָנסירט אין צייטונג, אַז ער נעמט אָן צו פאַרריכטן טעלעוויזיעס און אַנדערע עלעקטרישע מכשירים פאַר זייער ביליק און מיט גאַראַנטיע. איז ער אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג מיט אַ רענצעלע מכשירים איבער הייזער פאַרריכטן טעלעוויזיעס. ווען ער איז אַהיימגעקומען נאָך אַ טאָג אַרבעט, האָט שוין די מומע זיינע געהאַט אָנגעגרייט פאַר אים אַ צעטל מיט נייע אַדרעסן וואָס זענען געקומען דורכן טעלעפאָן.

איין מאָל איז ער געפאָרן מיטן אויטאָבוס אויף זייער אַ ווייטן אַדרעס. אַ גע־פלאַסטערט סטעזשקעלע פון העלע מאַרמאָר־שטיינער האָט אַריינגעפירט אין אַזאַ שטילע טונקלקייט צווישן געדיכטע ביימער. וואָס טיפער ער איז אַריינגעגאַנגען אַלץ מער איז אין אים געשטיגן דער פּחד פאַר דער געהיימנישפולער שטילקייט און טונקלקייט, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ ווייס איינשטאָקיק הייזל. ווען ער האָט אַרויפגעשטעלט דעם פוס אויפן ערשטן טרעפּל, איז ער אויפגעציטערט געוואָרן דורך אַ שרעקלעך בילעריי פון אַ הונט. האָט ער זיך גלייך געלאָזט לויפן אויף צוריק. ער איז געלאָפן און דאָס בילעריי נאָך אים וואָס אַ מאָל שטאַרקער, וואָס אַ מאָל שרעקלעכער.

ער לויפט שוין אין דרויסן, אויף דער גאַס, און דאָס בילעריי נאָך אים. ער סאָפּעט און לויפט מיט אַלע כּוחות, שנעלער, שנעלער. ער לויפט, און פאַר אים לויפט אַ נעגער, אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער. ער אַנטלויפט מן הסתּם אויך פאַרן הונט, האָט ער געטראַכט. לויפן זיי איינער נאָכן צווייטן. דער אָטעם ווערט וואָס אַ מאָל קירצער. ער פילט אַז די כּוחות פאַרלאָזן אים. פּלוצעם איז דער נעגער שטיין געבליבן מיט אויפגעהויבענע הענט קעגן אים. פון גרויס דערשעפּונג איז ער אַרויפגעפאַלן אויף דעם ברייט־פּלייציקן נעגער, און אַנגעכאַפּט זיך אין זיין אַקסל. ער האָט אַפילו נישט געפילט ווי אַ שוואַרץ קודלאַטע הינטעלע דראַפּעט זיך אויף זיינע הויזן און לעקט אים די פיס.

אַ מינוט זענען זיי ביידע אַזוי געשטאַנען און געקוקט פאַרסאָפּעטע איינער אויפן צווייטן, און דער נעגער, מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן, האָט אַלץ געהאַלטן די הענט אין דער הייך. באַלד האָט זיך דערהערט אַ וואָיעריי פון סירענעס, פיר פּאָליציי־אויטאָס האָבן זיי אַרומגערינגלט. בליץ שנעל זענען צו זיי צו פּאָליציאַנטן מיט אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן. מיט געשלאָסענע הענט אין קייטן איז דער נעגער אַריינגעזעצט געוואָרן אין אַ פּאָליצייישן אויטאָ און פון אים האָט מען נאָר גענומען דעם אַדרעס און דעם טעלעפאָן־נומער.

וואָכן צייט זוכט מען אַרום בעני, און בעני איז נישטאָ. די פּאָליציי זוכט אים ווייל זי וויל אים באַלוינען פאַר זיין אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט, פאַרן נאָכ־יאָגן און כאַפּן איינעם פון די געפערלעכסטע באַנדיטן פון ניו־יאָרק. אַ גרויסע באַנק זוכט אים, ווייל זי וויל אים באַלוינען פאַרן איינשטעלן זיך דאָס לעבן און אָפּראַטעווען אַ פאַרמעגן וואָס די באַנק איז באַרויבט געוואָרן. זשורנאַליסטן ווערן משוגע זוכנדיק אים, זיי ווילן אים פאָטאָגראַפירן. די מומע זיצט און וויינט, און דער טעלעפאָן קלינגט כּסדר מיט טענות פאַר וואָס ער איז נישט געקומען פאַרריכטן דעם טעלעוויזשן, אָבער בעני איז נישטאָ.

ס׳איז דאָ אַ חשד, אַז ער איז אַוועק קיין ישׂראל. ס׳לייגט זיך אויפן שׂכל. ווי קען אַזאַ פּחדן לעבן אין ניו־יאָרק?

## עס שטעקט עפּעס דערין

— ...איר רעדט און רעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. איר האָט מיר אַזוי צע־דרייט דעם מוח מייַנעם, אַז איך קען אים שוין נישט צוריקשטעלן אויפן זעלבן אָרט און איך פאַרשטיי נאָך אַלץ נישט וואָס איר מיינט.

— פאַר וואָס פאַרשטייט איר נישט?

— אָט אָ דאָס פרעג איך דאָך אייך: פאַר וואָס פאַרשטיי איך נישט? גיט מיר צו פאַרשטיין פאַר וואָס איך פאַרשטיי נישט. וואָס בין איך, אַן אידיאָט?

— כ׳ווייס נישט.

— פאַר וואָס האָב איך פאַרשטאַנען אַזוי ווי איך בין געקומען קיין אַמעריקע, צו קויפן פאַר מיינע לעצטע פאַר דאָלער אַ שטיק ערד וואָס כ׳האָב עס דערנאָך פאַרקויפט פאַר צוויי הונדערט טויזנט, אויסער די ביימער? פאַר די ביימער האָב איך באַזונדער אָפּגענומען צוואַנציק טויזנט, און אַז מיין טאָכטער האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ מאָלער, האָב איך געזאָגט: ניין! וואָלט עס געווען אַ שטובן־מאָלער, מילא. דערנאָך האָט זי געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ יידישן שרייבער, האָב איך געזאָגט: ניין! און זי האָט מיך געפאָלגט און חתונה געהאַט מיט אַ לייטישן מענטש, וואָס האָט אַ געשעפט פון געבעקס. איז ער געשטאָרבן און זי איז ברוך־השם געבליבן ביי אַ פאַרמעגן פון הונדערט און פופציק טויזנט און אַן אייגן הויז. זעט איר דאָך, אַז איך פאַרשטיי יאָ עפּעס. איז פאַר וואָס פאַרשטיי איך אייך נישט? מען האַלט אים דאָך פאַר אַ גאַנצן ווייסער, אַ פּאָליטיקער, אַן אָפענעם קאָפּ. דער־קלערט־זשע מיר קורץ און שאַרף, ס׳וועט זיין אַ מלחמה צו ניין?

— ניין.

— אָט דאָס האָב איך געוואָלט הערן. מער נישט, קיין איין וואָרט נישט מער. איצט בעט איך אייך, זאָגט מיר, פון וואַנען זענט איר אַזוי זיכער, אַז ניין?

— וועל איך אייך דערקלערן, נאָר לייגט צו קאָפּ.

— כ׳האָב שוין צוגעלייגט.

— נישט רוסלאַנד און נישט אַמעריקע זענען פאַראינטערעסירט אין אַ קאָנ־פראָנטאַציע. מצרים וועט נישט צולאָזן צו קיין קאָמפּראָמיטאַציע פון די אַראַבער און נישט צו קיין קאָנפראָנטאַציע מיטן קאָמוניזם. פירט זיך אַ שטילע קאָנספּי־ראַציע, אַ פּאָליטישע ספּעקולאַציע, וואָס וועט מוזן ברענגען צו אַ קאָנסאָלידאַציע. איר האָט פאַרשטאַנען?

— קיין איין וואָרט נישט. איר אַליין האָט דען יאָ פאַרשטאַנען? אַז איר רעדט טערקיש, איז ווי אַזוי קענט איר אייך פאַרשטיין? יידיש, זע איך, קענט איר דאָך שוין נישט. ס׳איז דאָך נישט קיין וווּנדער, פינף יאָר אין אַמעריקע, פון וואַנען זאָלט איר קענען יידיש? רעדט זשע צו מיר ענגליש, נאָר מיט יידישע ווערטער, כ׳זאָל קענען תופס זיין.

— וואָס האָב איך אַזוי פיל צו רעדן? ס׳איז דאָך אַזוי קלאָר, אַז אַ קליין דעפעקטיוו קינד קען עס פאַרשטיין. נאַצער וועט נישט צולאָזן...

— נאַצער איז שוין געשטאָרבן.

— כ׳ווייס.

— אַז איר ווייסט, איז פאַר וואָס זאָגט איר, נאַצער וועט נישט דערלאָזן? אַ טויטער קען יאָ דערלאָזן, נישט דערלאָזן?

— לאָמיר זאָגן, אַז ער לעבט.

— איר קענט שוין זאָגן פון היינט ביז מאָרגן. יענער איז שוין אַ זכרונו לברכה אויפן גאַנצן לעבן. ער איז זיך נעבעך אַליין שולדיק. געלאָפן יעדע נאַכט צום סועץ רוקן די ראַקעטעס, ביז ער האָט זיך אָפּגעריסן ס׳האַרץ.

— שוין. גוט. געשטאָרבן, באַגראָבן, כּי לעולם חסדו. כ׳וועל אייך אַלץ נאָכגעבן.

— אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר אייער גוט האַרץ. הער נאָר די טובה וואָס ער טוט מיר. נאַצער איז געשטאָרבן, דערהאַלט ער מיך ביים לעבן.

— מיר רעדן דאָך איצט נישט וועגן נאַצערן. איר ווילט דאָך וויסן, צי עס וועט זיין אַ מלחמה צי ניין.

— האָט איר מיר געענטפערט, אַז ניין.

— האָט איר מיך געפרעגט: פון וואַנען בין איך אַזוי זיכער אַז ניין?

— האָט איר מיר געזאָגט, אַז איך זאָל צולייגן קאָפּ. האָב איך צוגעלייגט.

— אָ, איז אין דעם אַלעם שטעקט עפּעס.

— וואָס שטעקט? וועז שטעקט? שוין: כ'וויס שוין, דער רוס, אַז ער שטעקט אַריין אַ פוס קען מען אים שוין פון אָרט נישט רירן. איז ווו איז אַמעריקע?

— אָ, איז אין דעם שטעקט עפּעס!

— עס שטעקט שוין ווידער?

— יאָ, אַ גרויסע קאָנספּיראַציע. וואָס אויב דאָס וועט נישט ברענגען צו קיין קאָנסאָלידאַציע...

— שוין?! איר הייבט שוין ווידער אָן? מיינע נערוון זענען ביי אייך בלאָטע? פאַר וואָס שטייט פראַנקרייך מיט אַן אָפן מויל און קען נישט אַרויסבאַקומען פון זיך קיין וואָרט?

— ווייל עס שטעקט עפּעס דערין.

— אַ ביין? איר וועט דאָך מיך היינט אין גאַנצן משוגע מאַכן.

— רעגט אייך נישט אויף, האָט געדולד וועל איך אייך פאַרטייטשן וואָס איך מיין. קאָנסאָלידאַציע מיינט, אַז בידע גרויסע. איר ווייסט וועמען איך מיין די גרויסע?

— ישׂראל און אַמעריקע.

— רוסלאַנד און אַמעריקע.

— זאָל זיין ווי איר זאָגט. כ'האָב נישט קיין כּוח מיט אייך זיך אַרומצורייסן.

— אַז די ביידע גרויסע קומען צו אַ קאָנסאָלידאַציע, דאָס הייסט צו אַ שטאַנד־האַפטיקער מיינונג, מאַכן זיי אַ הסכּם און ס'איז שלום.

— פאַר וואָס קומען זיי נישט צו אַזאַ, זאָל שוין זיין, קאָנסאָלידאַציע?

— ווייל עס שטעקט עפּעס דערין.

— עס שטעקט שוין ווידער?

— אַוודאי, ווייל אויב ס'וועט צו דעם נישט קומען, איז מלחמה.

— זענען מיר דאָך גוט באַקליידט. זענען מיר דאָך אַלע נישט ווערט וואָס דאָס האָט די ווערט.

— יאָ.

— וואָס הייסט יאָ? איך האָט דאָך פריער געזאָגט ניין.

— יאָ הייסט, אַז איך האָב יאָ געזאָגט ניין.

— אויב אַזוי, איז דאָך אַן עבֿירה מיט אייך אַ וואָרט אויסצורעדן. אַ מענטש וואָס קען זאָגן אַ מינוט יאָ און אַ מינוט ניין, טאָר מען דאָך נישט שטיין אין זיינע דלת אמות.

— פאַרשטאָפּטער קאָפּ, אָפּגעריסענער נאַר! כ'האָב דאָך אייך געזאָגט אַז ס'שטעקט עפּעס דערין. פּאָליטיק איז דיפּלאָמאַטיע. דיפּלאָמאַטיע איז אַ מינוט יאָ, אַ מינוט ניין און אַ מינוט נישט יאָ און נישט ניין, און אַ מינוט...

— פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ און אייערע הענט און פיס און אייער לייב און לעבן און גייט צו אַלדע שוואַרץ יאָר. גיטס מיר עפּעס צו קאָפּ ווייטיק. משוגענער! אַ קאָנסאָלידאַציע וועט אין אייך אַריין, און די דאָקטוירים וועלן זאָגן, אַז ס'איז אַ ווירוס.

— וואָס שעלט איר?! פאַר וואָס פאַרמאַכט איר נישט אייער ווערעמדיק מויל?

— ווייל עס שטעקט נישט עפּעס דערין!

## זייט געזונט

(מעדיציניש ע אָנווייזונגען אויף די הייסע זומער־חדשים)

די מיסיס ראָזאַ בירגער, זאָל זיין אין ליכטיקן גן־עדן, איז געווען מיין פּאַציענטין, אונטער אַ שטרענגער באַהאַנדלונג. צווישן מיינע פּאַציענטן האָב איך אויך געהאַט דעם אינזשיניער יעקב פּיקסלער זכרונו לברכה, שלמה בלאָס, איטשע ווייס, עליהם השלום. אַלע זענען זיי מיינע פּאַציענטן געווען. איצט, דער פּראָפ' אַרטור ציגלער, דריי און פופציק יאָר אַלט, געזונט און שטאַרק, געפינט זיך שוין אונטער מיין באַהאַנדלונג.

היט אייער געזונט און פאַרלאָזט אייך נישט אויפן דאָקטער. דער דאָקטער איז נישט קיין מלאך און אַ מאָל אַ סך ערגער.

באָד זיך יעדן טאָג אין ים. דאָס ים־וואַסער אַנטהאַלט אין זיך פאַרשידענע מינעראַלן וואָס ווירקן גוט אויפן געזונט. זאַלץ, פאָספאָר, יאָד, אוראַניום, און אויך וואַסער. דערנאָך איז זייער גוט זיך צו מאַכן אַ וואַנע פון אָדעקאָלאָן.

ס'איז זייער געזונט צו שווימען. שווימען זאָלסטו נאָר צווישן מענטשן וואָס האָבן לאַנגע האָר און געדיכטע בערד, ווייל טאָמער חלילה הייבסטו זיך אָן טרינקען, און נעבן דיר איז פּונקט פאַראַן אַ ראַזירטער מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ און אַ פּלאַ־טשיקער נאָז, האָסטו נישט ביי וואָס זיך אָנצוכאַפּן.

דער רעטער ביים ים ראַטעוועט נאָר אַזעלכע וואָס טרינקען זיך אין וואַסער. טאָמער טרינקסטו זיך אין חובות, קען ער דיר גאָרנישט העלפן.

נוץ אויס די זון מיט אירע אולטראַפּיאָלעט־שטראַלן, און נעם וואָס מער זונבעדער. נאָכן ערשטן זונבאָד, דאַרף מען נישט לייגן קיין קאָמפּרעסן לענגער ווי זיבן טעג. דערנאָך קענסטו שוין אָפּשיילן די הויט מיט די פינגער.

היט זיך די הויט. אין דעם לאַנד און ביי דעם קלימאַט, מוז יעדער בירגער געדענקען ביי טאָג און ביי נאַכט, אַז מען דאַרף זיך היטן די הויט.

ביי אונדז אין לאַנד זענען פאַראַן ווייס־הויטיקע, געל־הויטיקע, ברוין־הויטיקע, שוואַרץ־הויטיקע, און... גראָב־הויטיקע.

אויב דו ווילסט זיך אויסהיטן, אַז דו זאָלסט נישט באַקומען קיין געריבצלטע הויט, לייען נישט די נייעסן פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

מיט דער הויט מוז מען זיין פאַרזיכטיק. דאָס בעסטע איז אַריינצוגיין צו אַ דאָקטער. ס'איז פאַראַן אַ האַרץ־דאָקטער, אַן אויגן־דאָקטער, און אַ הויט... שינדער.

זיי פאַרזיכטיק מיט פיש. קאַליעדיקע פיש זענען גוט צום פאַרקויפן, נישט צום עסן.

טאָמער האָסטו באַמערקט אַ פּלוצעמדיקע דערשיינונג פון שוואַרצע פלעקן אויפן האַלדז, זאָלסטו דאָס נישט פאַרנאַכלעסיקן. דאָס פאָדערט אַ גיכע באַהאַנדלונג. דאָס בעסטע איז זייף מיט וואַסער.

אין די זומער־חדשים זאָלסטו וואָס ווייניקער אַרבעטן. אין די ווינטער־חדשים זאָלסטו בכלל נישט אַרבעטן.

היט זיך אויס פון פליגן און מאָסקיטן. איין ליטער די.די.טי. איז גענוג פאַר אַ דירה מיט אַכט פליגן.

באַנאַנעס, אייער, קאַקאָסניס, און אַרבוזן, איז נישט געזונט צו עסן מיט די שאָלן.

רויכער נישט קיין פּאַפּיראָסן, ווייל טאַבאַק און ניקאָטין ווירקן זייער שלעכט אויף מענטשן קליינע פאַרדינערס.

אַ מענטש, וואָס האָט אַ פּאַראַליזש, טאָר נישט שפּילן קיין פוטבאָל. אַ נאָז־קאָטאַר דאַרף מען נישט אָפּערירן, און אַ העקסנשוס קען מען אויך באַקומען אַן אַ ביקס.

די הויפּטזאַך איז עסן וויטאַמינען. מאַראַנצן זענען רייך אין וויטאַמינען. אָבער איר מוזט נישט עסן קיין מאַראַנצן, איר קענט טרינקען בלויז דעם זאַפט. איין גלאָז מיט זאַפט אַנטהאַלט אין זיך פיר מאַראַנצן. נאָך בעסער, איר קענט אַרויסציִען פון דעם זאַפט נאָר דעם עסענץ. דעם עקסטראַקט. אַ טיי־לעפּעלע פון אַזאַ עסענץ אַנטהאַלט אין זיך צוואַנציק גלעזער זאַפט. מען קען אויך איינ־טריקענען דעם עסענץ און פאַרוואַנדלען אים אין טאַבלעטן. אין דער גרייס פון אַן אַספּירין. איין טאַבלעט אַזאַ אַנטהאַלט אין זיך צוואַנציק לעפעלעך עסענץ. איצט מאַכט דעם חשבון, וועט איר זען, אַז ווען איר שלינגט אַראָפּ אַזעלכע צען טאַבלעטן, האָט איר אויפגעגעסן אַ ישׂראלדיקן פּרדס פון צוואַנציק דונאַם. נאָך דעם אַ פּודינג, זענט איר זאָט ביז אַהער. אַז איר וועט אויספירן די אַלע אָנווייזונגען, וועט איר זיין געזונט און שטאַרק, און איר וועט לעבן אַזוי לאַנג ביז עס וועט אייך אַליין נמאס ווערן.

יעדער מענטש דאַרף אָבער פון צייט צו צייט זיך לאָזן אונטערזוכן פון אַ דאָקטער, ווייל... אַ דאָקטער דאַרף אויך לעבן.

## אַ רויבער

נאָך דעם ווי דער דאָקטער האָט שוין פאַרשריבן גענוי ווי אַלט ער איז, וויפל יאָר ער איז שוין אין קאַנאַדע, ווען ער האָט דאָס צווייטע מאָל געהייראַט און נאָך אַנדערע זאַכן, האָט ער זיך אַ האַלב נאַקעטער אָוועקגעלייגט אויפן הויכן שמאָלן

בעטל. דער דאָקטער מיטן הער־אַפּאַראַט האָט זיך צוגעהערט צו אַלע ווינקעלעך פון האַרץ, אויסגעקוועטשט דעם הויכן האַריקן בויך און געזאָגט:

— איר זענט צו פעט. צו וואָס דאַרפט איר אַזוי פיל פעטס? וואָס פאַרא נוצן האָט איר דערפון?

— איך האָב אייך דען געזאָגט אַז איך דאַרף פעטס? איך האָב אייך געזאָגט, אַז איך האָב אַ נוצן דערפון? מיך דריקט, מיך קוועטשט. העלפט מיר דאָקטער און פאַרשרייבט מיר עפּעס אַ גוטע זאַך איינצונעמען.

— נישט איינצונעמען דאַרפט איר, נאָר אַראָפּצונעמען.

— איז נעמט אַראָפּ און אַ סוף זאָל עס נעמען.

— דאָס איז געוווּנדט אין אייך אַליין. יעדן טאָג גימנאַסטיק. הייבט אייזן, שפּרינגט, שטעלט אייך יעדן טאָג אויפן קאָפּ.

— וואָס? בין איך אַ צירק־אַקראָבאַט? קוים וואָס איך שטיי אויף די פיס, הייסט ער זיך מיך שטעלן אויפן קאָפּ, און מיט אַזאַ בויך הייסט איר מיך שפּרינגען?

— איז גייט.

— פאַר וואָס הייסט איר מיך גיין? כ'האָב אייך מיט עפּעס באַליידיקט?

— ניין. כ'מיין פּשוט גיין. גייט יעדן טאָג זעקס מייל צו פוס און דאָס פעטס וועט אַרונטער, די מוסקולן וועלן זיך שטאַרקן. און איר וועט זיך פילן גאָר אַן אַנדערער מענטש.

דאָס איז טאַקע געווען די ערשטע נאַכט ווי גלייך נאָכן אוונטברויט איז ער אַרויס אויף דער גאַס, אויף צו לאָזן זיך גיין.

אַ טונקל פאַרכמאַרעטער הימל וואָס זאָגט אָן אויף אַ רעגן. אַ ליידיקע גאַס ערגעץ ווייט פון צענטער שטאָט. אויטאָס לויפן אַהין און צוריק. און אויפן טראָטואַר נאָר איין און איינציקער פוסגייער. אַ מענטש וואָס גייט אַראָפּנעמען פון דער וואָג.

טראָפּנס רעגן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל מיט אַזאַ געלאַסנקייט, מיט אַזאַ יישוב הדעת. דערנאָך זענען זיי וואָס אַ מאָל שטאַרקער געוואָרן. ער האָט פאַרשנעלערט די טריט און איז צוגעקומען צו דעם העל באַלויכטענעם שאָפּינג־צענטער. אַ צענטער מיט קראָמען וואָס פאַרזאָרגט די באַפעלקערונג פון דער געגנט מיט אַלעם וואָס מען דאַרף. אָוועקגעשטעלט זיך אונטער דעם דאַך וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער לענג פון די געשעפטן איבערוואַרטן דעם רעגן.

פון אַ ווינקל־מויער האָט אַרויסגעוואָיעט אַ קליין הינטעלע אַ צוגעטוליעטס צו דער וואַנט. איז ער צוגעגאַנגען, איינגעקוקט זיך אין דעם קליינעם באַשעפעניש‏ל, אַ גלעט געטאָן עס איבערן קעפּל. אַ ווייס הינטעלע מיט אַ שוואַרץ נעזל קוקט אַרויף צו אים וואָיענדיק מיט בעטנדיקע אייגעלעך. אַן אויסגעצערטלטס, זיכער פון אַ זאַטער היים אַרויס. פאַרבלאָנדזשעט מן הסתם. ער האָט עס גענומען אויף דער האַנט און דאָס הינטעלע האָט ציטערנדיק זיך געטוליעט צו זיין וואַרעמער ברוסט.

אַן אויפגעוואַרעמט וווּרשטל אין אַ טעלער האָט ער אַרויסגעבערענגט פון רעסטאָראַן אַרויס, אָבער דאָס הינטל האָט נישט מער ווי אַ שמעק געטאָן צו דעם. צוריקגעצויגן זיך, און ווייטער געוואָיעט. ווער ווייסט וואָס דאָס הינטל לעבט איבער. אַ מענטש רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, ווערט אים לייכטער. אַ שטומע צונג

דריקט זי אויס איר צער וואָיענדיק. אַ מענטש וויזט אַרויס אַ ביסל מענטשלעכקייט צו אַ הונט, ווערט דער הונט נאָך מענטשלעכער ווי דער מענטש.

איז דאָס הינטל נאָכגעגאַנגען זיין אומבאַקאַנטן פריינד, און מער פון אים נישט אָפּגעטרעטן.

צוקומענדיק צום עק גאַס, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אָן אַ מענטש מיט אַ וואַליזע אין האַנט. ווען דער מענטש דערשרעקט זיך נישט אַזוי, וואָלט ער אויף אים קיין אַכט נישט געלייגט, אָבער דער מענטש איז געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער, אַ צעטומלטער, האָט ער זיך צעשמייכלט נאַרישעוואַטע און דערציילט אים, אַז ער איז איצט געקומען צו פאָרן פון ווייט. זיין מומע האָט אים נישט אָפּגעוואַרט אין פליפאָרט, קען זיין דערפאַר וואָס דער עראָפּלאַן איז אָנגעקומען פריִער פאַר דער צייט. איז ער אַליין געקומען צו דער מומעס הויז, איז קיינער נישטאָ, דאָס הויז איז געשלאָסן. בלאָנקעט ער זיך אַרום איינער אַליין מיט אַ שווערער וואַליזע אין אַ פרעמדער שטאָט.

ער האָט זיך געלאָזט העלפן דעם פרעמדן מענטש. געפירט אים אין האָטעל אַריין, געאָמפּערט זיך מיט אים איבער דער וואַליזע, געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז ער דאַרף אַראָפּנעמען פעטס. אַז דאָס גיין, און נאָך דערצו מיט אַ שווערער וואַליזע איז זייער אַ גוטע זאַך פאַר אים. דער פרעמדער האָט ווידער געפּרוווט מיט כּוח אַרויסנעמען זיין וואַליזע, אָבער ער האָט מסכּים געווען צו לאָזן אים טראָגן די וואַליזע ביזן צווייטן עק גאַס.

געגאַנגען איז ער סאַפּענדיק, אָבער פעסט, מיט ברייטע זיכערע טריט. די שווערע וואַליזע האָט אים געריבן דעם פוס, אָבער ער איז געווען צופרידן, ווייל ער האָט געפילט, אַז דאָס פעטס הייבט זיך אָן צו רירן אויף צוריק. האַרט נעבן אים איז געגאַנגען דער פרעמדער און האָט נישט אויפגעהערט רעדן וועגן זיין עלנטקייט אין דער פרעמדער שטאָט. פון הינטן איז שטיל און הכנעהדיק נאָכגע־גאַנגען דאָס ווייסע הינטעלע.

צוקומענדיק צום עק גאַס, האָט זיך דער פרעמדער פאַרקערעוועט אין אַ זייט, אַריינגעשפּרונגען אין אַ פאַרבייפאָרנדיקן אויטאָ, וואָס איז שנעל פאַרשוווּנדן און געלאָזט די וואַליזע אין זיינע הענט.

נישט באַוויזנדיק צונויפצונעמען די געדאַנקען און דורכטראַכטן וואָס דאָ איז געשען, האָט זיך מיט אַ שאַרפן סקריפּ אין די רעדער, פאַרהאַלטן נעבן אים אַ פּאָליציייִשער אויטאָ. ער האָט זיך רויִק געלאָזט צופירן צום טירל פונעם אויטאָ. פאַרן אַריינשטעלן דעם פוס האָט ער געבעטן דעם פּאָליציאַנט, ער זאָל אים דער־לויבן מיטצונעמען דאָס הינטעלע. דער פּאָליציאַנט האָט אים דערלויבט און ער מיט דער וואַליזע און מיט דעם הינטעלע זענען אָפּגעפירט געוואָרן צו דער פּאָליציי־סטאַציע.

נאָך אַ לאַנג שעהעדיקע אויספאָרשונג, האָט דער אויספאָרשער אויסגעשריגן אָן אויפגערעגטער: רעד נישט צו מיר ווי צו אַן אידיאָט... וועלכער משוגענער וועט דיר גלייבן אַזעלכע תּשובות? געגאַנגען איין גאַס, געטראָפן אַ פרעמדן וואָס די מומע זיינע איז נישטאָ אין דער היים. טראָגט ער דערפאַר זיין וואַליזע פול מיט זילבער און אַנדערע זאַכן וואָס זענען אַרויסגעגנבעט געוואָרן נאָך אַן איינברוך

אין אַ געשעפט, ווייל ער וויל אַראָפּנעמען פעטס. דאָס הינטל וואָס געהערט צו אַ רייכער פרוי וואָס איז באַרויבט געוואָרן גייענדיק אין גאַס, און ליגט אין שפּיטאָל אַ פאַרוווּנדעטע, האָט ער געפונען אין שאָפּינגס־צענטער. פאַר וואָס רעדסטו צו מיר ווי צו אַן אידיאָט? אויב דו האָסט טאַקע נישט געהאַט קיין שׂכל אויסצוטראַכטן עפּעס קליגערס, איז דאָך שוין בעסער פאַר דיר דו זאָלסט זיך מודה זיין.

ער זיצט שוין דריי חדשים. די אויספאָרשערס און די ריכטערס זענען אַלע אויפֿגערעגט אויף אים, פאַר וואָס ער גיט זיי אַזעלכע נאַרישע אויסגעטראַכטע תּשובֿות, און וויל נאָך, אַז מען זאָל אים גלייבן. אויב ער וועט נישט אויסגעפינען קיין לייטישע איבערצייגנדיקע תּשובֿות, האָט ער נישט קיין שאַנסן צו קענען אַ מאָל באַפרייט ווערן.

דערווייל האָט ער שוין אַראָפּגענומען פינף און צוואַנציק פונט פון דער וואָג. מיט פינף פונט מער ווי דער דאָקטער האָט אים געהייסן.

## אוי, ווּ נעמט מען יענע יאָרן?...

אַ הייסער טאָג. אין פּאַרק הוידען זיך קינדער אויף הוידלקעס, פּליעסקען זיך אין וואַסער פון באַסיין, גליטשן זיך פון די שיפּע גליטשערס אַראָפּ. זעץ איך זיך אויף אַ באַנק חלומען, לאָז פאַרדרימלען די געדאַנקען, פאַרגעס, אַז דאָס איז אַ פּאַרק אין מאָנטרעאָל. און איך זע זיך, ווי תּמיד אין תּל־אָבֿיבֿ, אין אַ קאַפעהויז אויף דיזענגאָף.

אַ בלאָנד שיקסעלע מיט אַ פאַרריסן נעזל מיט זומער־שפּרענקעלעך, פרעגט מיך ווי שפּעט ס׳איז. און איך, אַ פאַרטראַכטער, ענטפער איר אויף עבֿרית: עשׂר וחצי. איך האָב זיך גלייך געכאַפּט, אַז מען דאַרף דאָס זאָגן אין ענגליש. אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט. דאָס מיידעלע האָט מיר שוין געענטפערט: תּודה רבה, אדוני, און אַנטלאָפן.

אַן עלטערער מענטש שטופּט אַ הוידלקע און הוידלט אַ יינגעלע. דאָס יינגעלע שרייט כּסדר: העכער, שטאַרקער! דער אַלטער סאָפּעט און קען אַפילו דעם שווייס נישט אָפּווישן, ווייל ביידע הענט שטופּן די הוידלקע. אַ רחמנות אויף אים. ער טוט נעבעך אַלץ, אַז דאָס יינגעלע זאָל פון אים זיין צופרידן. אָבער כּוח? דער קליינער פאַרברויכט דאָך אַלע זיינע כּוחות און ס׳איז אים נאָך אַלץ צו ווייניק.

דער אַלטער זעצט זיך צו אויף מיין באַנק. ער טראָגט זייער הויכע הויזן וואָס גרייכן אים נאָענט צום ברוסטקאַסטן, און דער פּאַסיק, וואָס האַלט צו די הויזן, ליגט אים אויפן בויך. אונטן זענען אים די הויזן אַזוי לאַנג, אַז די ברייטע מאַנזשעטן ווישן די ערד. די הויזן — האָט ער מיר דערנאָך געזאָגט — האָט ער זיך באַשטעלט אויף דער מאָס. ער קען זיך נישט צוגעוווינען צו די היינטיקע פאַרטיקע הויזן.

לויט די הויזן דאַרף ער זיין אַ יידיש רעדנדיקער ייִד, און עס וואָלט געווען

כדאי צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס. ווי אַזוי ווערט מען דאָס געוווער? הייב איך זיך אָן אונטערזינגען דאָס באַקאַנטע לידל: „אוי, ווו נעמט מען יענע יאָרן?" דערויף האָט ער טרויעריק צוגעשאָקלט דעם קאָפּ צו יעדן וואָרט.

— אין יענע יאָרן — האָט ער אָפּגעזיפצט — האָט מען געהאַט אַ הנאה פון לעבן. אַ גלעזל ניינציקער מיט אַ שטיקל שמאַלץ־הערינג אין בוימל, געהאַקטע לעבער מיט ציבעלעס, אַ פּאַס זויערקרויט אויף ווינטער. היינט פרעסט מען פּושקעס, טשאָלנט אין פּושקעס, קרעפּלעך אין פּושקעס, קניידלעך, געפילטע פיש, אַלץ פון די פּושקעס אַרויס. יענע יאָרן... אוי, ווו נעמט מען יענע יאָרן? — קרעכצט ער אַרויס די ווערטער מיט דעם ניגון צוזאַמען.

— פון וואַנען איך בין? אַ ניו־יאָרקער. איך בין געקומען קיין אַמעריקע, שוין אַ מעשׂה, ווער געדענקט? דאַכט זיך אַז גלייך נאָך קאָלומבוסן. מיין טאָכטער וווינט אין מאָנטרעאָל. זי האָט צוויי רעסטאָראַנען, איינער אירער, דער צווייטער, איר מאַנס. ס'ווערט מיר סקוטשנע אין ניו־יאָרק, קום איך אַהער און נעם מיר אַרויס אָן איניקל אין פּאַרק אַריין. אַ ווויל יינגעלע. ער הייסט נאָך מיין טאַטן, שלמה. זיי רופן אים אַנדריאַן. אַנדריאַן איז שענער פון שלמה? האַ? קוקט, קוקט ווי דאָס רוט נישט קיין רגע. איך בין מיט אים דעם דריטן טאָג און ער האָט מיך שוין גלייכגעלייגט. כ'פּיל שוין נישט קיין גאַנצן אבר. מאָרגן מערצעשעם אַנטלויף איך צוריק קיין ניו־יאָרק ראַטעווען זיך ס'לעבן. דער קליינער, אַזוי ווי איר קוקט אים אָן, האָט ער נישט קיין פונק רחמנות אין זיך. אַ נאָסטאַיאַשטשע רוצח, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין... צו אַלדע שוואַרץ יאָר אויף מיינע שונאימס קעפּ. אוי, ווו נעמט מען יענע יאָרן?

— שוין, ער קלעטערט מיר שוין ווידער אויף דער פּלייצע. אַ בראָך! מיט די נעגל אין די אויגן אַריין. ער וועט דאָך מיך בלינד מאַכן. איר, מישט זיך נישט אַריין. שרייט נישט אויף אים. ער קען ווערן בייז, וועט ער וואַרפן שטיינער. יעדע נאַכט וועקט ער מיך פון שלאָף. ער וויל, אַז איך זאָל אים אויך אויסלערנען פייפן מיט דער נאָז. אַזאַ באַנדיט איז דאָס... וואָס טוט אַזאַ ייִד ווי איר? פון וואָס מאַכט איר אַ לעבן?

— פון הומאָראָלאָגיע.

— וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

— כ'שרייב הומאָרעסקעס.

— אַזוי! האָט איר דאָך געהאַט מער שׂכל פון מיר. איר זענט באַצייטנס אַריין אין די דאָזיקע זאַכן און איר האָט זיך אויסגעלערנט ס'פאַך. איך האָב זיך אָפּגעמוטשעט אַ לעבן, פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע. אַ טויזנטער אַ חודש האָט איר דאָך? און אפשר נאָך מיט אַ שמיצל אַריבער. אַ צוואַנציק טויזנט דאָלער אַ יאָר?

— מ'קען נישט זאָגן, ס'הייסט זאָגן קען מען יאָ. אָבער...

— וואָס איז וויכטיק? אָן איבעריקן דאָלער לייגט איר אַוועק? שוין. וואָס דאַרפט איר מער? וואָס לויפט איר? וואָס איז דאָס געאייל אַזוי פלוצעם?

— איך לויף ווייל איך האָב איצט געכאַפּט אַ גוטע טעמע.

— דאָס איז אַלץ פון די היגע משוגענע ווערטער. לויפט גיך אַ היים, נעמט

אַן אַספּירין, אַ וואַרעמפלאַש צו די פיס. צו מאָרגנס אַז איר וועט זיך נישט פילן בעסער, רופט אַ דאָקטער. כאָטש זיי וויסן אויך פון זייערע הענט און פיס, אָבער ווען עס האַנדלט זיך אין געזונט טאָר מען נישט זשאַלעווען דעם דאָלער. פאַר דריי וואָכן האָב איך אויך אַריינגעכאַפּט אַזאַ מין זאַך, בין איך געלעגן נישט פאַר אייך געדאַכט מיט אַ געשוואָלענער נאָז. ס׳האָט פון מיר אַרויסגעצויגן דעם גאַנצן מאַרך פון די ביינער.

איך בין געגאַנגען מיט שנעלע טריט און דאָס קול פון דעם ייִד איז מיר נאָכגעלאָפן פון פאַרק אַרויס:

— אוי, ווו נעמט מען יענע יאָרן!...

## תחית המתים

— דער דאָקטער האָט אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט רעדן. אַז דאָס רעדן קען אונדז חלילה ברענגען דאָס גרעסטע אומגליק, אָבער ביי אייך פאַרמאַכט זיך נישט דאָס מויל. וואָס רעדט איר אַזוי פיל? איר זענט דאָך קראַנק, קענט איר דאָך ליגן רויק און קראַנק זיין געלאָסן אַזוי ווי איך. די מחלה אַליין האָט דאָך דעמאָלט אַן אַנדערן טעם.

— מען האָט דאָך מיר אַרויסגעגבעט דריי דאָלער מיט אַכציק פון אונטערן קישן און איר הייסט מיר ליגן רויק און קראַנק זיין געלאָסן? ווער האָט מיר דאָ געקענט אַרויסשלעפּן פון אונטערן קישן אַפּויר דריי דאָלער מיט אַכציק סענט?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? אין דעם צימער ביי אונדז איז היינט געווען דער הויפּט־דאָקטער, דער כירורג און דער ספּעציאַליסט פון האַרץ־קראַנקייטן.

— יאָ, האָבן זיי מיך אַזוי לאַנג געטאַפּט און געטאַפּט, ביז ס׳זענען מיר פאַר־שוווּנדן דריי דאָלאַר מיט אַכציק. מיר האָבן דאָך אַן אויסערגעוויינלעכן כירורג. ער קען דאָך אַרויסנעמען אַלצדינג פון אינעווייניק, אַז מען זאָל גאַרנישט פילן.

— מאַכט שוין צו דאָס מויל. שווייגט אַ ביסל, וועט איר אָפּשוינען די אַסטמע אייערע, וועט איר זיך פילן בעסער.

— איך פיל זיך גאַנץ גוט. איך בין בכלל אַ געזונטער מענטש. דאָס איינציקע פון וואָס איך לייד, איז פון גוף, פון דעם קערפּער מיינעם. מענטשן טראָגן זיך אַרום מיט קערפּערס זעכציק יאָר און נאָך מער, און זיי גלאַנצן אַזוי ווי ניי. און מיך האָט אַזאַ אומגליק געטראָפן. צוליב מיין, כ׳בעט אייך איבער, קערפּער, וועל איך נאָך די נשמה אויסהויכן. דעם געזונטסטן מענטש קען אַזאַ קערפּער אַוועקלייגן.

— אַוודאי. דער מענטש באַשטייט פון אַ קליין פּיצעלע נשמה מיט אַ סך קערפּער. ס׳זענען נאָך דאָ אַזעלכע וואָס האָבן בלויז קערפּער אָן אַ ברעקל נשמה, און זיי הייסן אויך מענטשן. און וואָס איז עס דען אַזעלכעס דאָס דאָזיקע מישטיינס־געזאָגטע באַשעפעניש וואָס הייסט מענטש?

— גאָרנישט. איר מעגט מיר גלייבן, אַז גאָרנישט מיט גאָרנישט. ס׳איז אַפילו נישט כּדאַי צו רעדן וועגן דעם. דער מענטש איז אַזוי ווי אַ הויפּטוועג וואָס מען האַלט אים אין איין פאַרריכטן.

— און ער איז צעבראָכן.

— אָבער מען פאַרט.

— אַך און ווי איז צו אַזאַ פאָרן.

— די מענטשן וואָס דרייען זיך איצט אַרום אין די גאַסן רעדן זיך איין אַז זיי זענען געזונט. פילט זיך עמעצער שלעכט איז ער זיכער, אַז עס וועט אַריבערגיין. און אַז איינער פילט זיך גוט, איז ער זיכער, אַז דאָס איז אַן אייביקייט. איינער איז גרייט אויפצופרעסן דעם צווייטן ווי די ווילדע חיות, און מען זאָגט, אַז דאָס איז מענטשלעך.

— אַזאַ וועלט איז דאָס. אַ מיאוסע נשמה מיט אַ שיינעם קראַוואַט. אַ העלער קאָסטיום מיט אַ פינצטער האַרץ. אַ גראָבער יונג מיט אַן אינטעליגענטער מאַשין.

— און מיט אַזאַ לעבן מאַכט מען אַ לעבן.

— איר זעט דאָך, אַפילו אין שפּיטאָל, ווו יעדער איינער זעט שוין אַז דאָס געלט האָט קיין שום ווערט נישט, אַז דאָס וויכטיקסטע איז דאָס געזונט. פון דעסטוועגן גנבעט מען. אוי, אוי, מיינע קישקעס. ס׳איז מיר שוין ווידער באַפאַלן אַ וויטיק אין די געדערים. איר פאַרשטייט וואָס מיר איז געשען? דריי דאָלער מיט אַכציק. פון אונטערן קישן אַפּויר. ווער קען דאָס אויסהאַלטן אַזעלכע ווייטיקן?!

— אַ וויטיק פון דריי דאָלער מיט אַכציק?

— דאָס אויך, אָבער די קישקעס. ווי און ווי, וואָס איך האָב געטאָן. איך האָב דאָך מיך אַליין אומגליקלעך געמאַכט. איך האָב ליב געפילטע קישקע. איך גיי אויס נאָך אַ שטיקל געפילטע קישקע. ווער זאָל וויסן, אַז מיינע קישקעס פאַרטראָגן נישט קיין קישקעס? אַז מיינע קישקעס וועלן איינגעמען אַזאַ סוף פון די קישקעס?

— אַוודאי, אַז אַ מענטש פרעסט אין זיך אַריין אַזעלכע חזירייען. איך בין אַ וועגעטאַריער. איך עס גרינס, פרוכטן. פון דעם ווערט אַ מענטש געזונט. וועט איר דאָך פרעגן, פאַר וואָס איך בין אַזוי קראַנק.

— יאָ. פאַר וואָס זענט איר טאַקע אַזוי קראַנק?

— איך בין געווען אין אַ פענסיאָנאַט פאַר וועגעטאַריער. צו יעדער מאָלצייט האָט מען מיר געגעבן צוויי מאַנדלען, אַ רעטעכל, אַ האַלבע אוגערקע און אַ גלאָז וואַסער פון קראַן. דערנאָך האָט מען מיט מיר געמאַכט אַ יאָגאַ, מען האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויפן קאָפּ. איז אויפן קאָפּ בין איך שוין געשטאַנען אַזאַ יאָר אויף מיר. נאָר אויף די פיס, וואָס אַ מאָל שוואַכער. האָט מען מיך געהיילט מיט ים־געוויקסן. די ים־געוויקסן האָבן אין זיך מינעראַלן, יאָד, פאָספאָר, נו, און ים־וואַסער. האָב איך זיך טאַקע אָנגעהויבן פילן יעדן טאָג בעסער. ביז מען האָט מיך גענומען אין שפּיטאָל אַריין.

— צוליב די ים־געוויקסן.

— ניין. צוליבן מאָגן. די ים־געוויקסן זענען אין בעסטן אָרדענונג. זיי זענען נאָר נישט געוווינט צו מיין מאָגן. זיי זענען געוווינט צו די פעלדזן אין ים. און ביז זיי וועלן זיך צוגעוווינען און זיך אַקלימאַטיזירן אין מיין מאָגן... אוי, ס׳האָט

מיך שוין ווידער אָנגעכאַפּט אַ ווייטיק. געפילטע קישקע דאָס איז גיפט. שאַנעוועט אייער געזונט און עסט גרינס, פּרוכטן.

— זייט אַזוי גוט און לערנט מיך נישט וואָס צו עסן. ער גייט מיר זאָגן וואָס צו עסן. אַ לייב עסט בלויז פלייש און איז שטאַרקער פון אַלע חיות.

— אַ העלפאַנט עסט בלויז גרינס און איז געזינטער פון אַלע חיות.

— אָן אייזל עסט דאָך אויך גרינס.

— זעט איר דאָך, אַז אַפילו אָן אייזל האָט מער שׂכל פון אייך.

— מער שׂכל פון מיר האָט ער נישט. אָבער דעם זעלבן שׂכל וואָס איר, האָט ער יאָ.

— איר האָט נסים, וואָס ס׳איז נישטאָ געגוג פּלאַץ אין דער כירורגישער אָפּטיילונג, אַנישט וואָלט איך אייך שוין געמאַכט פאַר אַ דאַרטיקן פּאַציענט.

— קוק אָן דעם גיבור. פאַרמאַכט דעם פענצטער, ווייל דער ווינט קען אייך אַרויסבלאָזן. רוט אייך בעסער אויס אַ ביסל, וועט איר האָבן כּוח אויפצושטיין תּחית המתים.

— לאָזט מיך אָפּ, ווייל איך פיל זיך נישט גוט. אוי איז מיר נישט גוט. ס׳איז דאָך מיר אַזוי...

— דאָס קומט אַרויס פונעם קריגן זיך. איינער רעגט אויף דעם צווייטן. ר׳ מענדל! ר׳ מענדל, אָטעמט! הערט מיך און אָטעמט! אַ ייִד אַ רשע און אַ להכעיסניק. אַז איך וועל אים זאָגן אָטעמט, וועט ער דווקא נישט אָטעמען. פאַר וואָס אָטעמט איר נישט? מען קען דאָך מיינען חלילה... זעטס נאָר וואָס דאָ איז געשען! איך האָב דאָך געפונען געלט! דריי דאָלער מיט אַכציק!

— ס׳איז מיינס! זאָל איך אַזוי לעבן ווי ס׳איז מיינס! כ׳האָב עס געהאַט פריִער אונטערן קישן.

— באַרויִקט אייך. שפּרינגט נישט פון בעט אַראָפּ. זעטס נאָר זעטס. צוליב דריי דאָלער מיט אַכציק איז אַ מענטש אויפגעשטאַנען תּחית המתים.

## אַ מאָל איז געווען אַ תּל־אָביב

אַ וועלט, קוקטס אָן אַ וועלט! דאָס איז אַ וועלט?! אַ באַלאַגאַן איז דאָס חביבי. קוק אָן תּל־אָביב. דאָס איז תּל־אָביב? אַזוי דאַרף אויסקוקן אַ שטאָט ווי תּל־אָביב? נעם למשל פּאַריז. אַזאַ שטאָט ווי פּאַריז. וואָס דאַרף מען גיין אַזוי ווייט? נעם אויסטראַליע. אַזאַ שטאָט ווי אויסטראַליע. נו? וועט איר מיר דערציילן אַז דאָרט איז אויך אַזאַ טומל, אַזאַ גערודער ווי ביי אונדז? וואָס זאָגט איר? נאָך ערגער? נו? איז עס שיין אַזוי? דאַרף עס אַזוי צו זיין?

אַ וועלט איז דאָס? אַמאָליקע יאָרן איז די וועלט געווען אַ וועלט. היינט איז די וועלט אַ שטיק... די כאָלערע ווייסט איר. עד! ווו נעמט מען דעם תּל־אָביב פון אַמאָל?

איך בין שוין איבער פערציק יאָר אין תל־אָביב. דו האָסט בעדאַרפן אָנקוקן אונדזערע חברה פון אַמאָל, געזונט איינס און איינס. מען האָט געאַרבעט ביי בעטאָן אָן גומענע הענטשקעס. מען איז אַרויפגעגאַנגען מיט אַ טראַגע ציגל אויף אָן אייבערשטן שטאָק טאַנצנדיק, בחיי טאַנצנדיק. יעדער איינער פון אונדז האָט געהאַט אַזעלכע מוסקולן. דו זעסט וואָס איך וויז דיר? אַזעלכע מוסקולן!

חברה זענען דאָך געווען אייזן. מען האָט נישט געוווּסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס אַ פעקטאָריס, אַ טראַמבאַזע, גריפּע, אולקוס, אַזוי פיל מחלות האָבן מיר היינט, און קעגן די דאָזיקע מחלות האָט מען דערפונדן אַ סך וווּנדערלעכע רפואות, וואָס העלפן נישט.

פון וואַנען האָבן זיך גענומען די אַלע מחלות? פון די ניערוון! אַלץ קומט פון די ניערוון. קוק זיך צו, יעדער איינער לויפט, יאָגט. ניערוון חביבי זענען נישט קיין ניילאָן. עס פּלאַצט!

אַ מאָל זענען געווען צייטן, יאָ שייך! מען איז אַריינגעגאַנגען צו אַלטשולערן. דו ווייסט ווו ס'איז געווען אַלטשולערס רעסטאָראַן? אַ קדחת ווייסטו. דאָרט ביי אַלטשולערן האָט מען געטראָפן די אמתע חברה פון תל־אָביב, און חנה האָט מיר געזאָגט — דו ווייסט ווער ס'איז חנה? חנה ראָווינאַ פון הבימה, זי זעט מיך היינט אין גאַס, וואַללאַ, בחיאתי, ווי זי זאָגט מיר די ערשטע שלום, און זי פרעגט מיך: וואָס מאַכסטו זלמן? איך הייס זלמן. זלמן האָט זי געזאָגט, טרינק אַ גלעזל! זי האָט דערקענט אַז ס'איז מיר פאַרפּאַסקודזעט אויף דער נשמה.

דעמאָלט, חביבי, האָבן חברה נישט געטרונקען קיין אַלקאָהאָל. דעמאָלט האָט מען געטרונקען קאָניאַק.

גאָלדענע חברה געווען. אַלע זענען דעמאָלט געווען סאָציאַליסטן. בן־גוריון איז דעמאָלט אויך געווען אַ סאָציאַליסט. חברה האָבן געהאַט אַ סך תּרבות. מען האָט געלייענט אַזעלכע ביכער, דו זעסט וואָס איך וויז דיר? אַזעלכע גראָבע ביכער!

דבורה, וואָס האָט געאַרבעט אין מטבח הפּועלים, האָט געקענט די גאַנצע יידישע היסטאָריע, פון שלום־עליכם ביז בערל קאַצענעלסאָן. אַ מאָל זענען געווען חברה, יאָ שייך!! אַ מאָל איז מען געשטאַנען אין תל אָביב אין אַ תור, אין אַן אַטשערעד צו אַן אויטאָבוס? ווער איז אין די אַמאָליקע יאָרן געפאָרן אין אַן אויטאָבוס? אַ מאָל איז דער אויטאָבוס געשטאַנען און געוואַרט ביז ער האָט צונויפגענומען פיר פּאַסאַזשירן. ווער זענען זיי געווען די פיר פּאַסאַזשירן? אַ פּרוי אין ניינטן חודש, איינער מיט אַ געגיפּסטן פוס, אַן ענגלענדער מיט אַ מאַנאָקל אין אויג, און דער אַדון מוגראַבי. דאָס איז דער מוגראַבי וואָס האָט אויפגעבויט דעם סינעמאַ מוגראַבי אויפן מוגראַבי. סתּם אַ מענטש איז נישט געפאָרן אין קיין אויטאָבוס. אַז דער אויטאָבוס האָט שוין געהאַט זיינע פיר פּאַסאַזשירן האָט ער זיך צעטראָמבעט מיט אַ טרומייט, און געלאָזט זיך אין וועג אַריין.

ער איז אָפּגעפאָרן אַ צוויי הונדערט מעטער איז ער אַריין אין זאַמד און שטעקן געבליבן, ביז מען האָט געבראַנגט צוויי געזונטע פערד, און צוויי פּרדות, אַ פּאָר חברה האָבן צוגעלייגט אַ פּלייצע ביז מען האָט אַרויסגעשלעפּט דעם אויטאָבוס פון זאַמד אַרויס.

יאָ, יאָ, חביבי, דאָס איז געווען אַ מאָל תל־אָביב. חברה האָבן זיך היינט גוט

אַרויסגעאַרבעט. לוי שקאָלניק האָט זיך אַ נאָמען געגעבן אשכּול און איז געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער. און בן־גוריון. איך קען נישט בן־גוריונען? יאָ שייך! דער גאַנצער בן־גוריון, אַזוי ווי דו קוקסט אים איצט אָן, וואָס איז ער געווען מיט זעכציק יאָר צוריק? אַ יינגל! בחיי, אַ יינגל!

בערגער! בערגער! ימח שמו! ער איז איצט פאַרבייגעפאָרן מיט זיין מאַשין. האָסט געזען וואָס פאַראַ מאַשין דער בערגער האָט?

אַזאַ נבלה! ער האָט זיך נישט געקענט פאַרהאַלטן און זאָגן: זלמן! טפאַדאַל! זעץ זיך אַריין גוטער ברודער, ווו אַהין דאַרפסטו? האָט ער זיך אַפילו נישט אומגעקוקט. דער דאָזיקער בערגער איז אַ מאָל געווען אַ ציגל־לייגער, און וואָס איז ער היינט? אַ שטיק פאַראַזיט! ער האָט צוויי משׂרדים, אָפיסעס מיט זעכצן טעלעפאָנען, אַכט איירקאָנדישנס, יעדע וואָך איז ער קראַנק אויף אַ גריפּע, און יעדן חודש איז ער אין אַמעריקע.

ווען דער דאָזיקער בערגער איז אַ חבר, אַן אמתדיקער חבר, וואָלט ער דאָך מיר דעמאָלט געזאָגט: זלמן, קויף דיר אויך אַ האַלבן דונאַם באָדן און ווער אַ מענטש. צען פונט האָט דעמאָלט געקאָסט אַ האַלבער דונאַם זאַמד אין תּל־אָביב, וואָס איז היינט ווערט אַ מיליאָן. אַ גאַנצער מיליאָן! פאַר זיך האָט ער יאָ געזאָרגט. ער האָט געמאַכט שותּפות מיט מירקינען, דאָס איז דער מירקין וואָס מען האָט אים געוויזן אין סינעמאַ, ווי אַזוי ער שנײַדט איבער אַ באַנד ביים עפענען אַ נייע פאַבריק אין נגב.

צי איך קען מירקינען? יאָ שייך! מיר האָבן אַ מאָל צוזאַמען געאַרבעט ביי דזשאָרעס. אַ טייערער בחור איז ער געווען און אַ גוטער זינגער, ער האָט געהאַט אַ שטימע ווי אַ פאַטעפאָן, זאָל איך אַזוי לעבן. וואָס איז ער היינט? אַ שטיק פאַראַזיט! אַ קאָטעדזש אין צפון, אַ ווילע אויפן כּרמל, מען פייפט אויף זיין נשמה און אויף זיין געלט.

ווער דאַרף געלט? וואָס האָט דען דער מענטש פון זיין גאַנץ געלט? אַ מיאוסע זאַך איז דאָס געלט. אַזאַ חמור ווי איך בין געוועזן, פאַר צען פונט האָב איך געקענט קויפן אַ האַלבן דונאַם אין תּל־אָביב, וואָס איז היינט ווערט אַ מיליאָן, אַ גאַנצער מ י ל י אָ ן!

עך, חביבי! בין איך ווערט פעטש! איך בין ווערט מען זאָל מיר דעם קאָפּ אַראָפּהאַקן.

ווען דער דאָזיקער מירקין זאָגט מיר דעמאָלט: זלמן, לייג אַריין אַ פאָר פונט אין אַ שטיקל זאַמד... וואָס קען שוין איצט העלפן דאָס רעדן?

מירקין האָט חתונה געהאַט מיט בערקאָוויטשס טאָכטער. דו ווייסט ווער דאָס איז בערקאָוויטש? דו קענסט דיר פאָרשטעלן ווער דאָס איז דער קבלן בערקאָוויטש? אַ שטיק פאַראַזיט! אַזאַ אָקס האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען, אַ געענדיקטער נאַר, אין גאַנצן אָן שׂכל, און דערצו נאָך אַן אידיאָט.

ער קען דאָך נישט שרייבן. ווען ער דאַרף עפּעס אויפשרייבן, זאָגט ער, אַז ער האָט נישט די ברילן. זאָל ער דערציילן דער באָבען.

איך בין דאָך אויך נישט קיין גרויסער תּלמיד־חכם, אָבער ווען ס׳האָלט ביים שרייבן, וויפל דו ווילסט. זאָג מיר למשל איצט, כ׳זאָל דיר אויפשרייבן פּתח־תקוה,

נחלת־בנימין אַפילו אין עברית, מאַך איך עס דיר פּערטיק אין פופצן מינוט. אויב דו ווייסט דערנאָך געפינען דאָרט אַ פּאָר גרייזן, בין איך נישט פאַראַנטוואָרטלעך, דערויף בין איך דאָך נאָר אַ מענטש. אָבער ער, בערקאָוויטש, ער קען נישט. דעם דאַזיקן בערקאָוויטש וועסטו היינט נישט קויפן פאַר קיין צען מיליאָן. פּערסישע טעפּיכער ליגן דאָך ביי אים אין שווימבאַסיין. אַ מאָדערנער פּאָרטרעט פון אַ גאַנצן וואַלד מיט ביימער און חיות הענגט ביי אים אין באָדצימער. העלענע רובינשטיין מעג זיך באַהאַלטן מיט איר גאַנצן מוזעום פאַר זיינע בילדער. איילבילדער האָט ער אויף לייוונט, אויף גוטע לייוונט און האַנטאַרבעט, זאָל איך אַזוי לעבן.

ווער איז אים מקנא? איך בין אים מקנא? וואַללאַ, איך אָן געלט האָב מער הנאה פון לעבן ווי דער גאַנצער בערקאָוויטש, ווער דאַרף געלט? צו וואָס דאַרף מען געלט? ווען איך קויף אָבער דעמאָלט אַ האַלבן דונאָם, וואָלט איך דאָך היינט געווען אַ מיליאָנער.

בערקאָוויטש האָט יאָ געקויפט, ער האָט געבאַרגט געלט ביי זיין שוואָגער, גליק הייסט ער, דער שוואָגער זיינער. ער איז אַ דירעקטאָר אין אַ באַנק. ווער איז ער דאָס אַזעלכער דער גאַנצער גליק? איצט וויל איך אַז דו אַליין זאָלסט מיר זאָגן, ווער איז ער דאָס דער דאַזיקער גליק? יאָ!... ריכטיק!... אַ שטיק פאַראַזיט!

דאָס איז אַ גליק? דאָס איז אַן אומגליק!

ווען איך קויף דעמאָלט אַ האַלבן דונאָם... יאָ! אַז אַ מענטשן גייט נישט אין לעבן, זאָגט מען אַז דאָס איז זיין מזל, ער האָט נישט קיין מזל, און אַז עס גייט אים יאָ, און ער ווערט רייך, זאָגט מען אַז דאָס איז זיין שׂכל, ער האָט שׂכל.

דער עיקר אין לעבן דאַרף אַ מענטש זיין אַ מענטש, ווייל אויב דער מענטש איז קיין מענטש נישט, איז דער מענטש נישט קיין מענטש. געלט איז קיילעכיק, אַ מאָל איז עס ביי דעם, אַ מאָל איז עס ביי יענעם — ביי מיר? קיין מאָל נישט! ווען איך הער בלויז דאָס וואָרט געלט, גייט מיר אָן אַ חלשות. ס'עקלט מיך! ווען איך האָב אָבער דעמאָלט שׂכל און קויף אַ האַלבן דונאָם, אוי אוי! אוי אוי אוי!

אַט גייט ער דאָרט דער... ווי הייסט ער דאָרט? אַ שטיק פאַראַזיט!

## איטשע בעל־עגלה

תּל־אָביב איז אַ גאַנץ שיינע שטאָט. איך זאָג נישט אַז ניין. אָבער נישט פאַר מיר! איך בין געוווינט צו דעם אַמאָליקן תּל־אָביב, ווען איך בין דאָ געווען אַ חשובער באַלעבאָס. איך האָב געהאַט מיין אייגענעם פיאַקער. אַ דראָזשקע מיט צוויי פערד. יעדן טאָג האָב איך זיך אָוועקגעשטעלט מיט מיין דראָזשקע אויף עק שדרות ראָטשליד און הערצל־גאַס. דאָרט איז געווען די תּחנה מרכּזית. איך בין געזעסן אויף דער קאָזלע און געדרימלט צוזאַמען מיט די פערד. ביז עמעץ האָט מיר געגעבן אַ זעץ אין פּלייצע, און אַ געשריי געטאָן: איטשע! גיב זיך אַ שאָקל!

האָב איך אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און דערזען אין דער דראָזשקע דעם דאָקטער אַבראַמאָוויטש פון הדסה־שפּיטאָל. מענדעלע־מוכר־ספרימס אַ פּלימעניק. האָב איך אַ צי געטאָן די לייצעס, אַ קנאַק געטאָן מיט דער בייטש אין דער לופט, אויפצוווועקן די צוויי חיות. און זיי זענען אַוועק אין אַ גאַלאָפּ. אַז זיי האָבן דערזען דעם דאָקטער, האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז זיי דאַרפן מאַכן פיס, ווייל ער איילט זיך צו אַ קראַנקן.

ווען מען איז צוריקגעפאָרן פון אַ וויזיט האָט מען מיר דערציילט וואָס פאַראַ מחלה דאָס איז, און וואָס פאַראַ רפואות מען האָט געגעבן. פון דעם אַליין האָב איך זיך אויסגעלערנט דאָס פאַך. קיין פאָלנער דאָקטער בין איך נאָך נישט, אָבער קליינע קינדער קען איך שוין היילן. אַז די גרעסטע דאָקטוירים פון תל־אָביב זענען געווען מיינע פאַסאַזשירן.

ווען מיינע פערד לעבן און קוקן זיך צו, און זעען וואָס מען האָט געמאַכט פון דעם אַמאָליקן תל־אָביב, קריגן זיי אַ האַרצשלאַק אויפן אָרט.

ביי אונדז אין אַמאָליקן תל־אָביב, האָט מען הנאה געהאַט פון לעבן. מען האָט געפילט אַז מען לעבט. מען האָט געהאַט צייט צו כאַפּן אַ כוסע, אַ טענצל. היינט איז שוין נישטאָ קיין צייט. די צייט אַליין האָט שוין קיין צייט נישט.

פון וואַנעט זענט איר רב ייִד? פון ניו־יאָרק? זענט איר דאָך אַן אייגענער! אַ ישׂראלדיקער! אין ניו־יאָרק זענען דאָך דאָ מער ישׂראלים ווי אין ישׂראל. ווען נישט ישׂראל וואָלט דאָך היינט שוין קיין ייִדן נישט געווען אין אַמעריקע. אויב ס'וועט אַזוי גיין ווייטער, וועט אַמעריקע זיך בעטן ביי ישׂראל אַז מ'זאָל איר צוריקגעבן ניו־יאָרק.

איר האָט אַ מזל וואָס איר האָט געטראָפן מיך, אַ ייִד פון אַמאָליקן תל־אָביב. אַן אַנדערער וואָלט זיך נישט אָוועקגעשטעלט אין גאַס אין מיטן העלן טאָג שמועסן, ס'איז שוין דאָ געוואָרן פונקט ווי ביי אייך אין ניו־יאָרק. ביי אונדז איז דאָ מענטשן־רעכט. יעדער איינער האָט דאָס רעכט צו זיין אַ מענטש. אָבער נישט יעדן איינעם גלוסט זיך.

וואָס האָט מיר געפעלט אין אַמאָליקן תל־אָביב? די צוויי פערד וואָס איך האָב געהאַט זענען געווען ווי מיינע קינדער. וואָס פאַראַ פאַרשטאַנד, און וואָס פאַראַ נשמות זיי האָבן געהאַט!

נישט יעדן איינעם מעג מען זאָגן: „פערדישער קאָפּ", ווייל נישט יעדער איינער האָט אַזאַ נשמה און אַזאַ שׂכל ווי מיינס אַ פערד האָט געהאַט. מען לויפט ווי די חיות. מען לעבט ווי בהמות און מען האַלט זיך פאַר גאַנצע חכמים.

בן־גוריון איז אויך געווען מיינס אַ פאַסאַזשיר. גאָרנישט קיין לייכטער פאַסאַ־זשיר. אַ שווערער פאַסאַזשיר געווען. ער האָט נישט ליב געהאַט אַז אַן אַנדערער זאָל האַלטן די לייצעס אין דער האַנט...

כ'האָב אַ מאָל אַהיימגעפירט ווייצמאַנען פון אַ זיצונג. איז ער געזעסן און געשוויגן. דאָס איז נישט געווען זיין טבע. האָב איך אים געפרעגט: וואָס זאָרגט איר, רב חיים? דערציילט, אפשר וועט אייך איטשע העלפן מיט אַן עצה.

— אדרבא — זאָגט ער — זאָג מיר וואָס זאָל איך טאָן? מען וויל אַז נאָך דעם ווי מען וועט אַרויסטרייבן די ענגלענדער, זאָל איך ווערן פּרעזידענט פון דער מדינה.

— ווערט! האָב איך געזאָגט — האָט נישט קיין מורא, רב חיים, און ווערט. איר מיינט אַז ער האָט מיך נישט געהאָרכט? זאָל איך אַזוי לעבן.

איין מאָל אין אַן אָוונט, האָב איך אַהיימגעפירט ביאַליקן. דאָס איז דער זעל־ביקער ביאַליק וואָס האָט געוווינט אויף דער ביאַליק־גאַס. איז ער געווען אַזוי מיד און פאַרמאַטערט, אַז ס׳האָט געשניטן ביים האַרץ צו קוקן אויף אים.

האָב איך אים געפרעגט:

— וואָס זענט איר היינט אַזוי אויסגעמוטשער, רב נחמן?

— איך קום איצט פון אַן אסיפה — האָט ער געענטפערט — און איך האָב גערעדט גאַנצע צוויי שעה עברית.

ווען מיינע פערד וואָלטן געקענט רעדן, וואָלטן זיי אייך דערציילט וואָס זיי האָבן זיך אָנגעזען און אָנגעהערט בלויז ביי מיר אין דער דראָזשקע. בלויז דעמאָלט ווען איך האָב געפירט צוויי פאַרטיי־טוערס, פון צוויי קעגנערישע פאַרטייען, האָט מען געהערט אַזעלכע דיבורים, אַז ס׳איז מיר געווען אַ חרפה און אַ שאַנד פאַר די פערד.

היינט זעט מען שוין נישט קיין דראָזשקע אין תּל־אָביב. נאָר אויטאָמאָבילן. מענטשן אָטעמען אין זיך אַריין גיפטיקע גאַזן פון בענזין. אַ ריח פון אַ פערד איז דאָך געזונט. אַ מחיה. זעט מיסטער, ווי די רוצחים לויפן אַרום איבער די גאַסן און הרגענען מענטשן. אַז אַן עלטערער מענטש איז אַריבערגעגאַנגען דעם כּביש, האָבן זיך מיינע פערד אָפּגעשטעלט. דרך־ארץ געהאַט פאַר אַן אַלטן ייִד. היינט אַז עס גייט וועד אַריבער דעם כּביש, שרייט אויף אים דער שאָפער: חמור! אידיאָט! ווייל ער איז אין כּעס פאַר וואָס ער לאָזט זיך נישט איבערפאָרן.

און וויפל שידוכים זענען געשלאָסן געוואָרן אין מיין דראָזשקע? ס׳איז דען געווען אַ שענער אָרט צו שווערן זיך אייביקע ליבע, ווי אין מיין דראָזשקע? און די פערד זאָלן זיין עדות! אַז איך בין, פרילינג, אין אַ לבנה־נאַכט, אַריינגעפאָרן מיט אַ פּאָרל צווישן די פרדסים, האָב איך געוווסט אַז שוין! דער שידוך איז פערטיק!

וויפל חשובע בעלי־בתּים וואָס באַוווינען היינט די שטאָט תּל־אָביב, זענען אַ מאָל געבוירן געוואָרן אַ דאַנק מיין דראָזשקע.

און פאַר דער הגנה האָט מיין דראָזשקע נישט געאַרבעט? איין מאָל האָב איך איבערגעפירט אַ פרוי מיט אַ קינד דורך אַן ענגלישער וואַך אַדורך. די פרוי האָט געהאַלטן אַ פלעשל מילך מיט אַ סמאָטשיק. דאָס עופעלע נעבעך, אַ פּיצלס, מיט אַן אייזערנעם געדולד, און מיט שטאָלענע געדערים, האָט געוויגן איבער הונדערט קילאָ. איר ווייסט וויפל טאַנקען דאָס קינד האָט צעטראָסקעט?

שיקט אַהער אַ ביסל יונגוואַרג פון ניו־יאָרק. און געלט. וואָס מער געלט! ווייל איין שאָס פון אַ האַרמאַט קאָסט פופציק דאָלער. און איידער מען באַקומט איין פופציקער פון אַן אַמעריקאַנער ייִד, האָט מען שוין דערווייל ביי אונדז אויס־געשאָסן אַ מיליאָן.

איר זעט דעם ייִד וואָס גייט דאָ? ער איז אַ נייער עולה פון רוסלאַנד. אַן איבערצייגטער קאָמוניסט געווען, אַ גענעראַל אין דער רויטער אַרמיי. האָט אים סטאַלין געמאַכט פאַר אַ ציוניסט. סטאַלין האָט אויפגעשטעלט מער ציוניסטן ווי ד״ר הערצל.

ווען איר קומט אין די אַמאָליקע יאָרן קיין ישׂראל, וואָלט איך אייך אַרומגעפירט מיט מיין דראָזשקע. איר וואָלט זיך געפילט ווי אַ קייסער. און איר וואָלט זיך פאַרשפּאָרט שטופּן אין די אויטאָבוסן מיטן דושנעם איירקאָנדישן, צוזאַמען מיט אַלע טוריסטן.

וואָס עמיר רעדן? ס'איז דאָך שוין פאַרביי.

## אשרי יושבי ביתך...

(אַ פליג פון מאה שערים־קוואַרטאַל אין ירושלים)

אינעם ליבן הייסן זומער, דרייען זיך אַרום ייִדן אין מאה שערים מיט אויפֿגעפּראַלטע כאַלאַטן, און מיט צעפּאַרעטע פּנימער פון לערנען. ווייבער מיט טיכער ביז איבער די אויערן, שלענדערן זיך איבער די שמאָלע שטיינערנע געסלעך, מיט נאַסע הענט פון וויקן. תּמיד האַלט זיך ביי עפּעס אין וויקן. וויקט זיך אַ שטיקל פלייש. וויקט זיך אַ ביסל וועש. וויקן זיך בעבלעך אויפן טשאָלנט. ווייבער אויסגעווייקטע אין צדקות און אין פרומקייט, וואָס האַלטן אַז ס'איז תּמיד גלייכער אַז ס'ווייקט זיך.

ייִדן מיט שוואַרצע פלאַכע קאַפּעליושן און מיט פולע פּנימער באָרד און פּאות, אויסגעווייקטע פון מקוהס און לומדות, צעקנייטשטע שטערנס פון דאגת פּרנסה, זיצן אין די געוועלבער וואָס קוקן אויס ווי היילן, און פאַרקויפן גלאַט כּשר און למהדרין. און איבער זיי אַלע, אַ וועלט מיט פליגן.

מאה שערימדיקע פליגן לעבן זיך אויס אין כּל טוב. איר טרעפט זיי אויף אַ שעפּסן קעזל. אויף אַן אויפגעשניטענעם קאַרפּ. אויף אַ פּופּיקל וואָס מען דאַרף עס איינהאַנדלען פאַר אַן איידעם אַ בן תּורה. אויף אויפגעשניטענע אַרבוזן. אויף זיסע קלעפּיקע צוגעלעגענע טרויבן. אויף פריש געקוילעטע עופות וואָס צאַפּלען נעבן אַ ברייטן ווייסן שוחט מיט אַ געלער באָרד. ביים וואַסער פון כּיור. ביי דער פּאַרע פון דער מקוה. אַ מחיהדיקער זומער פאַר די פליגן אין מאה שערים.

ווינטערצייט — ירושלים ליגט הויך אָפן און פריי פאַר די קאַלטע ווינטן, רעגנס, און גאַנץ אָפט שנייען. מאה שערימדיקע ייִדן ווערן דעמאָלט איינגעקאַרטשעט אין די אַלטע פּאַלטאָנעס אַריין. די ווייבער אין טיכער און אין וואָלענע דערעס, און די אויסגעווייקטע הענט זייערע ווערן רויט אָנגעלאָפן. דעמאָלט קומט אַן אונטערגאַנג אויף די פליגן. אַן אויסראָטונג רחמנא ליצלן. און זיי פאַלן נעבעך ווי די פליגן.

אין אַזאַ קאַלטן רעגנדיקן טאָג, האָט אַן איינזאַמע פליג אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די מאה שערימדיקע געסלעך. געציטערט פון קעלט און געזוכט מיט די לעצטע כּוחות אַן אויסוועג ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען זיך דאָס לעבן.

אין דער זעלבער ביטער קאַלטער נאַכט איז אין מאה שערים געווען אַ חתונה,

און אויף דער חתונה איז געקומען אַ רבי פון תּל־אָביב. אַ קליינער מיט אַן איינגע־פּעלצטן רונדיקן גוף און עס האָט געשלאָגן פון אים אַ וואַרעמקייט, ממש אַ היץ. האָט די פליג זיך איינגעקוואַרטירט אין דעם רבינס שטריימל. טועם געווען פון אַלע חתונה־מאכלים מיט מייערן און צימעס. אַנגעזעטיקט זיך אויך מיט תּורה, חכמה און יראת שמים, און געקומען צו די כּוחות.

צו מאָרגנס, אַז דער רבי איז צוריקגעקומען קיין תּל־אָביב, איז די פליג אַרויס־געקראָכן פונעם שטריימל, און זי האָט דערזען אין דרויסן אַ זון. אַ וואַרעמע תּל־אָביבער זון מיט אַ פרישער ים־לופט. אין אַזאַ וועטער איז דאָך אַן עבירה אויף יעדער מינוט צו זיצן אין אַ פאַרדומפּעטסטן שטריימל. האָט זי זיך געלאָזט פליִען איבער די תּל־אָביבער גאַסן. אַריינגעכאַפּט זיך אין די וורשטן־געשעפטן, קאָנדיטאָרייען מיט שטרודלען און קעזקוכן, רעסטאָראַנען מיט געגרילטע פליישן. ווו דען זאָל זי גיין? קענען אַ מאה־שערימדיקער פליג אינטערעסירן די תּל־אָביבער בערזעס? אַבסטראַקטע קונסט? אַבסורדאַלע פילאָזאָפישע טעאַטער־שפּילן? אַ פּראָסטע פליג! מיט אַ פּשוטן געזונטן שׂכל.

די תּל־אָביבער שטאָט איז אין שטענדיקער באַוועגונג. די סוחרימלעך זענען כּולו נערוון. איינס צוויי קען דאָ אַ פליג פאַלן אויף קידוש־השם.

דריי מענטשן זענען געזעסן אין אַ רעסטאָראַן און געשמאַק געגעסן. אַלע דריי מיט אויפגעפּראַלטע העמדער. נאָך געציילטע מינוטן האָט די פליג זיך אויפגעהויבן און געמאַכט אַ ויברח. דריי וועלט־פאַרזאָרגערס. יעדער מאַלצייט איז באַשמאַלצן מיט סאָציאַליזם. וואָס קען שוין אַ בידנע פליג ביי זיי דערלעבן?

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. קאַלטע ווינטן זענען אַנגעקומען פון תּל־אָביבער ים, און אַ פליג — מ'שטיינס געזאָגט — ווער קוקט זיך דאָ אום אויף אַ פליג? ס'לעבן וויל זי זיך דאָך אָבער פאַרט ראַטעווען, איז זי אַריין אין אַ נאַכטלאָקאַל, האָט זי געזען ווי מענטשן לעבן דאָ אַ גוטן טאָג אין מיטן דער נאַכט. אַ רויך פון פּאַפּי־ראָסן, ריחות פון פּאַרפום און וויסקי. אַ מיידל נעבעך הויט און ביין, מאַכט סטריפּטיז.

אַ דיקער טוריסט לאַנגווייליקט זיך מיט זיין פרוי ביי אַ טישל. אַ טרומייט האַלט אין איין ריטשען. עטלעכע פּאַרלעך דרייען זיך. שאָקלען זיך צום טאַקט. עס דאַכט זיך זיי אויס אַז זיי זענען גליקלעך. אַז זיי לעבן זיך איצט אויס אין דעם שענסטן וואָס אַ מענטש קען זיך דערוואַרטן פונעם לעבן. און אַ פליג זשומעט איבער זייערע קעפּ, און שרייט: געוואַלד! ראַטעוועט!

דעם טוריסט מיטן ווייב איז נמאס געוואָרן דאָס זיצן דאָרט. צוליב דעם זענען זיי געקומען קיין ישׂראל? זענען זיי אַוועק מיט אַ באַשלוס צו פאָרן באַלד אין פרי־מאָרגן קיין ירושלים. די פליג איז אַריין אין דעם פוטער־קאָלנער פון דער פרויס מאַנטל, און צו מאָרגנס איז די פליג צוזאַמען מיט די טוריסטן אַנגעקומען קיין ירושלים.

אַזוי ווי זיי זענען אַריין אין די געסלעך פון מאה שערים, איז די פליג גלייך אַרויס, און אַ פריילעכע איז זי אַריין אין בית־המדרש, און צוזאַמען מיט אַלע היימישע ייִדן, אויסגעשריגן:

— אשרי יושבי ביתך!

# זכרון יעקב

— איר זעט? קוקט אייך אַרום — קוקט, קוקט — איר האָט שוין געזען אין אייער לעבן אַזאַ שיינקייט? אַז איר וועט צוריקפאָרן קיין אַמעריקע וועט איר דאָרט דערציילן די אַמעריקאַנער ייִדן וואָס איר האָט דאָ אַלץ געזען.

— וואָס זאָל איך זיי דערציילן? כ׳ווייס דאָך נישט וואָס צו דערציילן.

— דאָס אַלץ וואָס איר זעט דאָ.

— וואָס זע איך? כ׳ווייס דאָך נישט וואָס איך זע — דערקלערט מיר וואָס איך זע — איר זענט דאָך אַ פירער פון טוריסטן — דאַרפט איר דאָך מיר אַלץ דערקלערן.

— אַז דאָ ווו מיר שטייען איצט איז זכרון יעקב — דאָס ווייסט איר — אַז זכרון יעקב ליגט אויף אַ באַרג — דאָס זעט איר — אַז איר שטייט אויפן באַרג — דאָס פילט איר — און דאָס אַלץ וואָס איך דערקלער אייך — דאָס הערט איר.

— אַוודאי — און דאָס וואָס איך הער פאַרשטיי איך.

— אָ! הערט זשע ווייטער — דאָ אונטן, זעט איר — ליגט דער מיטללענדי־שער ים.

— אַ פרישער ים — איר האָט דאָך עפּעס אַ ים מיט ימען — אַ רויטן ים — אַ טויטן ים — אַ ים כינרת, אַ חולה ים — אַן אויסגעטריקנטן ים — און אַ מיטל־לענדישן ים — אַוודאי איר קענט זיך אַלץ דערלויבן פאַר אונדזערע דאָלאַרן — איז וואָס פאַראַ ים זאָגט איר איז דאָס?

— דער ים התיכון.

— שוין ווידער אַ נייער ים? פריִער האָט איר דאָך געזאָגט אַז דאָס איז דער מיטללענדישער ים.

— דער ים התיכון און דער מיטללענדישער ים — דאָס איז איין ים.

— פאַר וואָס זשע רופט איר אים מיט צוויי נעמען? אָפּצונאַרן די טוריסטן? בקיצור — נאָך וואָס האָט איר מיך דאָ אַרויפגעשלעפּט אויף דעם באַרג אַרויף?

— כּדי איר זאָלט זען ווי שיין ס׳איז אונטן — קוקט אַראָפּ — זעט ווי וווּנדער־לעך שיין אונטן איז.

— דאָס פאַרשטיי איך שוין אין גאַנצן נישט — אַז אונטן איז אַזוי שיין — טאָ נאָך וואָס האָט איר מיך אַרויפגעשלעפּט אויבן? האָב איך דאָך געקענט בלייבן אונטן — און זען דעם גאַנצן אונטן פון אונטן — פון דער נאָענט — איצט מוז איך קוקן אויף דעם אונטן פון אויבן — פון דער ווייטנס — שוין, שוין — ענטפערט מיר גאָרנישט — אויף אַלעם האָט ער תשובות — איז ווי זאָגט איר הייסט די קאָלאָניע?

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט — זכרון יעקב — זי איז געגרינדעט געוואָרן אין די צייטן ווען די טערקן זענען דאָ געזעסן — דורך רומענישע ייִדן — די ערשטע צייט האָבן זיי דאָ זייער געליטן.

— די טערקן!
— ניין — די ייִדן — דערנאָך זענען אַריין די ענגלענדער, זענען זיי אַנטלאָפן.
— די רומענער?!
— ניין — די טערקן.
— איז ווער איז דאָ געבליבן?
— די ייִדן — און זיי האָבן זייער געליטן.
— פון די ענגלענדער?
— פון די אַראַבער.
— און ווו זענען געווען די פראַנצויזן?
— אין פראַנקרייך.
— איז ווער זענען געווען די וואָס זענען אַהערגעקומען?
— די ענגלענדער — און יענע זענען אַנטלאָפן.
— די פראַנצויזן?
— די טערקן — און די ייִדן האָבן שטאַרק געליטן.
— פון די טערקן?
— פון די אַראַבער.
— איר האָט מיך שוין אין גאַנצן משוגע געמאַכט — כ׳ווייס שוין נישט וואָס ס׳טוט זיך מיט מיר. ענגלענדער, פראַנצויזן, אַראַבער, טערקן, רומענער — הער נאָר, הער — וואָס פאַראַ קאַשע ער האָט דאָ פאַרקאָכט — דער קאָפּ ווערט דאָך מיר צעזעצט — לאָזט מיך אַ רגע קומען צו זיך — ביסט אַ מבין ווי ער האָט מיך צעדרייט — איז ווו זענען מיר איצט?
— אין זכרון יעקב — אַ שאָד וואָס דער באַראָן ראָטשילד האָט נישט דערלעבט צו זען ווי די קאָלאָניע זיינע האָט זיך אַנטוויקלט — ער איז דאָך געווען דער טאַטע פון דער קאָלאָניע און זיי האָבן זיך דאָ זייער גוט אַרויפגעאַרבעט.
— אַוודאי — אַז מען האָט ראָטשילדן פאַר אַ טאַטן קען מען זיך אַרויפאַרבעטן.
— אָ! איר פאַרמאָגט הומאָר.
— אויסער דעם פאַרמאָג איך נאָך אַ פאַבריק פון שיך — און אַ פאַבריק פון צוקער אין קאַליפאָרניע.
— זענט איר דאָך אַ ייִד אַ מיליאָנער!
— וואָס דען האָט איר געמיינט, אַז איך בין אַן עם־הארץ? שוין — דאָס אַלץ האָב איך שוין געזען — איצט ווייזט מיר די לייטער.
— וואָס פאַראַ לייטער?
— יעקבס לייטער — וואָס די מלאכים האָבן געדזשאַמפּט אויף איט אַרויף און אַראָפּ. ס׳זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין עלעוויטאָרס — מיר זענען דאָך אין זכרון יעקב, דאַרף דאָ שטיין ערגעץ ווו די לייטער זיינע.
— איר האָט אַ טעות — זכרון יעקב האָט נישט קיין שייכות מיט יעקב אָבינו
— דאָס איז אויף דעם נאָמען פונעם אַלטן ראָטשילד — און דאָ ווו מיר שטייען, דאָס איז דער קבר פון די ראָטשילדס.
— אַאַזוי?! אַזאַ זאַך ווייזט ער מיר גאָרנישט.
— כ׳ווייז דאָך איך יאָ!

— קוק איך דאָך!
— פאַר וואָס זשע פרעגט איר?
— ווייל איך בין אַ טוריסט — אַ וואָזשנער קבר — אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאַר אַ קבר דאָס איז — אַזאַ קבר פאַרשטיי איך! איך האָב געזען דער מאַמע רחלס קבר — וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? לויט דער מצבה זעט מען אַז רחל איז נישט געווען אַזוי „אַלל רייט״, אָבער דאָס איז אַ קבר — ווען מען גוטס גינט — לוקסוס — „קאַן איינעהאַרע״ וואָס אַ מענטש האָט דערלעבט — וואָס נאָך קען מען דאָ זען?
— דעם כּרמל־באַרג — און אויף דעם שפּיץ פונעם דאָזיקן באַרג איז די הייל פון אליהו הנביא.
— אין אַ הייל?! פאַר וואָס וווינט עפּעס אליהו הנביא אין אַ הייל? אַ חרפּה און אַ שאַנד! אַזאַ ייִד ווי אליהו הנביא האָט מען נישט געקענט פאַרזאָרגן מיט אַ דירה אויף דער דיזענגאָף־גאַס? מיר גיבן ווייניק געלט אין אַמעריקע? שוין! כ׳וויל נישט הערן — ווייטער געגאַנגען — איז וווהין ווילט איר מיך איצט פירן?
— איך קען אייך פירן קיין סדום — וועט איר זען לוטס ווייב וואָס ס׳איז פון איר געוואָרן אַ שטיק זאַלץ — איר וועט אַפילו קענען אַ לעק טאָן, וועט איר זען אַז ס׳איז געזאַלצן.
— נישט פאַר מיינעטוועגן — איך טאָר נישט קיין געזאַלצנס.
— אפשר ווילט איר זען די מדבר סיני? דעם הר סיני, ווו משה רבינו האָט צעבראָכן די לוחות?
— פאַר וואָס האָט ער זיי צעבראָכן?
— ווייל ער איז געווען אויפגערעגט.
— די נערוון, די נערוון לייגן אַוועק דעם מענטש.
— קען מען זיי נישט פאַרריכטן? ניין — ניין — צעבראָכענע לוחות דאָס איז נישט פאַר מיר. ווייזט מיר עפּעס פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה.
— אָ! דער סועץ קאַנאַל! די סירישע גרענעץ.
— פונקט פאַר מיינע נערוון — דאָרט שטייען דאָך די רוסן — זיי האָב איך ליב נאָר וואָס מער פון דערווייטנס — איר גייט מיך אַריינשלעפּן אין יענער בלאָטע אַריין? האָ?
— וואָס האָט איר אַזוי מורא פאַר די רוסן?
— וואָס הייסט איך האָב מורא? און איר האָט נישט קיין מורא?
— ניין.
— וואָס הייסט איר האָט נישט קיין מורא?
— איך וועל אייך מאַכן אַ פּשוטן חשבון וועט איר זען אַז איר דאַרפט אויך קיין מורא נישט האָבן — וויפל אַראַבער האָבן מיר?
— הונדערט מיליאָן.
— ווי לאַנג האָט עס גענומען ביז מיר האָבן זיי צעקלאַפּט?
— זעקס טעג.
— וויפל רוסן האָבן מיר?
— צוויי הונדערט מיליאָן.
— ס׳וועט נעמען צוועלף טעג — איר פאַרשטייט? וואָס זשע האָט איר אַזוי מורא?

# אַן אַלמן פון ירושלים

ערב יום־טוב, די האָטעלן זענען איבערפולט, נישט צו באַקומען קיין פּלאַץ. אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון טוריסטן. האָט מען זיי אָנגעהויבן איינקוואַרטירן אין פּריוואַטע וווינונגען.

אַ פּאַרפּאָלק עלטערע מענטשן, שוין אויף פּענסיע, קיין עין־הרע. לעבן זיי רויִק און לאַנגווייליק. ווען זיי וואָלטן זיך נישט געקריגט אַ פּאָר שעה יעדן טאָג, וואָלטן זיי אויסגעגאַנגען פון נודאַטע. האָבן זיי אַריינגענומען אַ טוריסט אויף קוואַרטיר. אַ צימער שטייט ליידיק. דרייסיק דאָלער אַ טאָג גייט נישט צופוס. ס׳גייט נישט דאָ וועגן געלט. אַ מענטש אין שטוב, פון דער ברייטער וועלט. ס׳איז דאָ מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. ס׳איז דאָ פאַר וועמען צו שילדערן די שווערע מינוטן פון די פּאָר שעה אין די צוויי טעג פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה. אויסער דעם, דרייסיק דאָלער איז געלט. כאָטש עס גייט נישט וועגן קיין געלט. וויכטיק איז אַ מענטש אין שטוב מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. און דרייסיק דאָלער גייען פאָרט נישט צופוס.

האָט איינער אַריינגעשיקט דעם בויך פאָרויס און ער אַליין איז נאָכגעגאַנגען פון הינטן מיט אַ פּירקאַנטיק פּנים. אָוועקגעשטעלט ביידע טשעמאָדאַנען, געפרעגט צי ס׳איז כשר, און געגאַנגען זיך מאַכן אַ וואַרעמען טוש.

נעבן זיין בעט זענען געשטאַנען צוויי אויסערגעוויינלעך גרויסע שיך. און אויפן בעט איז געלעגן אין אַ גרינער פּידזשאַמע אַ ריזיקער גוף פון אַ טוריסט און האָט אַזוי שטאַרק און יאָמערלעך געשנאָרכט, אַז ס׳האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די שויבן האָבן אַזש געציטערט.

צו ערשט איז מען געגאַנגען אויף די נעגל און געריידט זייער שטיל, מען זאָל חלילה נישט אויפוועקן דעם טוריסט. דערנאָך האָט מען שוין גערוקט שטולן, געקלאַפּט מיט די טירן. געלאָזט שרייען די קינדער אין דרויסן. און ביידע האָבן זיך געקריגט און געשאָלטן אויפן קול, ווייל מען איז שוין געווען זיכער, אַז ער וועט מיט גאָרנישט נישט געשטערט ווערן, אַז כּדי אים אויפצוּוועקן דאַרף מען כאָטש אויסשיסן אַ ראַקעטע.

זיי האָבן שוין געהאַט באַדויערט דעם טוריסט. וואָס הייסט באַדויערט? מען האָט זיך דאָך געקענט אויסקלייבן אַזאַ טוריסט, וואָס מען קען מיט אים רעדן אַ וואָרט. נישט אַזאַ וואָס קומט אַריין אין דער פרי, לייגט זיך אַוועק און שנאָרכט אָפּ אַ גאַנצן טאָג אַז מען קען משוגע ווערן. ווען מען נעמט כאָטש אַריין אַ טוריסטין. מיט אַ פרוי איז אַ סך היימלעכער. זי רעדט, זאָגט, דערציילט. און אַז זי ווערט מיד, רעדט זי ווייטער.

פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ ברייטער גענעץ, און אין סאַלאָן איז אַריין דער טוריסט מיט אַ פּנים וואָס איז נאָך נישט באַפרייט פון שלאָף.

— לאַנג געשלאָפן, האַ? ווי שפּעט איז? אָ וואַ! אָ וואַ! פּאַרשפּעטיקט! אָפּגע־שמועסט זיך מיט אַ גרופּע אַרויסצופאָרן קיין ירושלים. כ׳בין דאָך געקומען זען ירושלים. פּאַרשפּעטיקט. אַ שאָד וואָס איר האָט מיך נישט אויפגעוועקט. איך האָב אייך טאַקע נישט געהייסן, אָבער איר האָט באַדאַרפט אַליין פאַרשטיין. פאַרפאַלן, וועט מען פאָרן זונטיק קיין ירושלים.

ביים גלעזל טיי האָט זיך דער טוריסט צערעדט. דאָס פּנים איז אים געוואָרן מילדער, און דאָס פאַרפאַלק האָט דערזען, אַז דער טוריסט איז אַ גאַנץ גוטער טוריסט, ער רעדט מיט אַ ברייטער האַנט, ער זשאַלעוועט נישט. מען ווייסט שוין, אַז ער האָט אַ פאַבריק פון מאַטראַצן אין מאָנטרעאָל. אַז צוועלף מענטשן אַרבעטן ביי אים יעדן טאָג פון דער פרי ביז ביינאַכט בלויז ביי די ביכער. מען ווייסט שוין, אַז ער איז אַן אַלמן נאָכן צווייטן ווייב, אַז ער איז איצט געקומען צום ערשטן מאָל אין ישראל זען ירושלים. און ער וויל וויסן ווער ס׳איז די מיט דער געלער בלוזקע, וואָס ווינט אַקעגנאיבער. אויב זי איז אַ גרושה אָדער אַן אַלמנה, קען מען וועגן דעם רעדן.

די מיט דער געלער בלוזקע האָט אַ מאַן מיט צוויי קינדער. האָט מען אים פאַר־שאַפט אַן אַנדערע, אַ ישראלדיקע. נישט קיין ישראלדיקע קומען נישט אין באַ־טראַכט. אין מאָנטרעאָל — זאָגט ער — האָט מען אים אָפּגעריסן די טירן. אָבער ער וויל אַ ישראלדיקע.

זונטיק איז ער נישט געפאָרן קיין ירושלים, ווייל זונטיק האָט ער זיך באַגעגנט מיט איינער אַן עלטער מיידל, אָבער אַ ישראלדיקע. נישט קיין שיינע, אָבער זייער אַ געטרייע, וואָס קען גוט קאָכן.

ביים ערשטן בליק האָט זי אים גלייך אָפּגעשטויסן. אָבער נאָך דעם ווי ער האָט געהערט פון מענטשן, אַז זי איז זייער אַ געטרייע און קען גוט קאָכן, און אַז אַ שיינע וואָס איז נישט געטריי און קען נישט קאָכן איז אַן אומגליק פאַר אַ מאַן, האָט זי אים אָנגעהויבן ביסלעכוויז צו געפעלן.

ביים ערשטן בליק איז ער איר אויך שטאַרק נישט געפעלן. אָבער נאָך דעם ווי מען האָט איר דערציילט, אַז ער איז זייער רייך, אַלט איז ער טאַקע, אָבער פריש, און אַז צוועלף מענטשן אַרבעטן ביי אים פון פרי ביז נאַכט בלויז ביי די ביכער; און עס נעמט אַ יאָר צייט ביז די צוועלף מענטשן שרייבן אויס אין די ביכער זיין גאַנץ פאַרמעגן — האָט דאָס איר אָנגעהויבן ביסלעכוויז צו געפעלן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אָפט צו באַגעגענען. און צוליב דעם איז אַדורך צוויי וואָכן און ער איז נאָך אַלץ נישט געוועזן אין ירושלים.

דאָס פאָרן קיין ירושלים האָט מען אָפּגעלייגט אויף באַלד נאָך דער חופה. וועגן דעם איז ער דאָך געקומען קיין ישראל.

האָבן זיך אָנגעהויבן סכסוכים צוליב שדכנות. ס׳האָבן זיך צוגעטשעפּעט אַנ־דערע, וואָס האָבן געוואָלט אַרויסשטופּן די ריכטיקע שדכנים, די ביי וועלכע דער טוריסט האָט זיך איינגעקוואַרטירט. ס׳איז דערגאַנגען צו גרויסע קריגערייען. האָבן זיי, דאָס פאַרפאַלק, צונישט געמאַכט דעם שידוך.

אין אַן אָוונט, ווען דער טוריסט איז אַהיימגעקומען, האָט ער געטראָפן זיצן ביים טיש אַ שיינע, אַ בלאָנדע און אַ צעשמייכלטע פרוי, מיט אַ פולן, צאַפּלדיקן

ביוסט. מען האָט זיי באַקענט. און זיי זענען ביידע גלייך גערן אַרויס שפּאַצירן. דער טוריסט איז צוריקגעקומען פונעם שפּאַציר שפּעט ביי נאַכט זייער אַ צע־שמייכלטער.

ס'איז אים נישט אָנגעגאַנגען וואָס זי איז אַ גרושה, נישט קיין ישׂראלדיקע. ער האָט אַפילו נישט געפונען פאַר נייטיק צו וויסן, צי זי קען קאָכן. ער האָט אַפילו נישט געוווּסט, אַז זי איז אויך אַ טוריסטקע און אויך פון מאָנטרעאָל. און זיי זענען שנעל אָװעק קיין פּאַריז שטעלן אַ חופּה.

איין מאָל איז ער געבליבן שטיין ביים פענצטער פון דעם גרויסן האָטעל אין פּאַריז אַ שטאַרק פאַרטראַכטער. ער האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען צי איז ער געווען אין ירושלים, צי ניין?

# און צבי איז נישטאָ...

איך האָב אַ באַקאַנטן. אַ פיינער מענטש, אַ קולטורעלער מענטש, אַ געמיט־לעכער. מיר פלעגן זיך טרעפן יעדן אָוונט אין קאַפעהויז, און אויסשמועסן זיך ביי אַ גלעזל קאַווע מיט גרויס הנאָה.

גייען אַדורך טעג און וואָכן, און מען זעט אים נישט מער, נישטאָ. ווערט מען דאָך אומרויִק, לאָזט מען זיך גיין אויפזוכן אים.

צו ערשט בין איך געגאַנגען צו דער וווינונג זיינער. איך קום צו צו דער טיר, זע איך ווי דאָס מעשענע בלעכל מיט זיין נאָמען איז אַראָפּגענומען. אַ פרוי עפנט די טיר און רופט אויס:

— צבי וווינט שוין מער נישט דאָ.

— קען איך באַקומען פון אייך דעם אַדרעס פון זיין נייער וווינונג?

— איך ווייס נישט זיין אַדרעס.

— קענט איר מיר זאָגן ביי וועמען איך קען באַקומען זיין אַדרעס?

— איך ווייס נישט! איר פאַרשטייט נישט וואָס מען רעדט צו אייך?! איך ווייס נישט, קיינער ווייסט נישט, און גייט אייך געזונטערהייט.

לאָז איך זיך גיין אין דער אינסטיטוציע, דאָרט וווּ ער אַרבעט.

— איך דאַרף האָבן צבי — ווענד איך זיך צו דער אינפאָרמאַציע־אָפּטיילונג.

— נישטאָ.

— ווען וועט ער זיין?

— איך ווייס נישט, און פרעגט מיך נישט מער, ווייל איך וועל אייך וועגן דעם גאָרנישט ענטפערן.

איצט בין איך שוין געבליבן שטיין אין גאַנצן אַ צעטומלטער. איז פאַרביי־געגאַנגען איינער פון די מיטאַרבעטער, אַ באַקאַנטער, וואָס האָט באַמערקט ווי איך שטיי אַזוי צעטומלט, איז ער צו מיר צו, און געוואָלט דווקא וויסן וועגן וואָס איך

בין דאָ אַהער געקומען. און פּאָר וואָס איך שטיי אַזוי אַ פּאַרטראַכטער. ער אַרבעט אויך אין דעם הויז, און ער איז מיר גרייט צו העלפן.

— זייער גוט — האָב איך אויסגערופן — שטעלסט זיך פּאָר, אַז אַ מענטש זאָל ווערן פאַרשוווּנדן, און מען זאָל נישט קענען געוווּר ווערן וואָס מיט אים האָט פּאַסירט? צי ער לעבט? צו ער איז קראַנק? צו ער איז אַוועקגעפאָרן?

— ווער איז דער מענטש?

— צבי.

ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, אַ קלאַפּ געטאָן מיר אין פּלייצע.

— ער זיצט אויפן צווייטן שטאָק, אינעם צימער דריי און דרייסיק.

צוויי טישן. ביי איינעם זיצט אַ מיידל און קלאַפּט אויף אַ שרייבמאַשין.

— וועמען זוכט איר? — ווענדט זי זיך צו מיר.

— דעם באַאַמטן וואָס אַרבעט דאָ, צבי.

— נישטאָ דאָ אַזעלכער.

— וואָס הייסט נישטאָ? איצט האָט מען מיר בפּירוש געזאָגט, אַז ער איז אין צימער דריי און דרייסיק.

— האָט מען געזאָגט. איר ווער הערן וואָס מענטשן זאָגן.

— אַ באַאַמטער פון דעם הויז האָט מיר געזאָגט. ער הייסט... איר זענט אַ מבין אויף מיין זכּרון? אַ מינוט פריִער האָב איך געדענקט זיין נאָמען.

— וואָס איז וויכטיק ווי ער הייסט, צבי איז נישטאָ.

— זאָל איך אפשר קומען שפּעטער? מאָרגן?

— אַ שאָד אייער קומען. ער איז נישטאָ, און מער קען איך אייך וועגן דעם נישט אינפאָרמירן.

זענען פאַרביי טעג נאָך טעג, יעדן טאָג פאַרהאַלט איך באַקאַנטע אין גאַס, באַקאַנטע פאַרהאַלטן מיך, און אַלע מיט דער זעלבער פראַגע: ווו איז צבי? האָסטו נישט אַ מאָל געזען צבי?

איין מאָל, שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, אין אַ פינצטערער געסל, גייט זיך אַ מענטש מיט שנעלע טריט, און עס פאַלט מיר אַ חשד, אַז דאָס איז ער. גיי איך אים נאָך מיט נאָך שנעלערע טריט, ביז איך דערנענטער זיך צו אים, און שריי אויס: צבי!

אַזוי ווי איך האָב אויסגערופן דעם נאָמען, האָט ער אָנגעהויבן שפּאַנען נאָך שנעלער. האָב איך אָנגעהויבן לויפן, האָב אים דערגרייכט, און... דאָס איז ער טאַקע!

אַזוי ווי ער האָט מיך באַמערקט, האָט ער זיך גלייך אָפּגעשטעלט, און זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר. איך האָב זיך — זאָגט ער — דערשראָקן. איך האָב געהערט מען רופט מיין נאָמען.

— אַזאַ פּחד וואָרפט אויף דיר אָן דיין נאָמען? וואָס איז מיט דיר געשען? איך גיי אַרום און זוך דיך, באַקאַנטע און פריינד האַלטן אין איין פרעגן אויף דיר, עפּעס איז דאָך דאָ געשען.

— ריכטיק. עפּעס איז געשען. און איך וועל דיר אַלץ גענוי דערציילן, און ער האָט אָנגעהויבן:

— מיט אַ צייט צוריק האָב איך באַקומען אויסגעצאָלט צען טויזנט פונט, וואָס ס'איז מיר צוגעפּסקנט געוואָרן דורכן געריכט אַלס אַנטשעדיקונג פאַר אַן עפנטלעכער

באַליידיקונג. פונעם געלט האָב איך נישט געוואָלט נהנה זיין, און איך האָב באַשלאָסן אַז דאָס זאָל גיין אויף אַ שטילע אונטערשטיצונג פאַר בכּבודיקע מענטשן, נויט־באַדערפטיקע.

האָב איך דערציילט באַקאַנטע, אַז אויב זיי וויסן פון אַזעלכע, זאָלן זיי מיר מודיע זיין, ווייל איך האָב אַזאַ סומע פאַר דעם צוועק.

איין מאָל קומט צו מיר צו גיין אַן עלטערע פרוי און דערציילט מיר, אַז זי איז געשיקט געוואָרן פון איינעם, אַ באַקאַנטן, אַ רייכן טעקסטיל־פאַבריקאַנט. אַן איינזאַמע פרוי איז זי, און זי דאַרף דורכגיין אַן אָפּעראַציע. האָב איך איר געגעבן וויפל זי דאַרף און צוגעווונטשן אַ רפואה שלמה.

אַן עלטערער ייִד, אויך אַן איינזאַמער, ס׳איז אים שלעכט, ביטער, נאָר דער ייִד וויל נישט נעמען קיין געלט. ס׳געלט — זאָגט ער — וועט ער אויפעסן, און וואָס וועט זיין ווייטער? ער וויל אַז איך זאָל אים פאַרזאָרגן מיט אַ שטעל צו פאַרקויפן צייטונגען. וועט ער זיך אויסלעבן בכּבוד.

פאַר צוויי טויזנט פונט האָט איינער אָפּגעטרעטן אַזאַ שטעלע אויף צייטונגען אין יפו, און דער ייִד איז פאַרזאָרגט.

אַ יונגערמאַן איז געקומען צו מיר אין שטוב, ער האָט אַ פרוי, דריי קינדער, און ער גייט זיך שמדן. אויב איך וועל אים געבן דריי טויזנט פונט, וועט ער זיך נישט שמדן.

— וואָס וועט איר האָבן דערפון אַז איר וועט זיך שמדן? — פרעג איך אים.

— וועל איך פאָרן קיין בראַזיל, ווייל איך קען נישט פאַרטראָגן דעם היגן קלימאַט.

— אין בראַזיל איז דאָך דער קלימאַט נאָך שווערער.

— ווען איך — זאָגט ער — וועל שוין זיין אין בראַזיל, וועל איך דאָך שוין דעמאָלט זיין אַ גוי, וועט איר שוין פאַרשפּאָרן צו זאָרגן פאַר מיר.

— איר זענט גערעכט — זאָג איך צו אים נאָך אַ מינוט טראַכטן — שמדט אייך!

— ווי אַזוי רעדט איר צו מיר? אַזוי רעדט אַ ייִד? איר זענט דאָך ערגער פון אַן אַנטיסעמיט, פון אַ היטלעראָוויעץ. מיך, אַ פּוילישן ייִדן, הייסט איר זיך שמדן?

ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריע, און אָנגעהויבן סקאַנדאַלעווען און שרייען, שכנים האָבן אָנגעהויבן אַרויסקוקן פון די פענצטער. די חרפּה איז גרויס, און ער שרייט מיט אַלע כּוחות.

די פרוי פון דער אָפּעראַציע דאַרף האָבן נאָך געלט אויף צייַן, און איך בין איר טאַטע, זי האָט באַשלאָסן מיך צו אַדאָפּטירן פאַר אַ טאַטן. איך האָב איר געגעבן נאָך געלט, דערנאָך בין איך געוווירן געוואָרן, אַז דער רייכער פאַבריקאַנט וואָס האָט זי מיר אַהערגעשיקט, איז אירס אַ ברודער.

דער ייִד פון דער צייטונג־שטעלע איז זייער צופרידן, נאָר מען מוז אים ווידער העלפן, ווייל ער שטייט אין אַ שידוך.

דאָס גרעסטע אומגליק האָט מיך געטראָפן מיט דעם יונג וואָס וויל זיך שמדן. אַלע קללות וואָס זענען פאַראַן אויף דער וועלט האָט ער שוין אין מיר אַריינגעלייגט, און ער האָט געשווירן, ווי ער איז אַ ייִד, ווי ער וועט זיך קודם שמדן, דערנאָך

וועט ער מיך דערשטעכן, וועט זיך איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי און באַגיין זעלבסטמאָרד, דערנאָך וועט ער אַוועקפאָרן קיין בראַזיל.

פון טאָג צו טאָג האָבן אָנגעהויבן קומען וואָס אַ מאָל אַלץ מער מענטשן, יעדער מיט זיין פּעקל צרות. ס'האָט זיך געשאַפן אַ שטענדיקע ריי נעבן דער טיר פּונקט ווי אויף דער פּאָסט. דאָס געלט האָב איך שוין פון לאַנג צעטיילט, און דאָ שטייען מענטשן, אַלטע, צעבראָכענע, און אויפגערעגטע, גרייט צו דעמאָלירן די וווינונג, צו צערייסן מיך אויף שטיקער, ווייל מען ווייסט שוין געניי, אַז מען האָט מיר אַריינגעשיקט פון אַמעריקע אַ האַלבן מיליאָן דאָלער פאַר אָרעמע מענטשן, און איך האָב צוגענומען דאָס געלט פאַר זיך.

מען האָט אָנגעהויבן קומען צו מיין אַרבעטפּלאַץ, מען האָט מיר נאָכגעשריגן גנב אין מיטן דער גאַס, מען האָט מיך געפּאַטשט, געשפּיגן מיר גלייך אין פּנים אַריין.

איך בין אַוועק פון מיין וווינונג! איך בין פאַרשוווּנדן! דו פאַרשטייסט? איך בין נישטאָ! און קיינער וועט מיך נישט געפינען.

דיר וואָלט איך זייער געוואָלט געבן מיין אַדרעס, נאָר כ'האָב מורא, ביסט דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, טאָמער כאַפּסטו זיך אַרויס פאַר וועמען...

## מען רעדט

(אַ שמועס אין אַ באַן פון תל־אביב קיין חיפה)

— איר זענט אַ מבין ווי עס רעגנט? אַזאַ רעגן! וואָס זאָגט איר נישט צו דעם רעגן?

— וואָס זאָל איך זאָגן? וואָס איז דאָ פאַראַן צו זאָגן? ס'רעגנט.

— גוט געזאָגט, ס'רעגנט, ס'גיסט! ס'כליאָפּעט! אַ מבול!

— וואָס זשע זאָל איך טאָן?

— ווער וויל דען אַז איר זאָלט טאָן? איך האָב אייך נאָר געפרעגט, וואָס איר זאָגט צו דעם רעגן.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו זאָגן? וואָס דאַרפט איר בכלל, אַז איך זאָל זאָגן? איר דאַרפט האָבן אַז איך זאָל אייך באַשטעטיקן אַז ס'רעגנט? אַנישט האָט איר מורא, אַז מען וועט אייך נישט גלייבן?

— ס'האָט מיך גוט געטראָפן. ער גייט זיך מיט מיר קריגן. וואָס האָט איר זיך אַזוי אויפגערעגט? איך האָב דאָך נישט גערעדט מיט אייך קיין פּערזענלעכע זאַכן. איך האָב אייך נאָר געזאָגט אַז ס'רעגנט.

— האָב איך אייך דען געענטפערט אַז ס'רעגנט נישט?

— קען מען דאָך וועגן דעם עפּעס רעדן.

— ער גייט שוין ווידער רעדן.

— נאָר וואָס דען? שווייגן? דערפאַר ווייל איך האָט זיך אַזוי פאַרגלוסט. אַנדערט־האַלבן שעה דאַרף דויערן ביז די באַן וועט אונדז ברענגען קיין חיפה. זאָלן מיר אַזוי זיצן די גאַנצע צייט, גלאָצן די אויגן איינער אויפן צווייטן, און נישט עפענען ס׳מויל? דאָס איז נישט פאַר מיינע נערוון. ס׳איז אַ סך געזינטער אַז מען רעדט זיך אַרויס, ווי מען דריקט אין זיך אַריין. נאָך דערצו אין אַ באַן. אַ מענטש ווי איר. אַ מענטש ווי איך. פאַר וואָס נישט? איך האָב טאַקע פיינט צו רעדן? צי איר רעדט נאָר אַזוי?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה, פיינט צו רעדן, ליב צו רעדן? מען קען זיך דאָך נישט אָוועקזעצן און רעדן סתּם, אַבי געבאַטשקעט.

— מיר רעדן דאָך נישט סתּם, מיר רעדן דאָך וועגן דעם רעגן. צייט איך בין אין ישׂראל האָב איך אַזאַ רעגן נישט געזען. איר זעט ווי עס מבולט?

— נו מילא, וואָס זאָל איך טאָן?

— איר זאָלט מיר מוחל זיין. דאָס איז זייער אַן עגאָיִסטישער ענטפער.

— וואָס זשע ווילט איר פון מיר? איך זאָל איינהאַלטן דעם רעגן?

— חלילה! איך וועל פון אייך פאַרלאַנגען אַזאַ זאַך? פון דעסטוועגן איז בעסער אַז עס רעגנט אַזוי ווי עס וואָלט אין גאַנצן נישט גערעגנט.

— איז וואָס זשע רעדט איר?

— וואָס אַרט אייך אַז מען רעדט? וואָס שאַט אייך אַז מען רעדט? וואָס האָט איר אַזוי מורא פאַרן רעדן?

— כ׳האָב נישט קיין מורא, אָבער מען קען דאָך נישט סתּם רעדן וועגן גאָרנישט.

— איר האָט אַ גרויסן טעות, וועגן גאָרנישט קען מען זייער פיל רעדן. אַ רעדנער וואָס האָט נישט געהאַט וואָס צו רעדן, האָט אָפּגערעדט צוויי שעה, גאָר־נישט געזאָגט, און דער עולם האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס.

— דאָס קען איך נישט פאַרשטיין. פון וואַנעט נעמט אַ מענטש אַזוי פיל געדולד אַזוי לאַנג צו רעדן?

— און איך קען נישט פאַרשטיין פון וואַנעט נעמט דער עולם אַזוי פיל געדולד צו זיצן אַזוי לאַנג און הערן.

— קעגן וואָס זאָגט איר דאָס אַלץ?

— קעגן גאָרנישט, אַז גאָרנישט איז אַ וויכטיקע זאַך. מען דאַרף זיך נאָר קענען פאַרשטיין דערויף. פון גאָרנישט זענען מענטשן רייך געוואָרן. אַז מען האָט אַ סך געלט ווערט פון אַ פּראָסטן גאָרנישט אַ וויכטיקער גאָרנישט. אַ גאָרנישט איז געוואָרן אַ לערער. האָט ער אַ קאָפּ, איז ער נאָך לערער פון דעם לערער. אַ דיכטער האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „די פילאָזאָפיע פון גאָרנישט״.

— לאָזט מיך שוין געמאַכט מיט דעם גאָרנישט, פון דעם גאָרנישט וועט גאָר־נישט אַרויסקומען. איך וויל בעסער אַרויסקוקן דורכן פענצטער, אָנקוקן די ישׂראל־דיקע לאַנדשאַפט, איידער איך פאָר צוריק אַהיים.

— אַזוי! נישט קיין היגער! אַ טוריסט! האָט איר דאָך באַלד געקענט זאָגן. זעט איר אַז ס׳איז גוט אַז מען רעדט... פון וואַנעט זענט איר?

— פון מאָנטרעאָל.

— קענט איר דאָך איינעם, זלמן פלעכטער.
— ניין. איך קען אים נישט.
— וואָס הייסט איר קענט אים נישט? ער וווינט דאָך אין מאָנטרעאָל.
— איך הייב נישט אָן צו וויסן ווער דאָס איז.
— ער איז מיין שוואָגער.
— וואָס טוט ער? מיט וואָס פאַרנעמט ער זיך?
— פון אָזשעכאָוו. אָן אָזשעכאָווער.
— ווייס איך שוין ועמען איר מיינט. אָבער ס'איז נישט דער, ווייל יענער איז שוין געשטאָרבן.
— דער איז שוין אויך געשטאָרבן. איין טאָג נאָך דער חתונה.
— אָ יונגער מענטש.
— פינף און אָכציק יאָר. זאָגט מיר ווי אַזוי קריגט מען זיך אָהין צו אייך קיין מאָנטרעאָל?
— וואָס וועט איר דאָרט טאָן?
— דאָס זעלבע וואָס איר טוט. וואָס טוט איר דאָרט, כ'זאָל אייך נישט באַליידיקן?
— איך לעב פון שרייבן. ס'הייסט איך שרייב פון לעבן.
— מען דאַרף דאָך אָבער עסן.
— מוז איך מיר צופאַרדינען אין דער זייט.
— ביי אונדז איז לעצטנס געוואָרן זייער געפערלעך צוצופאַרדינען אין דער זייט. אָ סך חשובע מענטשן, שפיצן פון דער געזעלשאַפט, זיצן שוין אין תפיסה. ווייל זיי האָבן צופאַרדינט אין דער זייט. גיט נאָר אָ קוק דעם רעגן. אַזאַ רעגן!
— דאָס איז אָ וואָלקנבורך.
— דאָס איז אָ דרוק פון די צפונדיקע ווינטן, וואָס ברענגען אַזעלכע פאַרטיפונגען אין דער אַטמאָספערע, ווערן די וואָלקנס געדיכטער וואָס קומען פון סיציליע, און אונטערן איינפלוס פון דעם... נו, ווי הייסט עס?... ס'איז מיר אַרויס פון קאָפּ. ס'ליגט מיר אויף דער צונג.
— לאָזט עס דערווייל ליגן. איר וועט זיך שוין דערמאָנען אָן אַנדערש מאָל.
— איר ווייסט, איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט אַז איר זענט אָ שרייבער. איך האָב געמיינט אַז איר זענט אָ פריזירער, ווייל איר האָט אָ גייסטרייך פּנים. שוין. מיר זענען שוין באַלד אין חיפה. לאָמיר זיך אָפּשמועסן וועלן מיר צוריקפאָרן צוזאַמען, וועט זיין מיט וועמען צו רעדן אָ וואָרט.

## שווער צו זיין אַ ייִד

נעבן מיר אינעם עראָפּלאַן, זיצט איינער מיט אַן אָנגעשפּאַרטן קאָפּ אויפן ראָם פון פענצטער און שלאָפט.

דער עראָפּלאַן האָט זיך שוין אויפגעהויבן, און ער איז שוין הויך איבער די וואָלקנס. מען האָט שוין צוריק געעפנט די גאַרטלען, און דער שכן מיינער, ער שלאָפט.

די סטיוואַרדין איז צוגעקומען מיט אַ טאַץ און געבעטן אַראָפּלאָזן דאָס ברעטל וואָס דינט פאַר אַ טישל. דער שכן האָט זיך אויפגעכאַפּט, און ווען ער האָט דערזען פאַר זיך די פּאָרציע פלייש, לאַקס, סאַלאַט, עפּלקוכן, האָט ער אויסגערופן אַ צעגענעצטער:

— מען דאַרף זיך שוין אויפהייבן.

— מען האָט זיך שוין פון לאַנג אויפגעהויבן. מען איז שוין איבער די וואָלקנס.

— כ׳מיין אַז מען דאַרף זיך שוין אויפהייבן פונעם שלאָף. איר האָט זייער גוט געטאָן וואָס איר האָט מיך אויפגעוועקט, האָט ער געזאָגט באַקוקנדיק די מאכלים פון אַלע זייטן.

— איך האָב דאָך אייך געמוזט עפענען דאָס טישל, אַנישט וואָלט איר דאָך געשלאָפן הונגעריקערהייט.

— דאָס מיין איך דאָך. איר פאָרט קיין ישׂראל?

— וואָס פאַר אַ שאלה איז דאָס? דער עראָפּלאַן מיט אַלע פּאַסאַזשירן פליט דירעקט קיין ישׂראל. איז וווּ אַהין קען איך דען פאָרן?

— איר זענט גערעכט. טאַקע געווען אַ נאַרישע פראַגע.

— נו, און איר?

— איך? איך, זעט איר, פאָר קיין ישׂראל. איך האָב אַן אַפּאָינטמענט מיט אַבאַ אֶבן. מען האָט זיך אָפּגעשמועסט אַז ער וועט אויף מיר וואַרטן אַכט אַ זייגער אָוונט. דערפאַר וועט ער היינט קיסינדזשערן נישט קענען אויפנעמען. מיר פאָרן דאָ אַ דעלעגאַציע. יענער דאָרט אין די ברילן איז פון וויניפּעג. ער פאָרט מיטן ווייב. דאָס ווייב געהערט צו די רעליגיעזע. זי קעמפט אַז מען זאָל ווייזן ווער ס׳איז אַ ייִד.

— אַזאַ פרוי דאַרף זיך שעמען אַזעלכעס צו פאַרלאַנגען. מען איז דאָך שוין דערגאַנגען אַז מען דאַרף פרעגן אַ ייִד צי ער איז אַ ייִד.

— יאָ, יאָ, היינט קען מען גאָרנישט וויסן. ס׳קען זיין אַז לויטן קאַטוילישן דין זענט איר אַ כּשרער ייִד, אָבער לויטן ייִדישן דין זענט איר גאָר אַ פּראַוואָ־סלאַוונער גוי. איר פאַרשטייט?

— קיין איין וואָרט נישט. גיט, זייט מוחל, אַ קוק דאָ ביי מיר אויפן שטערן. וואָס זעט איר דאָ?

— אַ צייכן פון אַ שניט.

— אַ! דאָס האָב איך באַקומען פון אַ גוי מיט אַן אייזן אַ מאָל אין פּוילן. דער גוי האָט געוווּסט גענוי אַז איך בין אַ ייִד. נאָר איר ווייסט נישט?

— וואָס פאַראַ טענות האָט איר צו מיר? מיר זענען ייִדן?

— יאָ.

— דאַרף מען זיך רעכענען מיטן ייִדישן דין?

— יאָ.

— איז לויטן ייִדישן דין איז מעגלעך אַז איר, רב ייִד, זענט קיין ייִד נישט.

— ווי איז אָבער דער דין אַז איך בין פאָרט אַ ייִד?

— אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן אַז איר זענט פאָרט אַ ייִד, דעמאָלט וועלן די רעליגיעזע מיט גאָלדען מוזן געפינען אַן אויסוועג. ס׳איז שווער צו זיין אַ ייִד אין ישׂראל. אין אַמעריקע וועט קיינעם נישט איינפאַלן אַז דער ייִד איז אַ גוי. אָבער די אַלע גוים וואָס איר זעט אין ישׂראל זענען גאַנץ ווילע ייִדן. דער עיקר־פּראָבלעם איצט איז אַ שלום מיט די אַראַבער.

— צו אַ שלום מיט די אַראַבער זענען דאָ אַ סך מער אויסזיכטן ווי אַ שלום צווישן זיך אַליין. אין אַזאַ לאַגע זאָלן ייִדן נישט פאַרשטיין צו לעבן בשלום. אָט זיצן מיר צוויי פרעמדע ייִדן. פון דעסטוועגן זענען מיר זיך נאָענט, היימיש. אַפילו, לאָמיר זאָגן, אַז איך בין, למשל, אַ שטאַרק לינקער.

— איז גייט צו אַלדע שוואַרץ יאָר!

— איך האָב דאָך אייך נאָר געגעבן אַ משל.

— גייט צו אַלדע שוואַרץ יאָר מיטן משל צוזאַמען.

— איר זעט וואָס פון אונדזער פריינדשאַפט איז געוואָרן אין איין מינוט? בלוטיקע שׂונאים. מיר זענען שוין גרייט צו גיין אויף מעסערס. אין דעם באַשטייט אונדזער אומגליק.

— אויף מיין וואָרט ווי איר זענט גערעכט. צוויי ייִדן פאָרן קיין ישׂראל, דאַרף מען אָנקומען מיט פריילעכע פּנימער. ווייזן זיי דאָרט אַ מוסטער פון אחדות. מיר זענען דאָך דעלעגאַטן. איך האָב אַן אַפּאָינטמענט מיט אַבאַ אֶבן. יענער פון טאָראָנטאָ דאַרף זיך טרעפן מיט גאָלדען. דער פון וויניפּעג דאַרף זיך טרעפן מיט דיינען. און איר? מיט וועמען דאַרפט איר זיך טרעפן?

— מיט קיינעם נישט.

— מיט קיינעם נישט? איז נאָך וואָס פאָרט איר?

— סתם, ווייל איך בין אַ ייִד.

— שוין? איר גייט שוין ווידער אָנהייבן מיט מיר אַ קריגעריי?

# כ׳קען נישט קיין טערקיש

אַז כ׳האָב זיך שוין איינגעזעצט אין פאָטעל, די פיס מיטן רענצל איינגעלייגט יעדעס אויף זיין אָרט, בין איך געוואָרן רויק, און געזען אַז די אויפרעגונג מיינע, פאַרן אַרויפגיין אויפן עראָפּלאַן, איז נישט געווען קיין באַרעכטיקטע, אַז די שטרענגע רעוויזיעס זענען גאָר פאַר מיין טובה, פאַר מיין זיכערקייט. אַ דאַנק דעם קען איך איצט זיצן רויק, וויסנדיק, אַז די אַלע רענצלעך און פּעקלעך זענען גוט דורכגענישטערט געוואָרן, און ס׳דראָט מיך נישט פון זיי קיין שלעכטס.

אַן עלטערע פרוי מיט גרויסע ציין וואָס האַלטן זיך לויז אויפן גומען, איז צו מיר צו, געזאָגט מיין נאָמען, און...

— אַיאַ דאָס זענט איר?

— זיכער, ס׳קען גאָר אַנדערש נישט זיין.

— שוין אויסגעפרעגט יעדן איינעם, און אַזוי ווי כ׳האָב איך דערזען, האָב איך אייך גלייך דערקענט. כ׳האָב געזאָגט דעם מיסטער פישמאַרק פון דער רייזע־ביוראָ, אַז דאָס איז ס׳ערשטע מאָל אין מיין לעבן וואָס איך לאָז זיך גיין פליִען. וויל איך אַז ער זאָל מיר פאַרשאַפן קאָמפּאַני, כ׳זאָל האָבן אין עראָפּלאַן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. אין אַן עראָפּלאַן קען זיך מאַכן עמעצער מיט אַ באָמבע, און דאָ בין איך אַ פרוי איינע אַליין, און דערצו נאָך אַן אַלמנה. האָט ער מיר געזאָגט אַז איר פאָרט אין דעם זעלבן עראָפּלאַן, און אַז איך וועל אייך לייכט דערקענען, ווייל איר זענט אַן אַנשטענדיקער מענטש אויפן פּנים.

— מיין נאָמען איז לעבער. מיסיס לעבער. לאָמיך קודם פאַרכאַפּן דעם פּלאַץ נעבן אייך.

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט זיך באַוויזן די סטיואַרדין מיט אַ הער, וואָס דער פּלאַץ איז רעזערווירט פאַר אים.

— איך וועל זיך פון דעם אָרט נישט רירן, ווייל ער איז מיינס אַ קוזין — האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר — אַ קראַנקער אויפן האַרץ. איך מוז זיצן נעבן אים.

און אַזוי איז דאָס געבליבן.

— מיר פליִען שוין?! וואָס רעדט איר? הער נאָר, הער נאָר. פון אַרויסגיין אין דרויסן איז שוין נישטאָ וואָס צו רעדן. כ׳על שוין — הייסט דאָס — מוזן אַזוי זיצן די גאַנצע צייט איינגעצויגן מיטן פּאַסיק און נישט קענען אָפּדעכען. מען קען שוין, זאָגט איר, עפענען דעם פּאַסיק? אָן אַ שליסל? ס׳איז דאָך פאַרקלאַפּט אויף אַ שלאָס. געלאַסן, געלאַסן, איר וועט מיר צערייסן ס׳קלייד. בין איך אייך נישט מקנא. נעמט אפשר אַ צוועגל. שוין. אַ שיינעם דאַנק.

— איך פאָר קיין ישׂראל וועגן אַ צוואה פון מיין באָבע, אין ליכטיקן גן־עדן. אַז איר פרעגט זיך נישט וואָס די צוואה איז געווען, איז דאָך אַ סימן אַז עס אינטע־רעסירט אייך נישט צו וויסן, וועל איך אייך דערציילן: מיין באָבע, אין ליכטיקן

גן־עדן, איז אַוועק קיין ארץ־ישׂראל, און געקויפט דאָרט אַ הויז אין יפו. דאָס איז אַ מעשׂה פון אפשר... כ׳ווייס אַליין נישט וויפל. דער זיידע האָט געגעסן קעסט. די באָבע האָט געהאַלטן אין איין איבערקומען שווערע קימפּעטס. איז געבליבן אַ הויז אין יפו, אויף איבער הונדערט און צוואַנציק, אַ ירושה. פאַרן טויט האָט די באָבע איבערגעלאָזט מיין מאַמע אַ צוואה איבערצונעמען ס׳הויז. זי האָט איר געגעבן אַלע פּאַפּירן געשריבן אין טערקיש, דעמאָלט איז נאָך דאָרט געווען דער טערק, אָפּגעמשלט איר געגנוי ווו דאָס הויז שטייט. דריי הונדערט איילן פונעם ים. רעכטס פון דעם אַראַבער וואָס מאַכט בוימל. לינקס איז אַ בלינדער וואָס מאַכט ערדענע קרוגן, און פונקט אַקעגן איז אַ טשעמעט. איר ווייסט נישט וואָס דאָס איז אַזעלכעס? דאָס איז אַזאַ קאַשטשאַל ווו די אַראַבער דאַווענען.

— אַ מעטשעט מיינט איר.

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט. נאָכן פּאָגראָם ביי אונדז אין שטעטל, דער טאַטע איז נישט צוריקגעקומען פון דער מלחמה, האָט די מאַמע גענומען די צוויי מיידלעך, און אַוועק קיין קאַנאַדע. וואָס וועל איך אייך ציִען די מעשׂה? די מאַמע, פאַרן אָפּדאַנ־קען, האָט זי מיך צוגערופן צום בעט. און איך האָב איר צוגעזאָגט מקיים צו זיין דער באָבעס צוואה: פאָרן קיין ישׂראל און אָפּזוכן דאָס הויז אין יפו. זי האָט מיר געגעבן די פּאַפּירן, אָפּגעמשלט מיר געגנוי ווי איך האָב אייך דערציילט. און איצט וועל איך אויסזוכן און ווייזן אייך די פּאַפּירן.

— נאָך וואָס זאָלט איר זוכן? כ׳וועל דאָך סיי ווי גאָרנישט פאַרשטיין. איך קען דאָך נישט קיין טערקיש.

— ס׳איז מיר קיין מאָל נישט אויסגעקומען צו פאָרן. אויסגעהאָדעוועט דריי זיך, געהאָלפן מיין מאַן אין די ביזנעס, און אַז איך האָב שוין געהאַלטן ביים פאָרן איז מיין מאַן קראַנק געוואָרן. אָפּגעמוטשעט זיך נעבעך... ווו זענען מיר שוין איצט מיט אונדזער עראָפּלאַן?

— מיר פליִען איצט איבער ניו־פוינדלאַנד, נישט ווייט פון אַלאַסקאַ.

— אַ בראָך איז צו מיר! דאָרט איז דאָך אַ וויסטע קעלט. וואָס איז אים עפּעס איינגעפאַלן צו פליִען דורך אַזאַ העק? איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מיך האָט פּלוצעם אָנגעכאַפּט אַ וויטיק אין אַ קני. יאָ, איז איצט, שוין, פאַר איך. מען גיט שוין, זע איך, עסן. זאָגט איר דער שיקסע, זי זאָל מיר נישט געבן קיין געפּרעגלטס, און נישט קיין זיסע פיש, אַזוי ווי די וואַרשעווער עסן. נעמט אַ פּיל. לאָזט אייך נישט בעטן. דאָס זענען ספּעציעלע פּילן צו עראָפּלאַנען. איך האָב שוין אַראָפּגעשלונגען דריי שטיק.

— אַזוי שלעכט פילט איר זיך?

— איך פיל זיך דווקא גאַנץ גוט. אויפן הימל, זעט איר, איז מיר בעסער ווי אויף דר׳ערד. אַ מענטש דאַרף זיך האַלטן פון אויבן, האָט מיין מאַמע געזאָגט. מיין זון האָט באַצאָלט פאַר די פּילן דריי דאָלער, וועל איך זיי דאָך נישט אַוועק־וואַרפן. דריי זין האָב איך. אַלע רייך. אָפּגעהיטענע ייִדן. זיי רעדן גערן ייִדיש, נאָר זיי קענען נישט. ווען זיי זענען נישט אַזעלכע פאַריאָגטע אין די ביזנעס, וואָלטן זיי יעדן טאָג געלייגט תּפילין.

אַז איך האָב דערציילט מיינע קינדער וועגן דער באָבעס ירושה, און דער צוואה,

האָט מיין סעמעלע געזאָגט: מאַ, פּאַר. ווערסט זיך גוט ענדזשאָיען. גאָלדע איז אַ פיינע פּרוי. דו ווערסט אָפּנעמען דאָס הויז אין יפו, וועט מען עס פּעינטן, אַריינשטעלן נייע פאַרניטשערס. יעדן זומער וועט מען אַהין קומען אויף וואַקעישן צום ים, אין אונדזער אייגן הויז.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער הילכער וואָס האָט אָנגעזאָגט אַז מיר דערנענטערן זיך צו לוד, האָט מיך אויפגעוועקט פונעם שלאָף. די פרוי איז געזעסן מיטן פּנים נאָך נענטער צו מיר, און גערעדט, און גערעדט, און גערעדט.

אין לודער טערמינאַל, האָב איך זי געזען שטיין און אַריינרעדן אין אַ פּאָ־ליציאַנט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס. ער האָט אַריינגעקוקט אין אירע אַלטע פאַרגעלטע פּאַפּירן וועגן דעם הויז אין יפו, און זי האָט גערעדט און גערעדט.

— איך קען נישט קיין טערקיש — האָט דער פּאָליציאַנט איר געענטפערט מיט אַן אויסגעמאַטערטער שטים.

דאַכט זיך אַז ער האָט געוויינט.

## אַברהם אָבינו וואַרט אויף וואַקאַציע

— שׂרה, שׂרהלע, האָסט אפשר עפּעס אַזעלכעס צו קאַפּוויטיק, אַ טאַבלעט? זינט מיר ליגן דאָ אין דער מערת המכפּלה, האָב איך נאָך אַזאַ קאַפּוויטיק נישט געהאַט. ווי לאַנג ליגן מיר שוין אין דער מערת המכפּלה?

— כ׳על דיר זאָגן געַנוי, אַ רגע, ווען דו האָסט, נישט היינט געדאַכט, געפירט יצחקן צו דער עקדה, איז עס אַ מעשׂה... ווי לאַנג? דאָס איז געווען דעמאָלט ווען די שיפחה דיינע, הגר, האָט דיר געבוירן אַ זון ישמעאל. אַזוי ווי מען האָט דערזען אַז זי איז אין אַנדערע אומשטענדן, האָט מען גלייך באַדאַרפט עפּעס טאָן צו דעם, וואָלט מען אפשר פאַרשפּאָרט היינט אַזוי פיל צרות. כ׳האָב דיך דעמאָלט געוואָרנט: אַברהמל, פון איר וועט קיין גוטס נישט אַרויס. האָסטו מיך געהערט ווי המן דעם גרעגער.

— גיי זיי אַ נביא. לויט ווי מיר דאַכט זיך, איז עס שוין אַ מעשׂה פון פיר טויזנט יאָר. אין משך פון דער צייט איז דאָ געווען שאַ שטיל. קיין שאָרך נישט געהערט.

— שאַ שטיל איז ביי אים געווען. האָסט שוין פאַרגעסן וויפל מלחמות מיר האָבן דאָ אַדורכגעמאַכט.

— יאָ, מען האָט זיך אָבער געשלאָגן מיט שטעקנס, פויסטן, שטיינער, שפּיזן. געשאָכטן זיך ווי מענטשן. נישט אויף אַזאַ אופן ווי היינט. מיט די היינטיקע כּלים וואָס זיי האָבן דערפונדן קען מען דאָך אַ וועלט אומברענגען איינס צוויי. וואָס זענען נעבעך די קינדער שולדיק? ביסט דאָך אויך אַ מאָל געווען אַ מאַמע פון קינדער.

— אונדזערע קינדער האָבן ווייניק געליטן? יצחק האָט נעבעך געהאַט אַ קאַטאַראַקט אויף די אויגן. איבערגעלאָזט נאָך זיך אַן עשׂיו, אויך מיר אַ נחת. יעקב האָט אויסגעהאַרעוועט זיינע בעסטע יאָרן ביי לבנען דעם ליגנער, צוליב זיין טאָכטער רחל. און היינט ליגט זי איינע אַליין ביי דעם וועג פון בית־לחם.

— און זי האָט אויך קאַפּוויטיק. ס׳איז דען אַ וואונדער? לייען בלויז אַדורך די צעטלעך פון היינטיקן טאָג, וואָס יידן האָבן אַריינגעוואָרפן אין דער מערת המכפלה, וועסטו פאַרשטיין פון וואַנעט ס׳נעמט זיך קאַפּוויטיק. אַמאָליקע צייטן, אַז יידן האָבן אַריינגעוואָרפן צעטלעך, האָבן זיי געבעטן פאַר אַ קימפּעטאָרין וואָס גייט שווער צום קינד, אַ מיידל וואָס איז פאַרזעסן, פּרנסה, אַן אָפּעראַציע לא עלינו, אָבער היינט. זאָ וואָס! איין ייד ווינט וואָס ער איז אַ ממזר, אַ צווייטער האָט שוין אַ זון אַ כּשרן רב, און ער אַליין איז נאָך אַ טריפהנער גוי. עולים פון רוסלאַנד, מען לאָזט שוין אַרייַן, קען מען נישט אַרויס. וואָס איך הער זיך אָן לעצטנס. איז אַ וואונדער וואָס מען האָט קאַפּוויטיק? שוין. ס׳גייען שוין ווידער צוויי יידן אָפּרעדן זיך פונעם האַרץ.

— פון וואַנעט ווייסטו אַז זיי זענען יידן?

— זיי רעדן דאָך רוסיש. ווער קומט היינט פון רוסלאַנד אויסוויינען זיך ס׳האַרץ אין דער מערת המכפלה? קאַצאַפּן? מאָנגאָלן? קירגיזן? יידן!

— ס׳איז דאָך עפּעס געוואָרן אַ ספק צי יידן זענען יידן. מען רייסט זיך דאָך אַרום וועגן דעם מיהו יהודי.

— אַז מען האָט אים מלע געווען, און ער איז געקומען בבריתו של אברהם אָבינו, איז ער אַ ייד. ביים היינטיקן טאָג, אַז ס׳איז נאָך דאָ ווער וואָס וויל זיין אַ ייד, בלויז דערפאַר איז ער שוין ווערט צו זיין ייד. אַזוי זאָג איך, אברהם אָבינו.

— ס׳וועט דיר העלפן דיין זאָגן. און זיי, די יידן וואָס זענען קאָמוניסטן?

— זיי זענען אויך יידן. נישט קיין זעלכע וואַזשנע יידן, אָבער גוטע יידן. אַפילו מאיר ווילנער, דער קאָמוניסט וואָס האַלט מיט די אַראַבער, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, וועט ער זיך הייסן קובר זיין אין אַ טלית, און מען זאָל נאָך אים זאָגן קדיש, און לערנען אַ פּרק משניות.

— וואָס דען זאָל ער וועלן? אַ פּרק קאַרל מאַרקס? וואָס וועט ער האָבן דערפון? מען וועט דאָך אים אויסלאַכן אויף יענער וועלט. מען גייט!

— דאָס זענען אַמעריקאַנער יידן. זיי ווייגען נישט, נודען נישט, זיי פאָטאָגראַפירן.

— ווילע יידן. גיבן געלט פאַר ישׂראל.

— זיי גיבן אָבער צו ווייניק.

— וואָס רעדסטו? זיי גיבן אַ סך.

— זיי גיבן טאַקע זייער אַ סך. אָבער ס׳איז צו ווייניק.

— אַז זיי וועלן געבן נאָך מער, וועט דאָך אויך זיין צו ווייניק.

— ביסט טאַקע גערעכט. הערסט, שׂרהלע, אַז דער אייבערשטער וועט העלפן, ס׳וועט זיין שלום אויף דער וועלט, אַלץ וועט זיך נאָרמאַליזירן, וואָלט איך געוואָלט נעמען אַ פּאָר טויזנט יאָר וואַקאַציע.

# חוצפה

א: זאָגט מיר, כ׳מעג אייך עפּעס פרעגן?

ב: פרעגט.

א: איר וועט זיך נישט באַליידיקן?

ב: איך? פאַר וואָס זאָל איך זיך באַליידיקן?

א: זאָל איך אייך יאָ פרעגן?

ב: איר ווילט פרעגן, פרעגט. וואָס פרעגט איר אַזוי פיל? יאָ פרעגן, נישט פרעגן.

א: זאָגט זשע מיר, פאַר וואָס אין מיטן העלן טאָג, ווען מענטשן לויפן, אַ גאַנצע שטאָט איז אין באַוועגונג, זעצט איר זיך אַוועק אויף אַ באַנק אין שדרות ראָטשילד, און גאָרנישט, איר זיצט?

ב: וואָס דען זאָל איך טאָן?

א: אַרבעטן!

ב: כ׳בעט אייך, טשעפּעט אייך אָפּ פון מיר.

א: כ׳האָב דאָך אייך פריִער געפרעגט, צי איר וועט זיך נישט באַליידיקן.

ב: ס׳שטייט דאָ אַ פולע שדרות ראָטשילד מיט ליידיקע בענק, האָט איר זיך געמוזט זעצן דווקא נעבן מיר?

א: כ׳האָב ליב צו רעדן מיט מענטשן.

ב: פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ און אייערע הענט און פיס. אַזאַ צוטשעפּעניש.

א: איר באַליידיקט זיך? איר רעגט זיך אויף. אַ מענטש ווי איר מוז זיין קאָנסעקווענט.

ב: וויל איך נישט! האָב איך נישט! בין איך נישט! מיין גאַנץ לעבן בין איך געווען אַן אומפאַרטייִישער. איר פאַרשטייט? קומט ער צו גיין און זאָגט מיר, אַז איך מוז זיין... וואָס האָט ער געזאָגט, מוז איך זיין?

א: לויט דעם ווי איר שרייט, ווייזט אויס, אַז איר האָט אויך מינדערווערדיקייטס־קאָמפּלעקסן.

ב: האָב איך! וואָס גייט אייך אָן וואָס איך האָב? וואָס האָט איר אַזעלכע גרויסע אויגן אויף דעם וואָס איך האָב? איר זענט דאָך אַ טוריסט, ניין?

א: יאָ.

ב: פון אַמעריקע, יאָ?

א: ניין.

ב: כ׳האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז יאָ. איז פון וואַנען־זשע זענט איר?

א: פון ענגלאַנד.

ב: איז וואָס הערט זיך אין אַמעריקע?

א: איך בין דאָך פון ענגלאַנד.

ב: דעריבער האָט איר מורא צו דערציילן וואָס ס'הערט זיך אין אַמעריקע?
א: וואָס ווילט איר וויסן פון אַמעריקע?
ב: וועגן די ייִדן. איך וויל וויסן, צי די אַמעריקאַנער ייִדן ווילן קומען קיין ישׂראל, צי ניין.
א: זיי ווילן, זיי ווילן.
ב: אָבער זיי קומען נישט.
א: ניין.
ב: ווילן זיי דאָך נישט. אפשר וויסן זיי נישט, אַז די סוכנות פאַרזאָרגט היינט יעדן נייעם עולה מיט אַ דירה, אַ הלוואה, און אַן אַרבעטספּלאַץ?
א: זיי וויסן, זיי וויסן.
ב: און קומען ווילן זיי נישט?
א: זיי ווילן יאָ, זיי ווילן זייער, אָבער...
ב: זיי קומען נישט?
א: ניין.
ב: פרעג איך דאָך אייך: פאַר וואָס?
א: פאַר וואָס אַהין, פאַר וואָס אַהער, אַזוי איז עס! איר זענט אַ נייער עולה?
ב: פון וואַנען ווייסט איר?
א: פאַרלאָזט אייך אויף מיר. אין משך פון דער קורצער צייט וואָס איך בין אין ישׂראל, האָב איך שוין באַוויזן צו באַקענען די זיצערס אויף די בענק אין שדרות ראָטשילד. ווי לאַנג זענט איר שוין אין לאַנד?
ב: איך?! איר ווייסט ווי לאַנג איך בין שוין דאָ אין לאַנד?
א: כ'וואָלט געוווסט, וואָלט איך דאָך אייך נישט געפרעגט.
ב: פופצן יאָר.
א: זענט איר נאָך אַלץ אַ נייער עולה?
ב: כ'האָב דאָך נישט קיין אַנדער פּאַך. אויסער דעם וווין איך אין יפו. איר האָט שוין געזען, אַז אַן אַלטער ישׂראלדיקער תּושב, אַ וותיק, זאָל וווינען אין יפו?
א: איר האָט כאָטש אַ גוטע וווינונג אין יפו?
ב: יאָ. צוויי באַדצימערן מיט אַ קיך. קוקט מיך נישט אַזוי אָן, איך בין נישט משוגע. איך ווייס וואָס איך רעד. איך וווין אין אַן אַלטן היסטאָרישן בנין. אין דעם הויז, וווּ איך וווין, האָט זיך אויפגעהאַלטן נאַפּאָלעאָנס פערד. דאָס איז געווען שוין נאָכן חורבן בית־המקדש. דערנאָך איז אַריין דער טערק, און פון דעם בנין האָבן די טערקן געמאַכט אַ רוימישע שוויצבאָד אויפן רוסישן שטייגער, אַזוי ווי ס'איז געווען ביי אונדז אין פּוילן. און אַז איך בין געקומען צו פאָרן האָט מיר די סוכנות דאָ געגעבן צוויי באַדצימערן מיט אַ קיך. איצט פאַרשטייט איר שוין?
א: אַז איר האָט אַ דירה אין יפו, וואָס זשע זיצט איר דאָ אָפּ גאַנצע טעג אויף אַ באַנק אין שדרות ראָטשילד?
ב: דאָס הויז, וווּ איך וווין, האַלט שוין ביים איינפאַלן, אַלע ווענט זענען שוין צעשפּאָלטן, האָב איך מורא צו זיין אין דער היים. איך וויל מיר נישט איינ־שטעלן דאָס לעבן.

א: און ווו איז אייער פרוי?

ב: אין דער היים.

א: איר זאָגט דאָך, אַז דאָס הויז האַלט ביים איינפאַלן. פאַר וואָס נעמט איר נישט אַרויס פון דאָרט אייער פרוי? זי קען דאָך נאָך, חלילה, געהרגעט ווערן.

ב: איך מוז דאָך האָבן ווער ס׳זאָל מיר היטן די זאַכן. אויסער דעם וויל איך זיך נישט טרעפן מיט מיין שכן. איך האָב דאָרט אַ שכן אַ שוחט.

א: ער אַרבעט אין שעכטהויז?

ב: ניין. אַ שאָפער.

א: איר האָט דאָך איצט געזאָגט, אַז ער איז אַ שוחט.

ב: ווייל ער דראָט מיך יעדן טאָג, אַז אויב איך וועל זיך נישט אַרויסציִען פון דער דירה, וועט ער מיך שעכטן.

א: לויט מיין מיינונג דאַרף מען שאַפן אַ פּאָר פונט, ברענגען בעל־מלאכות און פאַרריכטן די וווינונג, זי זאָל נישט איינפאַלן. פּיקוח־נפש איז פריִער פאַר אַלץ.

ב: ס׳וועט גאָרנישט העלפן. אַן עבירה דער גראָשן, וואָס מען לייגט אַריין. דער פונדאַמענט!... דער פונדאַמענט איז אין גאַנצן צעקלאַפּט! איך בין אַליין שולדיק אין דעם. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אונטער מיין הויז האָט נאַפּאָלעאָן באַהאַלטן אַן אוצר. האָב איך געזוכט דעם אוצר און האָב דערווייל צעקלאַפּט דעם גאַנצן פונדאַמענט.

א: מען טאָר דאָך אייך אָבער נישט לאָזן אין דער וווינונג. ס׳קען דאָך חלילה זיין דאָס גרעסטע אומגליק. וואָס טוט זיך דאָ? ווו איז די סוכנות? ווו איז די רעגירונג?

ב: זיי זענען דאָ, זיי זענען דאָ. זיי ווילן מיך פון דאָרט אַרויסנעמען און אַריינזעצן אין אַ שיכּון. נישט ביי מאָטיען. זיי מיינען, אַז זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַן אידיאָט. איך וועל זיך פון דעם אָרט נישט רירן, ווייל אויף דעם אָרט — האָט מען מיר דערציילט — וויל מען בויען אַ האָטעל פון דרייסיק שטאָק. אַן הונדערט טויזנט דאָלער, וועל איך זיך נישט רירן פון אָרט. און איר מיינט, אַז מען וועט נישט געבן? מען וועט זיך נאָך בעטן, כ׳זאָל נעמען.

א: איז לויט ווי איך זע, גייט אייך גאָרנישט אַזוי שלעכט אין ישׂראל.

ב: אייסעך וואָס, כ׳האָב שוין געהאַט באַשלאָסן, אויפהייבן זיך און אַוועקפאָרן קיין בראַזיל.

א: פאַר וואָס זשע פאָרט איר נישט?

ב: ווייל די סוכנות וויל מיר נישט געבן קיין געלט אויף הוצאות. איר ווייסט, וואָס פאַראַ חברה מיר האָבן אין דער סוכנות?

א: ס׳גייט אייך נאָר וועגן געלט?

ב: ס׳פעלט מיר אויך אַ מענטש, וואָס זאָל מיר זאָגן: פאָר.

א: איך בין דאָס דער מענטש, וואָס זאָגט אייך: פאָרט!

ב: אַוודאי, וואָס שאַט עס אייך? איר ווייסט, וואָס פאַראַ חוצפה דאָס איז פון אייער זייט, צו זאָגן אַ ייִד, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען אַזוי פיל צרות, אַזוי פיל לאַגערן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן אַ ייִדישע מדינה און אַרומוואַלגערן זיך צווישן גויים? ווייזט מיר נאָך איין מדינה אין דער וועלט, ווו מען זאָל קענען

זיצן אַזוי פראַנק־און־פריי אין שדרות ראָטשילד און פּייפן אויף דער וועלט. איך בין אַ ייִד מיט געוויסן, מיט שטאָלץ. איך וועל נישט אַריינגיין צו די מיסיאָנערן און לאָזן זיך אָפּשמדן פאַר אַ פּרייז פון צוויי הונדערט און פופציק פונט.

א: פאַר וואָס פאַר אַ דען פּרייז?

ב: איך בעט אייך מיט גוטן, טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען. איר האָט דאָ וויניק ליידיקע בענק? איר זענט דאָך געקומען אַהער אַלס טוריסט. קוקן! איר האָט שוין אָפּגעקוקט. איז נעמט די פיס אויף דער פּלייצע און פאָרט צוריק. אַ חוצפה פון אַ טוריסט.

## אַ מתנה

— אפשר קען איך אייך העלפן? — האָט זיך אָנגעבאָטן דער פאַרקויפער פון דעם יוועליר־געשעפט, צו דעם מענטש וואָס דרייט זיך אַרום, און האַלט אין איין אַריינקוקן אין די גלעזערנע וויטרינעס — איך פאַרשטיי אַז איר ווילט קויפן אַ מתנה פאַר עמעצן, און ס'איז אייך שווער צו דעציזירן.

— ריכטיק. איר האָט מיך גוט פאַרשטאַנען. איך וויל קויפן אַ מתנה פאַר מיין מאַמען. און וועגן דעם דאַרפט איר מיך אויסהערן מיט געדולד, ווייל מיין מאַמע איז נישט סתם אַ מאַמע. אַזעלכע מאַמעס איז שוין היינט נישט צו געפינען. זי האָט געאָפּפערט איר לעבן פאַר אירע צוויי זין. איינער איז אַ לאָיער אין טשיקאַגאָ. זייער אַ באַשעפטיקטער מענטש. יעדן ערב יום־כּיפּור, ווינטשט ער דער מאַמען אַ גוט יאָר דורכן טעלעפאָן. דער צווייטער בין איך.

די נאַכט האָט מיין מאַמע זיך געבייזערט אויף מיר אין חלום. ווי שעמסטו דיך נישט אפרים? — האָט זי צו מיר געזאָגט — איבערצולאָזן אַן אַלטע מאַמען איינע אַליין.

זי איז נישט אַליין. איך האָב אָנגעשטעלט צו איר אַ פרוי וואָס נעמט זייער אַ סך. דערפאַר אָבער רעדט זי זייער הויך, אַז די מאַמע זאָל הערן. ווייל איך קויפן דער מאַמען אַ מתנה צום „מאַדער דעי", דעם מאַמע־טאָג. און זאָל זי זיך אויפהערן טשעפּען צו מיר אין חלום. ס'גייט מיר נישט וועגן קיין געלט. נאָר ס'זאָל זיין עפּעס אַזעלכעס... איר פאַרשטייט דאָך שוין וואָס איך מיין. אַזעלכעס וואָס מיין מאַמע זאָל זען, אַז זי האָט אין מיר אַ געטרייען איבערגעגעבענעם זון.

יאָ. דער בראַסלעט וואָס איר ווייזט מיר, איז גאַנץ שיין. איך זאָג נישט אַז ניין. אָבער אַכציק דאָלער פאַר אַזאַ זאַך! איך זאָג נישט אַז ס'איז נישט ווערט. ס'איז דאָך פערצן קאַראַט גאָלד. אָבער אויסער דעם דאַרף מיך נאָך קאָסטן צוויי בילעטן אין טעאַטער אַריין. יעדן „מאַדער דעי" פיר איך מיין מאַמען אין אַ ייִדיש טעאַטער אַריין. דערנאָך נעם איך זי אין אַ כינעזישן רעסטאָראַן מיט מוזיק, ווו מען עסט איטאַליענישע לאָקשן, מען טרינקט טערקישע קאַווע, און מען שפּילט אַ ייִדישע

מאַמע. דאָרט קען פלאַצן אַ צוואַנציקער ווי גאָרנישט. מאַכט אַ חשבון צוזאַמען מיט דעם בראַסלעט, וועט איר זען אַז דאָס איז זייער אַ סך געלט.

געפינט פאַר מיר עפּעס אַ שיינע זאַך, נישט דווקא פון גאָלד. נאָר ס׳זאָל בליש־טשען. אַן אַלטע פרוי, וואָס איז איר שוין וויכטיק, יאָ גאָלד, נישט גאָלד. אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן דערזעט שוין נישט, דערהערט שוין נישט. אָבער מיין איין און איינציקע מאַמע, זייט מיר מוחל, די טרערן רייסן זיך אַליין אַרויס. שווער צו רעדן. די ווערטער בלייבן שטעקן אין האַלדז.

אַ גאַנצן טאָג איז דער קאָפּ צעטראָגן מיט צענדליקער פּראָבלעמען. זיבן קאָסטנס מיט שיף האָט מען מיר אַרויסגעגנבעט פון פּאָרט, און די אַסעקוראַציע־קאָמפּאַני וויל זיך אַרויסדרייען. טעלעפאָנען קיין האָנג־קאָנג, טעלעקס קיין איטאַליע. צוועלף מענטשן אַרבעטן ביי מיר אין אָפּיס. מיין פרוי מיט די קינדער זיצן אין מיאַמי. היינט ביי נאַכט מוז איך גיין עסן אַ סאַפּער פאַר ישׂראל. אַן אָרעמאַן קען זיך דאָס ווינטשן צו פאַרדינען יעדן טאָג, וואָס דער סאַפּער וועט מיך אָפּקאָסטן. אַז די אַראַבער וועלן מאַכן שלום מיט ישׂראל און פון רוסלאַנד וועלן שוין האָבן אַרויסגעפאָרן אַלע ייִדן, וועט מען אפשר דעמאָלט קענען זיין אַ ציוניסט אין אַמעריקע פאַר ביליק.

אַ פּאָר שעה שלאָף ביי נאַכט. מ׳קען שוין אויסרוען דעם פאַרמאַטערטן קאָפּ, קומט זי צו גיין דעמאָלט, מיין מאַמע, און שרייט: פראַיעם! פראַיעם! אַז מען קען פאַרטויבט ווערן. איך האָב איר נאָך קיין מאָל נישט געהערט אַזוי הויך שרייען, און מיט אַזאַ כּעס.

מיין מאַמע האָט ליב ישׂראל. אַ זאַך פון ישׂראל איז ביי איר זייער טייער. איך ברענג איר האָניק פון ירושלימער בינען, טייטלען פון דער כּותל־מערבי. אפשר האָט איר טאָקע עפּעס אַ זאַך פון ישׂראל? דאָס וואָלט געווען די בעסטע מתּנה פאַר איר. איר האָט אפשר אַ משה רבינו? ס׳מוז נישט זיין קיין עכטער משה רבינו. ס׳קען זיין אַ נאָכגעמאַכטער. אַ ביליקער משה רבינו.

אַזוי ווי איך בין געבוירן געוואָרן נאָך אַלס אַ זייער קליין קינד, האָט מיין מאַמע געשיקט געלט צו דעם מאיר באַלאַנעס אין ירושלים, און אַ ייִדענעם שלאָפּראָק פאַר זיין ווייב, כּדי מען זאָל פלאַנצן אַ בוים אויף מיין נאָמען. ווען כ׳בין געפאָרן קיין ישׂראל, האָב איך מיטגענומען דאָס פּאַפּיר, ווייל איך האָב געוואָלט זען פראַ:מען, כ׳מיין דעם בוים וואָס איז אויף מיין נאָמען. אַ גאַנץ שיינער בוים קאַנעהאָרע. אין מיטן דער שטאָט, אָבער אַזאַ זאַך! איר וועט נישט גלייבן. שטאָט מיין נאָמען איז צוגעטשוועקעט צום בוים אַ שילד פון אַ קאָרסעטן־מאַכערין, ציפּורה. דער מיסטער באַלאַנעס האָט מיר צוגעזאָגט אַז מען וועט דאָס אַראָפּנעמען,אויב נישט וועל איך זיך ווענדן צו מיין לאָיער. כ׳האָב דאָך אַ פּאַפּיר.

ווייזט מיר נאָר אָט אָ דאָס וואָס הענגט דאָרט. דאָס, זעט איר, געפעלט מיר יאָ.

— דאָס איז נישט פּאַסיק פאַר אייער מאַמען. דאָס איז גוט פאַר די היינטיקע מיני־מיידעלעך. איינער האָט דאָס געקויפט אַ מתּנה פאַר זיין סעקרעטאַרקע, איז ער געקומען צו מאָרגנס דאַנקען, און געזאָגט, אַז ער האָט זייער הנאה געהאַט פון דער מתּנה. אויסער דעם, איר זוכט דאָך אַ ביליקע זאַך, און דאָס קאָסט הונדערט און תּופציק דאָלאַר.

— איך האָב זיך דען געדונגען אויפֿן פּרייז? איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז מיר גייט נישט אין קיין געלט.

— אָבער דאָס איז דאָך נישט פּאַסיק פֿאַר אײַער מאַמען.

— ווער האָט אײַך געזאָגט אַז דאָס איז פֿאַר מײַן מאַמען?

— פֿאַר אײַער סעקרעטאַרקע?

— וואָס איז דאָס אײַער עסק פֿאַר וועמען איך קויף דאָס? אַלץ מוזט איר וויסן? פּאַקט עס אײַן, אָבער שיין, עלעגאַנט!

## נערוון

כ׳וויל וויסן, פֿאַר וואָס מען זאָגט אויף מיר, אַז איך בין נערוועז? כ׳וויל וויסן, אויף וואָס פֿאַראַ גרונט האָט מען פֿעסטגעשטעלט, אַז איך בין נערוועז?

אַדרבא, קוקט מיך אָן. קוקט, קוקט, נו? איר זעט עפּעס אויסערגעוויינלעכעס אין מיר? איר דערקענט אויף מיר אַז איך בין חלילה... אמת אַז נישט? איז פֿאַר וואָס צו אַלדע טייוול, האַלט מען אין איין זאָגן, אַז איך בין נערוועז?

ווער ס׳זאָגט? וואָס איז אײַער דאגה, ווער ס׳זאָגט? וואָס שטופּט איר אַרײַן אײַער נאָז אין מײַנע פּריוואַטע זאַכן? וואָס פֿרעגט איר מיך בכלל אַזעלכע שאלות? איר ווילט מיך אויספֿרעגן? איר ווילט מיך דווקא אַרויסברענגען פֿון די כּלים? וויל איך אײַך נישט זאָגן! איך בין נישט מחויב אײַך צו זאָגן!

איר זענט אַ מבֿין ווי דער מענטש האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיר? איך וויל בכלל מיט אײַך נישט רעדן! איך וויל אײַער פּנים נישט אָנקוקן! טראָגט אײַך אָפּ פֿון דאַנען! אַנישט וועט איר באַלד אַרומלויפֿן און דערציילן מענטשן, אַז איך האָב אײַך געשלאָגן!

אַ מענטש דאַרף זײַן רויִק. אַ מענטש דאַרף זיך קענען באַהערשן. אַ מענטש דאַרף זײַן אַ מענטש, אַנישט איז דער מענטש קיין מענטש נישט. וואָס ס׳זאָל נישט געשען אין לעבן, איז דער ערשטער כּלל, רויִק. נישט אַרויס פֿון די האַלאַביעס. העפֿלעך דאַרף מען זײַן, און אַ שמייכעלע. תּמיד אַ שמייכעלע.

אַז מען פֿאָרט אין סאַבווײַ דאַרף מען זיך האַלטן ווי אַ רויִקער קולטורעלער מענטש. עס גייט דיר ווער אַ שטאָרך אין דער זייט, מאַך זיך נישט וויסן. מיש זיך נישט אַרײַן אין דעם וואָס יענער טוט. מען פֿרעגט דיך ווי שפּעט ס׳איז, ענטפֿער נישט. ס׳קוקט דיר ווער אין די אויגן אַרײַן, שפּיי אויס אויף אַן עין־הרע. ס׳שטייט ווער אויף דײַנס אַ שוך, לאָז אים! טשעפּע נישט קיין מענטשן. אַז דו וועסט זיך אַזוי פֿירן, קענסטו אָפּפֿאָרן צוויי מייל און נישט באַקומען קיין האַרץ־אַטאַקע.

ווי אַזוי דערקענט מען אַ נערוועזן מענטש? וועל איך אײַך דערקלערן:

אַז איר שטעלט זיך למשל אַוועק אין גאַס, און איר שרײַט אויס: גנבֿ! סתּם אַזוי אין דער וועלט אַרײַן: גנבֿ! האָבן דאָס געהערט צוויי מענטשן וואָס זענען צופֿעליק פֿאַרבײַגעגאַנגען, איז איינער האָט אײַך אָנגעהויבן בעטן, אַז איר זאָלט

אויף אים רחמנות האָבן, און ער שווערט איך, אַז ער וועט שוין מער נישט. דער צווייטער איז אַנטלאָפן און נעלם געוואָרן, איז דער ערשטער אַ נערוועזער. דער צווייטער אַ פּחדן. און טאָמער טרעפט איר עמעצן וואָס רעדט וועגן אחדות, צדק און יושר, דער איז שוין אין גאַנצן משוגע.

נו, הערט שוין אויף דאָרט! איך בעט אייך מיט גוטן איר זאָלט אויפהערן. מיינע נערוון זענען דאָך נישט קיין דראָטן. אַ מענטש זעצט זיך אַוועק און קוקט מיר גלייך אין פּנים אַריין. וואָס קוקט איר? וואָס זעט איר? וואָס גלאָצט איר אויף מיר מיט די אויגן? וואָס לאַכט איר? איר וועט באַלד אַריינכאַפּן פון מיר אַ... אוי, דער קאָפּ!

שוין, איך מוז שוין ווידער נעמען אַ טאַבלעט. דער דאָקטער האָט מיר פאַר־שריבן די טאַבלעטן. אַז כ'רעג זיך אויף, שלינג איך אַראָפּ אַזאַ טאַבלעט. דערנאָך צעשריי איך זיך מיט אַלע כּוחות. דערלאַנג עמעצן אין די ציין, און איך באַרויִק זיך.

נעמט אַזאַ טאַבלעט. נעמט, שעמט אייך נישט. זאָגט נישט, אַז איר דאַרפט נישט. איר זענט קאַנעהאָרע אַ פאַרהייראַטער מענטש, אַן איינאונאיינציקע פרוי, קינדערלעך זאָלן געזונט זיין, איר פאָרט יעדן טאָג מיטן סאַבוועי. דאָס געשעפט איז יענע וואָך געוועזן שלעכט. די וואָך נאָך ערגער. נעמט אַ טאַבלעט! נעמט, איר וועט זען, אַז ס'וועט אייך בעסער ווערן. נעמט, זאָג איך אייך! ווייל איר קריגט אַ כמאַל, וועט איר זען די עלטער־באָבען פאַר די אויגן!

## געלעכטער מיט מרה־שחורה

— גיב נאָר אַ קוק וועמען איך זע — מיט די ווערטער האָט ער מיך איינגע־האַלטן אין מיטן גאַנג — שמע ישׂראל! כ'בין דאָך איצט געוואָרן אין גאַנצן פאַרטשמיעלעט. דאָס זענט איר טאַקע? כ'פרעג דאָך אייך! יאָ! דאָס איז ער! מיר זאָלן אַזוי האָבן אַלדאָס גוטס. — און ער איז אַרויפגעפאַלן אויף מיר און אויסגעקושט מיר ס'גאַנצע פּנים, די נאָז, די אויערן, און ביידע גלעזלעך פון די ברילן.

איך בין געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, און נישט געוווּסט וואָס דאָ איז געשען. וואָס איז דאָס קושעניש אין מיטן העלן טאָג.

— איר ווייסט נישט — זאָגט ער — ווי גליקלעך איך בין וואָס איך האָב אייך דערזען, ס'איז אין מיר אַריין אַ נייע נשמה. ווײ געוואַלד, און ווײ געוואַלד! אַזאַ זאַך זאָל קאָנען פּאַסירן.

— וואָס האָט פּאַסירט?

— גאָרנישט. כ'בין אייך נישט מחויב אַלץ צו דערציילן. וואָס זענט איר אַזוי נייגעריק, וואָס? — ער האָט זיך אויף מיר גוט אָנגעבייזערט, און אָנגעהויבן מיך ווידער קושן.

— וואָס איז דאָ געשען? וואָס קושט איר מיך אַזוי פיל?

— כ׳וויל אייך נישט דערציילן. איר קענט מיך נישט צווינגען. כ׳קען אייך נאָר זאָגן איין זאַך, אַז איר דאַרפט זיין גליקלעך, איר דאַרפט טאַנצן אין די גאַסן פון שמחה.

— פאַר וואָס? דאָ איז דאָך עפּעס געשען, דערציילט זשע מיר.

— כ׳בעט אייך, לאָזט מיך אָפּ, און ציט מיך נישט ביי דער צונג. פרעגט מיך נישט וועגן דעם, און לאָמיר וועגן דעם מער נישט רעדן.

— וועגן וואָס?

— וועגן דעם! און פרעגט מיך נישט מער וועגן וואָס. איר גייט פון מיר אַרויסבאַקומען הינטן אַרומעט? איר מיינט אַז איר האָט צו טאָן מיט אַ קליין קינד? שוין. לאָמיר מער נישט רעדן וועגן דעם און פאַרטיק.

— איר ווילט נישט, דאַרף מען נישט. איר מיינט אַז איך וועל זיך איינבעטן ביי אייך?

— וואָס פאַראַ איינבעטן? ווער רעדט פון איינבעטן? כ׳וואָלט אייך גערן אַלץ דערציילט, נאָר כ׳קען נישט. ס׳ליגט זיך מיר נישט אויף דער צונג. איין זאַך קען איך אייך זאָגן, אַז פון דעם וואָס איך האָב אייך באַגעגנט, בין איך נאָך נישט געקומען צו זיך, אַזוי צעטשמיעלעט בין איך געוואָרן. טפו זאָל עס ווערן! ס׳איז אַ סימן אַז איר וועט לאַנג לעבן.

— וואָס פאַראַ סימן? וועלכער סימן? וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָ?

— כ׳האָב דאָך אייך געבעטן אַז מען זאָל מער נישט רעדן וועגן דעם.

— איך רעד? איר רעדט דאָך.

— איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך ווייס נישט וואָס איך רעד. כ׳רעד ווייל איך קען זיך נישט באַרויִקן. דער אימפּעט רעדט פון מיר אַרויס. די איבעררעאַשונג. אַזאַ זאַך זאָל קענען פּאַסירן?

— וואָס פאַראַ זאַך?

— אַזאַ זאַך! און פרעגט מיך נישט מער וואָס פאַראַ זאַך. און ווען איר שיסט מיך, קריגט איר פון מיר אַרויס איין וואָרט? דאָס איז אַ זאַך וואָס איך וועל אייך קיין מאָל אין לעבן נישט קענען דערציילן, דאָ האַנדלט זיך וועגן דעם... כ׳קען נישט רעדן. שטעלט אייך פאָר אַז איך בין געוועזן זיכער אַז איר זענט חלילה... כ׳וויל עס נישט ברענגען פאַר די ליפּן. דאָס איז אַ סימן, אַז איר וועט לאַנג לעבן.

— אַ בייזער חלום זאָל אויסגיין צו מיינע שונאימס קעפּ. ווי פאַלט איר אויס וועגן מיר אַזעלכעס צו טראַכטן?

— וואָס מיינט איר? אַז כ׳בין געגאַנגען סתּם אויסטראַכטן עפּעס פון קאָפּ אַרויס? כ׳האָב געלייענט אין צייטונג, אַז אַ מענטש מיט אייער נאָמען איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דאָקטוירים האָבן איינגעלייגט וועלטן, געוואָלט אים ראַטעווען, און זיי האָבן גאָרנישט נישט געקענט אויפטאָן.

כ׳האָב געטראָפן אַ באַקאַנטן, האָב איך אים ספּעציעל געפרעגט, צי דאָס האָט טאַקע פּאַסירט מיט אייך. האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז עס, הונדערט פּראָצענט איר. ווייל ער האָט אייך געזען אַ טאָג פריִער זיצן אין אַ קאַפעהויז מיט צוויי מוראדיקע אויגן, פאַרביסענע ליפּן, געררויכערט איין ציגאַרעט נאָכן צווייטן, געצוקט נערוועז מיט אַן אַקסל, און גערעדט צו זיך אַליין מיט די הענט.

כ'האָב געפרעגט דערנאָך אַ צווייטן באַקאַנטן, האָט ער מיר אויך געזאָגט, אַז דאָס זענט איר, הונדערט פראָצענט, ווייל — זאָגט ער — מען האָט שוין געפילט אין די לעצטע פעליעטאָנען אייערע, אַזאַ פאַרצווייפלטן הומאָר, אַזאַ טרויעריקע הייטערקייט, אַ געלעכטער מיט מרה־שחורה. די נערוון — ווייזט אויס — זענען שוין געווען ביי אייך דערשיטערט. פּלוצעם... אַ סימן איר וועט לאַנג לעבן.

— און איר האָט טאַקע געגלייבט אַז איך וועל באַגיין אַזאַ נאַרישקייט ? און ?...

— וואָס הייסט געגלייבט, כ'בין דאָך אַפילו געגאַנגען אָפּגעבן אייך דעם לעצטן כּבוד. כ'בין צוגעקומען צום אָרט, האָב איך דאָרט געזען שטיין איינעם אַן אַקטיאָר, וואָס וויינט אויף אַלע לוויות, האָב איך דאָך גלייך פאַרשטאַנען אַז דאָס זענט איר. ס'איז מיר נישט אָנגעהויבן איינפאַלן אַז מען נאַרט מיך אויס. דער חברה קדישא קען מען שוין נישט גלייבן ? כ'האָב באַדאַרפן אַריינקוקן אינווייניק און זען צי דאָס איז ער, דער ריכטיקער ?

מיינע שׂונאים ווינטש איך זיי זאָלן האָבן אַזאַ הנאה פון לוויות ווי איך האָב דעמאָלט געהאַט. פיר שעה צייט אונטער דער זון, אַהיימגעשלעפּט זיך אַ מידער, אַ דערשלאָגענער, אין אַן אַלטער טעקסי, וואָס איז צעבראָכן געוואָרן אויפן וועג, איבערגעלאָזט אַ וואַרשטאַט אין הענט פון פרעמדע מענטשן, אויף פיר שעה צייט. ס'ווייב האָט געמאַכט קולות, צום סוף האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס אַלץ איז געווען ווי אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס. אויף אומזיסט און אומנישט. אַז דער איז אַפילו נישט איר.

— אויב אַזוי, בעט איך אייך איבער, זייט מיר מוחל. ס'טוט מיר באמת לייד וואָס איר האָט זיך אַזוי געפּלאָגט פיר שעה צייט אונטער אַ ברענענדיקער זון. דאָס וואָס יענער איז נישט איך, איז דאָך אַ צופאַל, איך האָב דאָך עס נישט געטאָן להכעיס, אייך אויפצורעגן. איר דאַרפט נישט זיין אין כּעס אויף מיר, איך בין אין דעם גאַרנישט שולדיק.

— יאָ אין כּעס, נישט אין כּעס. אָבער ס'פאַרדריסט מיך. ס'האָט מיך אַפילו געוווּנדערט וואָס ס'איז קיינער נישט געקומען פון דער רעדאַקציע זאָגן אַ פּאָר ווערטער, וואָס איז ? איר האָט זיך נישט פאַרדינט דערויף ?

— שוין, לאָזט מיך שוין אָפּ, און רעדט נישט צו מיר מער. מיינע נערוון זענען אויך נישט פון קיין שטאָל. איר זעט דאָך אַז איך לעב און בין געזונט. איז טשעפּעט עס נישט, לאָזט עס אַזוי גיין ווייטער און זאָל זיך עס אַזוי שלעפּן ביז דער „וואָס איבער אונדז" וועט באַשליסן. זייט מיר מוחל וואָס איך קען אייך שוין מער נישט אויסהערן. ס'איז שוין זייער שפּעט, כ'מוז לויפן.

— לויפן מוז ער, ער מוז לויפן. ווי אַ מענטש איז פאַרנאַרט. איר זעט דאָך שוין וואָס ס'איז דער סוף פון דעם אַלעם. איז וואָס לויפט איר ? !

# אַ שווערע נסיעה

נאָך לאַנגע יאָרן שווייגן איז אָנגעקומען אַ בריוו פונעם אָנקל, ווו ער שרייבט זייער בקיצור, אַז אין דעם און דעם טאָג קומט ער אָן קיין ישׂראל און ער בעט מען זאָל אים אָפּוואַרטן אויפן פליפלאַץ.

איז ער צוזאַמען מיט זיין פרוי געזעסן אין גרויסן זאַל אויפן פליפּלאַץ און געוואַרט מקבל־פּנים צו זיין דעם אָנקל מיט אַ גרויסן בונט רויזן.

נאָכן אָפּזיצן אַ פּאָר שעה, געווען איז דאָס שוין נאָך האַלבער נאַכט, זענען זיי געוויר געוואָרן אַז דער עראָפּלאַן מיט וועלכן דער אָנקל דאַרף קומען, האָט זיך פאַרהאַלטן אין וועג, און וועט אָנקומען ערשט זעקס אין דער פרי.

זענען זיי שוין געבליבן דאָרט איבערוואַרטן די נאַכט, ווייל די נסיעה נאָך אַ מאָל אויף הין און צוריק, איז פאַרבונדן מיט אַזעלכע הוצאות וואָס ער קען זיך נישט דערלויבן.

אַ גאַנצע נאַכט זענען זיי געזעסן, ביז דער דרויסן האָט אָנגעהויבן ווערן וואָס אַ מאָל ליכטיקער. די לופט וואָל אַ מאָל שווערער און אַ פאַרנעפּלטע זון איז אַרויס צוזאַמען מיט אַ כאַמסין.

גענוי אַ פערטל נאָך זעקס האָט דער עראָפּלאַן געלאַנדעט. זענען זיי געשטאַנען אויף דער טעראַסע צוזאַמען מיט נאָך אַ סך מענטשן און געקוקט ווי די פּאַסאַזשירן שטייגן אויס, על־פּי־רוב מענער, עלטערע, באַיאַרטע. אַ טייל פון די וואַרטנדיקע שרייען אויס נעמען, פאָכען מיט די טיכלעך צו די וואָס זיי האָבן דערקענט פון דערווייטנס, האָבן זיי אויך אָנגעהויבן פאָכען מיט די טיכלעך, נישט וויסנדיק נאָך צו וועמען.

— זענט איר נישט, מיסטער, דער אָנקל גרין? — האָט זי געפרעגט דעם ערשטן פּאַסאַזשיר, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער צאָל־אָפּטיילונג.

דער פּאַסאַזשיר, נישט באַווייזנדיק אויפצונעמען די שאלה, איז פּלוצעם באַפאַלן געוואָרן פון עפּעס אַ פרוי, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט, און ביידע האָבן זיך אָנגעהויבן קושן.

דאָס איז ער נישט.

— מיסטער גרין? — פרעגט ער אַ צווייטן פּאַסאַזשיר, אַ דיקער, מיט זייער אַ רויט פּנים, וואָס פרעגלט זיך אין שוויס צוזאַמען מיט דעם פליך און קוקט מבולבל דערשראָקן אין אַלע זייטן. אין איין האַנט האַלט ער אַ וואַליזע, אין דער צווייטער האַנט — אַ פּאַלטאָ מיט אַ פּילצענעם קאַפּעליוש און אויף זיך, אַ מאַנטל מיט אַ וואָלענעם שאַל.

אַ מענטש, וואָס איז איצט נישט לאַנג אַרויסגענומען געוואָרן פון אַ קילן רעגנ־דיקן קלימאַט און אַזוי ווי ער שטייט און גייט אַריינגעברענגט געוואָרן אין אַ כאַמסין, ווו די זון פלאַקערט מיט איר גאַנצן כּוח און עס בלאָזט אַ הייסער מדבר־ווינט.

אַ קורצע רגע האָבן זיי געקוקט איינער אויפן אַנדערן. באַלד האָט ער אָוועק־געשטעלט די וואַליזע, אַרויפגעלייגט אויף איר דעם מאַנטל מיט דעם קאַפעליוש און געוואָרפן זיך קושן.

די פרוי וואָס איז געשטאַנען פון דערווייטנס, האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער אָנקל גרין. האָט זי אים אַנטקעגנגעטראָגן דעם בונט רויזן, וואָס זענען שוין געפאַלן פון חלשות פון אומשלענדערן זיך אַ גאַנצע נאַכט אַן אַ טראָפן וואַסער אין אַזאַ כאַמסין און די רויזן־בלעטער האָבן שוין אויסגעזען ווי פאַרזשאַווערט.

— וואָס מאַכסטו? — האָט דער אָנקל געשטעלט די ערשטע פראַגע גלייך נאָכן קושן.

— זייער גוט.

— ביסטו געזונט?

— ברוך השם.

— הייסט דאָס אַז פון דער אָפעראַציע ביסטו אַרויס בשלום?

— וואָס פאַר אַן אָפעראַציע?

— די אָפעראַציע אויף די נירן.

— וואָס פאַרא נירן? וואָס פאַלט דיר עפּעס איין?

— און וואָס מאַכט עפּעס חנה?

— וואָס פאַרא חנה ווידער?

— איז אפשר ביסטו גאָרנישט שמואל האַכמאַן?

— איך בין קיין מאָל נישט געווען אַזעלכער און איר זענט גאָרנישט מיין אָנקל גרין?

— דעם מיסטער גרין זוכט איר? טאָ פאַר וואָס זאָגט איר נישט? אָט אַ דאָרט שטייט ער דאָך, דער הויכער. ער איז דאָך געזעסן נעבן מיר אין עראָפּלאַן.

אַ מענטש מיט אַ פנים אָנגעפילט מיט צאָרן, מיט אַן איינגעצויגענעם שטערן גלייך ווי ער וואָלט געליטן פון אַ קרענק.

— זענט איר דאָס מיסטער גרין?

— לאָמיר זאָגן אַז יאָ, טאָ וואָס זשע ווילט איר?

— איך בין דוד פעלדגרין.

— דאָס ביסטו? אַזוי שפּעט ביסטו געקומען? איך דריי זיך שוין דאָ אַרום אפשר אַ שעה.

— דאָס איז די צרה, אַז מיר דערקענען זיך נישט אַפילו, קודם־כל, שלום־עליכם אָנקל.

קוים וואָס דער אָנקל האָט זיך צוגעבויגן און באַרירט זיין פנים מיט אַ שפּיץ פון דער לאַנגער נאָז שטאָט אַ קוש. די פרוי איז אונטערגעלאָפן און אַריינגעשטופּט אים אין האַנט די גוסטדיקע רויזן.

— דיין פרוי?

— יאָ.

— זי הייסט דאָך?...

— רבקה הייסט זי.

— יאָ, רבקה, שלום־עליכם, רבקה.

ביים דערלאַנגען איר די האַנט זענען די רויזן אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און ביים צעקושן זיך זענען זיי אין גאַנצן צעריבן געוואָרן אונטער זיינע שיך פון אַ נומער 46 די גרויס.

— אַ שווערע נסיעה האָב איך געהאַט, — האָט ער שווער אָפּגעזיפצט, זייער אַ שווערע נסיעה. איך דאַרף בענטשן גומל וואָס די רייזע איז אַדורך בשלום און איך בין אָנגעקומען אַ לעבעדיקער. פינף און צוואַנציק דאָלער האָבן זיי — אייערע ישׂראל־ייִדן — צוגענומען פאַר צאָל, און פאַר גאָרנישט, ממש גאָרנישט, אַ פּאָר מעטער שטאָף און עטלעכע קלייניקייטן פון זילבער. ווען איך וואָלט נישט געווען קיין קראַנקער מענטש וואָלט עס מיך נישט געאַרט. דאָקטוירים זענען פאַראַן ביי אייך?

— וואָס פאַר אַ שאלה, גוטע דאָקטוירים.

— איך שטעל מיר שוין פאָר אייערע דאָקטוירים. וויפל הייסן זיי זיך באַצאָלן דאָ פאַר אַ טאָפּ?

— אפשר וועט דער אָנקל עפּעס טרינקען? — האָט זיך אָנגערופן די פרוי.

— איך וויל גאָרנישט, האָטס אויף מיר רחמנות, און פירט מיך אָפּ וואָס שנעלער אינעם האָטעל. איר קענט דעם האָטעל „פּעפּיטאָ”? מען זאָגט אַז דאָרט איז זייער רויִק און זויבער. ווער ווייסט וויפל זיי וועלן זיך דאָרט הייסן באַצאָלן?

זיי האָבן אַריינגעטראָגן דעם אָנקלס וואַליזן אין אַ טעקסי, אָפּגעפירט אים אין זיין האָטעל און בלית ברירה באַצאָלט פאַר דער נסיעה, ווייל דער אָנקל, אַרויסגייענדיק פון דער טעקסי, איז גלייך אַריין אין זיין צימער, אַוועקגעלייגט זיך אויפן בעט רוען און האָט וואַרשיינלעך פאַרגעסן אַז די נסיעה האָט געקאָסט געגנוג געלט און אַז דער קרוב זיינער איז אַ פּקיד וואָס לעבט פון אַ קליינעם געהאַלט און קען זיך נישט דערלויבן אויף אַזאַ הוצאה.

---

דריי וואָכן איז דער אָנקל געווען אין ישׂראל. אין משך פון דער צייט איז, ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט זיינע קרובים, האָט ער זיך געהאַלטן אין איין באַקלאָגן וועגן די פינף און צוואַנציק דאָלער וואָס מען האָט ביי אים אויסגעריסן אין צאָל־אַמט, פאַר גאָרנישט, ממש גאָרנישט. דערנאָך האָט ער גענומען אויסרעכענען די חסרונות פון דער מדינה: קודם־כּל איז זי צו קליין. די טראָטואַרן זענען צו שמאָל, די לופט איז צו הייס, די באַדינונג אין האָטעל צו שלעכט, און ער אַליין פילט זיך אויך נישט גוט.

געהאַלטן האָט שוין דערביי אַז דער אָנקל זאָל אַוועק פון ישׂראל אין גאַנצן אָן אַנטוישטער, נאָר די מיליטערישע פּאַראַדע וואָס קומט פאַר אינעם טאָג פון אונדזער זעלבשטענדיקייט־יום־טוב האָט געראַטעוועט די לאַגע.

דאָס איז אויסגעפאַלן איין טאָג פאַר זיין אַוועקפאָרן. דער אָנקל איז געשטאַנען אויף דער טעראַסע פון זיין האָטעל, די טראָטואַרן אונטן, באַלייגט מיט אַ המון פון צענדליקער טויזנטער און פאַרביי אים האָט דורכמאַרשירט אַ גרויסע געזונטע אַרמיי אין פולער באַוואָפענונג, טאַנקען און האַרמאַטן זענען פאַרביי מיט שטורעם איבער דער גאַס, דער הימל האָט געקרעכצט פון שווערע באָמבערס וואָס האָבן

צעריסן די לופט, און ווען ס'איז פאַרביי אַ פאַנצער־מאַשין וואָס האָט געטראָגן אויף זיך אַ סאָלדאַט, אַ תימנער ייִד ביי אַ מאַשין־געווער, און פון אונטערן שטאָ־לענעם העלם האָבן אַרויסגעקוקט צוויי לאַנגע געקרייזלטע פיאות און צוויי שטרענגע פייערדיקע אויגן, האָט ער זיך צעוויינט, דער אָנקל, און ער האָט צוגעזאָגט אויף זיין ערנוואָרט, אַז אַזוי ווי ער קומט נאָר אַהיים, וועט ער טאָן אַלצדינג אַז זיין פריינד, אַ רייכער ייִד, זאָל פאַרגרעסערן זיין ביישטייער פאַרן מגבית מיט נאָך 500 דאָלער.

## דער מענטש מיט זיינע געציילטע טעג

דריי חדשים נאָך דער חתונה, איז דאָס ווייב געוווירע געוואָרן אַז ער איז אַ קראַנקער מענטש, אַז ער האָט אַזאַ מחלה וואָס מען קען מיט איר לאַנג נישט אַנטרייבן, האָט זי זיך געוואָלט גטן, ווייל אַ יונגע געזונטע פרוי איז נישט מחויב פאַרפינצטערן אַ לעבן מיט אַ געפערלעך־קראַנקן מאַן, און דערצו נישט קיין אָרנטלעכער מענטש. אַז מען גייט חתונה האָבן מיט אַ פרוי, וואָס מען האָט זי ליב, דערציילט מען איר דעם אמת: זאָלסט וויסן זיין אַזוי און אַזוי... אַזוי און אַזוי... באַהאַלטן? אָפּנאַרן? פע!

קיין גט האָט ער איר נישט געוואָלט געבן, ווייל ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט. האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַ גרויסער קאַמף, און זי האָט אים געבוירן אַ ייִנגל. באַלד נאָכן געבורט איז זי קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

האָט ער זיך גענומען זוכן אַ שידוך, אַ פרוי וואָס זאָל אים ליב האָבן, און האָדע־ווען דאָס קינד. און ער האָט חתונה געהאַט.

דריי חדשים נאָך דער חתונה איז ער געוווירע געוואָרן, אַז זי איז אַ קראַנקע פרוי, אַז זי האָט אַ מחלה, וואָס מען קען מיט איר לאַנג נישט אַנציִען. האָט ער זיך געוואָלט גטן. ווייל ער אַליין איז אַ קראַנקער מענטש, און איז נישט מחויב אָפּפינצטערן אַ לעבן מיט אַ געפערלעך־קראַנקער פרוי. און ווידער די זעלבע מעשה: פאַר וואָס האָט זי אים נישט געזאָגט פאַר דער חתונה, זאָלסט וויסן זיין, זלמן, — ער הייסט זלמן — אַזוי און אַזוי... אַזוי און אַזוי... באַהאַלטן? אָפּנאַרן? פע!

קיין גט האָט זי נישט געוואָלט נעמען, ווייל זי האָט אים שטאַרק ליב געהאַט. האָבן זיי זיך אַרומגעריסן ביי די קעפּ. דריי יאָר צייט איז צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ קאַמף, און זי האָט אים נישט געבוירן קיין קינד. האָט ער איר איבערגעלאָזט די דירה מיטן גאַנצן האָב און גוטס, אַזוי ווי זי האָט פאַרלאַנגט, און פאַר דעם אַלעם האָט זי מסכים געווען אויפצוהערן ליב צו האָבן איר שטאַרק געליבטן מאַן און נעמען אַ גט.

ער האָט זיך אָנגעהויבן פילן שלעכט, האָט מען אים גענומען אין שפּיטאָל אַריין. דער מצב זיינער איז געווען זייער ערנסט. אַ דאָקטער האָט זיך געפּאַרעט ביי אים אַ גאַנצע נאַכט.

פאַר טאָגס, האָט מען דעם דאָקטאָר אָוועקגעפירט אויפן אָפּעראַציע־טיש, ווייל ס׳האָט אים געפּלאַצט אַן אָדער אין מוח. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן בעסער. ער, זלמן, האָט זיך געפילט בעסער, נישט דער דאָקטער, ביז ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס.

ער איז אַרויס פון שפּיטאָל, האָט אים אַריינגענומען אַ ברודער צו זיך אויף דערהאָלונג.

דער ברודער, אַ הויכער מיט זייער ברייטע פּלייצעס, אַ באַקאַנטער ספּאָרטסמאַן, אַן אינסטרוקטאָר פאַר שווער־אַטלעטיק. ער האָדעוועט אים אויך דאָס קינד, און ער האָט זיך דאָרט געפילט זייער גוט. מען האָט זיך צו אים זייער גוט באַצויגן. פּלוצעם האָט דער ברודער, דער אַטלעט, באַקומען אַ האַרצאַנפאַל, און געשטאָרבן. טויט, אָבער שטאַרק, געזונט. אַ טויטן מיט אַזעלכע מוסקולן האָט נאָך קיינער נישט געזען.

די פרוי זיינע, די אַלמנה, האָט זיך געוואָלט באַפרייען פונעם שוואָגער. נאָך וואָס דאַרף זי האַלטן אַ חרוב־קראַנקן מענטש וואָס די טעג זיינע זענען געציילטע? האָט זי אים אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע היילן. ס׳איז דאָרט פאַראַן אַ באַרימטער פּראָפעסאָר, אַ ספּעציאַליסט אויף די דאָזיקע קראַנקייטן.

אין זעלבן טאָג ווען ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איז דער פּראָפעסאָר געשטאָרבן. האָט ער דאָרט חתונה געהאַט מיט אַ רייכער פרוי, אַן אַלמנה, אַ מיל־יאָנעריין, אָבער זייער אַ קראַנקע. קיין טענות האָט ער צו איר נישט געהאַט. אַן אָרנטלעכע פרוי. פאַר דער חתונה האָט זי אים געזאָגט: „זאָלסט וויסן זיין, אַזוי און אַזוי, איך בין אַ קראַנקער מענטש״, און זיי האָבן געלעבט צווישן זיך זייער גוט. זי איז געלעגן כסדר אין בעט, און ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן, איינקויפן און דערלאַנגען, איינקויפן און דערלאַנגען. ביי טאָג דערלאַנגען, ביי נאַכט דערלאַנ־גען, פּילן, טראָפּנס, צום שווענקען, צום רייבן, קאָמפּרעסן, מאַסאַזשן, איבערלייגן, אונטערלייגן, גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט, זלמן אַהין, זלמן אַהער, און ער, זלמן, פילט זיך דווקא נישט שלעכט. ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז ער האָט אַזאַ מחלה וואָס מען קען מיט איר לאַנג נישט אָנצין. נאָר ער פאַלט פון די פיס פונעם אַרומ־לויפן. אַזוי ווי ער לייגט זיך אַוועק אויף אַ מינוטקעלע, הערט ער באַלד רופן: זלמן, זלמן.

נאָך אַ פּאָר יאָר האָט ער געזען, אַז ס׳איז נישט קיין לעבן צו לעבן אַזאַ לעבן. נישט קיין טאָג נישט קיין נאַכט, ס׳איז נישט געלעבט און נישט געשטאָרבן. האָבן זיי זיך געגט.

נאָכן גט איז זי אַראָפּ פון בעט, אַריין אין אַ קאָסמעטישן סאַלאָן, און נאָך אַ חודש האָט זי חתונה געהאַט און ער איז אַוועק צוריק אַהיים. אין תל־אָביב האָט ער זיין דאָקטער, אַן אויסערגעוויינלעכער דאָקטער. נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט ער ביי אים אַנטדעקט די מחלה, וואָס די טעג זיינע זענען געציילטע. און ער איז טאַקע דער איינציקער דאָקטער וואָס האַלט אויף זיין לעבן.

אַזוי ווי ער איז אָנגעקומען קיין ישׂראל, איז ער געוווּיר געוואָרן אַז זיין דאָקטער איז נאָך מיט צוויי יאָר צוריק געשטאָרבן. איז ער אַריין אין אַ זקנים־הויז, לעבן די רעשט יאָרן וואָס ס׳איז אים באַשערט.

אין זקנים־הויז האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט זיין געוועזענער פרוי, די צווייטע,

די קראַנקע, און נאָך אַ קורצן שמועס האָבן זיי באַשלאָסן, און גענוי אין טאָג פון זיין פינף און זיבעציקסטן געבורטסטאָג, האָבן זיי חתונה געהאַט.

ער האָט צו איר גאָרנישט. זי האָט צו אים גאָרנישט. ער ווייסט אַז זי איז אַ קראַנקע, און זי ווייסט, אַז ער האָט אַ מחלה וואָס מען קען מיט איר לאַנג נישט אָנציִען.

די צרה איז אָבער, וואָס אַלע זיינע דאָקטוירים זענען אויסגעשטאָרבן. ער האָט נישט ווער ס'זאָל אים היילן, און ער טראָגט זיך דאָך נעבעך מיט אַ מחלה, וואָס די טעג זיינע זענען געציילטע.

## אַ שאָד, כ'בין נישט קיין ציוניסט

איך בין נישט קיין ציוניסט. איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין ציוניסט, און איך וועל קיין מאָל נישט זיין קיין ציוניסט.

נאָך דעם ווי ס'האָט זיך געענדיקט די מלחמה, און מיר זענען באַפרייט געוואָרן פון לאַגער, בין איך נישט געווען פון די דאָזיקע וואָס זענען געפאָרן קיין ישראל. ווייל איך בין נישט קיין ציוניסט. מיינס אַ חבר, אויך נישט קיין ציוניסט, איז אַוועק קיין ניו־יאָרק, און איך קיין מאָנטרעאָל.

איך, אין מאָנטרעאָל, האָב איך זיך געהאַט גאַנץ שווער, און אים, מיין חבר, איז געווען זייער לייכט. פאַר וואָס? ווייל אין ניו־יאָרק איז דאָ איין שפּראַך, ענגליש, האָט ער געוווּסט אַז ער קען נישט. אָבער דאָ אין מאָנטרעאָל זענען דאָ צוויי שפּראַכן, ענגליש און פראַנצייזיש, און צוויי שפּראַכן איז אַ סך שווערער נישט צו קענען. איר פאַרשטייט?

אָבער נישט צום פאַרזינדיקן. כ'האָב זיך אַרויפגעאַרבעט. כ'האָב אַן אייגענעם „דופּלעקס". און פּונקט ווען איך האָב באַדאַרפן האָבן געלט איז ביי מיר אויסגעבראָכן אַ שׂריפה און פּונקט בין איך געווען פאַרזיכערט. אויפגעהאָדעוועט אַ טאָכטער אין מאָנטרעאָל, אַ געראָטענע טאָכטער. נישט קיין ציוניסטקע. חלילה! אַז מיר זענען קיינס נישט קיין ציוניסטן. איך האָב קיין מאָל נישט געגעבן קיין געלט פאַר ישׂראל. מ'האָט אַפילו נישט פאַרלאַנגט פון מיר. ווייל מ'האָט געוווּסט אַז איך בין נישט קיין ציוניסט.

מיין טאָכטער האָט געענדיקט די שול. בחורים זענען איר נאָכגעלאָפן. איינער אַ פיליפּינער, דער צווייטער אַ גריך. זי האָט זיך נישט געקענט דעצידירן, איז זי אַרויסגעפאָרן באַקוקן די וועלט. זי איז געווען אין פראַנקרייך, אין ענגלאַנד, אויסגעמאָסטן אַלע מוזייען. גאַנץ שיין אָפּגענומען פון דער וואָג. און אַזוי לאַנג הנאה געהאַט פון לעבן, ביז ס'איז איר נמאס געוואָרן. האָט זי זיך געלאָזט פאָרן צוריק אַהיים. אויפן וועג צוריק האָט זי באַשלאָסן מאַכן אַ באַזוך אין ישׂראל. אויף דריי טעג נאָר. פאַר וואָס נישט? צו דעם מוז מען דאָך נישט זיין קיין ציוניסט.

איז זי אַרומגעפּאָרן איבערן לענדל. געווען דאָ, געווען דאָרט, און גאָרנישט, ס'איז איר געפעלן. נישט אַזוי געוואַלדיק, אָבער ס'איז איר זייער געפעלן.

דריי טעג אויף צו באַקוקן אַ מדינה מיט אַ גליל, מיט אַ נגב, מיט אַן אַלט ירושלים, און מיט אַ חברון איז דאָך צו ווייניק. ס'איז דאָך שוין היינט אַ גרויסע מדינה. האָט זי באַשלאָסן אויפצוהאַלטן זיך נאָך אַ וואָך. די וואָך איז אַריבער, האָט זי פאַרלענגערט אויף נאָך אַ וואָך. דערנאָך אויף נאָך אַ וואָך. ס'מוז דאָך אָבער נעמען אַן ענדע. האָט זי באַשלאָסן: שוין! — וואָס? — ניין — זי איז געבליבן דאָרט אין אַ קיבוץ. רעדט העברעיִש און וויל נישט אַהיימקומען. נישט צו רירן זי פון אָרט!

וואָלט זי געווען אַ ציוניסטקע וואָלט מיך נישט געאַרט. זאָל זי זיצן אין אַ קיבוץ. אָבער אַז זי איז דאָס נישט. זי איז דאָס קיין מאָל נישט געווען. אַז מיר זענען קיינס נישט קיין ציוניסטן. כ'וועל אייך אַנטפּלעקן אַ סוד. ס'זאָל בלייבן צווישן אונדז. איך בין אַפּילו אַ קעגנער פון ציוניזם. פאַר וואָס? וועל איך אייך דערקלערן: ווייל ציוניזם איז ראשית כל... וואָס פרעגט איר מיך אַזעלכע שאלות? אַזוי איז עס! און פאַרשטייט ווי איר ווילט.

האָט זי זיך באַקענט דאָרט אין קיבוץ מיט אַ חבר. אַ סאַברע. דער דריטער דור אין ישׂראל, און האָט מיט אים חתונה געהאַט. און איצט קענט איר מיר שוין אָפּגעבן אַ מזל-טוב. כ'האָב שוין אַן אייניקל אין ישׂראל!

האָבן מיר, איך מיט מיין ווייב, באַשלאָסן, אַז מיר כאַפּן זיך אַהין קיין ישׂראל אויף אַ וואָך צוויי, זען די טאָכטער, דאָס אייניקל, באַקענען דעם איידעם.

גאַנצע צוויי חדשים האָב איך זיך אַרומגעדרייט אין ישׂראל. געווען אין ירו־שלים, גערעדט מיט דעם פּרעזידענט. ווען קען אַ פּשוטער ייִד האָבן אַ זכיה צו רעדן מיט אַ פּרעזידענט? מיט אַ ריכטיקן פּרעזידענט. איך האָב גערעדט מיט אים ענגליש. האָט ער גלייך פאַרשטאַנען צו ענטפערן מיר אויף ייִדיש. איז מיר דער ייִדיש זיינער צעגאַנגען אין אַלע אברים. און איך האָב אים געזאָגט דעם ריינעם אמת: אַז איך בין נישט קיין ציוניסט. וואָס האָב איך מורא פאַר אים? איך בין שוין אַזאַ מענטש. איך מוז זאָגן דעם אמת. כ'בין נישט! איך בין געווען אין אילת, אין גליל, און ביים כינרת. איך זאָל אייך זאָגן ס'געפעלט מיר נישט. ס'געפעלט מיר דווקא יאָ. ס'געפעלט מיר זייער. מען דערפילט זיך דאָרט עפּעס אַזוי... איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי דאָס אָנצורופן.

איך האָלט נאָר אין איין באַדויערן, פאַר וואָס איך בין נישט קיין ציוניסט. ווען איך בין אַ ציוניסט. אַ אַ אַ! וואָס קען מען אָבער טאָן? אַזוי איז עס. כ'בין נישט!

איצט בין איך געקומען קיין מאָנטרעאָל פאַרקויפן מיין דופּלעקס. איך האָב אים פאַרקויפט פאַר ביליק. אַז איך האָב זיך געאיילט מיטן פאַרקויפן. און אין איילעניש קען מען נישט אָנציִען קיין גוטן פּרייז. פאַר וואָס איך האָב זיך געאיילט? מיין ווייב איז דאָרט. און איך האָב דאָרט געקויפט אַ פּרדס פון דרייסיק דונאַם, און איך דאַרף צוצאַלן. פון דרייסיק דונאַם פּרדס קען מען שוין מאַכן אַ לעבן. און אַז איך וועל זיך דאָרטן אַ ביסל צומוטשען, איז אויך נישט קיין אומגליק. דער טייוול וועט מיך נישט נעמען. מאָרגן פאָר איך שוין צוריק קיין ישׂראל. ס'איז מיר נאָר אַ רחמנות אויף אייך. אַ גאַנצן טאָג זענט עטץ פאַריאָגט. פאַר נאַכט בלאָזט

איר אויף דער גאַלערי אין די קוילן אַריין, די סטעיקס זאָלן זיך באַקן, אָדער איר לויפט צו איטענס אין בעיזמענט אַריין קויפן מציאות. דאָס איז אַ לעבן? ווער איז אייך שולדיק אַז איר האָט נישט קיין שׂכל. איר ווייסט גאָרנישט ווי מיך קרענקט אָט אַ דאָס אַ וואָס איך בין נישט קיין ציוניסט. איר מעגט מיר גלייבן אַז איך עס זיך אויף!

יאָ, כ׳האָב אייך פאַרגעסן צו דערציילן. איר ווייסט ווועמען איך האָב געטראָפן אין תל־אָביב? דעם חבר מיינעם פון ניו־יאָרק. ער איז שוין דאָרט דריי יאָר. ער איז זייער צופרידן. איר מיינט, אַז ער איז אַ ציוניסט? ווייס איך וואָס. קיין מאָל נישט געווען.

# אין דער הייך

— שוין! ער האָט זיך שוין ווידער אַריינגעלייגט מיטן גאַנצן קאָפּ אין דער ציטונג אַריין! אַ מענטש זאָל זיך נישט קענען אָפּרייסן פון דער ציטונג? דאָס איז דאָך אַ קראַנקייט לא עלינו, ערגער פון קאָרטן, אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן, אַז מען געוווינט זיך צו צו דעם. איך נעם דאָס נישט אין דער האַנט אַריין. זאָגט מיר רב ייד, ווי קענט איר זיצן אַזוי גאַנצע שעהען איינגעגראָבן אין דער ציטונג? ס׳איז אייך נישט קיין שאָד די אויגן? דאָס געזונט? די נערוון?

איר זעט? רעדט צו דער וואַנט. גאָרנישט. פרעג אים וואָס איך האָט געזאָגט, אָסור אויב ער האָט געהערט אַ וואָרט.

רב ייד ס׳ברענט! ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שׂריפה! געוואַלד! ס׳ברענט!

— איר האָט עפּעס געזאָגט?

— ניין, כ׳האָב געשריגן!

— ווען?

— נעכטן!

— ס׳קען זיין. איך האָב נישט געהערט.

— זאָ וואָס האָב איך נאָך נישט געזען! אַ מענטש זאָל אין גאַנצן נישט וויסן וואָס ס׳טוט זיך מיט אים? קוקט אים אָן. קוקט אים אָן. צעחושט, לא עלינו.

— הערט אויף צו האַקן מיר אין קאָפּ אַריין, זאָג איך אייך. אַזאַ אַנשיקעניש אויף מיינע יאָרן, אַזאַ פּגע רע האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען. נישט צו לאָזן איינזיצן אַ מינוט און אַריינקוקן אין ציטונג?

— אַבי מען הערט שוין פון אים אַ וואָרט. זאָגט מיר כ׳בעט אייך. פאַר וואָס זענט איר אַזוי אַריינגעטאָן מיט אַלע בעבעכעס אין דער ציטונג אַריין?

— ווען איר זאָלט וויסן וואָס איך האָב דאָ געלייענט. ווען אייער פאַרשטאַנד זאָל האָבן שׂכל צו פאַרשטיין די חכמה פון דער קלוגשאַפט וואָס איך האָב דאָ געלייענט? אַן איבערקערעניש ממש, אַן איבערקערעניש.

— ווו איז שוין ווידער אַן איבערקערעניש? אין תימן? אין סיריע?

— אַן איבערקערעניש פון די אויסשטראַלונגען אין די העכערע אַטמאָספערן פונעם רוים.

— אין רוים אויך? אַן איבערקערעניש? אַ רעוואָלוציע אין די העכערע ספערן? טוט זיך דאָך עפּעס אויף גאָטס וועלט. ווען זיך דאָך איצט מאַכן נאָך אַן עליה פון רוים.

— איר פאַרשטייט דאָך גאָרנישט וואָס איך רעד. איך רעד וועגן רוים. קומט איר און רעדט וועגן רוים? איך רעד וועגן די ראַדיאָ־אַקטיווע אויסשטראַלונגען אין די רוימען. איר ווייסט דאָך נישט. איר האָט דאָך נישט קיין אַנונג. אַן איבער־קערעניש, אַ ריכטיקע איבערקערעניש.

— פרעג איך דאָך אייך: ווו?

— גיי ענטפער אים ווו, אין קאַליפאָרניע!

— אין קאַליפאָרניע אויך? וואָס זאָגן דערצו די טערקן?

— ווו קומען די טערקן צו קאַליפאָרניע?

— איך ווייס?

— איר פאַרשטייט נישט וואָס דאָ איז געשען. דאָ איז געשען אַ גרויסע זאַך. מען מעג שוין טרינקען לחיים. די מענטשהייט איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַן אונטערגאַנג. איר ווייסט וואָס אונדז האָט דאָ געדראָט? אונדז האָט געדראָט, אַז מיר זאָלן אַלע אָפּגעווישט ווערן.

— ס׳ווישט זיך נישט אַזוי גיך. ס׳ווישט זיך נישט אַזוי לייכט. אַ מענטש איז נישט — כ׳בעט אייך איבער — קיין נאָז.

— גיי רעד מיט אים, איר קענט דען דאָס פאַרשטיין? אייער קאָפּ קען דען בכלל דאָס באַנעמען? איר האָט דאָך אַ קאָפּ וואָס טראַכט אויף אַ דיעטע. איר ווייסט ווער ס׳איז געווען איינשטיין?

— יאָ, שפּינאָזע.

— זאָל זיין שפּינאָזע. און ווער איז געווען שפּינאָזע?

— כ׳ווייס נישט ווער ער איז געווען, כ׳ווייס נאָר, אַז ער האָט געהאַט אַ קאָפּ ווי ווייצמאַן.

— און ווער איז געווען ווייצמאַן?

— אָ! ער איז געווען איינשטיין. אָבער וואָס איז מיט דעם לחיים? איר האָט דאָך עפּעס געלייענט אַז מען דאַרף מאַכן אַ לחיים. דערציילט זשע וואָס פאַר אַ גליק האָט אונדז דאָ באַטראָסקעט?

— מיר דאַרפן אַלע בענטשן גומל. מיר האָבן שוין געהאַלטן אַז אָט, אָט, אָט...

— אָך און ווי איז צו מיר. אַז ווינד און ווי איז צו אונדזערע יאָרן. הערטס נאָר, הערטס נאָר ווי מיר האָבן שוין געהאַלטן.

— איצט ווייסט איר שוין?

— כ׳זאָל אַזוי נישט וויסן פון קיין שלעכטס. איז ווי זאָגט איר, האָבן מיר שוין געהאַלטן?

— זייער שמאָל, ס׳וואָלט שוין היינט געווען אויס וועלט. אויס מענטשהייט.

— אָבער מיט פּרנסה וואָלט געווען לייכטער? שוין! דאָס איז דער עיקר.

— איר פאַרשטייט דאָך נישט וואָס מען רעדט צו אייך. ס׳האָט געהאַלטן

דערבײַ, אַז אַט, אַט, אַט וואָלטן מיר קײנער איצט נישט געווען געלעבט, נישט איר, נישט איך, נישט קײן חיות, נישט קײן פֿײגל, נישט קײן פֿיש, קײן שום לעבעדיק באַשעפֿעניש וואָלט שוין נישט עקזיסטירט.

— און די רעגירונג?

— אויך נישט.

— דערפֿאַר זאָגט איר, אַז מען דאַרף מאַכן אַ לחיים?

— אדוני, איך האָב שוין נישט קײן כּוח צו אײַך. איר האָט כאָטש פֿאַרשטאַנען וואָס איר אַלײן האָט איצט געזאָגט?

— וואָס איז דען דאָ צו פֿאַרשטײן. מען נעמט אַ פֿלעשל מיט צווײ גלעזלעך, מען גיסט אָן, און מען מאַכט אַ לחיים.

— אָבער פֿאַר וואָס?

— הער נאַר, הער נאַר, ער לײענט די צײַטונג, פֿרעגט ער מיך פֿאַר וואָס.

— אַז איר וועט זיך צוהערן מיט קאָפּ און נישט ענטפֿערן קײן וואָרט, וועל איך אײַך געבן צו פֿאַרשטײן. איר ווײסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס אַן אַטאָמישער אויפֿרײס? — כ׳פֿרעג דאָך אײַך. פֿאַר וואָס ענטפֿערט איר נישט?

— איר האָט דאָך מיר געזאָגט אַז איך זאָל נישט ענטפֿערן קײן וואָרט.

— נו שוין, נו ענטפֿערט יאָ. איר ווײסט ווי אַזוי ס׳קומט פֿאַר אַן אַטאָמישער אויפֿרײס?

— נײן, כ׳ווײס נישט, ס׳וועט אויפֿרײסן וועל איך ווײסן.

— אַז ס׳וועט אויפֿרײסן, וועט איר שוין נישט האָבן קײן קאָפּ — צו ווײסן.

— וועל איך יאָ ווײסן, וועל איך נישט ווײסן. דער עיקר, וואָס איז מיט דעם לחיים? איר האָט דאָך מיר געוואָלט עפּעס דערצײלן. לאָמיר שוין הערן, וואָס פֿאַראַ גליק איז מיט אונדז געשען?

— איר ווײסט דאָך, אַז די גאַנצע מענטשהײט לעבט אין אַ פּחד פֿאַר אַן אַטאָמישער מלחמה, אײן אַטאָמישע באָמבע קען אָפּווישן דאָס גאַנצע לעבן פֿון דעם אוניווערס.

— איז וואָס דאַרפֿן מיר אין תּל־אָבֿיבֿ מורא האָבן? זאָלן מורא האָבן די, וואָס לעבן אויפֿן אוניווערס.

— און דער אוניווערס האָט מיט אונדז גאָרנישט קײן שײַכות?

— מיט אונדז?! וואָס פֿאַראַ שײַכות? מיר וווינען דאָ. און זײ, די אוניווערסאַנער וווינען דאָרט, אויפֿן אוניווערס. הינטער די הרי חושך.

— נו, פֿרעג איך אײַך. קען מען מיט אײַך רעדן? וועלכער מענטש בײַם היינטיקן טאָג ווײסט דאָס נישט, אַז דער אוניווערס איז די גאַנצע וועלט?

— תּל־אָבֿיבֿ אויך?

— אַלץ! אַלץ!

— אויב אַזוי, איז דאָך טאַקע זײער ביטער.

— וואָס הײסט ביטער, אײַנגעשטעלט מיטן לעבן. מ׳איז נישט ווערט די ווערט וואָס דאָס האָט די ווערט.

— איז וואָס איז די גדולה אויף אײַער קאָפּ? וואָס זשע ווילט איר מאַכן לחיימס?

— אָ! האָב איך געלייענט איצט אַן אַרטיקל אין צייטונג פון איינעם וואָס גיט אָנווייזונגען ווי אַזוי מ'קען זיך שיצן קעגן די אַטאָמען, ראַקעטן מיט קערנקעפּ, וואַסערשטאָף־קעפּ, ערד־ערד, ערד־וואַסער, וואַסער־הימל, הימל־ערד, מ'האָט זיי שוין אין ד'רערד. מען דאַרף לויבן גאָט צוויי מאָל אין טאָג, וואָס סוף־סוף וועט מען קענען אָפּראַטעווען די גאַנצע מענטשהייט.

— האָבן מיר דאָך שוין פּאַר גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן?

— גאָאָרנישט.

— פון וואַנען זענט איר דאָס אַזוי זיכער?

— ס'שטייט דאָך אין דער צייטונג.

— און אויף דער צייטונג קען מען זיך אַזוי פאַרלאָזן?

— וואָס רעדט איר? ס'שטייט דאָך אונטערגעשריבן ראַפּאָפּאָרט.

— אַ־אַ־זוי, אַז ראַפּאָפּאָרט האָט אונטערגעשריבן איז שוין עפּעס אַנדערש. איר ווייסט וויפל ס'איז ווערט ראַפּאָפּאָרטס אַן אונטערשריפט? איז וואָס שרייבט ער דאָרט, דער ראַפּאָפּאָרט?

— לייענט איבער וועט איר וויסן.

— יעצט דאַרף איך שוין נישט לייענען. אַז ראַפּאָפּאָרט האָט אונטערגעשריבן, בין איך שוין אין גאַנצן רויק.

— נו? בין איך גערעכט וואָס איך הייס טרינקען לחיים?

— אַ רגעלע. איר קענט שוין טרינקען ווייל איר ווייסט שוין, אָבער מיין לעבן איז דאָך ביי מיר אויך עפּעס ווערט. איך וויל דאָך אויך וויסן ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען מיין בינטל ביינער קעגן דער ערד־ערד, ערד־וואַסער, וואַסער־הימל, הימל־ערד, איך האָב זיי שוין אין ד'רערד. איז וואָס דאַרף מען טאָן דערצו? לאָמיר שוין הערן.

— קודם דאַרפט איר וויסן, אַז אַ ראַקעטע לויפט אַכט און צוואַנציק טויזנט קילאָמעטער אַ שעה; ווען די ראַקעטע האַלט אין מיטן לויפן...

— יאָ, איז וואָס דאַרף איך דעמאָלט טאָן?

— גאָרנישט, איר שטייט. איז ווו האַלט איך?

— די ראַקעטע לויפט.

— יאָ, אַז די ראַקעטע לויפט, הויבט אָן דער ראַדאַר צו לאָזן פּאַליעס קעגן די כוואַליעס.

— איז וואָס דאַרף איך דעמאָלט טאָן?

— גאָרנישט, איר שטייט. איז ווו האַלט איך?

— ביי די כוואַליעס.

— יאָ, די כוואַליעס ווערן אויפגעכאַפּט פון אַן עלעקטראָניש אויג, וואָס וויברירט. די ראַקעטע לויפט.

— דער ראַדאַר לאָזט... יאָ, ווי אַזוי הייסט דאָס?

— פּאַליעס. און דאָס עלעקטראָנישע אויג ווינקט.

— און וואָס טו איך?

— גאָרנישט. איר שטייט. איצט קריגט די ראַקעטע אויבן אַ סיגנאַל פון אונטן, אַז זי זאָל אַראָפּ אויף דער ערד.

— אַ רגע. טאָמער האָט די ראַקעטע נישט קיין ערד ווייל זי איז פּונקט אויפן ים, איז וואָס טוט זי אין אַזאַ פאַל?

— טראַכט זי דעמאָלט די ראַקעטע: ס׳איז ביטער. וואָס טוט מען איצט? מ׳זעט נישט קיין ערד. זאָל איך אַראָפּפאַלן אין ים אַריין? צי זאָל איך נישט אַראָפּפאַלן אין ים אַריין? בלייבט עס אַזוי, אַז־אַז־אַז. באַלד... וואָס? וואָס האָט ער מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ ים אַריין? אַ נאַר וואַרפט אַ שטיין אין ים אַריין. ראַפּאָ־פּאָרט אַליין האָט געשריבן... איז ווו בין איך?

— אין דער הויך.

— און די ראַקעטע?

— די ראַקעטע טראַכט.

— יאָ, טראַכט זיך די ראַקעטע ווו אויפצורייסן. לאָזט מען אין איר אַריין אַן עלעקטראָנישן שטראָם אין אוראַניום אַריין. אַז דאָס אויפרייסעכץ וואָס וועט אויפרייסן, זאָל האָבן די שטויסקראַפט צו שטויסן, אַז דער שאָס זאָל שיסן, גיט אַ זעץ, דערנאָך אַ קנאַל און דאָס איז דער שאָס.

— און איך שטיי?

— ניין, איר ליגט.

— איז וואָס האָב איך דעמאָלט צו טאָן? כ׳ווייס דאָך נאָך אַלץ נישט וואָס איך האָב צו טאָן.

— דערקלער איך דאָך אייך. דער שאָס לעכערט אַדורך די צעלן פון די מאַגנע־טישע פעלדער און לאָזט אַריין, לאָזט אַרויף, לאָזט אַרויס. באַ־באַ־באַלד. מ׳קען עס געבן צו פאַרשטיין אויף אַן אַנדער אופן. אַז־אַז־אַז, ראַפּאָפּאָרט האָט דאָך גע־שריבן קלאָר, באַ־באַ־באַלד, כ׳וועל עס אייך געבן צו פאַרשטיין אויף גאָר אַן אַנדער אופן. איר ווייסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס פּראָטאָנען?

— ניין.

— גראַוויטאַציע? שווער וואַסער? אַקטיווער שטויב?

— ניין.

— אָ! דאָס איז עס!

— אַ־אַ־אַ־זוי?! האָט איר דאָך גלייך געקענט זאָגן.

— איצט ווייסט איר שוין פאַר וואָס מען דאַרף לייענען אַ צייטונג?

## אַ קונה

אַן איבערבלייבעכץ פון פאַלקסטימלעכן פוילישן ייִדנטום. אַ ייִד פון וואַרשע, פון דער דזשיקע גאַס. איינער פון די געראַטעוועטע, אַן אַנטלאָפענער פון גרויסן חורבן. איבערגעפלאַנצט זיך אַהער אין תּל־אָביבֿ, מיטן גאַנצן שטייגער פון אַ וואַר־שעווער ייִד, וואָס האָט געוווינט העט ווייט אַראָפּ, ביים עק פון דער דזשיקע גאַס, נעבן דעם גרויסן קריסטלעכן בית־עולם.

נישט קיין יונגער מענטש. קליין, פעסט, און פּראָפּאָרציאָנעל געבויט. דער קאָפּ מיט שוואַרצע האָר דורכגעפלאָכטן מיט אַ סך גלאַנציקן זילבער, זיצט ווי ביי אַן אָדלער, שטאָלץ אויף זיינע אַקסלען. אַ שאַרף אויסגעהאַמערט פּנים מיט צוויי קלוגע אויגן. אָט אָ דאָס איז ער. זעליק פון דער דזשיקע גאַס.

ער פאַרמאָגט גאַרנישט, ממש גאַרנישט. אָבער ער האָט אַ גרויס פאַרמעגן מיט פאָלקסהומאָר, און פאָלקס־חכמה פון אַ וואַרשעווער ייִד פון דער דזשיקע גאַס.

דאָס, וואָס ער טראָגט זיך אַרום מיט דעם טשעמאָדאַן איבער די קאַפע־הייזער און האָטעלן, און באַמיט זיך פאַרקויפן ראַזיר־מעסערלעך, טואַלעט־זייף, דאָס איז נאָר ביי אים אַ מיטל אויפצוהאַלטן דעם בידנעם גוף. אָבער דאָס ביסעלע הנאָה, וואָס ער האָט נאָך אין זיין לעבן, איז פון דינאַמישן הומאָר, פון די שמועסן, וואָס ער פירט מיט זיינע קונים, ווו ער לאָדנט זיך אויס מיט זיין הומאָר. און אַלע, ער און די קונים, האָבן הנאָה.

מען קויפט ביי אים, על־פּי־רוב, ווייל מען וויל כאַפּן אַ שמועס מיט זעליקן. און אַז ער טרעפט אָן אויף אַ גוטן פאַרטנער, צעפינקלען זיך ביי אים די אויגן, און מיט אַ קלאָרער דיקציע וואַרפט ער פון זיך אַרויס חכמות, קאַלאַמבורן, וויצן. חוזקט אָפּ פון זיך און פון אַלעמען, און דאָס פּנים, אָן ענדערונג, שאַרף און פאַר־שטיינערט.

— איז ווי גייט עס אייך, זעליק?

— זייער גוט, צו אַלדע שוואַרצע יאָר.

— נישט צופרידן? ווי גייט די פּרנסה?

— ווען איך דאַרף נישט עסן, האָב איך פּרנסה איבערן קאָפּ. אַ רגעלע, זייט מיר מוחל, איך וויל צוגיין צו דעם דאָרט, דאַכט זיך, אַז מען קען פון אים מאַכן אַ קונה.

ער גייט צו צו איינעם, וואָס זיצט אין דעם זעלבן קאַפעהויז, און עפנט פאַר אים דאָס טשעמאָדאַנדל.

— נו? — פרעגט ער דעם, וואָס זיצט און קוקט אין טשעמאָדאַן אַריין און שווייגט, — כ'הער נישט! וואָס זאָגט איר? רעדט אַ ביסל העכער!

— ווער רעדט? וואָס רעדט? איך האָב עפּעס גערעדט?

— אָ! איצט הערט מען אַ וואָרט! איר האָט דאָך גלייך געקענט זאָגן, אַז איר ווילט טואַלעט־זייף. נאָט אייך אַ שטיקל פראַנצייזישע זייף, וואָס מען האָט זי געמאַכט אין תּל־אָביב. אַן ענגלישער טוריסט האָט געזאָגט צו איינעם פון קאַנאַדע, אַז אַזעלכעס איז נישט צו באַקומען אין גאַנץ בעלגיע. וואָס שמעקט איר צו דער זייף? איר וועט דאָרט גאַרנישט דערשמעקן. גיט אַ שמעק צו מיר, וועט איר וויסן דעם ריכטיקן ריח, ווייל איך האָב זיך געוואַשן מיט דעם זייף מיט דריי חדשים צוריק.

— כ'הער נישט! וואָס זאָגט איר? פינף פונט קאָסט עס מיט דעם שאַכטל צוזאַמען. איר מעגט מיר גלייבן, אַז בלויז דאָס שאַכטל אַליין איז גאַרנישט ווערט. כ'הער נישט! וואָס זאָגט איר? דריי שטיקלעך ליגן אין אַ שאַכטל. ס'גייט נישט אַריין מער. ווען ס'איז דאָ פּלאַץ, וואָלט איך אייך אַריינגעלייגט נאָך אַ שטיקל.

— הערט, רב ייִד. כ'האָב זיך שוין ביי אייך אַרויסגערעדט דאָס גאַנצע האַרץ

מיינס. איז טוט מיר אַ טובה און לאָזט מיך אַרויס פון געשעפט. וויפל ווילט איר, אַז איר זאָלט שוין אויפהערן צו שמעקן? וויפל? זאָגט, שעמט אייך נישט, זאָגט. אפשר וועלן מיר אַדורכקומען?

— ווייסט איר וואָס? קויפט נישט! טוט מיר אַ פערזענלעכע טובה און קויפט נישט. אָט אַזוי. גיט מיר צוריק די זייף. און מיר האָבן גאָרנישט גערעדט. זייט מיר געזונט און איך אויכעט. און טאָמער גיי איך אַוועק, קענט איר מיך צוריקרופן. איז וויפל גיט איר? כ׳הער נישט! רעדט אַ ביסל העכער!

— ווער רעדט? איך רעד? איך האָב אייך עפּעס געזאָגט?

— יאָ געזאָגט, נישט געזאָגט. וויפל ווילט איר געבן אויף נישט צו קויפן? זאָגט אַ פּרייז, וועל איך אייך האַלטן ביים וואָרט. כ׳הער נישט! פינף פונט האָב איך געזאָגט. איר ווילט נישט געבן מער ווי פיר? גיט אַהער געלט! וואָס? כ׳הער נישט! איר האָט נישט געזאָגט קיין פיר? איר האָט נאָר געזאָגט דריי פונט? איר זענט זיכער? גלייב איך אייך. אַזאַ ייִד, ווי איר, וועט נישט זאָגן קיין ליגן. גיט אַהער די דריי פונט.

— איר האָט געקויפט אַ מציאה. כ׳מעג האָבן די גוטע יאָר, וויפל ס׳קאָסט מיך אַליין ווייניקער.

— איר זעט מיינע געשעפטן? איך האָב שוין ביי דעם שטיקל זייף היזק געהאַט זיבן פונט. איר זעט דאָך, אַז איך מוז אים אַ רעשט געבן זיבן פונט פון אַ צענער. ער שמעקט נאָך אַלץ צום זייף. ר׳ ייִד, אפשר האָט איר חרטה, קען איך עס ביי אייך צוריקקויפן. וויפל איך גיב? גאָרנישט.

— שוין, פּטור געוואָרן דעם קונה, קען איך שוין רעדן מיט אייך. איר מיינט, אַז איך פאַרקויף יעדן איינעם? חלילה! נאָר דער, וואָס גיט געלט. איר זעט יענעם, וואָס גייט דאָרט? אַ שיינער מענטש, אַ געלערנטער מענטש. דריי יאָר האָט ער געלערנט, ביז ער איז קוים געוואָרן אַן אַנאַלפאַבעט.

— וואָס פרעגט איר זיך כּסדר אויף פּרנסה? און אַז איך וועל שוין האָבן פּרנסה, מיינט איר, אַז ס׳וועט שוין זיין גוט? איך דאַרף דאָך נישט מער, ווי אויף אַ ברויט. נאָר ביז איך עס אויף אַ ברויט, גייט מיר אַוועק זיבעציק פונט.

— איר פאַרשטייט?

## ווייסע רויזן

איר פרעגט מיך אויך דאָס זעלביקע? איר זענט נישט דער ערשטער וואָס פרעגט מיך אַזעלכעס. יעדער איינער פון מיינע באַקאַנטע, אַזוי ווי ער דערזעט מיך, איז די ערשטע שאלה: פון וואַנעט קומסטו, זעליג, צו האַנדלען מיט בלומען? ס׳איז גאָרנישט קיין ווונדער וואָס אַלע פרעגן מיך דאָס. אַז דאָס גאַנצע לעבן מיינס האָב איך זיך אַרומגעדרייט צווישן פעסער מיט הערינג.

כ׳זאָג נישט, כ׳האָב גאַנץ שיין פאַרדינט דערביי, אָבער הערינג איז פאַרט הערינג. הערינג איז נישט קיין בלומען.

כ׳האָב אָפּגענומען די שילומים פון דייטשלאַנד. באַשלאָסן צו ווערן זעלבשטענדיק, האָב איך זיך געוואָלט פאַרנעמען מיט אַ שמעקנדיקער בראַנזשע, מיט אַן אינטעליגענטן מסחר. ס׳זאָל טאַקע שמעקן אַ קוק צו טאָן, און איך מוז אייך זאָגן, איך באַדויער נישט. די פּרנסה איז נישט אַזוי געוואַלדיק, אָבער אַלץ אין איינעם איז נישטאָ ביי קיינעם. אי כּבוד, אי געלט?

ביי אונדז אין שטעטל, ווען אַ ייִד שטעלט זיך אַוועק פאַרקויפן בלומען, וואָלט מען אים נאָכגעלאָפן ווי נאָך אַ משוגענעם. איר האָט שוין געזען אַ מאָל אין שטעטל אַז אַ ייִד אָדער אַ ייִדענע זאָל גיין קויפן בלומען? און דאָ, זעט איר, איז עס אַן אַרטיקל פון ערשטן געברויך. אָן בלומען רירט מען זיך נישט.

אויסער דעם איז דאָס זייער אַ טשעקאַווער מסחר. ס׳שטעקן דערין אַ סך סודות. טאָמער וויל עמעצער וויסן וואָס ס׳טוט זיך אַלץ אָפּ ביי אונדז אין דער מדינה, קען ער זיך נאָר דערוויסן דורך מיינע בלומען.

איינער איז געקומען און געקויפט זיבן און פערציק רויטע רויזן פאַרן רוסישן קאָנסולאַט. דאָס איז געווען דעם זיבעטן נאָוועמבער. ווער ס׳האָט געשיקט די רויזן, דאָס וועל איך אייך נישט זאָגן. איר זאָלט מיר אַפילו געבן אַ באַרג מיט גאָלד, דאָס איז מיין געשעפט. און איך דאַרף זיין דיסקרעט. אַז ס׳קומט אָבער צו אַזאַ זאַך, האָב איך באַשלאָסן אַליין זיי אָפּצוטראָגן. כ׳האָב מיר געטראַכט, רוסלאַנד, אַ ריזיקע מדינה, מיר ווילן ווערן מיט זיי גוטע פריינד. וואָס וועל איך שיקן אַ ייִנגל? וואָס פאַרשטייט אַ ייִנגל אין אַזעלכע זאַכן? האָב איך מיר אויסגעפּוצט די שיך, גענומען די בלומען און געגאַנגען אַליין, בכבודי ובעצמי.

מען האָט מיך זייער פיין אויפגענומען, מען האָט מיר געעפנט די טיר כּמעט ווי ביז אין דער העלפט. אַ שמייכעלע, זייער שיין. צוגענומען די בלומען זייער פיין. איך האָב אים געקענט אַפילו בעטן ער זאָל מיך אַריינלאָזן אינעווייניק, וואָלט ער מיך נישט אַריינגעלאָזט, אָבער בעטן האָב איך געקענט פראַנק און פריי, ס׳איז נישט סטאַלינס צייטן. כ׳האָב אים געפרעגט — וואָס הערט זיך? האָט ער מיר געזאָגט — זייער גוט. וואָס מאַכט דער קאָנסול? — אויך זייער גוט. האָב איך אים געווונטשן מזל־טוב — ס׳איז דאָך ביי זיי אַ יום־טוב — האָט ער מיר געזאָגט — אַ שיינעם דאַנק. האָב איך אים געענטפערט: נישטאָ פאַר וואָס. און כ׳בין באַצייטנס אַוועק. כ׳האָב מיר געטראַכט: שוין. לאָמיך זיין אין דרויסן.

כ׳שווער אייך, אַז אַ דאַנק מיר האָט זיך דאָס אייז גערירט. ס׳וועט שוין איצט קומען צו אַ דערנענטערונג. אונדזער מדינה מעג מיר שוין שיקן בלומען פאַר דעם וואָס איך האָב אויפגעטאָן.

פאַר טעאַטערס קויפט מען ביי מיר אויך בלומען. וואָס פאַר אַ פראַגע? איינער, אַן אַקטיאָר, נעמט ביי מיר פון צייט צו צייט בלומען אויף באַרג. ווען ער מאַכט אַ פּרעמיערע שטעל איך אים אויס אַ פולע בינע מיט בלומען, פאַר נוצגעלט און פאַר אַ פרייקאַרטע אין דער ערשטער ריי.

ערשט דעמאָלט, דערזעענדיק שוין די בלומען און דעם סוף פון דער פאַרשטעלונג, הייבט אָן דער עולם אַריינצופאַלן אין התפּעלות. ס׳ווערט זיי דעמאָלט

אַזוי גוט אויף דער נשמה. ס׳קומט דאָך זיי, זיי האָבן דאָך באַצאָלט פאַר בילעטן. און אַז דער סוף איז גוט... מיינט מען אַז אַלץ איז גוט.

אויב איר ווילט איך זאָל אייך נאָך דערציילן פון מיינע בלומען־סודות, האָב איך צו אייך איין ביטע: פרעגט מיך נישט ווער דאָס איז, ווילט נישט וויסן אַלצדינג.

משהלע דיין האָט אויך באַקומען בלומען. איר פרעגט שוין ווידער פון וועמען? מען האָט דאָך אָפּגערעדט. כ׳וויל נישט רעדן און כ׳וויל נישט דערציילן ווי זי הייסט.

ביי אונדז אויף דער גאַס ווינט אַ פרוי, קיין שיינע קען מען אויף איר נישט זאָגן, אַ מיאוסע קען מען אויף איר יאָ זאָגן. אַן עלטערע מיט אַ בייז פּנים, אָבער סימפּאַטיש איז זי נישט. דערפאַר איז זי אָבער אַ שלעכטע מיט שרעקנדיקע אויגן.

איין מאָל קומט זי אַריין צו מיר און בעט מיך, אַז איך זאָל איר געבן בלומען וואָס דריקן אויס ליבע. האָב איך איר געגעבן ראָזע רויזן. האָט זי מיך געבעטן אַז איך זאָל אָנשרייבן אַ צעטל מיט מיין האַנטשריפט: מיט ליבע, דיין מאַריאַן. האָב איך אַזוי געטאָן און אַוועקגעשיקט די בלומען אויף איר אַדרעס פאַר אירטוועגן. אַ טאָג שפּעטער קומט אַריין איר מאַן — אַ שיינער און סימפּאַטישער מענטש — און קאָכט פון אויפרעגונג. ביי אייך — זאָגט ער — האָט געקויפט בלומען איינער אַ מאַריאַן. ווי קוקט ער אויס? אַ שיינער? אַ מיאוסער? מיין ווייב זאָגט אַז ער איז אַן אַפּאָללאָ. ווי נעמט אַזאַ יונג, אַזאַ מאַריאַן, און שיקט בלומען, מיט ליבע, צו אַ פאַרהייראַטער פרוי? טאָמער קומט ער נאָך אַ מאָל, אָט דער מאַריאַן, זאָלט איר אים זאָגן אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן פון מיין פרוי מיט גאַנצע ביינער. אַז ס׳איז אַ שאָד אויף זיין יונג לעבן, ווייל ער האָט צו טאָן מיט מיר.

אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט ווידער אריין די זעלבע פרוי, און ווידער די זעלבע מעשה, כ׳זאָל אָנשרייבן אַ צעטל: מיט ליבע, דיין מאַריאַן, און ווידער שיקן צו איר. וואָס האָב איך געקענט טאָן? נישט שרייבן? אַ פרוי בעט זיך. אַ מיאוסע, נעבעך, און ס׳איז דאָך מיין געשעפט. איר גייט שוין ווידער פרעגן? מ׳האָט דאָך עפּעס אָפּגערעדט, ניין?

שלום גברת — כ׳האָב מיך פאַררעדט און פאַרגעסן אַז מען דאַרף לייזן געלט — וואָס דאַרפט איר, גברת? זאָגט מיר וואָס איר דאַרפט. אַזעלכע רויזן ווי איך האָב וועט איר אין ערגעץ נישט קריגן. רויזן ווי די כריזאַנטעמעס. וואָס? דרייסיק פּיאַסטער?! גייט און קויפט אייך אַ פּאַלאַפעל און שטעקט אים אייך אַריין אין אַ וואַזאָן אַריין וועט איר האָבן ביי וואָס צו שמעקן. איר האָט געזען אַ חוצפּה?! גייט צו דאָרט צום תימנער וועט איר אייך קויפן ניילאָן־בלומען אויף דראָטן, וועט איר נישט דאַרפן טוישן יעדן טאָג דאָס וואַסער, איר וועט זיי רייניקן אַלע ערב יום־טוב מיט אַ שטויבזויגער, און זיי וועלן אייך שטיין אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן פאַרזשאַווערט ווערן, גייט געזונטערהייט גברת, און קויפט אייך אַ ביסל ציבעלעס, וועט איר האָבן וואָס אַריינצולייגן אין דער יויך אַריין.

בלומען זענען נישט קיין סקאַרפּעטקעס, צו בלומען מוז מען האָבן אַ געפיל, אַ רייץ. בלומען פאַרלאַנגען צערטלעכקייט, בענקשאַפט. בלומען זענען מוזיק, פּאָ־עזיע, ראָמאַנטיק. פון וואַנעט איך וויים דאָס אַלץ? מען האָט מיר דערציילט. ס׳איז דאָך מיין געשעפט. כ׳מוז דאָך אויך אַלץ וויסן.

אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַן אַלמן, ער גייט זייער אָפט צו זיין ווייבס קבר, קויפט ער ביי מיר אויף אַלע אַלטע איבערגעוואַקסענע בלומען פאַר ביליק. נאָך וואָס זאָל ער אַרויסוואַרפן סתם געלט? ס׳איז דאָך פאַר אַ טויטן.

איין מאָל קומט ער אַריין און זאָגט, אַז ער גייט איצט צו זיין ווייבס קבר, און ער וויל אַ גרויסן בונט פרישע און הויכע העל ראָזע רויזן.

וואָס איז געשען? וועל איך אייך דערציילן:

נאָענט פון זיין ווייבס קבר איז פאַראַן אויך אַ קבר פון אַ מאַן, און דאָרט אַהין קומט לעצטנס זייער אָפט אַ שיינע אַלמנה. שעמט ער זיך פאַר איר אָנצוקומען מיט אַלטע אויסגעוואַקסענע בלומען. די אַלמנה קען נאָך טראַכטן אויף אים, אַז ער איז אַ סקנער, אַ קמצן. צוליב דער דאָזיקער שיינער אַלמנה האָט ער אָנגעהויבן קויפן די שענסטע און די טייערסטע רויזן אויף זיין ווייבס קבר, און פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן גיין זייער אָפט צו קבר אָבות.

אַזוי לאַנג איז ער געגאַנגען ביז ער האָט באַשטעלט אַ טייערן בונט ווייסע רויזן, און געהייסן אָפּשיקן דער אַלמנה, ווייל אין דעם טאָג האָבן זיי ביידע חתונה געהאַט.

נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי זיך געגט. אָבער ביידע זענען זיי געבליבן מיינע שטענדיקע קונים. איצט קויפן זיי שוין ביידע אַלטע איבערגעוואַקסענע בלומען. ער פאַר זיין ווייבס קבר, זי פאַר איר מאַנס קבר.

שוין, לאָזט מיך געמאַך. ס׳גייט אַ קונה.

## אַן אָרטאָפּעדישער פּיש

— זייט אַזוי גוט, ר׳ ייד, זאָגט מיר, דאָס איז ער טאַקע דער באַרימטער טייך, דער ירקון?

— וואָס דען האָט איר געמיינט איז דאָס? אַ מקווה?

— איך האָב אייך געזאָגט. אַז דאָס איז?... איך זע דען נישט, אַז דאָס איז אַ טייך?

— אַז איר זעט, איז פאַר וואָס פרעגט איר?

— ווייל איך בין קורצזיכטיק. איצט פאַרשטייט איר שוין? קוק אָן אַ טייך, קוק אָן אַ וואַסער, ס׳האָט אַ קאָליר ווי מען וואָלט דאָ געוואַשן יעדן טאָג סקאַר־פּעטקעס. אַזאַ וואַסער דאַרף מען אַרויסגיסן אין ים אַריין.

— בקיצור, ס׳געפעלט אייך נישט?

— פאַר מיינעטוועגן קען איך באַשטיין אַזוי ווי ס׳איז, נאָר פאַר די טוריסטן. ס׳איז דאָך אַ חרפּה און אַ שאַנד צו ווייזן די טוריסטן אַזאַ טייך. מענטשן לייגן אַריין געלט אין הוצאות, קומען צו פאָרן פון מרחקים, מוז מען זיי דאָך עפּעס ווייזן! קען מען זיי ווייזן אַזאַ ירקון?

— צו וועמען האָט איר טענות? זע נאָר ווי ער האָט זיך צעשריגן. דאָס איז דאָך אַ זאַך פון דער נאַטור. די נאַטור האָט אים אַזוי געמאַכט.

— דאָס זאָג איך דאָך. אַז מען מאַכט, דאַרף מען מאַכן, אַז ס׳זאָל האָבן אַ טעם, נישט אַזוי שמאָל, נישט אַזוי אומגעלומפּערט.
— וועמען מיינט איר ?
— דעם, וואָס האָט עס געמאַכט.
— געמאַכט האָט עס דאָך די נאַטור.
— דאַרף מען איר אָפּהאַקן די הענט מיט די פיס.
— די נאַטור איז דאָך נישט קיין מענטש.
— אַז זי איז נישט קיין מענטש, גיט מען איר נישט אַוועק צו מאַכן אַזעלכע זאַכן. אַ ירקון דאַרף זיין אַ ירקון. אַ וואַסער דאַרף קודם זיין וואַסערדיק.
— איר זענט דאָ ס׳ערשטע מאָל ?
— ניין. שוין געווען דאָ אַ סך מאָל. נאָר איצט בין איך געקומען צום ערשטן מאָל כאַפּן פיש. דער דאָקטער מיינער האָט מיר געזאָגט, אַז כ׳זאָל זיך באַפרייען פון אַלע מיינע געשעפטן, אַוועקזעצן זיך אַ חודש צייט נעבן ירקון כאַפּן פיש, וועל איך מיך אויסהיילן פון מיינע נערוון. איך בין אַ נערוון־קראַנקער, בין איך. נו, און איר ? איר האָט זיך שוין אויסגעהיילט ?
— וואָס אויסגעהיילט ?
— די נערוון. איר האָט שוין אויסגעהיילט אייערע נערוון ?
— איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין נערוון־קראַנקער.
— איז צו וואָס האָט איר זיך אַוועקגעזעצט ביים ירקון כאַפּן פיש ? קענט איר דאָך בעסער זיצן ביי זיך אין דער היים און טרינקען אַ גלעזל טיי. איך מוז. איך בין אַ נערוון־קראַנקער. איר מוזט דאָך נישט. אפשר האָט איר אַן אַנדערע קראַנקייט ?
— איך האָב קיין שום קראַנקייטן נישט. איך לייד נאָר פון אַן עקזעמע.
— הייסט דאָס, אַז כאַפּן פיש אין ירקון היילט אויך אויס עקזעמעס ? דאָס האָב איך דאָך אין גאַנצן נישט געוווסט. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז נאָר גוט פאַר די נערוון. איז אויף ווי לאַנג האָט אייך דער דאָקטער פאַרשריבן אַט אַ דאָס אַ ? מיר האָט ער פאַרשריבן אַ חודש צייט, אַ גאַנצן חודש וועל איך דאָ דאַרפן זיצן. ווי אַזוי איך וועל דאָס אויסהאַלטן, ווייסט איין גאָט. איך פיל שוין, אַז איך ווער משוגע. וואָס זאָגט איר נישט צו דעם קויש ? מען וועט דאָ קענען אַריינלייגן אין דעם קויש אַריין אַ צוואַנציק קילאָ פיש ? איך האָב באַשלאָסן, אַז דעם ערשטן טאָג וועל איך נישט איינרייסן. כ׳וועל מיר כאַפּן מיינע צוואַנציק קילאָ פיש און אַהיימגיין.
— נישטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן. ער וועט כאַפּן. כאַפּן און אַהיימגיין. ס׳כאַפּט זיך נישט אַזוי לייכט, ר׳ ייִד.
— אַוודאי, כ׳וועל זיצן אַזוי ווי איר, אַ פאַרשלאָפענער, רירן זיך ווי אַ ליימע־נער גולם. מען דאַרף זיין ענערגיש. מען דאַרף כאַפּן, כאַפּן, כאַפּן ! וויפל פיש, לויט אייער מיינונג, איז פאַראַן אין דעם ירקון ?
— וואָס נאָך זאָל איך וויסן ? הער נאָר די שאלות, וואָס ער פרעגט מיך. כאַטש קריך אַריין אין וואַסער און צייל אים איבער די פיש.
— פאַר וואָס זאָלט איר קריכן אין וואַסער אַריין ? איך האָב איך געהייסן קריכן אין וואַסער אַריין ? ס׳איז דאָך דאָ אַ סטאַטיסטיקע. די סטאַטיסטיקע זאָגט

אונגדז, וויפל באַדן ס׳איז דאָ אין לאַנד, וויפל אייער, וויפל שטיינער, וויפל בהמות, וויפל משוגעים. קען מען דאָך וויסן וויפל פיש ס׳איז דאָ אין ירקון. אַז כ׳וועל וויסן וויפל פיש ס׳זענען פאַראַן, וועל איך קענען אויסרעכענען וויפל מ׳קען כאַפּן אין משך פון אַ שעה; וועל איך וויסן, צי ס׳לוינט זיך מיר דאָס עסק. איר קען זיך דאָך נישט אַוועקזעצן ווי איר, מיט דער ווענטקע אין דער האַנט, און גלאָצן מיט די אויגן אַ גאַנצע צייט אין וואַסער אַריין, ווי אַן אידיאָט.

— איך בין אַן אידיאָט?

— כ׳ווייס נישט.

— אפשר וועט איר רעדן אַ ביסל וויניקער, און אפשר וועט איר רעדן אַ ביסל שטילער. איר טרייבט דאָך מיר אַוועק די פיש... זיי אַנטלויפן דאָך. זיי ווערן דאָך נערוועז פון אייער רעדן.

— די פיש זענען אויך נערוועז? ס׳איז מיר גוט. איז וויפל נערוועזע פיש זענען פאַראַן אין דעם ירקון? וויפל, לויט אייער מיינונג, שאַצט איר אָפּ?

— וויניק, זייער וויניק. מיט יאָרן צוריק זענען דאָ געווען אַ סך פיש.

— איז וואָס איז געשען מיט זיי?

— זיי זענען אַוועק קיין אויסלאַנד. יורדים.

— איז צו וואָס האָט איר זיך דאָ אַוועקגעזעצט וויקן די ווענטקע אין וואַסער?

— ווייל דאָס איז מיין האָבי.

— וואָס האָט איר געזאָגט איז עס?

— מיין האָבי. איר ווייסט נישט וואָס דאָס איז אַזעלכעס אַ האָבי? ס׳זענען פאַראַן מענטשן, וואָס האָבן האָביס. איך האָב מיר מיין האָבי.

— קען מען דאָס נישט אָפּעררירן?

— איר פאַרשטייט נישט וואָס מ׳רעדט צו אייך. מיין האָבי, מיין איך, מיין פאַרגעניגן. שוין יאָרן ווי איך קום מיר אַהער יעדן טאָג, און זעץ זיך אַוועק אויף אַ פּאָר שעה כאַפּן פיש. מיט יאָרן צוריק זענען דאָ געווען גוטע פיש.

— קאַרפּן?

— סאַרדינען.

— סאַרדינען? אין בוימל? צי אין טאָמאַטן־סאָוס? וואָס לאַכט איר? איר האָט דאָך אַליין געזאָגט סאַרדינען.

— פאַר וואָס איך לאַך, פרעגט ער מיך. אַז איר וועט אַ מאָל כאַפּן אַ פיש, וועט מיר אַרויסוואַקסן האָר אויף דער דאָזיקער האַנט.

— ס׳איז דאָך אייך שוין אַרויסגעוואַקסן האָר אויף דער האַנט. איר האָט דאָך פולע הענט מיט האָר.

— איך מיין אויף דער זייט האַנט.

— פאַר וואָס זאָלן אייך וואַקסן האָר אויף דער זייט האַנט? נאָך וואָס דאַרפט איר האָבן האָר אויף דער זייט האַנט?

— וועגן דעם רעד איך דאָך. אַזוי ווי ס׳איז נישט מעגלעך, אַז מיר זאָל דאָ אַרויסוואַקסן האָר, אַזוי איז נישט מעגלעך, אַז איר זאָלט כאַפּן פיש, ווייל מיט אַ בלויזן האַטשעק קען מען קיין פיש נישט כאַפּן.

— נאָר מיט וואָס דען?

— איר מוזט דאָך אויפהענגען אויפן האַטשעק עפּעס אַ מאכל, וואָס די פיש זאָלן קומען עסן. די פיש זענען נישט קיין בהמות. איר מיינט, אַז זיי וועלן קומען צוליב אייערע שיינע אויגן?

— דאָס, זעט איר, האָב איך דאָך אין גאַנצן נישט געוווּסט. איז וואָס גיט מען זיי צו עסן?

— פיש.

— פאַרשטענדלעך פיש, אָבער וואָס גיט מען זיי צו עסן, די פיש?

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט. פיש.

— איר ווילט מיך שוין די רעשט משוגע מאַכן?

— פאַר וואָס זאָלט איר נישט פאַרשטיין? פיש עסן פיש. איר זעט אָט די אַ קליינע פישעלעך? די פיש האָבן די פיש ליבער ווי אַלע אַנדערע פיש.

— פון וואַנען נעמט איר זיי, די פישעלעך?

— איך קויף זיי אין אַ געשעפט פון פיש.

— הייסט דאָס, אַז איך דאַרף גיין אין אַ געשעפט פון פיש און קויפן פיש פאַר די פיש, כדי צו כאַפּן פיש?

— כ׳בעט אייך זייער, דרייט מיר נישט קיין קאָפּ און לאָזט מיך צו רו. איר זענט דאָך אַ נערוועזער מענטש. זעצט אייך אַוועק דאָרט, אונטער דער בריק. דאָרט איז קיל, אַ שאָטן, וועט איר דאָרט אויסרוען אייערע נערוון.

— אונטער דער בריק? ווען איר גיט מיר אַ מיליאָן. ס׳ערשטע מאָל וואָס מען האָט געבויט אין ישראל אַזאַ בריק, זאָל איך זיך גיין דאָרט אַרונטערזעצן? ווען איר גיט מיר אַ שטוב מיט גאָלד. וואָס טו איך, ווען די בריק, חלילה, פאַלט איין און איך זיץ אונטער איר? אַדרבה, זאָגט איר, וואָס קען אַזאַ מענטש ווי איך טאָן נאָך אַזאַ מעשׂה? איידער מען וועט דערהערן מיינע געשרייען און איידער מען וועט אַנקלינגען נאָך אַ דאָקטער, קען איך דערווייל אויסגיין ווי אַ ליכט... האַפּ, האַפּ, האַפּ! כ׳האָב! זאָל איך אַזוי לעבן ווי איך האָב...

— שלעפּט אַרויס, גיכער! וואָס באַלעמוטשעט איר?

— ס׳גייט נישט. כ׳האָב דאַכט זיך געכאַפּט אַ לויתן. טאָמער שלעפּ איך אים נישט אַרויס, שלעפּט ער מיך אַריין. אָט, עס רירט זיך שוין... איר זעט? וואָס פאַראַ פיש איז דאָס?

— אַן אַרטאָפּעדישער.

— דאָס איז דאָך גאָר אַ שוך.

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט, אַן אַרטאָפּעדישער.

— ווי קומט אַ שוך אין ירקון אַריין?

— וואָס וווּנדערט איר זיך אַזוי? איך האָב היינט אויף מיין האַטשעק אַרויס־געצויגן אַ קאָמבינעזאָן. נעכטן האָב איך אַרויסגעצויגן אַ פּאָר זאָקן.

— וואָס זשע זאָגט איר, אַז דאָס איז דער ירקון? דאָס איז דאָך גאָר אַ געשעפט פון גאַלאַנטעריע. דאָס איז דאָך...

— וווּהין גייט איר? וואָס לויפט איר? משוגענער!

# אַ מעקלער

אַזוי ווי ער איז אַריינגעקומען האָט ער באַקוקט און באַטאַפּט די ווענט, דעם סופיט, די פּאָדלאָגעס, די פענצטער. פּלוצלינג האָט ער מיך דערזען שטיין און אויסגערופן:

— שלום! איר זענט דער באַלעבאָס פון דער דירה און איר ווילט זי פאַרקויפן?

— יאָ.

— ס׳איז אַ גוטע דירה?

— יאָ, זייער אַ גוטע.

— פאַר וואָס זשע ווילט איר זי פאַרקויפן?

— ווייל איך גיי אַריין אין אַן אַנדער דירה.

— אַ בעסערע?

— יאָ.

— פאַר וואָס זשע זאָגט איר, אַז די דירה איז אַ גוטע דירה?

— ווייל זי איז אַ גוטע דירה! איר זעט דען נישט אַליין, אַז זי איז אַ גוטע דירה?

— פאַר וואָס זשע ווילט איר זי פאַרלאָזן?

— ווייל איך דאַרף האָבן אַ גרעסערע, אַ בעסערע.

— קענט איר דאָך גלייך זאָגן דעם אמת; אַז די דירה טויג נישט, אַז זי איז אַ שלעכטע דירה. פאַר וואָס רעדט איר מיט מיר הינטן אַרום?

— ווער האָט אייך געזאָגט אַז זי טויג נישט? איך האָב אייך געזאָגט אַז די דירה טויג נישט?

— פאַר וואָס זשע דאַרפט איר האָבן אַ בעסערע?

— אָ, אָ, אָ! איר גייט מיר שוין צו פיל אויף די נערוון.

— שוין?! איר ווערט שוין אויפגערעגט? וואָס האָט איר געמיינט, אַז איך וועל אַריינקומען, אַוועקלייגן אייך די טויזנטערס, און שוין? אַז מען גייט קויפן אַ דירה מעג מען דאָך רעדן אַ פּאָר ווערטער. כ׳מעג דאָך פריִער וועלן עפּעס וויסן, עפּעס געוווירע ווערן!

— איז וואָס ווילט איר וויסן?

— איך וויל וויסן פאַר וואָס איר ווילט פאַרלאָזן די דירה. וואָס איז אייער פאַך?

— אַ שרייבער.

— ווי לאַנג האָט געדויערט ביז איר האָט זיך אויסגעלערנט דאָס פאַך?

— וואָס ווילט איר פון מיר? וועגן וואָס זענט איר געקומען צו מיר?

— וועגן דער דירה! איר פאַרשטייט נישט וואָס מען רעדט צו אייך?

— קענט איר מיט מיר רעדן בלויז וועגן דער דירה.

— רעד איך דאָך מיט אייך!

— זאָג איך דאָך אייך!

— וואָס זאָגט איר מיר?

— וואָס פרעגט איר מיך?

— פאַר וואָס ווילט איר פאַרלאָזן די דירה?

— ווייל איך וויל אַזוי!

— קען מען מיט אייך מאַכן געשעפטן? מיט אַזאַ אַ מענטש, וואָס איז פעיק אַזוי גראָב צו ענטפערן, מעג מען מיט אייך אויסרעדן צו מאָל אַ וואָרט?

— רעדט מען נישט!

— וויל איך דאָך וויסן וועגן דער דירה.

— די דירה איז אַ שלעכטע דירה, קליין, ענג, דושנע, ס'איז נישט פאַר אייך און גייט אייך געזונטערהייט.

— לויט ווי איך זע, איז עס אַ גאַנץ שיינע דירה, הויך, לופטיק, באַקוועם.

— איז דאָך ווידער גוט. וואָס זשע נודיעט איר מיך אַזוי פיל? קענט איר דאָך רעדן צו דער זאַך.

— דאָס מיין איך דאָך טאַקע צו דער זאַך. וויפל הייסט איר זיך געבן פאַר דער דירה? וויפל האָט איר געזאָגט?!.. זענט איר דאָך אַ רויבער. איר האָט דאָך אַליין געזאָגט אַז דאָס איז אַ שלעכטע דירה, קליין, ענג, דושנע, פאַר וואָס זשע הייסט איר אייך געבן אַזוי פיל געלט?

— רב ייִד! איך זאָג אייך מיט גוטן איר זאָלט זיך אָפּטראָגן. טשעפּעט אייך אָפּ פון מיר! איר פאַרשטייט?

— קוקטס נאָר אָן דעם מענטש! זעטס נאָר ווי דאָס בייזע בלוט האָט זיך אין אים צעיושעט! איר זענט דאָך אין גאַנצן משונה־צורה געוואָרן. איך בין נישט מקנא אייער ווייב, זי מוז נעבעך האָבן ביי אייך אַן אָפּגעהאַקט לעבן. איר ווילט אַז איך זאָל אַרויסנעמען די טויזנטערס און אַוועקלייגן אייך אויפן טיש? מען טאָר זיך אַפילו נישט פּרוּוון שטעלן אויפן פּרייז?

— איז וויפל ווילט איר געבן??!

— איך?! געבן?! איך בין דען געקומען קויפן די דירה? איך בין דאָך אַ מעקלער! וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן? גייט! גייט צו און עפנט די טיר. מען קלינגט דאָך. איר הערט נישט ווי מען קלינגט ביי אייך אין טיר?

אַן עלטערע פּרוי איז אַריינגעקומען.

— מ'האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ איז פאַראַן אַ דירה איבערצוגעבן — האָט זיך אָנגערופן די פּרוי.

יאָ, יאָ, דאָס איז עס — איז איר אַקעגנגעלאָפן דער מעקלער — קומט אַריין וועל איך אייך ווייזן די דירה. אַ הערלעכע דירה! און ביליק, שפּאָט ביליק!

— איר זענט דאָ דער באַלעבאָס?

— ניין, איך בין דער מעקלער. מיט דעם באַלעבאָס קען מען נישט רעדן. ער איז אַ משוגענער!

# דאָס רויטע בוך

יאָרן האָב איך אים נישט געזען, איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן אין אים. פלוצעם, ער איז דאָ. אָוונטצייט איז דאָס געווען, איך האָב אים געטראָפן זיצן איינער אַליין אין אַ קאַפעטעריע, און ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט.

מיר האָבן גערעדט זייער פליסיק, ער באַזונדער, איך באַזונדער, און ביידע צוזאַמען. מענטשן וואָס האָבן זיך געטראָפן נאָך אַזוי פיל יאָרן האָבן צווישן זיך אַ סך צו רעדן, אַ סך צו דערציילן, און אַ סך צו פרעגן.

פלוצעם האָט ער איבערגעריסן זיין רעדן, אומגעקוקט זיך, ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס דערשראָקן, אַנטשולדיקט זיך, און אַוועק.

אַליין בין איך זיצן געבליבן ביים טישל, און נישט באַנומען וואָס דאָ איז געשען. עפּעס אַן אויסטערלישע זאַך, אַ מענטש רעדט מיט מיר, פרייט זיך מיט מיר, פלוצעם ווערט ער בלאַס, אַנטשולדיקט זיך, לויפט איילִיק אַוועק, און פאַרגעסט מיטצונעמען אַ בוך מיט אַ רויטער הילע, וואָס איז געבליבן ליגן אויפן טיש.

גענוי פאַר זיין אַוועקלויפן איז אַריינגעקומען אַ קליינע ברייטע פרוי מיט קורצע דינע פיס. אַ מינוט איז זי שטיין געבליבן מיט אַ גרויסן גלאַנציקן ניילאָן־ביטל אין דער האַנט, דורכגעקוקט די גאַנצע קאַפעטעריע און געלאָזט זיך גיין צו מיין טישל.

זי איז שטיין געבליבן אַנטקעגן מיר, צעשמייכלט זיך מיט אַ ברייט פליישיק צעצונדן פּנים, אַ פּאָר ברילן מיט גראָבע געשליפענע גלעזער, געראַמטע אין געלע רעמלעך באַשלאָגענע מיט גאָלד, אַ קאַלך ווייסע נאָז מיט פודער, און אַ גלאַנציקע פעטקייט ביי די אויגן.

זי האָט זיך צעשמייכלט מיט אַלע אירע פאַרצעלייענע ציין, און אויך מיטן איינציקן נאַטירלעכן צאָן אירן, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון אַלע מיט אַ טונקל גרינע קאָליר.

— ס'מאַכט נישט, איר קענט בלייבן זיצן — האָט זי צו מיר געזאָגט, גלייך זי וואָלט זיכער געווען, אַז איך האָב בדעה זיך אויפצושטעלן. זי האָט זיך אַוועק־געזעצט אויף דער פרייער שטול וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, אַרויפלייגנדיק אויף מיין טיש אַ טייל פון איר ביוסט, און צוויי קורצע הענט מיט ברייטע רויטע נעגל.

— וואָס זאָגט איר צום היינטיקן וועטער — האָט זי אָנגעהויבן — איר זענט אַ מבין אויף דעם וועטער? אַדרבא, זאָגט מיר, וואָס פאַר אַ וועטער איז דאָס?

— וואָס זאָל איך זאָגן? איך בין אַ ספּעציאַליסט אויף וועטערס? וואָס בין איך אַ מעטעאָראָלאָגישע סטאַציע?

— חלילה, איך האָב נישט געזאָגט אַז איר זענט... אָבער אַזאַ וועטער, איר האָט שוין געזען אין אייער לעבן אַזאַ וועטער? נעכטן איז אויך געווען דאָס זעלבע וועטער,

איינער האָט מיר געזאָגט, אַז דער ראַדיאָ האָט געזאָגט, אַז מאָרגן וועט אויך זיין דאָס זעלבע וועטער.

— מילא וואָס קען מען טאָן?

— אַז יעדער איינער וועט געבן אַזעלכע ענטפערס ווי איר, קען מען שיין אויסקוקן.

די פרוי האָט ווייטער גערעדט וועגן וועטער, און איך האָב געטראַכט, אַז די פרוי איז מסתמא נישט אין אָרדענונג מיטן שׂכל. אָ פרוי וואָס איך קען זי נישט, זי קען מיך נישט, זעצט זיך צו צו מיין טיש אין אַ קאַפעטעריע, רעדט אָן אויפהער, און אַלץ וועגן וועטער.

— ס׳קען זיין — זאָגט זי — אַז ווען ס׳לאָזט זיך אַראָפּ אַ רעגן, וואָלט זיך דאָס וועטער געענדערט, און טאָמער חלילה נישט, בלייבן מיר ביים זעלבן וועטער. אַ באַקאַנטער מיינער, אַ בלעכער, האָט מיר געזאָגט, אַז פונקט אַזאַ וועטער איז דאָ געווען מיט זעכציק יאָר צוריק. מיינס אַ קוזינע, אַ יונגע פרוי, אין מיין עלטער, אויך אַ גרושה, איז פאַר צוויי וואָכן אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. ס׳איז דאָ איבער־צוגעבן אַ הערלעכע דירה פון פיר שטובן פאַר זייער ביליק. איר האָט געזען דעם פילם? ווי הייסט ער? דער נאָמען ליגט מיר אויף דער צונג. איר מעגט אים זען, אויף מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דער ראַדיאָ האָט היינט גאָרנישט געמאָלדן וועגן וועטער, אַזאַ וועטער! זעט, זעט, אינטערעסאַנט, ס׳איז דאָ איצט פאַרבייגעגאַנגען איינער, איז ער זייער ענלעך צו מיין אָנקל, ממש ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, אַזאַ ענלעכקייט האָב איך נאָך אין מיין לעבן נישט געזען, כ׳זאָג איך, גענוי אויפן מילימעטער. מיין אָנקל איז נאָר אַ ביסל העכער, די נאָז גרעבער, דאָס פּנים ברייטער און די האָר אַ סך טונקעלער. אפשר וועט איר שוין עפענען דאָס מויל, מען זאָל שוין פון אייך אויך הערן אַ פּאָר ווערטער. איך רעד און רעד, און ער זיצט און שווייגט. ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אַ פרוי דאַרף מען זיך אַ ביסל צערעדן, אַנישט וועט מען דאָך נישט וויסן מיט וואָס דאָס שמעקט.

— ווער שמעקט? וואָס שמעקט? וואָס פאַראַ באַגעגעניש איז דאָס דען? איך מיין אַז איר האָט אַ טעות, אפשר האָט איר זיך דאָ געדאַרפט טרעפן מיט אַן אַנדערן?

— איך האָב נישט קיין טעות, דאָס זענט איר, און דאָס בין איך, און מיר דאַרפן זיך צונויפרעדן, ס׳קען זיין אַז מיר וועלן זיך געפעלן, פון זיצן און שווייגן וועט זיכער גאָרנישט אַרויסקומען.

— אויב אַזוי, זאָג איך אייך איצט אויף זיכער, אַז איר האָט אַ טעות.

— ס׳קען נישט זיין ס׳זאָל זיין אַ טעות. אָט ליגט דאָך דאָ נעבן אייך דאָס רויטע בוך.

— וואָס פאַראַ שייכות האָט דאָס בוך צו דעם גאַנצן ענין? איך ווייס נישט, באמת ווי איך ווייס נישט.

— קוק אים אָן, ער ווייסט נעבעך גאָרנישט. דאָס בין איך צו וועמען איר האָט געשיקט דעם בריוו אויף מיין אַנאָנס אין צייטונג.

— וואָס פאַר אַן אַנאָנס? איך ווייס נישט.

— דאָס ווייס ער אויך נישט? אַן אַנאָנס אין צייטונג, אַז אַ יונגע סימפּאַטישע גרושה וויל באַקענען אַן אינטעליגענטן מאַן, וואָס האָט אַ פאַרמעגן, צום הייראַטן,

האָט איר מיר געשריבן אַ בריוו, און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט אין דער אַ קאַפע־טעריע, און דער סימן וואָס איר האָט אָנגעגעבן, אַז אויפן טישל וועט ליגן אַ רויט בוך. איר זענט דאָ, איך בין דאָ, דאָס רויטע בוך איז דאָ, קען מען דאָך רעדן, ווייל פון שוויגן וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

— אָבער דאָס בוך געהערט נישט צו מיר! — האָב איך אויסגערופן מיט פרייד — דאָס בוך געהערט אַן אַנדערן, ס׳קען זיין אַז דער מענטש וואָס איז דאָ געזעסן האָט עס פאַרגעסן.

— וואָס — זאָגט זי — איז שוין יעצט דאָס אַלץ וויכטיק? דער עיקר, מיר האָבן זיך באַקענט, מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, איר געפעלט מיר, און לויט ווי מיר דאַכט זיך, געפעל איך אייך אויכעט, טאָ לאָמיר זיך ביידע אָנהייבן צו באַ־פריינדן.

— איך בין אָבער בכלל נישט דער וואָס איר מיינט, דאָ איז געשען אַ מיספאַר־שטענדעניש, זייט אַזוי גוט — ווענד איך זיך צו דעם וואָס זיצט ביי דער קאַסע — אפשר קענט איר טאָן אַ טובה דער דאָמע און זאָגן איר וועמען געהערט דאָס דאָזיקע בוך, וואָס עמעץ האָט דאָ פאַרגעסן.

— דאָס בוך געהערט דעם מענטשן וואָס זיצט דאָרט — האָט ער אָנגעוויזן אויף איינעם — דער מענטש וואָס איז דאָ געזעסן האָט עס ביי יענעם געבאָרגט, און ער האָט עס וואַרשיינלעך פאַרגעסן צוריקצוגעבן.

— אויב אַזוי, וועל איך עס שוין אַליין אים צוריקגעבן — האָט זי אויסגערופן, און איז גלייך אַוועק צו יענעם טישל, צוגעזעצט זיך, אַוועקגעלייגט דאָס בוך פאַר אים, און איך האָב נאָך באַוויזן צו הערן די ערשטע ווערטער אירע: וואָס זאָגט איר נישט צום היינטיקן וועטער? איר זענט אַ מבין אויף אַ וועטער?

## טינטפלעקן

כ׳בין מיר געגאַנגען קויפן אַ פעדער. אויף צו שרייבן מוז מען האָבן אַ גוטע פעדער. מיט אַ גוטער פעדער קען אַ מאָל דאָס שרייבן אַרויסקומען בעסער. און אַ פעדער האָב איך ליב אַז זי זאָל זיין מיט אַ נשמה, דאָס הייסט מיט אַ נאָגל, און מיט טינט, נישט ווי די היינטיקע פעדערס וואָס שרייבן ווי מיט טשוועקעס.

בין איך אַריין צום באַרימטן פעדער־ספעציאַליסט, און ער האָט פאַר מיר אויסגעזוכט אַן אויסערגעוויינלעכע פעדער.

פונעם ערשטן בליק אַן איז זי מיר געפעלן. דער גוף ווי אַ טונקל באָרדאָ מאַרמער, מיט אַ ברייטן גאָלדענעם בראַנזאָלעט, דער נאָגל, אַ גרויסער, און אויסגע־קריצט איז אויף אים, אַז ער איז פון פערצן קאַראַט גאָלד.

— איר זעט וואָס פאַר אַ פעדער דאָס איז? — האָט ער מיך געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, גלייך ווי ער וואָלט מיר אַ טובה געטאָן, וואָס ער ווייזט זי מיר בלויז — איר ווייסט אַז דאָס איז אַ ריכטיקער „פּרעזידענט".

איך קוק זיך גוט איין און איך זע, אַז אויפֿן גוף איז טאַקע אויסגעקריצט „פּרעזידענט״. בין איך שוין באמת נתפּעל געוואָרן, כאָטש איך האָב נאָך פֿון אַזאַ פֿירמע נישט געהערט, אָבער דער נאָמען אַליין גיט דאָך שוין די גאַראַנטיע, אַז דאָס איז נישט קיין פּשוטע פּעדער.

האָב איך גוט אויסגעפּרובירט די פּעדער, געפּרוּווט אָפּדינגען פֿון פּרייז. איז עס נישט געגאַנגען, האָב איך באַצאָלט וויפֿל ער האָט פֿאַרלאַנגט.

זעץ איך זיך אַוועק ביי מיין שרייבטיש, שפּרייט אויס אַ פּאַפּיר, און גיי מאַכן אַ חנוכּת הפּעדער.

נישט באַוויזנדיק צו ענדיקן אַ שורה, סטאָפּ, זי שרייבט נישט. הייב איך אָן צו דריקן פֿעסטער, נאָר פֿעסטער, דאָס פּאַפּיר איז שוין דורכגעלעכערט, נאָר שרייבן, שרייבט זי נישט. האָב איך זי גענומען באַטראַכטן פֿון אַלע זייטן, אָפּגעשרויפֿט דעם קאָפּ, אַרויסגעקוועטשט אַ טראָפּן טינט, און... און ס'איז גוט, זי שרייבט וווּנדערבאַר, נאָר נאָך צוויי שורות איז ווידער די זעלבע מעשׂה — טרוקן.

בין איך אַוועק צו פּעדער־ספּעציאַליסט, און געפֿרעגט אים:

— היתּכן? אַזאַ גוטע פּעדער, אַן עכטער „פּרעזידענט״, צום סוף שרייבט זי גאָרנישט.

— פֿאַר וואָס שרייבט זי נישט? — האָט ער מיך געפֿרעגט, אָנשטעלנדיק אויף מיר אַ פּאָר אימהדיקע אויגן.

— פֿון וואַנען זאָל איך וויסן? איר זענט דאָך דער ספּעציאַליסט, דאַרפֿט איר דאָך וויסן, פֿרעגט איר גאָר ביי מיר?

— איר האָט פּרובירט שרייבן?

— זיכער האָב איך פּרובירט.

— נו?

— נו איך זאָג דאָך אייך! זי שרייבט נישט!

ער האָט גענומען די פּעדער, באַטראַכט פֿון אַלע זייטן, און פֿעסטגעשטעלט, אַז די פּעדער איז אַן ערשטקלאַסיקע פּעדער, אַז איך זאָל אַפֿילו אויספּאָרן די גאַנצע וועלט, וועל איך קיין בעסערע נישט באַקומען, און דאָס וואָס זי שרייבט נישט, איז עס דערפֿאַר ווייל זי טריקנט, און אין דעם איז שולדיק דער קלימאַט, ווייל מיר לעבן דאָ אין תּל־אָביב אין אַ הייסן סוב־טראָפּישן קלימאַט.

— טאָ וואָס זשע זאָל איך טאָן? זאָל איך אפשר אַוועקפֿאָרן און באַזעצן זיך אין נאָרוועגיע, כּדי צו ענדערן דעם קלימאַט פֿאַר דער פּעדער? און אויסער דעם, לעבן דאָ אין אונדזער קלימאַט, צענדליקער טויזנטער מענטשן מיט אייביקע פּעדערס, און אַלע שרייבן, פֿאַר וואָס זאָל זיך די פּעדער נישט קענען אַקלימאַטיזירן?

ער האָט, ווייזט אויס, זיך איבערצייגט אין מיין גערעכטער טענה, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט זי צעשרויפֿט, געפּיילט, געקלאַפּט. קוקנדיק אויף זיין איינגעצויגענעם שטערן האָב איך פֿאַרשטאַנען אַז ער מאַכט דאָרט אַן ערנסטע אַרבעט.

די פּעדער האָט טאַקע אָנגעהויבן זייער גוט צו שרייבן. איין חסרון האָט זי נאָר געהאַט, זי האָט געגנעצט. אַזוי ווי זי איז געווען פֿריִער צו טרוקן, אַזוי איז זי

איצט געוואָרן צו נאַס, און אין יעדן אָרט ווו די פעדער איז געלעגן, איז געבליבן נאָך איר אַ פלעק פון טינט.

בין איך ווידער אַוועק צו מיין ספּעציאַליסט און איך האָב אים געוויזן מיין פאַרצווייפלט פּנים און די פלעקן טינט אויף די מלבושים. האָט ער מיך באַרויִקט און ער האָט מיר געזאָגט, אַז די פלעקן לאָזן זיך כעמיש אויסרייניקן אַז מען דערקענט גאָרנישט.

— אָבער שולדיק אין דעם איז דאָך די פעדער — גיב איך אים צו פאַרשטיין — און אויב די פעדער וועט ווייטער אַזוי נעצן, וועל איך דאָך מוזן טראָגן יעדן טאָג די מלבושים צום רייניקן.

— טאָ וואָס זשע ווילט איר פון מיר? — האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן צו בייזערן — וואָס מיינט איר אַז איך וועל שטיין גאַנצע טעג און פאַרריכטן אייער פעדער? פון דעם וועל איך האָבן צום לעבן?

— נו גוט — האָב איך אים באַרויִקט — וועל איך באַצאָלן, וויפל ס'וועט קאָסטן וועל איך באַצאָלן, און מאַכט מיר, אַז די פעדער זאָל מער נישט נעצן.

ער האָט זי ווידער צעשרויפט, און ווידער אַ מאָל פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעך גוטע פעדער, אַן עכטער „פּרעזידענט", אַז ווען איך זאָל אַפילו אויספאָרן די גאַנצע וועלט וועל איך אַ בעסערע נישט געפינען, און זי נעצט ווייל די פּאָמפּע לאָזט לופט.

ער האָט פאַרריכט די פּאָמפּע, פאַרשטאָפּט די לופט, און אַז ער האָט זי מיר דערלאַנגט אויסצופּרובירן, האָט זי וואונדערבאַר אויפגעשריבן צוויי שורות, און ביי דער דריטער שורה איז זי שטיין געבליבן, טרוקן.

— איר קענט נישט שרייבן! — האָט ער אויסגעשריגן.

— וואָס הייסט איך קען נישט שרייבן? פאַר אַזאַ עם הארץ זעט איר מיך, אַז איך קען שוין אַפילו נישט שרייבן?

— ס'קען גאַנץ מעגלעך זיין — זאָגט ער — אַז איר קענט יאָ שרייבן, נאָר מיט אַן אייביקער פעדער קענט איר נישט. איר קענט נישט באַהערשן די פעדער. גיט אַ שאָקל! נו!... קוקט מיך נישט אָן ווי אַ גולם, גיט אַ שאָקל די פעדער!

איך האָב געטאָן אַ שאָקל די פעדער, און זי האָט אָנגעהויבן שרייבן.

איצט פאַרשטיי איך שוין ווי אַזוי צו באַהערשן אַ פעדער. יעדעס מאָל ווען זי בלייבט טרוקן, איז אַ פּשוטע זאַך: אַ שאָקל.

אַזוי פיר איך זיך ביזן היינטיקן טאָג, איך שרייב און איך שאָקל, איך שאָקל און איך שרייב.

נאָך דעם ערשטן טאָג שאָקלען, האָבן זיך באַוויזן טינטפלעקן אויף די פּאָד־לאָגעס, אויף דער סאָפע, אויף די גאַרדינען און ביי מיר אויפן פּנים. האָב איך קעגן דעם אויך געפונען אַן עצה, איך שאָקל דורכן פענצטער, אין דרויסן אַרויס.

זייט איך האָב אָנגעהויבן שאָקלען די פעדער אין דרויסן אַרויס, האָבן זיך ביי מיין שכן, וואָס וווינט אונטער מיר, אָנגעהויבן קריגערייען צווישן מאַן און ווייב, יעדן טאָג געשרייען און קללות, די געוואַלדן זענען טייל מאָל אַזעלכע שרעקלעכע, גלייך ווי מען וואָלט זיי דאָרט געשאָכטן.

די שכנים זאָגן, אַז די פרוי איז גערעכט, שולדיק איז נאָר דער מאַן אירער,

ווייל יעדן אָונט העגנגט זי אַרויס זיינע העמדער צום טריקענען אויף דער טעראַסע, און יעדן אינדערפרי באַמערקט זי אויף זיי פלעקן מיט טינט. דער טינט קומט דאָך נישט פון הימל אַראָפּ.

זי האָט שוין געפּרווווט מיט גוטנס און מיט בייזנס, און ווי לאַנג קען אַזאַ פרוי באַהערשן די נערוון?

## דער נס פון חנוכּה

— איידער איך גיי אייך פרעגן די פראַגע וויל איך אייך פרעגן אַ שאלה: איר ווייסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס חנוכּה?

— אַוודאי ווייס איך.

— זייער גוט. איצט וועל איך אייך זאָגן וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. כ׳האָב געמאַכט אַ געשעפט מיט אַ ייִד אַ דרייקאָפּ. ס׳שטייט מיר פאַר צו פאַרדינען דריי טויזנט דאָלער, אויב דער דרייקאָפּ וועט נישט עפּעס אויסדרייען. האָב איך אים צוגעזאָגט אַז איך וועל אים הייַנט דערקלערן גענוי וואָס דאָס איז אַזעלכעס חנוכּה. ווייל ער האָט אַ דערוואַקסענעם זון, שוין אַ געענדיקטער.

— וואָס האָט ער געענדיקט?

— ס׳לערנען. ער האָט אויפגעהערט לערנען. שוין אַ שיינע פּאָר יאָר ווי ער האָט געענדיקט דאָס לערנען. האָט דער דאָזיקער זון געפרעגט דעם דאָזיקן טאַטן, וואָס דאָס איז אַזעלכעס חנוכּה. האָט דער דאָזיקער טאַטע געפרעגט מיך. האָב איך אים צוגעזאָגט אַז איך קום שוין צו גיין און דערקלער אים גענוי דעם גאַנצן יום־טוב חנוכּה. כ׳מוז האַלטן וואָרט ווייל איך קען אָפּמעקן... איר פאַרשטייט דאָך וואָס איך מיין?

מיינט נישט אַז איך אַליין ווייס טאָקע גאָרנישט. נאָר כ׳האָב פאַרגעסן. ווי איר קוקט מיך אָן בין איך אַ פּרעזידענט פון אַ סאָסייעטי, אַ טרעזשורער פון אַ קאָמיטעט. נאָר איך האָב זייער קנאָפּ געלערנט, און אַ העלפט דערפון פאַרגעסן. ווען איך וואָלט נישט פאַרגעסן דאָס וואָס איר געדענקט, וואָלט איך הייַנט... אַהאַ! זאָגט זשע מיר, אָבער בקיצור, וואָס איז דאָס אַזעלכעס חנוכּה? צעציט נישט לאַנג די מעשׂה ווייל איך שטיי ווי אויף שפּילקעס. כאַפּט נישט! קודם כּל זאָגט מיר, פאַר וואָס מוז מען אין חנוכּה עסן לאַטקעס?

— ווער זאָגט דאָס אַז מען מוז? ווו שטייט דאָס געשריבן אַז מען מוז? ס׳איז אַ מנהג אַזאַ.

— פאַר וואָס זשע עפּעס פּונקט לאַטקעס? פאַר וואָס נישט געהאַקטע לעבערלעך?

— ווען דער מנהג וואָלט געווען געהאַקטע לעבערלעך, וואָלט מען געגעסן געהאַקטע לעבערלעך. דאָס זעלבע קענט איר דאָך פרעגן: פאַר וואָס עסט מען פּורים המן־טאַשן? ראש־השנה — קרעפּלעך?

— טאָקע פאַר וואָס? נאָר דאָס וועלן מיר איבערלאָזן אויף שפּעטער. קודם לאָמיר זיך דערליידיקן מיט דעם חנוכּה. איז קורץ און שאַרף. וואָס פאַר אַ יום־טוב איז דאָס חנוכּה?

— אַ חנוכּת הבית ווייסט איר וואָס דאָס איז?

— אַוודאי ווייס איך. ווי איר קוקט מיך אָן ווייס איך אַלץ. נאָר איך געדענק נישט.

— הערט זשע זיך צו. נאָך דעם ווי די יידן האָבן צוריק אויפגעבויט דאָס חרובע בית־המקדש, האָבן זיי געמאַכט אַ חנוכּת הבית. דערפאַר הייסט דער יום־טוב חנוכּה.

— אַ רגעלע. ווער איז דאָס געווען דער דאָזיקער וואָס האָט חרוב געמאַכט דאָס בית־המקדש?

— אַנטיוכוס.

— אַן אַראַבער? פון די טעראָריסטן?

— ניין. אַנטיוכוס איז געווען אַ מלך פון די יוונים. איר ווייסט ווער דאָס זענען די יוונים?

— אַוודאי ווייס איך. נו! זאָגט מיר שוין! אַ סוף זאָל עס נעמען!

— דאָס זענען די גריכן. פון דעם זעלבן גריכנלאַנד וואָס ליגט נעבן טערקיי.

— האָבן די רוסן אים געהאָלפן. האָט אַמעריקע אַריינגעשיקט דעם זעקסטן פלאָט. כ׳פאַרשטיי שוין אַלצדינג.

— דעמאָלט זענען נאָך קיין רוסן נישט געווען.

— אַז קיין רוסן זענען דעמאָלט נישט געווען איז דאָך געווען אַ פרייע וועלט. האָט מען דאָך געקענט פאָרן קיין מאָסקווע און שפּאַצירן אין קרעמל פראַנק און פריי. אָן מורא. די יידן אין רוסלאַנד האָבן דאָך שוין אַפילו מורא, מורא צו האָבן.

— מען רעדט דאָך נישט וועגן היינט. מען רעדט דאָך וועגן אַמאָל. אַ מעשׂה פון צוויי טויזנט יאָר צוריק.

— צוויי טויזנט יאָר?! נאָך אַזאַ לאַנגער צייט וווּנדערט איר זיך וואָס איך געדענק נישט? איז פאַר וואָס מאַכט מען פון חנוכּה אַ יום־טוב? פאַר וואָס צינדט מען חנוכּה־ליכטלעך? און פאַר וואָס פאַלט עס אויס פּונקט אין חנוכּה־צייט?

— ווייל אין פינף און צוואַנציק טעג אין חודש כּסלו.

— דעצעמבער?

— יאָ. איז דאָס יידישע מיליטער אַריין אין ירושלים און האָט באַנייט די אַרבעט אין בית־המקדש. די כּהנים האָבן ווידער מקריב געווען קרבּנות אויפן מזבּח. די לוויים האָבן געשפּילט אויף די פידלען און טרומייטערס. דאָס איז געווען נאָך פיר גרויסע מלחמות מיט דעם מיליטער פון קעניג אַנטיוכוס.

— פיר מלחמות?! האָט עס דאָך געדויערט זייער לאַנג. היינט מאַכט מען דאָך עס אין זעקס טעג.

— דעמאָלט האָט מען געקעמפט מיט שטעקנס און שווערדן.

— אַמעריקע האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין מיסלס.

— אַמעריקע האָט נאָך דעמאָלט אין גאַנצן נישט עקזיסטירט.

— דערפאַר האָט טאַקע די מלחמה געדויערט אַזוי לאַנג. ס׳איז נישט געווען קיין אַמעריקאַנער יידן וואָס זאָלן אונטערשטעלן אַ פּלייצע.

— געזיגט האָבן דעמאָלט די מאַקאַבעער. פון די מכּבים האָט איר געהערט ?
— זיי זענען געווען די בעסטע פוטבאָל־שפּילער ביי אונדז אין שטאָט.
— איך מיין יהודה המכּבי.
— וואָס איז וויכטיק ווי ער האָט געהייסן. ער האָט אַריינגעהאַקט אַ גאָל ווי אַ מייסטער.
— נישט די מכּבים וואָס איר מיינט. נאָר די גיבורי ישׂראל, וואָס האָבן איינגענומען ירושלים, אויפגעבויט צוריק דעם בית־המקדש אונטער דער אָנפירונג פון יהודה המכּבי. איר זענט דאָך געווען אויף אַ וויזיט אין ישׂראל. אין שטעטל מודיעין זענט איר געווען ?
— כ׳בין געווען אומעטום, אַפילו אין רמת־גן אויכעט.
— אין דעם שטעטל מודיעין האָט איר דאָך געזען די קברים פון די מאַקאַבעער.
— כ׳וועל פרעגן מיין וויב, אפשר געדענקט זי. בקיצור מען האָט פאַרנומען ירושלים. צעכמאַליעט די טערקן.
— די גריכן.
— איר האָט דאָך מיר פריִער געזאָגט די טערקן. שוין. שווערט איך נישט. ס׳איז מיר אַ גרויסער נפקא מינה גריכן, טערקן. דער עיקר מען האָט געפּיקסט דאָס בית־המקדש. מען האָט אַריינגעשטעלט נייע פאַרניטשערס. די כּהנים האָבן געבראָטן סטעיקס אויפן מזבח. די לוויים האָבן געשפּילט הבה נגילה. ס׳איז געווען לעבעדיק. אָבער פאַר וואָס צינדט מען אַכט טעג חנוכּה־ליכט ?
ווייל ס׳איז געשען אַ נס. מען האָט געפונען אַ קריגל בוימל וואָס האָט געקענט סטייען נישט מער ווי אויף איין טאָג. איז געשען אַ נס און דאָס האָט געברענט גאַנצע אַכט טעג.
— איז דאָך אונדז טאַקע געשען אַ גרויסער נס. וואָס וואָלטן מיר געטאָן ווען דאָס ברענט אַכט און זעכציק טעג ? און מיר דאַרפן צינדן אַכט און זעכציק טעג חנוכּה־ליכט ? מיינע נערוון וואָלט דאָס נישט אויסגעהאַלטן. איצט ווייס איך שוין פאַר וואָס מען עסט לאַטקעס. טאַקע צוליבן בוימל. לאַטקעס פּרעגלט מען דאָך אויף בוימל. איצט ווייס איך שוין אַלצדינג.
איר מעגט מיר גלייבן, אַז ס׳גייט מיר נישט בלויז וועגן געלט. איך וויל טאַקע אַז נאָך אַ ייִד זאָל אויך וויסן דעם נס פון חנוכּה.

## אַ הומאָריסטישער אָוונט

ס׳איז אַ בייזע צייט. דאָס לעבן איז זייער טייער געוואָרן אויף דער וועלט. געריינצלטע שטערנס. דאָ און דאָ קומען פאַר קאַמפן. דאָרט און דאָרט קומען פאַר קאַמפן. סטודענטן שלאָגן זיך מיט דער פּאָליציי. זיי ווילן נישט בשום אופן נישט. די פּאָליציי איז כּסדר באַשעפטיקט מיט נאָך אַנדערע וואָס ווילן נישט.

אַ בייזע צייט. זייער אַ בייזע צייט. ס׳דראָט אַן עקספּלאָזיע פון דער באַפעלקע־רונג. צו פיל מענטשן אויף דער וועלט און צו ווייניק מענטשן אין טעאַטער.

שאַרפע מוחות ווילן אויסגעפינען נייע מקורות פון שפייז. אפשר פון ים. אפשר פון די בערג. פון שניי — גאַמולקעס, ווייל ס׳וועט נישט סטייען קיין עסן. און דאָס געוועלב מיט די זעקס צעשמייכלטע פאַרקויפערינס שטייט אָפן ביז שפּעט אין דער נאַכט, און מען באַמיט זיך צו פאַרקויפן די סאַרדינען, קעזן, לאַקסן, און פרישע וואַרעמע פלעצלעך. און דער וואָס שלעפּט אַ שווערן בויך יעדן טאָג צו אַן אַנדערן דאָקטער איז אויך פאַרביטערט. פול מיט כעס אויף די דאָקטוירים פאַר וואָס זיי הייסן אים הונגערן. דערויף האָט ער אָפּגעקעמפט אַ לעבן, צעטרעטן יעדן איינעם וואָס איז געשטאַנען אין וועג פון זיין אויפשטייג, אַז ער זאָל איצט עסן רוי קרויט מיט צעריבענעם רעטעך ווי יעדער פענטאַק? ער וויל אַז מען זאָל אים געזונט מאַכן בלויז פאַר געלט. ער האָט געלט!

מען טאָר נישט אַזוי פיל אַריינטראַכטן. ס׳קען באַפאַלן אַ מרה־שחורה. און דאָ דאַרף מען גיין אויפטרעטן אויף אַ הומאָריסטישן אָוונט. מען האָט צוגעזאָגט דעם עולם, אַז ער וועט היינט האָבן אַן אָוונט פון הומאָר און געלעכטער, און אין דרויסן בושעוועט אַ שניי, און דער ווינט וואָיעט.

ס׳איז נאַכט. דער הימל האָט איינגעהילט די שוואַרצע וועלט אין אַ ווייס־פּוכיקן שניי. אפשר וועט זי זיך אַזוי אַרום באַרויִקן.

ביי דער אויטאָבוסן־סטאַציע שטיי איך און אַ נעגערין. אַ שוואַרצער פלעק אויפן ווייסן האָריזאָנט. אַ ברייטע גלאַנציקע מאַשין פאַרהאַלט זיך נעבן מיר. דאָס פענצטער לאָזט זיך אַראָפּ, און ס׳שטעקט זיך אַרויס אַ קאָפּ וואָס פרעגט מיך עפּעס אויף ענגליש, און איך ענטפער גלייך אויף ייִדיש. ווייל, ערשטנס האָב איך דערזען פאַר זיך אַ נאָז פון זשעליכאָוו אָדער פון זדונסקע־וואָליע. צווייטנס, איז אין זיין ענגליש אויך געווען אַלע סימנים וואָס האָבן באַשטעטיקט דאָס וואָס איך האָב פריִער געזען. דריטנס, האָט ער געפרעגט אויף דעם זעלבן אַדרעס און אויף דעם זעלבן האָטעל ווו איך דאַרף האָבן. אין דעם זאָל פון דעם האָטעל דאַרף איך היינט אויפטרעטן פאַר אַן עולם וואָס איז געקומען לאַכן פאַר אַ דאָלער פופציק. און דער איז מן הסתם איינער פון מיין פּובליקום.

אַז ער האָט דערהערט אַז איך דאַרף אויך אויף דעם זעלבן אַדרעס, האָט ער פאַר מיר אויפגעמאַכט די טיר, געלאָזט זיך אין וועג, און גלייך אָנגעהויבן צו מיר רעדן:

— אַ פּאַסקודנער וועטער. אַ פאַרדאָסט לאַנד. הענט און פיס האָב איך באַדאַרפט צעברעכן איידער כ׳בין דאָ אַהערגעקומען. אַלץ מיין ווייב. אַן אויסכאַפּעניש זאָל שוין אויף איר קומען. וואָס האָט מיר געפעלט אין ישׂראל? כ׳האָב מיר געענדיקט דעם טאָג אַרבעט, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט ביי נסים אויפן טרעטואַר. נסים איז אַן איראַקער ייִד און האָט אַ רעסטאָראַן. ביי אים זיצט מען נאָר אויפן טרעטואַר, אָבער ביי טישלעך. אינעווייניק איז נישטאָ קיין פּלאַץ. כ׳האָב מיר אויסגעטרונקען אַ גלעזל אַראַק, אַ פלאַש ביר, אַ חומוס מיט אַ געבראָטן פישל. שלעכט? די גאַנצע וועלט איז געווען מיין, מיטן שטעטל צוזאַמען. איך האָב געוווינט אין יאַזשור נעבן תּל־אָביב. אַרבעט איז געווען גענוג. אַ שטובן־מאַלאַזש בין איך. האָט מיך ווייב

זיך איינגעעקשנט: קאַנאַדע, ווייל זי האָט דאָ אַ חברטע וואָס האָט איר געשיקט אַ פּושקע קאַווע, און האָט איר געשריבן אַז זי האָט זיך געקויפט אַ פוטער פון מינק. די כאָלערע ווייסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס. האָט איר די קנאה אויפגעפּרעסן. און איך בהמה האָב זיך געלאָזט איבעררעדן.

מענטשן האָבן מזל צו ווייבער. כ׳האָב ליב געהאַט אַן אינטעליגענטע, פאַרליבט זיך אין אַ שיינע, און חתונה געהאַט מיט אַ שלאַק.

ישׂראל איז אַ לאַנד, אַזאַ יאָר אויף מיר מיט אייך צוזאַמען. כ׳האָב פּיינט צו שווערן ביי יענעם. כאַפּט אייך אַהין, גיט אַ קוק, וועט איר זען וואָס איך רעד. מיר האָבן דאָרט יינגלעך איינס און איינס.

משה דיין איז אַ מענטש, קענט איר אויסשאַקלען גאַנץ מאַנטרעאַל מיט טאָ־ראָנטאָ צוזאַמען. כ׳האָב דאָך מיט אים גערעדט אויג אויף אויג. ביי מיר איז אויך איין אויג נישט אין אָרדענונג. כ׳האָב דאָך ביי אים אויסגעמאָלעוועט די וווינונג. זיינע וועגט האָב איך געשמירט נישט מיט קיין פאַרב, נאָר מיט נשמה. זאָל איך אַזוי לעבן ווי מיט נשמה. און באַצאָלט האָט ער מיט אַ ברייטער האַנט. און דער כּבוד אַליין איז ביי אייך גאָרנישט?

כ׳האָב אויסגעשמירט אַ מאַנטרעאַלער מאַדאַם אַ וווינונג, האָט זי מיר געגעבן די גאַל אין די האַנט אַריין. בכן דער שלאַק פון אויבן טויג נישט. האָב איך איר געזאָגט אַז דער שלאַק פון אונטן טויג נישט.

אין ישׂראל האָב איך געוווּסט אַז איך בין אַ ייִד. ל״ג בעומר איז מען געפאָרן צו שלמה רבינוס קבר. אין יום־העצמאות האָט מען זיך אַרומגעדרייט אויף דער דיזענגאָף, גאַס באַקוקן די טוריסטן. מען האָט געוווּסט אַז מען לעבט. וואָס פאַראַ לעבן איז דאָ? נעכטן האָב איך פאַרשפּילט אויף די פערדלעך פינף און דרייסיק דאָלער. איר גייט אַ מאָל אויף די פערד־געיעגן? ניין? טוט איר זייער גוט. איך האָב געשטעלט אויף אַ זיבעלע. וואָס קען שוין זיין בעסער פון אַ זיבעלע? איז אַרויס אַ דריטל. אויף וואָס איך שטעל קומט אַרויס פאַרדרייט. און אַז איך שטעל פאַר־דרייט קומט אַרויס פאַרקערט. וואָס איז דאָס פערד שולדיק אַז איך בין מער פערד פון אים?

אַז ס׳קומט דער אָוונט ווער איך משוגע. אין תּל־אָביב האָב איך זיך געגעבן אַ כאַפּ אַריין אין אַ ייִדיש טעאַטער. מען האָט געשפּילט „די פאַרשטויסענע פרוי״. דאָרט האָט איינער געזונגען מיט אַ שטימע ווי אַ פּאַטעפאָן, און מיט אַ קוואַרטעט פון דרייצן מוזיקאַנטן. אַ ליאַדע טאָג וועל איך זיך דאַכט זיך געבן אַ כאַפּ אויף, און יאַזדאַ צוריק! דאַכט זיך אַז דאָ איז עס.

ער האָט פאַרהאַלטן די מאַשין, און מיר זענען ביידע אַריין אין האָטעל. און דער ייִד איז מיר פאַרשוווּנדן אונטער דער האַנט.

שפּעט אין דער נאַכט, ביים אָפּנעמען דעם מאַנטל פון דער גאַרדעראָבע, איז ער קאַפּויער געקומען.

— קומט — זאָגט ער — וועל איך אייך צוריקפירן. כ׳האָב געהאַט היינט אַ גוטן אָוונט.

— איר האָט טאַקע אַ הנאה געהאַט פון מיין היינטיקן אָוונט?

— אַוודאי האָב איך אַ הנאה געהאַט. כ׳האָב דאָך אָנגענומען דאָ אַן אַרבעט

איבערצושמירן דעם אייבערשטן שטאָק פאַר אַ גוטן פּרייז. כ׳האָב אים געזאָגט, דעם באַלעבאָס פון האָטעל, אַז דאָס איז אַ לאַנגע שווערע אַרבעט. אין דריי טעג ווערט עס ביי מיר אָפּגעטראָסקעט.

## מיטן גאַנצן האַרץ...

ווינטער אין מאָנטרעאָל, איז אָדער ס׳איז אַ שניי, אָדער ס׳איז אַ פראָסט, אָדער ביידע צוזאַמען.

פרייטיק ביי נאַכט, אַ ווינט פייפט אַריין אין פענצטער, און איך בינד שנעל דעם קראַוואַט. מען דאַרף גיין צו פריינד אויף אַ מסיבה מיט חשובע מענטשן.

ס׳ערגסטע זענען די הויכע גומענע קאַלאָשן, וואָס דער ריטש־ראַטש פאַרהאַקט זיך אין דער מיט, דערנאָך איז שווער זיך אויסצוגלייכן און אָפּצודעכען.

אין קאָרידאָר, אַזוי ווי איך בין אַריינגעקומען, בין איך גלייך געוווּיר געוואָרן, נאָכן איבערציילן די קאַלאָשן און די דאַמסקע שטיוול ביי דער טיר, אַז ס׳זענען דאָ אינעווייניק זעקס מענער און זעקס פרויען.

זייער גוט פאַרבראַכט. מען האָט זיך אָנגעשטרענגט צו רעדן מיט ניוואָ, און מיט זייער פריינדלעכע אָביעקטיווע רכילות אויף גוטע פריינד וואָס זענען נישט אַנוועזנדיק. די מאכלים זענען אויך ערנסט און קאָנקרעט באַהאַנדלט געוואָרן. די בעלי־בתּים האָבן זייער געבעטן מען זאָל עסן נאָך, און אַ טייל האָבן זיי גערן צוליב געטאָן. ביז ס׳איז געוואָרן שפּעט אין דער נאַכט, און ביז איינעם איז איינגעפאַלן אַ קוק צו טאָן אויפן זייגער, אויפגעשטעלט זיך נעמען דעם מאַנטל, האָבן אים אַלע נאָכגעטאָן דאָס זעלבע.

יעדעס מאָל אין אַזאַ פאַל, געפינט זיך שוין ווער וואָס פאָרט מיט זיין קאַר כמעט ווי אין מיין ריכטונג, און איז גרייט מיך מיטצונעמען. אַזאַ איינלאַדונג איז באמת דערפרייענדיק. נישט דאַרפן שלעפּן זיך אין אַזאַ וועטער מיט די אויטאָבוסן.

— אַ גוטע נאַכט, אַ שיינעם דאַנק. די בעלי־בתּים שמייכלען און זענען גליקלעך וואָס מען איז געקומען, און מען האָט געגעסן, און זיי האָבן גרויס עגמת־נפש וואָס מען גייט שוין אַוועק.

כ׳בין צוגעקומען צו מיין טיר, האָב איך אָנגעהויבן זוכן די שליסלען, און אַז איך האָב זיי נישט געפונען אין די טיפע פאַלטן־קעשענעס, האָב איך אָנגעהויבן זוכן אין די קעשענעס פון רעקל, און אַז איך האָב זיי דאָרט אויך נישט געפונען, בין איך שוין געוואָרן נערוועז און מורא געהאַט צו זוכן אין די הויזן־קעשענעס. ווייל וואָס וועל איך טאָן, אַז איך וועל זיי דאָרט אויך נישט געפינען?

נאָך האַלבער נאַכט. אין אַ קאָרידאָר איינער אַליין. צוויי רייען מיט פאַרשלאָסענע טירן. פיר טירן אין יעדער זייט, דריי מיט מזוזות. טירן מיט אַ מאַטן אַליוון קאָליר און מיט צוויי גאָלדענע ראַמען אין דער מיט, אין ראָקאָקאָ־סטיל. דיקע טירן מיט שווערע פּאַטענט־שלעסער אינעווייניק, וואָס עפענען זיך זייער לייכט

מיט אַ דין שליסעלע, און דאָס שליסעלע איז נישטאָ. שוין געזוכט אין די הויזן־טאַשן און אין וואָס פאַר אַ קעשענע ס׳איז נישט פאַראַן. נישטאָ. פאַרלוירן דעם שליסל!

שטיי איך און טראַכט וואָס צו טאָן. אין תּל־אָביב אַזאַ מעשׂה, וועק איך אויף אַ שכן און בלייב ביי אים איבער נאַכט. דאָ, די שכנים, קענען זיך נישט. מען האָט נישט קיין באַדערפעניש זיך צו קענען. אַכט פאַרשלאָסענע טירן, דריי מיט מזוזות. פיר זשיראַנדאָלן באַלייכטן אַ טויט־נאַכטיקע שטילקייט וואָס וואַרפט אָן אַ פּחד.

האָב איך באַשלאָסן צוריקצוגיין צו מיינע פריינד, דערציילן וואָס מיר איז געשען. אויף דער גאַס וועט מען דאָך מיך נישט לאָזן, בפרט אין אַזאַ וועטער. צוגעשלעפּט זיך צו אַ טעקסי־סטאַציע. אָנגעקומען צום הויז פון מיינע פריינד. געקלונגען און געפּויקט זייער לאַנג ביז מען האָט דערזען ליכט. די טיר האָט זיך געעפנט, און איך בין געבליבן שטיין פאַר צוויי געבלימטע פּיזשאַמעס, און בלאָס דערשראָקענע פּנימער פון מיין פריינד און זיין פרוי. אַ קליינינקייט, עפענען אַ טיר אין מיטן דער נאַכט אין אַ שטאָט ווו עס קומען פאָר אַזוי פיל רויבערייען.

מען האָט מיר אויסגעבעט אַ סאָפע. מען האָט מיך באַרויִקט אַז מאָרגן וועט מען זיך גלייך פאַרשטענדיקן מיט אַ בעל־מלאָכה, אַן אָנשטענדיקער מענטש, וואָס וועט צעברעכן די טיר אַז מען זאָל גאָרנישט דערקענען.

אין דער פרי, שנעל אַריינגעכאַפּט אַ קאַווע און אַ שמועס וועגן דער פּאָליטישער לאַגע. טעלעפאָנירט צום שלאָסער. דערציילט אים אַז דאָס איז אַ ישׂראלדיקער ייִד, און ער דאַרף שוין קומען, ווייל זיין ווייב דאַרף גיין צום דאָקטער, און ער אויף אַ זיצונג.

דער שלאָסער לאָזט זיך מיט זיין קאַר, צוזאַמען מיט מיר און מיט זיינע מכשירים, אין וועג אַריין. און דערווייל וויל ער אַז איך זאָל אים זאָגן גענוי ווען ס׳וועט קומען צו אַ שלום מיט די אַראַבער.

געקומען צו מיין טיר, האָט ער געעפנט אַ בלעכן קעסטל, צעלייגט פאַר זיך פאַרשידענע מכשירים, וואָס מען קען מיט זיי צעבויערן און אויפרייסן אַ געפּאַנצערטע קאַסע. איך בין שטיין געבליבן אַ דערשלאָגענער. ווער ווייסט ווי די שיינע טיר וועט דערנאָך אויסקוקן. און ווער ווייסט צי דער ווירט פון הויז וועט נישט הייסן מיר באַצאָלן פאַר אַ נייע טיר.

מיט דער זיכערקייט פון אַ געניטן בעל־מלאָכה, האָט ער גענומען אין איין האַנט אַ דלוטע און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אָנגענומען דאָס הענטל פון דער טיר. אַזוי ווי ער האָט אָנגענומען דאָס הענטל, האָט זיך די טיר אויפגעפּראַלט, און ער איז שיִער אַריינגעפאַלן אינעווייניק.

די טיר האָט זיך אויפגעפּראַלט, ווייל זי איז לכתחילה נישט געווען פאַרשלאָסן, און דער שליסל איז געלעגן אויפן טיש.

שפּעטער האָט געקלונגען צו מיר מיין פריינד. ער האָט געוואָלט וויסן וויפל דער שלאָסער האָט גענומען פאַר דער אַרבעט. אַז ער האָט דערהערט: צוואַנציק דאָלער, האָט ער אויסגעשריגן מיט פרייד: אַ מציאה! דאָס איז דערפאַר ווייל איר זענט אַ ישׂראלדיקער ייִד. ביי אונדז, צו אַ ישׂראלדיקן, באַציט מען זיך מיטן גאַנצן האַרץ.

# אין עראָפּלאַן

אַז איך פֿלי קיין ישׂראל איז נאָר מיט „אֶל עַל". דער אַגענט פֿון דער רייזע־ביוראָ האָט מיר פֿאַרגעלייגט עראָפּלאַנען, צאַצקעס, האָב איך אים געזאָגט: ווען איר גיט מיר אַ מיליאָן אַז איך זאָל פֿליִען מיט אַן אַנדערן עראָפּלאַן (כ'האָב געוווּסט אַז ער וועט נישט געבן) — נאָר „אֶל עַל".

מיטן „אל על" בין איך אין ישׂראל מיט אַ טאָג פֿריִער. אַזוי ווי איך גיי אַריין אין עראָפּלאַן בין איך שוין אין ישׂראל. איך פֿאָר צוריק בין איך אין ישׂראל מיט אַ טאָג לענגער. וואָס איז דער 'אֶל על" שולדיק אַז ער פֿירט קאַנעהאָרע דריי הונ־דערט און זעכציק אַמעריקאַנער ייִדן און ייִדענעס?

ווילע ייִדן, טייערע ייִדן, נאָר אַז מען איז צוזאַמען אין אַ ייִדישן עראָפּלאַן, פֿילט מען זיך נאָך בעסער ווי ביי זיך אין דער היים...

איינע, אַ מיסיס מיט אַ גרויסן בוזעם און אויף אים אַ גרויסע ווייסע בלום פֿון עכט זיידענעם אַטלאַס, וואָס טאַנצט אונטער מיט איר גייענדיק, אַז געזונט און שטאַרק זאָל זי זיין, זי האָט שוין משוגע געמאַכט די גאַנצע מאַנשאַפֿט. זי וויל באָרשט, און אויב ס'איז טאַקע נישטאָ, וויל זי אַז מען זאָל פֿאַר איר אָנקאָכן אַ טעפּל באָרשט. ניין הונדערט מיט פֿופֿציק דאָלער קאָסט איר די רייזע, זאָל זי נישט קריגן כאָטש אַ טעפּל באָרשט?

דער וואָס זיצט נעבן מיר, אַ ברוקלינער ייִד, אַ ליבלעכער און פֿריינדלעכער מענטש, נאָר ער האָט איין חסרון — ער איז אַ גרויסער קענער אויף עראָפּלאַנען. וויל ער דווקא אַז איך זאָל וויסן ווי אַזוי אַן עראָפּלאַן קראַכט אַריין אין אַ הויז, און ווי אַזוי ער רייסט אויף אין דער לופֿט, און ווי אַזוי מען דאַרף זיך ראַטעווען און עס געלינגט נישט, ווייל ס'העלפֿט ווי אַ טויטן באַנקעס.

ער האָט אַזוי לאַנג גערעדט ביז ער האָט געבעטן ביי מיר אַ טאַבלעט צו קאָפּ־ווייטיק. האָב איך זיך געראַטעוועט און געגעבן אים אַ טאַבלעט צום שלאָפֿן, האָט ער אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק בלאָזן מיט די נאָז, אַז איך האָב געציטערט דער מענטש זאָל נישט אויפֿרייסן אין דער לופֿט.

מען דאַוונט מעריב. איבער די וואָלקנס, נאָענט צום רבונו־של־עולם, שטייען אַ פּאָר מנינים ייִדן און דאַווענען בציבור. ביים אויסגיין שימענעסרע, האָט איינער מיט אַ פּאָר גרויסע שיך אַרויפֿגעטשאַפּעט אויף די פּיסלעך פֿון אַ שוואַרץ חנעוודיקע סטיואַרטין. זי איז געוואָרן בלאַס, פֿאַרביסן די ליפּן, און באַלד ווידער אָנגעהויבן שמייכלען. זי האָט נישט געוווּסט אַז ביים אויסגיין שימענעסרע גייט מען מיט דער פֿליִיצע אויף צוריק.

ביי די טואַלעטן שטייט אַ לאַנגער אָטשערעד. די ווייבער האָבן פֿאַרכאַפּט אַלע טואַלעטן, שמירן זיך דאָרט די פּנימער, מאַכן זיך פֿריזורן, אין דרויסן שטייען ייִדן

און קרעכצן. און אַ יינגעלע וואָס האַלט זיך צו מיט איין האַנט, ווײַנט און שרײַט מיט אַלע כּוחות: פּיפּי! די מאַמע וויל אים אײַנבעמען, דערציילט זי אים וועגן דעם כּותל מערבֿי. זי רעדט און ער האַלט אין איין שרײַען דאָס זעלבע. דער טאַטע האָט אים שוין געגעבן אַ שטאָרך, און געזאָגט: ווער ווייסט וואָס פֿון דעם וועט אַרויסוואַקסן.

קורץ נאָך מעריבֿ האָט אָנגעהויבן שאַריִען אויף טאָג. דער עראָפּלאַן פֿליט אַקעגן דער זון, און פֿאַרקירצט די נאַכט מיט עטלעכע שעה. ייִדן פֿאַרלייגן טלית און תּפֿילין. שחרית.

דער סטיוּאַרט האָט אָנגעמאָלדן, אַז צוליב זיכערהייטס־טעמים, איז נישט דערלויבט צו פֿאַרשטעלן דעם דורכגאַנג. איינער האָט אים געענטפֿערט מיט אַ פֿינגער אויפֿן מויל: ני א. דאָס הייסט מען טאָר נישט מפֿסיק זײַן. אַ צווייטער איז רויט געוואָרן פֿון כּעס און געזאָגט אַז ער האָט שוין געהערט אַז אין ישׂראל רודפֿט מען רעליגיעזע ייִדן.

די מיסיס האָט שוין ווידער אָנגעהויבן רעדן וועגן באָרשט. מײַן שכן האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף אַ דערשראָקענער, ס'האָט זיך אים געחלומט אַז אַ פֿליגל האָט זיך אויסגעבויגן. בײַ די טואַלעטן איז אַ גאַנץ געדרודער. בין איך צוגעגאַנגען צום סטיוּאַרט און אים געזאָגט: זיי וויסן אַז דער עראָפּלאַן איז אַ פֿאַרכאַפּטער. איך האָב אים געכאַפּט. געהיידזשעקט הייסט עס.

— רבֿ ייִד — זאָגט ער — רעדט נישט אַזוי הויך ווײַל דער עולם וועט זיך דערשרעקן.

— דאָס וויל איך דאָך! זאָלן זיי זיך דערשרעקן, וועלן זיי אויפֿהערן אַרומ־רודערן, און מיר בײַדע וועלן זיך אויסרוען די נערוון. און... זאָל זיך אײַך דאַכטן אַז איך מיין עס טאַקע ערנסט.

— גוט. זאָל זיך מיר דאַכטן. איז ווו אַהין ווילט איר אונדז צווינגען צו לאַנדן, אין סיריע?

— חלילה!

— אין רוסלאַנד?

— בייסט איך אָפּ די צונג. אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן!

— איז אפֿשר פֿראַנקרײַך?

— וואָס עפּעס פֿראַנקרײַך? הער נאָך די מדינות וואָס ער לייגט מיר פֿאָר. אַזאַ מזל אויף זיי, ווי ליב איך האָב זיי. איר ווייסט וואָס איך וועל זאָגן? תּל־אָבֿיבֿ! איר וועט לאַנדן נאָר אין תּל־אָבֿיבֿ! אָן שום רעדערײַען, ווײַל...

— פֿליט מען דאָך קיין תּל־אָבֿיבֿ, פֿאַר וואָס זשע מאַכט איר אַזאַ טרעוואָגע?

— ווײַל איך וויל אַז די מיסיס באָרשט זאָל זיך דערשרעקן.

# אַ מעשׂה מיט אַ לאָמפּ

איך בין געשטאַנען אונטער אַ הייסן טוש, און דער טעלעפֿאָן האָט געקלונגען מיט אַ רציחה. גלייך ווער ווייסט וואָס דאָ איז געשען. געכאַפּט אויף זיך אַ שלאָפֿראָק, אַ האַנטעך אויפֿן קאָפּ, ווייל טאָמער כאַפּ איך אַריין אַ קאַטער וועל איך אים שוין פּטור ווערן נאָך זעקס חדשים, און נאָר אויף פֿיר טעג.

— האַלאָ! — אַ פּרויענשטים רעדט מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט ווי אַ ניימאַשין. כ'פֿאַרשטיי נישט קיין וואָרט. נאָר איך הער כּסדר: טיפֿאַני. טיפֿאַני. האָב איך עפּעס אַ געשריי־געטאָן און פֿאַרקלאַפּט דעם טעלעפֿאָן. אַז מען לאָזט נישט אויסרעדן צו דערקלערן אַז ס'איז אַ טעות. איך שטעל זיך ווידער אונטערן הייסן טוש, און נאָך אַ מינוט, דער טעלעפֿאָן קלינגט. ווידער דעם שלאָפֿראָק, דאָס האַנטעך, די שטעקשיך. אַ האַרטע געלאַסענע מענערשטים אין אַ גוט אַקצענטירטן ענגליש. ער וויל וויסן ווען ער קען זען דעם טיפֿאַני. די תּשובֿה צו אים איז געווען אין אַ שלעכטן נערוועזן ענגליש, אַז שוין צוויי יאָר ווי איך וווין דאָ און פֿאַר מיר האָט דאָ אויך נישט געוווינט קיין שום טיפֿאַני.

אַ שטאַרק גלאָז טיי און אַ פּאַפּיראָס שטילט די נערוון, כאָטש נאָכן נעכטיקן הוסט האָב איך ענדגילטיק אויפֿגעהערט רייכערן. דער טעלעפֿאָן קלינגט. גלייך נאָכן ערשטן וואָרט, האָט שוין די פֿרוי פֿאַרשטאַנען, אַז ס'איז בעסער צו רעדן מיט מיר ייִדיש. די זעלבע זאַך: טיפֿאַני.

— ליבע פֿרוי, דאָ איז נישטאָ קיין שום טיפֿאַני. איך קען מיט אייך נישט רעדן, ווייל דער טשייניק וועט אויפֿפּלאַצן. די קיך איז שוין פֿול מיט פּאַרע. פֿון באָדצימער רייסט זיך אַרויס אַ פּאַרע. פֿאַרגעסן צו פֿאַרדרייען דעם הייסן טוש.

געכאַפּט אויף זיך דעם מאַנטל און אַרויס פֿון שטוב מיט צעשרויפֿטע נערוון, טרינקען אַ גלעזל טיי אין אַ קאַפֿעטעריע.

אויף דער גאַס פֿאַרהאַלט מיך מיינער אַ פֿריינד, אַן עלטערער מענטש, אַן אַלמן. ער איז צעשמייכלט. אויסגעוואַשן, אויסגעקעמט, אויסראַזירט, אויסגעשפּיגלטע שיך. אַ שיין און פֿינקטלעך אויסגעבונדענער קראַוואַט, און אַ רויִקע צופֿרידנקייט אויף זיינע ראָזע בעקעלעך. פּשוט מקנא צו זיין.

— טייערער פֿריינד — האָב איך אים געזאָגט — אויב דו ווילסט מיט מיר רעדן אַ וויכטיקע זאַך, איז קום מיט מיר אין קאַפֿעהויז, און גלייך זיך גענומען מיט אים דערוווייטערן, ווייל דער טעלעפֿאָן האָט אויבן שוין ווידער געקלונגען.

— איך האָב באַשלאָסן — זאָגט ער — אויספֿאַרקויפֿן די זאַכן פֿון מיין הויז און אַוועק קיין ישׂראל. דאָרט איז נישט אַמעריקע. דאָרט וועל איך נישט זיין אַזוי איינזאַם, דאָרט איז אַ מענטש אַ ייִד. מיין ווייב עליה השלום, האָט ליב געהאַט אַנטיקן. יעדע זאַך ביי מיר אין שטוב איז אַ שטיק היסטאָריע. בלויז פֿאַר דעם טישל וואָס שטאַמט פֿון לודוויק דעם צוויייטן, קען איך נעמען פֿינף טויזנט דאָלער.

— פאַר וואָס זשע נעמסטו נישט?

— ווייל מען גיט נישט. איך האָב אַ לאָמפּ, אַן עכטער טיפאַני, איבער הונדערט יאָר אַלט. וויל איך אַז דו זאָלסט מיר דערלויבן געבן אַן אַנאָנס אין צייטונג, אַז מען קען אים זען און קויפן ביי דיר אין שטוב.

— ווי הייסט דער לאָמפּ? טיפאַני? צוליב דעם טיפאַני בין איך דאָך היינט אַנטלאָפן פון שטוב. דער טעלעפאָן האָט דאָך מיך משוגע געמאַכט.

— היינט פרי איז שוין טאַקע געווען אָפּגעדרוקט דער אַנאָנס אין צוויי צייטונגען, מיט דיין נומער טעלעפאָן.

— פריִער דרוקסטו אָפּ און דערנאָך קומסטו פרעגן צי איך וועל דיר דערלויבן?

— איך בין געווען זיכער אַז דו וועסט מיר נישט אָפּזאָגן. ווי אַזוי קענסטו מיר אָפּזאָגן, אין דער צייט ווען איך אַליין טאָר זיך נישט פאַרנעמען דערמיט? כ׳בין אַ קראַנקער מענטש, כ׳טאָר נישט רעדן, מוז גיין טריט ביי טריט. פון אַ ביסעלע אויפרעגונג קען איך חלילה גיין פון דער וועלט. מוזסטו דאָך עס טאָן.

— גוט, מילא. איז וויפל דאַרף איך נעמען פאַר דעם טיפאַני?

— כ׳ווייס נישט. וועסט דאָך זען. ביסט דאָך נישט קיין נאַרישער מענטש.

— אָבער דאָך, כ׳מוז דאָך וויסן.

— כ׳ווייס דיר נישט וואָס צו זאָגן. ס׳פעלט דיר שׂכל? וועסט זען מען גיט, וועסטו נעמען מער. וועסט זען מען גיט נישט, וועסטו נעמען ווייניקער. פּייניק מיך נישט, ווייל איך הייב זיך שוין אָן פילן שלעכט.

איינער האָט אַריינגעטראָגן אַ שווערן לאָמפּ צו מיר אין שטוב, און איך בין געזעסן רויִק און געענטפערט כּסדר אויף די טעלעפאָנען: אַ הענגלאָמפּ. אַ טיפאַני פון 1868. דאָס גלאָז איז געל־גרין. דריי הונדערט דאָלער. יענער האָט געענטפערט אַז ס׳איז צו טייער. אייניקע האָבן זיך באַשטעלט צו קומען קוקן. אין דעם זעלבן אָוונט איז דער לאָמפּ פאַרקויפט געוואָרן. אַ מאַן מיט אַ ווייב האָבן דאָס געקויפט. ער האָט געזאָגט ניין. בשום אופן נישט. זי האָט געזאָגט יאָ. און ס׳איז געבליבן, פאַרשטייט זיך, ווי זי האָט געזאָגט. דער מאַן איז אַוועק אַ בייזער מיט אַ שווערן לאָמפּ אויפן אַקסל. דאָס ווייב אַ צופרידענע האָט אונטערגעהאַלטן די קייט, זי זאָל זיך נישט אָפּקלאַפּן אויף די טרעפּ. און איך אַ גליקלעכער, אַראָפּ אַן עול פון קאָפּ. אויס טיפאַני.

צו מאָרגנס בין איך אַוועק צו אים אין שטוב. אַן עלטערע פרוי, אַ קרובה, האָט געעפנט די טיר און געוויזן מיר מיט אַ פינגער אויפן מויל: שטיל, ער איז קראַנק. דער דאָקטער האָט געזאָגט אַז מען זאָל נישט צולאָזן צו אים קיין מענטש. ער האָט מיך געבעטן אָנקלינגען צו אייך געוויר ווערן וועגן דעם טיפאַני.

— וועגן דעם בין איך דאָך געקומען. פאַרקויפט. געברענגט געלט.

— גייט זשע אַריין. ער וועט זיין צופרידן.

ווען ער האָט מיך דערזען, האָבן זיך די אויגן ביי אים געעפנט זייער גרויס, און איך האָב פאַרשטאַנען וואָס זיי פרעגן.

— פאַרקויפט — זאָג איך אים — צוויי הונדערט און פופציק דאָלער. דאָ האָסטו דאָס געלט.

— וואָעס?! — האָט ער אויסגערופן, און צוריק פאַרשוויגן געוואָרן. — אַ רויט

פלעמל איז אים אַרויף אויפן אויסגעבלייכטן פּנים און די בלאָע ליפּן האָבן זיך שטום און שנעל באַוועגט. ער האָט ווידער אָנגענומען אַ ביסל כּוח און געזאָגט:

— פינף הונדערט איז דער לאָמפּ ווערט. פאַר וואָס האָסטו אים אַוועקגעגעבן פאַר אַזוי ביליק?

— פאַר וואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט? איך קען זיך אויס אויף לאָמפּן? האָסט דאָך מיר געזאָגט כ׳זאָל... ביסט אַ קראַנקער מענטש. איך וועל דיר אומקערן דעם שאָדן. נעם זיך נישט צום האַרץ און ווער געזונט.

דער טעלעפאָן קלינגט נאָך אַלץ, ביי טאָג און ביי נאַכט: טיפאַני, טיפאַני. שוין געגעבן אַנאָנסן אין צוויי צייטונגען, אַז דער טיפאַני איז פאַרקויפט געוואָרן, און דער טעלעפאָן טיפּאַנעוועט נאָך אַלץ אָן אַן אויפהער.

איין מאָל אין אַן אָוונט, איז דער טיפאַני־לאָמפּ צוריקגעקומען צוזאַמען מיט דעם מאַן און ווייב. בכן דאָס איז נישט קיין עכטער טיפאַני. אַ נאָכגעמאַכטער. אויב איך וועל נישט צוריקגעבן שוין אויפן אָרט דאָס געלט, וועל איך מיר אויסרעכטן אַ שוואַרץ יאָר.

לויף איך צו מיין פריינד. ער האָט געזאָגט אַז ער האָט אַ צעטל מיט אַ חתימה אַז דאָס איז אַן עכטער טיפאַני פון אַכצנטן יאָרהונדערט. אויפן וועג ווער איך געוווּיר, אַז ער איז געשטאָרבן, און אַלע וויסן שוין, אַז ווען נישט איך מיטן לאָמפּ, וואָלט ער נאָך געלעבט לאַנגע יאָרן.

האָב איך דאָס געלט צוריקגעגעבן, און ווידער אַנאָנסירט אין צייטונגען, אַז אַ טיפאַני־לאָמפּ איז צו פאַרקויפן. אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג ביים טעלעפאָן און קיינער האָט נישט געקלונגען. אויפן צווייטן טאָג איז דער לאָמפּ פאַרקויפט געוואָרן פאַר דריי הונדערט דאָלער. געקויפט האָט אים דאָס זעלבע פאַרפאָלק, וואָס האָט אים דעמאָלט צוריקגעברענגט. דער מאַן האָט נישט געוואָלט דעם לאָמפּ, איז ער איר דערגאַנגען די יאָרן, אַז ער איז אַ נאָכגעמאַכטער. ווען איך האָב צוריקגעגעבן דאָס געלט, איז זי אים דערגאַנגען די יאָרן. זענען זיי צוריקגעקומען און באַצאָלט מיט פופציק דאָלער מער, ווייל אַזוי האָב איך געוואָלט.

ס׳קען זיין, אַז ווען איך ברענג אים דעמאָלט דריי הונדערט דאָלער, וואָלט ער נאָך היינט געלעבט.

## אַ פאַרגעסענער אַנאַליז

די פאַבריק מיט די מאַשינען — דאָס איז זיינס. די פיר לאָסטאויטאָס מיט די דריי פּרייוועטס — דאָס איז זיינס. דער לאַגער מיט די פולע פּאָליצעס סחורה — דאָס איז זיינס. די ביוראָס מיט די שרייב־מאַשינען און מיט די אַלע באַאַמטע — דאָס איז זיינס. די פרוי מיט די הויכע פּיס, שמאָלע הענט און העל־גרינע אויגן — איז זיינס. אַלץ איז זיינס, נאָר זיין קאָפּ איז נישט זיין. דער קאָפּ זיינער איז צעטיילט

אויף אַזוי פיל חלקים פון זיינע געשעפטן, אַז אים אַליין איז גאָרנישט געבליבן.

דאָס ווייב זיינס האָט פוטערנע מאַנטלען פון אים. ברילאַנטענע רינגען פון אים. גאָלדענע בראַנזאַלעטן האָט זי פון אים. נאָר קיין קינדער האָט זי נישט פון אים.

דאָס מיידל וואָס אַרבעט ביי זיי הויזאַרבעט, ווערט באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. מיט אַ חודשלעכן געהאַלט און דריי פּאָר ניילאָן־זאָקן אויף פּסח.

ווען ער גייט אַוועק אין דער פרי צו זיינע געשעפטן לאָזט ער איבער דאָס ווייב אין בעט אַ שלאָפנדיקע, ווייל זי איז מיד.

ווען זי כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, טראָגט איר צו דאָס מיידל אַ גלאָז טיי מיט מילך. ווערט איר דעמאָלט זייער לאַנגווייליק, טרינקט זי אָפּ אַ העלפט און לייגט זיך צוריק כּדי אויסצורוען דאָס פּנים, ס׳זאָלן זיך נישט מאַכן קיין קנייטשן, און זי ליגט אַזוי לאַנג ביז די לאַנגווייליקייט טרייבט זי אַרויס פון בעט.

איידער זי באַשליסט וואָס פאַראַ גאַרדעראָבע זי זאָל אָנטאָן, שטייט זי אַ שטיקל צייט ביים שפּיגל און באַטראַכט זיך איר פיגור און איר לייב.

זי האָט אַ שיינע פיגור און אַ העל־גלאַטיק לייב, נאָר זי האָט נישט וואָס צו טאָן מיט דעם, האָט זי באַשלאָסן, אַז זי איז קראַנק.

אַז ער איז אַהיימגעקומען פאַר נאַכט, נאָך אַ שווערן אָפּגעביזנעוועטן טאָג, האָט ער זי געטראָפן אין בעט אַ קראַנקע. האָט ער זי שנעל געפרעגט ווי זי פילט זיך, און געלאָפן אָנטאָן די שטעקשיך כּדי ער זאָל קענען נאָך אַ מאָל אַדורכלייענען מיט אַ רויִקן קאָפּ אַ וויכטיקן בריוו.

אַז זי האָט געזען ווי ער האָט זיך נישט דערשראָקן פון איר מחלה, האָט עס איר אָנגענומען ביים האַרצן, און זי האָט באַשלאָסן צו באַקומען אַן אָנפאַל.

ביים אָנפאַל האָט ער שוין געמוזט אַוועקוואַרפן דעם בריוו און געלאָפן צו איר בעט זיך שרעקן.

ער איז לאַנג געשטאַנען און געשראָקן זיך ביז ער איז צו צום טעלעפאָן באַשטעלן דרינגענד דעם זעלבן דאָקטער וואָס איר חברטע — וואָס דער מאַן אירער האָט אַ פאַבריק פון גאַרדינען — נוצט אים שוין אַ לענגערע צייט, און זי איז פון אים זייער צופרידן.

דער דאָקטער, זייער אַ יונגער, אַ באַקאַנטער טעניס־שפּילער, איז אָנגעקומען אין אַ טונקל־בלויען קאָסטיום, אַן עלעגאַנט רענצעלע, און אַ שיין אויסגעבונדענעם קראַוואַט אין אַ זילבער־קאָליר.

דער דאָקטער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן איר בעט און פאַרשפּרייט אַרום זיך אַ ריח פון אַן איידעלן פּאַרפום. דער מאַן איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער פאַר־מאַכנדיק פאַרזיכטיק די טיר. זייער דעליקאַט האָט ער אָנגענומען איר שמאָלע האַנט, און אַוועקגעלייגט דערביי אַ דין שמייכעלע בייביידע ווינקלען מויל, נעבן די שוואַרצע וואָנצעלעך.

— קאָמאַן וו־פּאָרטע וו, מאַדאַם? — האָט ער זייער מעלאָדיש אַרויסגערעדט צו איר די פּאָר פראַנצייזישע ווערטער מיט די שפּיצן ליפּן.

ער האָט אַרויסגענומען פון רענצעלע זייער שיינע ניקלנע מכשירים, און מיט די מכשירים האָט ער זי באַהאַנדלט. עטלעכע מאָל האָט ער זי באַטראַכט. ער האָט זיך באַמיט. געטאָן אַלצדינג. און ער האָט אויסגעפונען, אַז אַלץ וואָס זי האָט —

דאַרף זי האָבן. קיין זאַך נישט צו פּיל. קיין זאַך נישט צו ווייניק, און יעדע זאַך ליגט זיך אויף איר אָרט אין בעסטן אָרדענונג.

האָט ער איר פאַרשריבן טאַבלעטן, זייער גוטע טאַבלעטן. זי דאַרף זיי נישט נעמען. נאָר ס'איז — זאָגט ער — זייער גוט, אַז זיי זענען דאָ אין שטוב. אויסער דעם דאַרף זי גלייך מאַכן אַן אַנאַליז.

דער דאָקטער איז אַרויס פון צימער מיט בײדע הענט אין דער לופט. צו צום קראַן הייסע וואַסער אין באָדצימער. ער האָט לאַנג געוואַשן די הענט, און דער מאַן איז געשטאַנען הינטער אים און געוואָרט מיט אַ קלאָר אויסגעפּרעסט האַנטעך.

צו מאָרגנס איז ער געגאַנגען צו זײַנע געשעפטן איבערלאָזנדיק זי אין בעט צום אויסענדיקן די מחלה. אין איין האַנט האָט ער געטראָגן זײַן טעקע און אין דער צווייטער דעם סוד פון זײַן פּרויס מחלה, אין אַ סלאָיִקל, אײַנגעוויקלט אין אַ צייטונגס־פּאַפּיר.

געזאָלט האָט ער פריִער צוגיין אָפּגעבן דעם אַנאַליז. נאָר אַזוי ווי ער איז פאַרביי די באַנק, האָט ער זיך דערמאָנט אַז הײַנט איז דער לעצטער טאָג אויף צום דערלייר־דיקן זייער אַ וויכטיקן ענין. איז ער שנעל אַרײַן אין באַנק, אונטערגעשריבן עטלעכע פּאַפּירן און אַוועק.

איינער פון די באַאַמטע איז אים נאָכגעלאָפן אַ שטיקל וועג ביז ער האָט אים דערגרייכט, און געזאָגט אים אַז ער האָט שטיין געלאָזט אויפן טיש פון דער דעוויזן־אָפּטיילונג אַ סלאָיִקל, וואָס עס וואָלט געוווּנטשן געווען, אַז ער אַליין זאָל צוריקגיין דאָס אָפּנעמען.

אַ רויטקייט האָט פאַרגאָסן זײַן פּנים. די צונג האָט זיך אים פאַרפּלאָנטערט. פּלוצעם האָט ער אויסגערופן מיט אַן איבערגעטריבענעם שטאָלץ:

— וואָס פאַראַ סלאָיִקל? איך האָב נישט פאַרגעסן ביי איך קיין סלאָיִקל!

ער איז אַוועק אַן אָנגעברוגזטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער דאָקטאָר האָט אים געענטפערט טעלעפאָניש, אַז ס'איז נישט אַזאַ אומגליק וואָס דאָס סלאָיִקל איז אַוועקגעקומען. ער וועט זאָגן, אַז ער האָט דערהאַלטן דעם רעזולטאַט פון דעם אַנאַליז און אַלץ איז אין בעסטן אָרדענונג.

זי פילט זיך שוין אַ סך בעסער. זי היילט זיך ביים דאָקטער אין שטוב.

## רעדערס

אַ חשובער מענטש וואָס קען תּנ"ך, האָט ליב פּאָעזיע, און איז אַ מבֿין אויף פילאָזאָפיע, האָט מיר דערציילט די וויכטיקע נייעס, אַז דער דיכטער זיינוול שעל־קעס פון ישׂראל קומט קיין אַמעריקע האַלטן אַ לעקציע.

ביים אַרויסזאָגן דעם נאָמען זיינוול שעלקעס, האָט ער פאַרגלאָצט די אויגן מיט

אַ געוואַלדיק יראת הכבוד, און געזאָגט אַז דאָס איז אַ זייער טיף דענקענדיקער מענטש. אַן אָראַטאָר מיט אַ מעטאַלענער שטים, און אַ קעמפער. וואָס קען מען שוין מער פאַרלאַנגען?

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען אַ זיצונג. אויף דער זיצונג זענען געזעסן איין פאָרזיצער מיט אַכט מענטשן, איינגעהילטע אין געדיכטע וואָלקנס פּאַפּיראָסן־רויך. מענטשן, פולע, אויסגעשטאָפּטע מיט געזעלשאַפטלעכער אַחריות.

צווישן זיי איז געווען איינער אַ בייזער וואָס האָט כסדר געהוסט, און געפּאַכעט מיט דער האַנט איבערן פּנים צו פאַרטרייבן דעם רויך. יעדער איינער האָט גערעדט וועגן דעם חשובן לעקטאָר, און יעדער איינער דאָס זעלבע: אַ טיף־דענקענדיקער, אַן אָראַטאָר מיט אַ מעטאַלענער שטים, און אַ קעמפער וואָס הייסט זיך באַצאָלן אַ צו גרויסן האָנאָראַר, און אונדזער קולטור־געזעלשאַפט איז דאָך באַרימט מיט אירע דעפיציטן.

אַז מען וועט נעמען אַ דאָלער פופציק פאַר אַ בילעט וועט דער עולם נישט קומען. אַ דאָלער, קען דער עולם יאָ קומען אָדער נישט קומען. דאַרף מען מאַכן איינגאַנג פריי, און אויב מען צאָלט נאָך צו אַ דאָלאַר צו יעדן בילעט, איז מען געזיכערט מיט אַ גרויסן עולם. איז די פראַגע געלט, דערויף איז דאָ איין אויסוועג: דעפיציט.

באַשלאָסן איז געוואָרן אַז מען נעמט אַ דאָלער, נאָר דער לעקטאָר דאַרף אויך רעדן וועגן די געשעענישן, וועט עס ציִען אַן עולם. געשעענישן זענען פאַר דעם עולם וויכטיקער ווי קולטור־שמולטור און נאָך אַזעלכע זאַכן. מען האָט נאָך דעבאַ־טירט ביז מען האָט באַשלאָסן ווער ס'זאָל עפענען, ווער ס'זאָל אַריינפירן, ווער ס'זאָל איבערגעבן דעם באַריכט, און ווער ס'זאָל באַהאַנדלען די פראַגע.

אין די אַנאָנסן און נאָטיצן וואָס זענען דערנאָך דערשינען אין דער צייטונג צוזאַמען מיט דעם בילד פונעם פּאָעט שעלקעס, האָט מען ווידער דערציילט דאָס זעלבע וואָס מיר ווייסן שוין: אַ טיף־דענקענדיקער מענטש אאַ״וו. באַזאָרגט אייך מיט בילעטן. פראַגן וועט מען קענען שטעלן וויפל מען וויל.

אַ זעכציק מענטשן, וואָס זענען אָנגעקומען צו ביסלעך, מיט פאַרשידענע פאַר־שפּעטיקונגען, האָבן זיך באַצייטנס באַזאָרגט מיט בילעטן וואָס אַ קולטורעלע פרוי האָט פאַרקויפט ביי אַ טישל ביים אַריינגאַנג, און אַ צען מענטשן זענען געקומען שפּעט, ווען דאָס טישל איז שוין נישט געשטאַנען און זענען אַריינגעגאַנגען פראַנק און פריי, נישט באַזאָרגנדיק זיך באַצייטנס מיט בילעטן.

אויף דער בינע — אַ טיש מיט אַ גרין טישטעך, צוויי מיקראָפאָנען, אַכט באַזעצטע שטולן אַרום דעם טיש, און אַ קרוג וואַסער.

— חשובער פּרעזידיום, חשובער גאַסט און חשובער עולם. אונדזער אינ־סטיטוציע וואָס שטייט אויף דער וואַך, האָט געפונען פאַר נייטיק איינצולאַדן צו אונדז דעם גאַסט זיינוול שעלקעס. איך וויל אייך איצט נישט דערציילן וואָס דער גאַסט שטעלט מיט זיך פאָר, ווייל, ערשטנס ווייסט איר עס שוין אַליין, און צווייטנס, האָבן מיר באַשטימט אונדזער חשובן פריינד און קולטור־טוער חבר פליגנקראַפט, וועלכער וועט שפּעטער פאָרשטעלן און אָפּשאַצן דעם גאַסט. איך וויל נאָר בלויז באַטאָנען, אַז דאָ זיצט פאַר אונדז איינער פון די ערשטע וואָס שטייט

כסדר אין דער שפּיץ. אַ טיף־דענקענדיקער מענטש, אַן אויסגעצייכנטער רעדנער, אַן אומדערמידלעכער קעמפער. אַ שאָד וואָס איך קען זיך נישט ברייטער צערעדן וועגן דעם. מיר זענען דאָך פאַראינטערעסירט צו הערן דעם חשובן גאַסט. דאַרף מען לאָזן די צייט פאַר אים. גיב איך איצט דאָס וואָרט דעם חבר פליישפלאָקער, וואָס וועט עפענען דעם היינטיקן אָוונט.

אַ פּאָר גרויסע ברילן מיט אַ רוישיקן קראַוואַט רוקט זיך צו צום מיקראָפאָן זייער אַפּאַטיש, ווי איינער וואָס האָט נעבעך נישט קיין אַנדערע ברירה. נעמט אַרויס אַ שטיקל פּאַפּיר פון קעשענע, און הייבט אָן מיט דעם זעלבן:

— חשובער פּרעזידיום, חשובער גאַסט, חשובער עולם. איך דאַנק פאַר דעם גרויסן כּבוד וואָס ס'איז מיר צוגעטיילט געוואָרן צו עפענען דעם היינטיקן אָוונט. מיר זענען געקומען הערן אַ חשובן גאַסט פון ישׂראל, דערפאַר וועל איך פאַרקירצן מיין רעדע אויף וויפל ס'איז מעגלעך, און איר וועט מיר זיכער מוחל זיין.

— זיכער, זיכער — האָט אונטערגעברומט איינער וואָס איז געזעסן נעבן מיר.

— דאָס איז נישט מיין אויפגאַבע צו רעדן איצט וועגן דעם חשובן גאַסט. ווייל, ערשטנס האָט שוין דער חשובער פאָרזיצער גערעדט וועגן אים. און צווייטנס, וועט — ווי איר ווייסט — דער חבר פליגנפאַס אים פאָרשטעלן און אים אָפּשאַצן. איך וויל נאָר צוגעבן איין וואָרט: דער חשובער גאַסט אונדזערער איז אַ מענטש מיט געוואַלדיקע פאַרדינסטן. איינער פון די ערשטע וואָס שטייט אין דער שפּיץ אאַ"וו.

נאָכן אָפּרעדן וויפל ס'האָט זיך געלאָזט, האָט ער דערקלערט אַז ער האָט געענדיקט, אָבער ער האָט נאָך צוצוגעבן נאָך איין וואָרט וועגן חשובן גאַסט, וואָס האָט ווידער געדויערט ווער ווייסט ווי לאַנג. ווען ער האָט שוין אויף אַן אמת געענדיקט, איז דאָס ווייב זיינס, צוזאַמען מיט דער שוויגער און צוויי קוזינען, אויסגעבראָכן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

די סעקרעטאַרין, שיינדל וואַסערבלאָז, וואָס האָט באַקומען דאָס וואָרט צום פינאַנציעלן באַריכט, האָט אַרומגערעדט די לאַגע פון דער יידישער קולטור אין אַרגענטינע, ציטירנדיק אַ בריוו פון איר שוועסטער. דער מצב פון ישׂראל מיט די אַראַבער, און נאָך פאַרשידענע זאַכן וועגן די פאָלקסמאַסן. צום סוף האָט זי עפּעס אונטערגעפּאָנפּעט אַ פּאָר ווערטער: דאָלער, דאָלערס. דאָס האָט שוין געהערט צום פינאַנציעלן באַריכט.

דער חבר פליגנקראַפּ, אַ געניטער רעדנער, וואָס טרינקט אַ סך וואַסער, פאַרן פאָרשטעלן און אָפּשאַצן דעם גאַסט, האָט ער אָנגעהויבן אַריינפירן אַן אַריינפיר־וואָרט.

אין מיטן זיין אַריינפירן האָט מען געמוזט אַרויספירן אַ מענטש וואָסליידט אויף אַלערגיעס...

דער גאַסט אַליין, וואָס איז ביים אָנהייב געזעסן אַ צעשמייכלטער, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל טרויעריקער. איין ברעם האָט זיך אים אויפגעהויבן און איז שוין אַזוי געבליבן אויף שטענדיק אויבן. אַ פּוס האָט אים געציטערט פון נערוועזיטעט. ער האָט דערלאַנגט אַ צעטעלע דעם פאָרזיצער מיט דריי ווערטער: רחמנות, כ'ווער משוגע!

— נאָך איין רעדנער אויף אַ קורצן באַריכט — האָט אים דער פּאַרזיצער צוריקגעשריבן.

אַזוי ווי דער גאַסט האָט געענדיקט זיין לעקציע, האָט דער עולם גענומען לויפן דורך אַלע אַרויסגענג. נאָר איינע אַ פרוי, אַ טויבע, איז געבליבן זיצן אין זאַל אויף צו שטעלן פראַגן.

## אַ קעגנער פון אָפּגעבן שטחים

איך בין איצט נישט לאַנג געקומען פון ישׂראל. ס'ערשטע מאָל געווען אין ישׂראל. איך האָב צו דערציילן אַ וועלט, און ס'איז נישטאָ צו וועמען צו רעדן אַ וואָרט. מ'קען אויפפלאַצן חלילה.

אַזוי ווי כ'הייב אָן צו עמעצן צו רעדן, ווער איך גלייך פון אַ רעדער אַ הערער. איך האָב נאָך נישט אָנגעהויבן זאָגן וואָס איך וויל זאָגן, איז ער מיר שוין אַריינ־געקראָכן אין די רייד מיט אַ מעשׂה וואָס איז אַזוי לאַנג ווי דער יידישער גלות. דער בעסטער חבר מיינער, אַ קלוגער ייד, רייך ווי קורח, מיט אים צו רעדן איז אַ טשיסטע אומגליק. ער לאָזט באַלד נישט עפענען ס'מויל, און הייבט אָן שיטן מיט וויצן. אַלע מאָל די זעלבע, און אַז איך לאַך נישט, לאַכט ער אַליין. אַזאַ בהמה איז דאָס.

איר זענט דער איינציקער מענטש וואָס הערט זיך צו וואָס יענער רעדט. אַז איך רעד צו אייך, הער איך ווי איר הערט. דערפאַר האַלט איך פון אייך.

אַזוי ווי איך בין אַראָפּ פון עראָפּלאַן אין לוד, בין איך אומגעפאַלן און צעקלאַפּט זיך אַ האַנט. כ'האָב נישט געזען אַז פאַר מיינע פיס האָט זיך איינער אַוועקגעלייגט קושן די ערד, האָב איך זיך פאַרטשעפּעט און איך בין אומגעפאַלן. יענער איז נישט שולדיק. שולדיק איז די ישׂראלדיקע רעגירונג. זי דאַרף צוגרייטן אַז אַ ייד קומט אָן, זאָל ער האָבן אָן אָרט ווו צו קושן.

אינעם זאַל פון דער קאָנטראָל בין איך געבליבן שטיין אַ צעחושטער. שיין, ליכטיק. מען קען נאָך נישט פאַרגלייכן צו ניו־יאָרק, אָבער... וואָס הייסט ?...

ביז ס'זענען אָנגעקומען מיינע וואַליזעס האָב איך זיך דערווייל אַרומגעקוקט. האָב איך דערזען איינעם אַ געלן מיט שפּרענקעלעך אויפן פּנים אין אַ בלאָען מונדיר מיט שליפעס און מיט אַ גאָלדענעם מגן־דוד — אַ גלאַוונער קאָנטראָלער, וואָס שטייט ביי אַ טיש און קאָנטראָלירט די וואַליזעס — גיי איך צו אים צו, און פרעג אים :

— אַ ראָדעמער ?

— אַוודאי. פון וואַנען ווייסט איר ?

— פאַר וואָס זאָל איך נישט וויסן ? איך בין דאָך אויך אַ ראָדעמער.

אַהין אַהער, איך ווייס שוין ווער ער איז. ער ווייסט שוין ווער איך בין. און

ער דערציילט מיר פון אַלע ראַדעמער וואָס זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט. מאַנדלבוים וווינט אין קאַנאַדע. עלטשיק לעבט אין בראַזיל. כאַצקל אין אויסטראַליע. בעריש אין אַרגענטינע. ציפּקע אין פּאַריז. שלמה אין דייטשלאַנד. כאַנטשע אין האָלאַנד. אַלץ ווייסט ער. פאַר וואָס זאָל ער נישט וויסן? אַז זיי קומען אַלע אַהער אַלס טוריסטן, און גייען אַדורך זיין קאָנטראָל. איצט וועט ער שוין וויסן אַז איך לעב אין ניו־יאָרק.

ווען איך האָב דערהאַלטן די וואַליזעס בין איך צוגעגאַנגען צו זיין טיש. ערשטנס קען ער זיך באַליידיקן אַז כ׳וועל צוגיין צו אַן אַנדערן טיש. צווייטנס, פּאַרט אַן אייגענער... איך ווייס דאָך נישט וועער ס׳שטייט דאָרט ביי די אַנדערע טישן. פרעגט ער מיך:

— וואָס האָסטו אין די צוויי וואַליזן?

— גאָרנישט — ענטפער איך אים. טאַקע אַן אייגענער, אָבער פּאָרט אַ קאָנטראָלער. דאַרף מען האָבן שׂכל און וויסן ווי אַזוי צו ענטפערן.

— צוויי שווערע וואַליזן מיט גאָרנישט? האָט ער זיך געוווּנדערט.

דער סוף איז געווען אַז כ׳האָב געמוזט עפענען די וואַליזן, און באַצאָלט דרייסיק דאָלער צאָל! דריי הונדערט און זעכציק טוריסטן זענען געקומען מיט מיין עראָפּלאַן. ביי קיינעם האָט מען נישט געעפנט קיין וואַליזע, און איך בין געווען דער איינציקער וואָס האָט באַצאָלט דרייסיק דאָלער צאָל. דאָס איז אַז מען האָט צו טאָן מיט אַן אייגענעם. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אויף פרייטיק צו נאַכטס צו דער שבת־סעודה. שטאַרק געבעטן כ׳זאָל קומען. אָבער כ׳בין נישט געגאַנגען. כ׳האָב מורא געהאַט טאָמער פאַרוואַלגערן זיך ביי מיר אין די קעשענעס אַ פּאָר זאַכן... כ׳זע דאָך שוין מיט וועמען כ׳האָב צו טאָן.

כ׳בין געווען ביי דעם כותל מערבי. אין אַמעריקע וואָלט אַזאַ כותל מערבי גאַנץ אַנדערש אויסגעזען. אָבער, נישקשה. האָב איך זיך אָוועקגעשטעלט נעבן דער וואַנט, אפשר וועל איך אויך עפּעס פּועלן ביים רבונו־של־עולם. האָב איך זיך צוגעהערט צו אַ ייִדן, וואָס האָט זיך אויסגעוויינט דאָס האַרץ, ער ליידט פון אַ מאָגן־וויייטיק... דער ייִד פון דער צווייטער זייט, האָב איך געהערט, ליידט פון די קריזשעס. איך זאָג אייך: אַן אַפּטייק נעבן דעם כותל מערבי איז דאָס בעסטע געשעפט אין דער וועלט.

אַ לובאַוויטשער יונגערמאַן האָט מיך געבעטן לייגן תּפילין. מיטן שענסטן פאַרגעניגן. ער האָט מיר געהאָלפן וויקלען, זאָגן די ברכות. אַ בחור, אויך אַ טוריסט, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ פאַרשמאַדערט מיידל, האָט בשום אופן נישט געוואָלט לייגן קיין תּפילין, ווייל ער געהערט צו די נייע לינקע. האָב איך אים געזאָגט: גיי און רעד צו דער וואַנט. בעט דיר אויס אַ רפואה אויף דיין קאָפּ, ווייל אין אַפּטייק וועסטו אַזעלכעס נישט קריגן.

אין דער אַלטשטאָט, ביי די אַראַבער, איז דאָ צו קויפן אַנטיקן פאַר גראָשנס. פאַר איין דאָלער האָב איך געקענט קויפן דעם שטיין וואָס איז געלעגן יעקב אָבינו צו קאָפּנס. אַ שטיין וואָס מען קען אים נישט רירן פון אָרט, גיי שלעפּ אים אויף אַן עראָפּלאַן אַרויף. כ׳האָב אָבער געקויפט אַ פעדער אין אַ געשעפט פון בצלאלס אויסאַרבעטונג. קוקט אַן קאַנעהאָרע אַ פעדער. אַמעריקע מעג זיך באַהאַלטן מיט

אירע „פאַרקערס״. זעקס בריוו האָב איך שוין מיט איר אָנגעשריבן, און זי איז נאָך אַלץ ווי ניי. בצלאלס אַרבעט. מען זעט דאָ משה רבינו, עקדת יצחק, דעם בית־המקדש מיט דעם מזבח ווען ייִדן זענען געגאַנגען צו סליחות. גאָלדענע הענט האָט ער, דער בצלאל. אין אַמעריקע וואָלט ער געגאַנגען אין גאָלד. ווען איר גיט מיר פאַר די פעדער הונדערט דאָלער זאָל איך קרענקען... אייך וואָלט איך זי אפשר יאָ אָוועקגעגעבן פאַר דעם פּרייז.

איך בין אַ שטאַרקער קעגנער אויף צוריקצוגעבן טעריטאָריעס. אַפילו קיין איין סענטימעטער נישט. און וועגן דעם האָב איך דאָרט אַ סך אויפגעטאָן. איך האָב געפונען דעם ריכטיקן וועג דערצו. רעדן מיט גאָלדע און מיט משהן דאָס איז אַרויסגעוואָרפענע רייד. דער ריכטיקער וועג איז צו האָבן דאָס מיליטער אויף מיין זייט, וועלן זיי שוין קיין סענטימעטער טעריטאָריע נישט זען. אָנגעהויבן האָב איך, פאַרנדיק אין אַ טעקסי. אויפן וועג זענען געשטאַנען צוויי סאָלדאַטן און געוואַרט אויף אַ טרעמפּ. האָב איך זיי אַרייגענומען אין דער טעקסי. כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז איך פיר זיי צו ביז צו זייער קיבוץ, נאָר מיט איין תּנאי, אַז זיי זאָלן מיר צוזאָגן און אונטערשרייבן, אַז זיי וועלן נישט צוריקגעבן קיין איין סענטימעטער. האָבן זיי אונטערגעשריבן אויף אַ פּאַפּיר: מיר סאָלדאַטן פון דער ישׂראלדיקער אַרמיי וועלן נישט צוריקגעבן קיין איין סענטימעטער פון די טעריטאָריעס.

ביים טויער פון קבוץ האָבן זיי מיך געהייסן וואַרטן, און זיי האָבן מיר אַרויס־געשיקט דריי אַנדערע סאָלדאַטן וואָס האָבן גלייך אונטערגעשריבן, נאָר כ׳האָב זיי דערפאַר געמוזט אָפּפירן קיין תּל־אָביב.

האָב איך געזען אַז דאָס איז נישט קיין געשעפט. אַז אונטערצושרייבן אַ פאָלק זעלנער קען מיך קאָסטן טויזנטער דאָלערס טעקסיס, האָב איך זיך אָוועקגעשטעלט ביי אַ מיליטערישן קעמפּ. אינעווייניק לאָזט מען נישט אַריין אַפילו מיט אַן אַמע־ריקאַנער פּאַס, און באַלד אין ערשטן טאָג האָב איך געהאַט מער פון דריי הונדערט אונטערשריפטן. כ׳האָב אָבער געזוכט אַן אָפיציר. אַן אָפיצירן טויג נישט. האָב איך אין אַ רעסטאָראַן געטראָפן אַזאַ איינעם. אַן אָפיציר צי אַ גענעראַל, גערעדט מיט אים, געגעבן אים צו פאַרשטיין. געזען אַז ס׳גייט נישט, האָב איך אים געפּרוווט איבערקויפן מיט אַ שאַכטל אַמעריקאַנער פּאַפּיראָסן. האָט ער נישט געוואָלט נעמען. בשום אופן נישט. כאָטש גיי און טו זיך אַן אַ מעשׂה. האָב איך אים באַשווירן ביי מיין געזונט און ביים שופר של משיח. האָט ער שוין נישט געהאַט קיין ברירה. מיט כּוח קוים אים איבערגעקויפט, און ער האָט מיר צוגעזאָגט. איך דאַרף נישט זיין אונטערשריפט. אַן אָפיציר גיט אַ וואָרט איז עס בעסער פון טויזנט אונטער־שריפטן.

איצט זעט איר שוין אַז איך קען עפּעס אויפטאָן? און זיי די באַלוואַנעס פון מיין לאַנדסמאַנשאַפט ווילן מיך נאָך אַלץ נישט אויסקלייבן אַלס פּרעזידענט.

כ׳האָב געוואָלט, אַז איין מענטש זאָל כאָטש הערן וואָס איך האָב אויפגעטאָן. אויסער צו אייך איז דאָך נישטאָ צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן.

# אַ בעל־בטחון

אַז איך בין אַ גלייכער מענטש, כ׳טראַכט נישט קרום, איז מיר דער קאָפּ פּאַרדרייט. ווען איך קען זיך שטעלן אויף דער פּיס, וואָלט מיר לייכטער געוואָרן אויפן קאָפּ. געלט איז גאָרנישט, געלט איז בלאָטע, מענטשן וואָס טאָפּטשען אין בלאָטע, לעבן אויך נישט שלעכט.

קעגן וואָס? קעגן גאָרנישט. מ׳רעדט, רעדט מען.

אַז איך בין געקומען קיין ישׂראל, האָב איך געזוכט צו וואָס זיך צו נעמען. ביי מיין פאַך האָב איך שוין נישט געקענט מער אַרבעטן, ווייל איך בין געוואָרן קורצזיכטיק, און אַ דענטיסט, וואָס איז קורצזיכטיק און האָט אַ לאַנגע נאָז מיט אַ כראָנישן קאַטער, האָבן די פּאַציענטן נישט ליב.

קעגן וואָס? קעגן גאָרנישט. מער רעדט, רעדט מען.

איינער אַ שלאָסער, אַ גוטער פאַכמאַן, אַ ספּעציאַליסט אויף אייזן און מעטאַל, האָט געוואָלט אַז איך זאָל אים אַריינלייגן געלט, וועט ער מיט מיר מאַכן שותּפות אַ פאַבריק פון פראַנצייזישן אָדעקאָלאָן. האָב איך נישט געוואָלט, האָט ער זיך געמאַכט אַליין אַ פאַבריק פון הויזן. און ס׳גייט אים זייער גוט. אַז מ׳האָט אַ פאַך אין דער האַנט, איז גאָר עפּעס אַנדערש.

קעגן וואָס? קעגן גאָרנישט. מענטשן האָבן אַזאַ טבע, באַלד מוז מען זיי זאָגן קעגן וואָס. מען רעדט, רעדט מען.

וואָס האָב איך געטאָן? אָ! דאָס וויל איך דאָך אייך דערציילן. איך האָב מיר געמאַכט אַ משק, אַ פאַרם. אַ פאַרם, איר ווייסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס אַ פאַרם? אַ שטיקל פעלד, פּירות, תּבואה, עופות, אייער, האָניק, אַ פּויער, איר האָט מיך נישט וואָס מקנא צו זיין. שטעלט אייך פאָר ווי אַלע גערטנער אַרום בלי׳ען און נאָר מיינעביימער טריקענען. די בלעטער ווערן געל און האַלטן אין איין אַראָפּפאַלן. פון וואַנעט דאָס נעמט זיך? כ׳ווייס נישט.

איז געקומען אַ יונגל פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ קענער אויף די דאָזיקע זאַכן, און האָט פעסטגעשטעלט אַז די ביימער זענען קראַנק.

איר האָט שוין אַ מאָל געהערט אין אייער לעבן אַז אַ בוים זאָל זיין קראַנק? פון וואָס קען אַ בוים קראַנק ווערן? פון אַ פאַרקילונג? פון האַרץ? לונגען? נירן? רעוומאַטיזם? פון וואָס?! שוין! לאָמיר זאָגן אַז ס׳איז אמת. קראַנק. וואָס זשע טוט מען מיט קראַנקע ביימער? אַריינלייגן זיי אין שפּיטאָל אַריין? נו טאַקע, כ׳מיין עס ערנסט. וואָס טוט מען מיט ביימער וואָס זענען קראַנק?

דאָס יונגל, דער קענער, זאָגט, אַז כ׳זאָל שוין גיין קויפן מיסט און זיי באַמיסטיקן. פרעג איך אייך, ביי דער היינטיקער צייט דאַרף מען נעמען געלט און אויסגעבן עס אויף מיסט? נעמען לעבעדיקע פונטן און אַוועקגעבן זיי פאַר, איך בעט אייך איבער, איר ווייסט שוין וואָס? האָב איך געקויפט אַ קו. קיין גרויס נחת

האָב איך פון איר אויך נישט געהאַט. מיסט, הייסט עס, האָט זי ברוך השם געגעבן גאַנץ גענוג, נאָר מילך, וואָס אַ טאָג וויניקער. ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס ציִען ביים אייטער. צי אַהין, צי אַהער, ס'איז דאָך נישט קיין פּלאַסטיק, ס'קען זיך דאָך צערייסן.

דאָס יינגל, דער קענער, האָט געזאָגט, אַז איך גיב איר צו וויניק צו עסן. די קו — האָט ער געזאָגט — דאַרף זיך דערהאַלן. כאָטש נעם די קו און פאָר מיט איר אַוועק אין די בערג, אין אַ פּענסיאָנאַט אַריין.

איך גיב איר צו וויניק צו עסן. און איך אַליין עס יאָ גענוג ? לעצטנס האַלטן גאָר די דאָקטוירים, אַז מען דאַרף בכלל נישט עסן, אַז אַלע קראַנקייטן קומען פון עסן. דאָס ערגסטע איז אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ בהמה. אַ בהמה דאַרף זיין אַ מענטש און פאַרשטיין. און ווען איך זאָל שוין אַפילו וועלן, איז דען מעגלעך איר זאָט מאַכן ? זי הערט דען אויף אַ מינוט צו עסן ? זי קען דאָך אויפעסן אין איין טאָג, דאָס וואָס איך, און מיין בני בית, עסן אויף אין אַ חודש.

האָב איך זי אַרויסגעלאָזט אויפן פעלד, זי זאָל עסן גראָז. גראָז, אַז מען עסט עס גלייך פון בוים, כ'מיין פון דער ערד, האָט עס אין זיך די וויטאַמינען בע און פע. פּופּציק פונט האָב איך געמוזט באַצאָלן פאַר דעם קרויט מיט די אוגערקעס, וואָס מיין קו האָט אויפגעפרעסן ביים שכן. די קו איז נישט קיין בהמה. זי ווייסט וואָס צו עסן.

מיין שכן האָט געהאַט אַן אָקס, אַן אַלטער אָקס, איז ער געשטאָרבן. ער האָט דאָך געבעך אָפּגעלעבט אַ לעבן ווי אַן אָרנטלעכער מענטש, אָט דער דאָזיקער אָקס. ווער האָט אים געהייסן זיין אַן אָקס ? ווען ער איז נישט קיין אָקס וואָלט ער דאָך היינט געווען אַ רייכער און חשובער מענטש. כ'האָב אַרומלויפן אַ ביסל הינער, גוטע הינער. פרעסן, פרעסן זיי ביי מיר, און די אייער לייגן זיי ביים שכן. איר האָט שוין אַזעלכעס געזען ? אַ הון וואָס גייט נאָר אַהין ? צום שכן ? דריי גענדז האָב איך געהאַט, צוויי זענען מיר אומגעקומען און איין גאַנדז איז געבליבן גאַנץ, אין גאַנצן גאַנץ. און פון מיינע בינען האָב איך אויך גענוג צרות. אַ באַנדע פּאַראַזיטן, דעגע־נעראַטן. מיך האָבן זיי שוין באַלד אין גאַנצן אויפגעגעסן. פון מיין בלוט מאַכן זיי האָניק. און דער אייזל מיינער, קוקט אויף מיר גאַנצע טעג מיט אַ פּאָר מעלאַנכאָ־לישע אויגן. וואָס טראַכט ער וועגן מיר דער דאָזיקער אייזל ? ס'קען זיין אַז ער טראַכט וועגן מיר דאָס זעלבע וואָס איך טראַכט וועגן אים.

נישט יעדער איינער טויג זיך אויס צו ערדאַרבעט. ערדאַרבעט מוז מען ליב האָבן. איך האָב זייער ליב די ערד. אָבער וואָס טוט מען מיט דער אַרבעט ? אַז כ'וועל נישט האָבן קיין ברירה, וועל איך מיר צונעמען אַ שותף וואָס זאָל אַריינלייגן דאָס געלט און די אַרבעט, און מיר וועלן זיך טיילן העלפט אויף העלפט. מיר די גרעסערע העלפט.

איך האַלט אַז אַ ייִד דאַרף האָבן בטחון. מען טאָר קיין מאָל נישט פאַרלירן די האָפענונג. דאָס יאָר האָב איך פאַרזייט טאָמאַטעס, זענען מיר אַרויסגעוואַקסן יונגע קאַרטאָפל, און איך האָב פאַר זיי אָפּגענומען אַ גוטן פּרייז.

אַז דער רבונו־של־עולם פאַרלאָזט נישט, מאַכט מען אַ טעות.

איר גייט שוין ווידער פרעגן אָקעגן וואָס ? אָקעגן דאָס ! מ'רעדט, רעדט מען.

# פון דעם קאָרן וועט שוין קיין ברויט נישט זיין

פליישיק איז אַ מענטש וואָס האָט אַ גרויסן טאַלענט צום שפּאָרן. ער שפּאָרט אַפּילו פון דעם וואָס ער האָט שוין אָפּגעשפּאָרט. פון איין דאָלער שפּאָרט ער אַזוי לאַנג ביז ס׳ווערט פון אים צוויי.

קיינער וועט נישט דערקענען, אַז דער קאָסטיום וואָס ער טראָגט, איז געקויפט געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר צוריק אויף אַ ביליקן אויספאַרקויף, און אין די הויזן זענען שוין אַרויסגעלאָזט געוואָרן די נעט אויף אַזוי פיל אַז אויב ער וועט ווערן נאָך דיקער וועט עס אים אויך זיין צו ברייט. אַזוי שוינט ער יעדע זאַך.

זיין אַמאָליקער חבר, גאָלדין, האָט אים איינגעלאַדן אויף זיין חתונה. די איינ־לאַדונג איז פון בלאָען סאַמעט. און די אינעווייניקסטע בלעטלעך האָבן זיך געהאַלטן אויף אַ גאָלדן שנירעלע. די עלעגאַנטע איינלאַדונג האָט אויף אים אָנגעוואָרפן אַ צער, און ער האָט געהאַלטן אין איין זיפצן.

ווען ער איז אַ מאָל געווען אויף גרויסע צרות, האָט דער גאָלדין אים געהאָלפן און געשטעלט אים אויף די פיס. אַ דאַנק אים קען ער היינט לעבן רויִק און שפּאָרן. צו זיין חתונה האָט דער זעלבער גאָלדין געגעבן אַ טשעק פון פינף הונדערט דאָלער.

דער אַלטער רייכער בחור גאָלדין האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיין מיידל. און דאָס פאַרפליכטעט אים מיט אַ מתּנה פון... — אוי ווי איז מיר — האָט ער ווידער אַרויסגעלאָזט אַ טיפן זיפץ.

דאָס ווייב זיינס, באַשקע, האָט אים מיטגעהאָלפן קרעכצן, און גלייכצייטיק אים באַרויִקט. זי פאַלט קיין מאָל נישט אַריין אין קיין פּאַניק, און געפינט תּמיד פאַר אים אַן אויסוועג פון יעדער סיטואַציע. אויך דאָס מאָל, נאָך אַ רגע טראַכטן, איז זי געקומען אויף דעם גלענצנדן איינפאַל: די וואַזע. ביי זיי שטייט אַ וואַזע, אַ מתּנה פון זייער חתונה. אַזאַ וואַזע איז שוין היינט זיכער אַן אַנטיק. און דאָס וואָס ס׳איז שוין אַ ביסל אָפּגעריבן פון דער רויטער קאָליר, איין שמיר מיט אַ ליפּסטיק, איז גאָרנישט צו דערקענען.

— האָסט מיך דערהאַלטן ביי לעבן! — האָט ער אויסגערופן — האָסט מיר אַראָפּגענומען אַ שטיין פון מיין האַרץ. די וואַזע! אַ הערלעכע מתּנה, און ס׳וועט מיך נישט קאָסטן קיין גראָשן. אַזאַ וואַזע איז טאַקע היינט שווער צו באַקומען. וועלן מיר דאָך דערפאַר אָפּעסן אַ מאָלצייט אויף אַ גרויסאַרטיקער חתונה, וואָס וועט ווערט זיין מער פון צוויי וואַזעס.

אינעם טאָג פון דער חתונה, צוגעגרייט זיך מיט אַ ווילדן אַפּעטיט, האָט זיך באַשקע פלוצעם דערפילט שלעכט. די צונג באַליגט מיט אַ געלן שימל, און אַ שטאַרקער קאַפּוויִיטיק. ער אַליין זאָל גיין אויף דער חתונה, וועט ער אפשר באַווייזן אויפצועסן אַ האַלבע וואַזע. האָט מען באַשלאָסן מיטצונעמען פּעטי, די יִינגערע

פריילעכע שוועסטער אירע. אַ מיידל וואָס קען עסן, טרינקען, טאַנצן, און טראַכט שוין לאַנג וועגן אַ שידוך. ס׳וועט הייסן אַז ער איז געקומען מיט זיין פרוי. קיינער קען אים דאָרט נישט. און אַז פּעטי זאָגט צו אַז זי וועט קיינעם נישט דערציילן אַז זי איז נישט זיין ווייב, קען מען זיין אין גאַנצן זיכער. אַפילו פאַר גאָלדינען אַליין. ווייל ער איז אַ קורצזיכטיקער, און האָט געזען זיין ווייב איין מאָל מיט יאָרן צוריק.

דער עולם האָט זיך איינגעזעצט ביי די סערווירטע טישן. פלײשיק האָט גלייך אַוועקגעלייגט אַ סערוועט אויף די פריש געפּרעסטע הויזן, צו פאַרהיטן פון אַ פלעק. פּעטי, אין אַ ווייס באַלקלייד נעבן אים, און ער דערמאָנט איר כּסדר נישט צו פאַרגעסן אַז זי איז זיין ווייב. און באַלד גענומען זיך באַשעפטיקן מיט די גאָפּל מעסער. און פּעטי האָט צוריקגעשמייכלט צו איינעם מיט באַקנבערד, וואָס האָט נישט אַראָפּגענומען דעם בליק פון איר.

וואָס דער קעלנער האָט אים פאָרגעלייגט, האָט ער גע־שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, און נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס אַ געבראָטענע טויב איז אַזוי קליין. אַז דער מיט די באַקנבערד האָט געבעטן ביי אים אַ דערלויבע־ניש צום טאַנצן מיט זיין ווייב, האָט ער פּונקט ווי צום קעלנער, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. די טישן אַרום זענען געוואָרן ליידיק. דער עולם איז אַוועק טאַנצן. נאָר ביי איין טיש איז געבליבן זיצן דער איינזאַמער פלײשיק, פאַרטאָן אין דער אכילה.

— אַזאַ יונגע פרוי דערלויבט זיך אַוועקגיין טאַנצן, און לאָזן עסן איר מאַן איינער אַליין ביים טיש. — האָט איינע אַ פרוי געזאָגט מיט באַדויערן.

— זי האָט זייער גוט געטאָן — האָט די אַנדערע פרוי געענטפערט — פאַר וואָס זאָל זי זיצן מיט אַזאַ אַלטן, וואָס איז כּסדר פאַרטאָן אין די טעלערס? ער האָט דאָך נאָך היינט צו איר קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. פון דעם קאָרן וועט שוין קיין ברויט נישט זיין.

דער עולם, אָפּגעגעסענע, אָפּגעטאַנצטע, איילט זיך שוין אַהיים, אַראָפּצוואַרפן פון זיך די שיך. פלײשיק בלאָנדזשעט אַרום צווישן די טישן אַנגעוואַרפענע מיט שטיקער טאָרט, צעגאָסענעם אייזקרעם, און זוכט פּעטי, און פּעטי איז נישטאָ. בלית ברירה איז ער געגאַנגען אַ היים אַליין, מיט די לעצטע געסט.

צוויי טעג האָט מען פון פּעטי נישט געהערט. אויפן דריטן טאָג איז אָנגעקומען אַ טעלעפאָן, אַ פּרויענשטים האָט גערעדט: נעמט אייך נישט צום האַרצן — האָט זי צו אים געזאָגט — וואָס אייער פרוי איז פון אייך אַוועק. איך בין געווען אויף דער חתונה און האָב אַלץ געזען. שפּייט אויס און פאַרגעסט. דאָס איז נישט קיין פרוי פאַר אַזאַ סאָלידן מענטש ווי איר. איר זעט דאָך אַליין אַז פון דעם קאָרן וועט שוין קיין ברויט נישט זיין. דער בחור, וואָס איז מיט איר, איז זייער רייך און אָנשטענדיק. ער האָט מיך געבעטן אייך זאָגן אַז אויב איר זענט מסכּים גוטוויליק זיך פונאַנדערצוגיין, וועט ער אומקערן אַלע אייערע הוצאות וואָס איר האָט געמאַכט אויף איר ביזן היינטיקן טאָג. איך מיין אַז דאָס איז זייער אַ גוטער פאָרשלאָג, און איר דאַרפט אים אָננעמען. וואָס זאָגט איר?

— אָנגענומען! — האָט ער אויסגערופן — ווען ברענגט ער דאָס געלט?

# מ׳האָט — צי מ׳האָט נישט?

ווען ס׳וואָלט נישט געווען ביי נאַכט, אַ ווינט, אַ שניי, וואָלט איך אייך גענוי געשילדערט ווי אַזוי די שטאָט מאָנטרעאָל קוקט אויס. ס׳איז אָבער אַ פּאַסקודנער וועטער. מענטשן זיצן אין די שטובן מיט טערמאָמעטערס אין מויל און וואַרטן אויף דער האָנג־קאָנג־אינפלוענציע. אַזאַ עפּידעמיע לא עלינו. ערגעץ ווו האָט אויפגעריסן אַ באָמבע ווייל די פראַנצויזן האַלטן אַז קוויבעק איז זייערס, און דאָ בין איך אַ מענטש איינער אַליין מיט געפרוירענע אויערן, און כ׳דאַרף היינט האַלטן אַ לעקציע אין אַ קולטור־אינסטיטוציע.

נעבן אַ טישל ביים אַריינגאַנג אין זאַל, זיצן צוויי באַשעפטיקטע פרויען ביי דער קאַסע. איינע רייסט אָפּ צוויי צעטעלעך, פאַר אַ פּאַרפאַלק. דאָס זענען די בילעטן, און די צווייטע גיט אַ רעשט.

דער זאַל איז מיט אַ סך ליכט, און מיט אַ פּאָר הונדערט ליידיקע שטולן. אין די ערשטע צוויי רייען זיצן שוין אַ פּאָר מענטשן וואָס זענען געקומען פריִער כדי צו פאַרנעמען די נאָענטע פּלעצער. עלטערע מענטשן וואָס זעען נישט אַזוי גוט, הערן נישט אַזוי גוט. אויף דער בינע שטייט אַ טיש מיט אַ גרין טישטעך. צוויי שטולן, אַ קרוג וואַסער, צוויי גלעזער און אַ מיקראָפאָן.

דער געזעלשאַפטלעכער טוער און אָרגאַניזאַטאָר פון דעם אָוונט באַגריסט מיך זייער וואַרעם, און זאָגט אַז ס׳איז נאָך אויך דאָ צוויי הונדערט שטיפּלעצער. אין דער פּאָיע דרייען זיך מענטשן וואָס האַלטן אַז ס׳איז נאָך צו פרי אַריינצוגיין אין זאַל אַריין.

איז צו מיר צו איינער, גענומען מיך אונטערן אָרעם, געפרעגט וואָס הערט זיך. מכבד געווען מיך מיט אַ פּאַפּיראָס, און צוגעפּירט מיך צו איינעם אַ ייִד, דווקא אַן ברילן, אָבער מיט זייער אַ הויכע פּלייצע און אַ קנעפּל אין אויער, וואָס איז מיר אָקעגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, און האָט זיך שטאַרק צעהוסט ביים שלום־עליכם.

— זייט באַקאַנט, אַן אייגענער ייִד. איר האָט זיך נישט וואָס צו איילן. דער עולם הייבט איצט אַן צו קומען. דאָ, אַז מען זאָגט אַכט מיט דרייסיק, מיינט מען ניין אַ זייגער. קענט איר רעכענען אויף האַלב צען, אויב ס׳וועט זיך אָנהייבן פּינקטלעך. קענען מיר דערווייל כאַפּן אַ שמועס, און מ׳עט עס מאַכן בקיצור. מיר ווילן וויסן צו ס׳איז אמת — צי ניין. נישט מער ווי דאָס.

— וואָס אמת? וועגן וואָס גייט עס אייך?

— אַ אָ אָ! — האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געצויגן דעם אָ אָ אָ! מיט אַן אָפן מויל צום הימל אַרויף — אייך דאַרף מען אויך אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל אַריין? אייגענע ייִדן. היימישע ייִדן. דאַרפט איר ענטפערן.

— וואָס זאָל איך ענטפערן?

— דאָס וואָס מען פרעגט איך.

— וואָס פרעגט איר מיך?

— צי ס'איז אמת צי ניין? מער נישט ווי דאָס.

— איך הייב נישט אָן צו וויסן וואָס איר ווילט. רעדט צו מיר אָפּענע דיבורים.

— גוט — זאָגט ער — אָפּענע דיבורים: מ'האָט צי מ'האָט נישט?

— איך זאָל אַזוי וויסן פון בייז צי איך וויס וואָס איר ווילט פון מיר. ווער האָט? וואָס האָט?

— ער מאַכט זיך תּמעוואַטע — זאָגט דער צווייטער.

— איר זענט דאָך אַ ישׂראלדיקער ייִד, אַ שרייבער. איר זענט דאָך דאָרט אויסגעקאָכט מיט אַלעמען. ווייסט איר דאָך וואָס ס'טוט זיך דאָרט אינעווייניק. מעגט איר דאָך אונדז אויך דערציילן. מיר גיבן אַ סך געלט פאַר ישׂראל. ישׂראל איז אונדז זייער טייער. ווילן מיר וויסן מ'האָט, צי מ'האָט נישט. קיינער הערט נישט, און איר קענט זיין זיכער אַז ס'וועט בלייבן צווישן אונדז. איר דאַרפט אַפילו נישט אויסרעדן קיין וואָרט. גענוג אַ שאָקל מיטן קאָפּ. יאָ. ניין. ——— הע? אויב איר שאָקלט נישט הייסט דאָס דאָך אַז יאָ.

— יאָ ניין, ניין יאָ. כ'וויס נישט! כ'בין איך גרייט צו שווערן אַז איך הייב נישט אָן צו וויסן וואָס איר ווילט פון מיר.

— איר גייט זיך אַרויסדרייען פון דעם עסק? איר שפּילט דעם טויבן מאיר? איר מיינט אַז מיר פאַרשטייען זיך נישט אויף די דאָזיקע שטיקעלעך?

— חלילה. וואָס רעדט איר? איך בין איך גרייט צו ענטפערן אויף אַלעם וואָס איר ווילט. נאָר טוט מיר אַ טובה, און זאָגט מיר דייטלעך און קלאָר וואָס ווילט איר וויסן.

— גוט. וועל איך איך דאָס אויך נאָכגעבן. בייגט איך צו, ווייל ס'דרייען זיך דאָ פרעמדע מענטשן. היינטיקע צייטן קען מען גאָרנישט וויסן. ס'גייט אונדז וועגן דעם צי מיר האָבן דאָס אַטאָמעלע, צי ניין?

— פון וואַנעט זאָל איך וויסן? וואָס מיינט איר, אַז מען דערציילט מיר אַלע סודות פון דער מדינה?

— אַלע סודות טאַקע נישט, אָבער דאָס ווייסט איר דאָך זיכער. דאָס איז דאָך אַ זאַך וואָס יעדער שלימזל, יעדער גאָרנישט אין ישׂראל ווייסט עס, און איר זענט נאָך דערצו אַ מענטש פון די בלעטער. נאָר וואָס דען? מען האָט איך אָנגעזאָגט אַז ס'זאָל זיין בסוד. זייער ריכטיק. דער שפּיאָנאַזש איז גרויס. אָבער מיר... צוויי היימישע ייִדן...

— איר מעגט מיר גלייבן אַז ס'זענען פאַראַן אַ סך וויכטיקערע מענטשן פון מיר וואָס ווייסן אויך נישט.

— ער שמייכלט! ער שמייכלט! — האָט אויסגעשריגן דער צווייטער — זאָל איך אַזוי לעבן ווי איך האָב אַליין געזען ווי ער האָט געשמייכלט. ביידע הענט בין איך שוין גרייט צו געבן אַז מ'האָט.

— און די אייגעלעך זיינע — רייסט איבער דער ערשטער — זאָגן דאָך אויך אויס אַז ס'איז דאָ. קוק זיי אָן, די אייגעלעך זיינע ווי זיי בלאָנדזשען, אַהין אַהער, אַהער אַהין.

— איז דאָך גוט. ווייסט איר דאָך אַלץ בעסער פון מיר.

— און אַפילו נאָך פריער פאַר אייך. ווען איך בין געווען אין ישׂראל, און מען האָט מיך אַריינגעפירט אין ווייצמאַנס פאַבריק, אין רחובות, ווי רופן זיי עס דאָרט?

— ווייצמאַן־אינסטיטוט.

— יאָ, מען רופט עס אַזוי, אָבער ס'איז אַ פאַבריק. האָב איך זיי גלייך געזאָגט: רבותי, דערציילט מיר נישט קיין מעשׂיות פון פיזיקע שמיזיקע, ווייזט מיר אַן אויסגעפּאַרטיקט שטיקל סחורה. איר דאַרפט נישט קיין מורא האָבן פאַר קאָנקורענץ. כ'וועל אייך נישט נאָכמאַכן. ווייל דאָס איז נישט מיין בראַנזשע. מיין בראַנזשע איז טריקאָטאַזש. איר מיינט, אַז מען האָט מיר געוויזן? קיין ברעקל נישט. בין איך צו צו אַ פּראָפעסאָר און אים באַשווירן, אַז ער זאָל אַזוי האָבן פּרנסה און דערלעבן דעם שופר של משיח, ער זאָל מיר ווייזן בלויז אַ מוסטער פון אַן אויסגעפּאַרטיקט שטיקל. האָט ער מיר גאָרנישט געענטפערט, נאָר איך האָב באַמערקט ביי אים אַ שמייכעלע. דאָס זעלבע שמייכעלע וואָס ביי אייך. האָב איך גלייך פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך. איז וועגן דעם, אַז מען האָט, איז שוין קלאָר ווי דער טאָג. מיר ווילן נאָר איר זאָלט אונדז זאָגן פאַר וואָס אַן ענגלישע צייטונג האָט געשריבן אַז מ'האָט נישט.

— פרעגט זיך אָן אין דער ענגלישער צייטונג.

— נאָך וואָס זאָלן מיר גיין פרעגן אין דער ענגלישער צייטונג, אין דער צייט ווען מיר האָבן אייך. איר ווייסט דאָך בעסער פון זיי. און אפשר דאַרף מען זיך טאַקע מאַכן נישט וויסן. ס'איז אפשר בעסער פאַר אונדז אַז זיי זאָלן מיינען אַז מ'האָט נישט.

— איר זענט גערעכט. מ'דאַרף זיך מאַכן נישט וויסן. שווייגן! און שוין!

— איז אויב, אַז ס'איז בעסער צו שווייגן, איז פאַר וואָס האָט מען געשריבן, אַז מען האָט? ס'קען זיין אַז מ'האָט געשריבן כּדי מ'זאָל מיינען אַז מ'האָט נישט. און בעצם האָבן מיר טאַקע יאָ. אָדער...

דער אָרגאַניזאַטאָר פון אָוונט האָט מיך פּלוצעם אַוועקגעפירט אין אַ זייט, און האָט מיר געזאָגט אַז ער האָט מיך אַוועקגעשלעפּט אויס רחמנות. ווייל ער קוקט אויף מיר די גאַנצע צייט און ער האָט שוין באַמערקט אַ פאַרמאַטערטקייט אויף מיין פּנים, און אַ שווייס אויפן שטערן.

נאָך דער לעקציע האָט דער עולם אַ רעכט צו שטעלן פראַגן. אַזוי פירט זיך דאָ.

דער ערשטער וואָס האָט זיך אויפגעשטעלט פרעגן, איז געווען איינער פון די צוויי ייִדן. ער וויל איך זאָל אים ענטפערן אויף זיין פראַגע:

— מ'האָט — צי מ'האָט נישט?

# מאָדערנע צייטן

אויב מ׳זאָגט אייך, אַז ישׂראל איז אַ לאַנד ווו ס׳איז שווער צו לעבן, זאָלט איר נישט גלייבן. מען טרייבט איבער. קוקט מיך אָן, איך בין דאָך שוין אַ ייִד קיין עין־הרע ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר און כ׳האָב שוין אַ קימא לן פון אפשר — יאָ, קיין עין־הרע — דרייסיק יאָר לעב איך אין ישׂראל, אין תּל־אָביב. פון דעסטוועגן, קוקט מיך אָן, כ׳קוק שלעכט אויס? איר קוקט בעסער אויס? ...

איך האָב אַ געוועלב פון מאַנופאַקטור אויף דער הערצל־גאַס. איר וועט אַדורכגיין די הערצל־גאַס, וועט איר זען אַ גרויסע שילד, ווו ס׳שטייט אויפגעשריבן אויף לשון קודש: לייזער מאַרגענשטערן. דאָס בין איך און כ׳ווינטש מיר נאָר, אַז קיין שׂונא זאָל נישט וויסן דעם טעם פון אַ ייִדישער מדינה. מ׳הויבט זיך אויף אין דער פרי, מ׳גייט אַרויס אין גאַס, רייט אַדורך אַ פּאָליציאַנט אויף אַ פערד און זאָגט מיר שלום. ער קען מיך, איך קען אים. דער טאַטע זיינער הייסט שמואל דוד, אַ גערער חסיד, און דער זון זיינער, יאָסל, איז אַ פּאָליציאַנט און רייט אויף אַ פערד. איר גיט אַ קוק אויפן הימל, אַ ייִדישער הימל, אַ ייִדישער ים מיט ייִדישע פיש — און אַז איר טרעפט שוין אַ מאָל אין גאַס אַ גוי מיט געדרייטע וואָנצעס — איז ער אויך אַ ייִד, דערצו אַ מזרחיסט.

ביי מיר אין שכנות האָט אַ מאָל געוווינט אַ גוי — אַן אמתער גוי, אָבער פּסח האָט ער געגעסן מצות. ער האָט געוווּסט ווען ס׳איז חמשה עשׂר בשבט, ווען ס׳איז צום־גדליה און ווען מ׳גייט צו די ערשטע סליחות. וואָס וויסן אייערע גויים דאָרט? אַדרבא, ווייזט מיר דאָרט אַ גוי, וואָס זאָל וויסן וואָס דאָס איז אַזעלכעס שבת נחמו, בדיקת־חמץ, שושן־פּורים, תשליך, ל״ג־בעומר. פון וואַנען זאָל ער דאָס וויסן?! ווען ער וואָלט אָבער געלעבט אין ישׂראל וואָלט ער געוווּסט, האָ?

כ׳זאָל זאָגן, אַז אַלץ איז ביי אונדז אין אָרדענונג? ניין, ס׳זענען דאָ זאַכן, וואָס רעגן מיך אויף, אַז איך ווער משוגע. פאַר וואָס מוז יעדער ייִד האָבן אַ באַזונדערע פּאַרטיי? און אַז מען טרעפט שוין אַ מאָל אַן אומפּאַרטייִישן ייִד, איז ער אויך אַ מפא״יניק. פון דעם יונגן דור אונדזערן ליידט מען וויניק? אוי, ליידט מען פון זיי. צוריקגעשמועסט איז דאָך אַן עבירה צו רעדן אויף זיי אַ שלעכט וואָרט. איר ווייסט, וואָס פאַר אַ יונגוואַרג מיר האָבן? זיי גייען דאָך אויף קידוש־השם. זיי האָבן דאָך געוויזן, אַז מיר זענען עפּעס און קענען עפּעס. אָבער אין ייִדישקייט? איר פאַרשטייט דאָך וואָס איך מיין. זיי זענען אַ ביסל צו פריי: ווילדע בחורים, טייערע בחורים. און די מיידלעך? מען זאָגט דאָך אַ ווערטל: מיט ווייבער איז נישט גוט צו גיין אין מלחמה אַריין. מיט אונדזערע ווייבער מעגט איר גיין אין מלחמה אַריין. אַ שכנס אַ מיידל, שׂרהלע הייסט זי, אַ פלמ״חניצע איז זי געווען. אַזוי ווי זי איז אַרויס אויפן פראָנט, האָט זי געברענגט פינף געפאַנגענע סודאַנער.

מיין זון יצחק איז דאָך אַ לופטפּליִער, ס׳הייסט אַ שפּרינגער. ער שפּרינגט פון עראָפּלאַנען. אַ ווילער בחור, אָבער דער יונג האָט מיר שוין פאַרקירצט מיין לעבן. שטעלט אייך פאָר ווי איך מיט מיין ווייב גייען אויף אַ פּאַראַד, זען ווי אַזוי מיין יצחק שפּרינגט פון אַן עראָפּלאַן. מיין ווייב, אַזוי ווי זי האָט דערהערט רוישן דעם עראָפּלאַן, האָט זי גלייך אָנגעהויבן חלשן און מ׳האָט זי דערמינטערט אַ שעה נאָכן פּאַראַד. כ׳האָב דען געקענט קוקן? אַזוי ווי איך רעד דערפון, אַזוי שווינדלט מיר אין קאָפּ.

— יצחק! — האָב איך געשריגן — האָב רחמנות אויף דיין טאַטע־מאַמע, שפּרינג נישט!

שריי אַהין, שריי אַהער. ער הערט דען? און ווען ער וואָלט געהערט, וואָלט ער מיך דען געפאָלגט?

אַזוי ווי ער איז אַרויסגעשפּרונגען האָב איך אָנגעהויבן שרייען:

— יצחק! האַלט זיך צו.

ביי וואָס זאָל ער זיך האַלטן?

דאָס איז דער יונגער דור אונדזערער; אַ גאַנצע וואָך בין איך דאָ פאַרנומען. כ׳האָב דאָך אַ געשעפט, אָבער אַז ס׳קומט שבת, כ׳גיי אַרויס אַ ביסל אין גאַס, קאָסט עס מיך אַ שטיק לעבן. אַלץ צוליב דעם יונגוואַרג. אַ יונג מיט אַ פּאָר נאַקעטע הענט פירט איבער דער גאַס אַ מויד אַרומגענומען פאַר דער טאַליע — קען איך דאָס צוקוקן?

איר מיינט, אַז איך האָב אים מיט עפּעס באַליידיקט? חלילה! איך וועל גיין באַליידיקן אַ מענטש? איך האָב אים נאָר געזאָגט, אַז דאָ איז ישראל און נישט, להבדיל, בוענאָס־איירעס, און דו קענסט אָוועקנעמען די האַנט; קיינער וועט דיר די מציאה נישט אָוועקכאַפּן.

און מיין טאָכטער, די בת־יחידה, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? זי איז אַוועק פון שטוב און זי איז נישטאָ. מילא, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, קענט איר זיך פאָרשטעלן. דערנאָך באַקום איך אַ בריוו ווו זי שרייבט, אַז זי איז חלילה נישט אַנטלאָפן, נאָר אַוועק, ווייל ס׳האָט איר געצויגן צום פעלד, צו דער נאַטור און צום קיבוץ־לעבן.

געצויגן האָט עס איר. דער שׂטן האָט שוין אַזאַ כּוח, אַז ער הייבט אַן ציִען, ציט ער און ציט, ביז ער ציט ערגעץ אַוועק.

נאַטור וויל זי האָבן, פעלדער מיט ביימער דאַרף זי האָבן. דאָס מאַנופאַקטור־געשעפט מיט דעם גרויסן שילד פון לייזער מאָרגענשטערן — געפעלט איר נישט. פיר צימערן מיט מעבל און ספרים־שענק — טויגן נישט. אַ באַדצימער מיט קאַלט און וואַרעם וואַסער איז אויך נישט גוט, נאָר אַ קיבוץ מיט פעלדער, מיט ביימער, שטיינער, גריבער און יאַשטשערקעס — דאָס איז גוט. בין איך אַוועקגעפאָרן אין דעם קיבוץ אַריין. ס׳איז דאָך מיין קינד, וויל איך דאָך זען וואָס טוט זי דאָרט אין דעם קיבוץ.

איידער איך בין אָנגעקומען אין דעם קיבוץ אַריין — האָב איך שיער דאָס לעבן פאַרלוירן, שלעפּן זיך אין זאַמדן און די זון, געוואַלד, ווי זי ברענט. אָנגעקומען — בין איך צו צו אַ צריף, אָנגעפּויקט אין דער טיר איין מאָל, נאָך אַ מאָל. אַז

קיינער האָט מיר נישט געענטפערט, האָב איך אַליין געעפנט און אַריינגעגאַנגען. אַ פיר־קאַנטיקער זאַל, באַשטעלט מיט טישן און בענק, אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ פּאָרטרעט פון איינעם מיט אַ באָרד. ביזן היינטיקן טאָג קען איך נישט וויסן ווער דאָס איז. אויף הערצל איז די באָרד צו קורץ — אויף וויצמאַן איז די באָרד צו לאַנג. אַלץ איז הפקר, די טירן שטייען אָפן, ביימער מיט פּירות, פעלדער מיט אוגערקעס, רעטעך, טאָמאַטן — ליגן הפקר. אַ פרעמדער מענטש דרייט זיך אַרום און גייט ווו די אויגן גלוסטן — און ס׳איז נישטאָ ווער ס׳זאָל פרעגן: ר׳ ייִד, וואָס זוכט איר?

ווען דאָס אַלץ ליגט אַזוי אין תּל־אָביב, נאָך אַ מינוט בלייבט נישט דערפון קיין זכר. אַ בחור מיט אַ צעפּלאָשעטן קאָפּ האָר, גלייך ווי ער וואָלט איצט אַראָפּ פון אַ געלעגער, איז פאַרבייגעלאָפן און אויסגעשריגן: שלום, חבר! דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַריין פון בושה. קוק אָן ווער ס׳איז מיין חבר, לייזער מאָר־גענשטערנס חבר.

יאָ! כ׳האָב זי געפונען, מיין טאָכטער, אין אַ לול, צווישן די הינער. זי פּאַשעט הינער.

— נו — האָב איך געפרעגט — ס׳איז שיין אַזוי? ס׳איז גוט אַזוי?

— איך ווייס — זאָגט זי — אַז דו ביסט אויף מיר אין כּעס, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב אָן אַנדערע אויפפאַסונג וועגן וועלט און לעבן.

בשעת מעשׂה, אַזוי ווי זי האָט מיר דאָס געזאָגט, האָב איך געטראַכט אַז אָך און וויי צו די אויערן. איך בין אַ ייִד, וואָס בין בקי אין ש״ס און פּוסקים. פאַרשטיי איך נישט דאָס לעבן, נאָר זי, אָן אויפפאַסונג האָט זי. מילא, וואָס זאָל איך טאָן? בין איך געשטאַנען און געקוקט אויף די הינער, טויזנטער הינער. ווו זעט מען אין תּל־אָביב אַזעלכע הינער? גרויסע, פעטע, און אַלע זענען זיי אַזוי ווייס — ווי מען וואָלט זיי געוואַשן יעדן טאָג מיט שמעקנדיקן זייף.

האָט זי מיר געברענגט אַ בענקל, האָב איך זיך געזעצט אונטער אַ בוים. דערנאָך האָט זי מיר געברענגט אַ גלאָז מילך. אונטערן בוים איז אַ שאָטן, ס׳בלאָזט אַ ווינטל. אַ מחיה. ס׳שמעקט פון די פעלדער, און די לופט, כ׳האָב נאָך אין תּל־אָביב אַזאַ לופט נישט געזען, רייך, דורכזיכטיק. מען זעט פון דאָרט די הרי יהודה און די הרי אפרים — און שטיל איז דאָרט.

נו? וואָס זאָל איך זאָגן? ס׳איז גאַנץ שיין. פאַר די נערוון איז עס זיכער אַ רפואה.

## אַזוי זאָגט דאָס געזעץ

— חשובע ריכטערס — האָט דער פאַרטיידיקער אָנגעהויבן — דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן קומט מיר אויס צו פאַרטיידיקן אַן איידעלן אומשולדיקן מענטש, וואָס ווערט באַשולדיקט, אַז ער האָט געשטאָכן אַן אַלטע פרוי, פאַרגוואַלדיקט און דערוואָרגן אַן אַכטיאָריק מיידעלע. איך לייקן נישט אָפּ די באַשולדיקונג. שולדיק איז דעם איז נישט אָט דער יונגער בחור! שולדיק אין דעם איז די געזעלשאַפט! די אָרדענונג! זי דאַרף מען צוציִען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די דאָזיקע אומשולדיקע קרבנות, און פאַר מיין קליִענט, וואָס איז אויך איינער פון די דאָזיקע קרבנות.

חשובע הערן ריכטערס! דאָס דאָזיקע מינדעריאָריקע יִינגל איז אַ יתום! דעם טאַטן זיינעם האָט מען געהאָנגען פאַר אַ מאָרד, וואָס איז נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט באַשטעטיקט, אַז ער איז געווען דער מערדער. דעמאָלט האָט נאָך געהערשט דאָס באַרבאַרישע געזעץ פון טויטשטראָף.

די מאַמע זיינע איז געשטאָרבן, ווייל ס׳איז אַרויפגעפאַלן אַ האַמער אויף איר קאָפּ, וואָס דאָס יִינגל האָט צופעליק געהאַלטן אין דער האַנט. ער איז געבליבן אַן איינזאַמער אומבאַהאָלפענער יתום, וואָס ליידט פון גרויסע מאַנדלען און אַ כראָנישן קאַטער. ער האָט נישט געהאַט ווער ס׳זאָל אים געבן אַ נאָרמאַלע דערציִונג. (ביי איינעם פון די ריכטערס האָבן טרערן גענומען רינען איבער די באַקן.) פאַר וואָס האָט דאָס רייכע, הומאַניטאַרע אַמעריקע דערלאָזן דערצו? די דאָזיקע פראַגע פרעגן אויך די צוויי קלאָרע אומשולדיקע אויגן פון דעם אָנגעקלאָגטן, און מיר שטייען דאָ אַלע פאַרשעמטע, נישט האָבנדיק קיין ענטפער אויף דעם.

קוקט איך צו, מיינע הערן, צו דעם דאָזיקן ליידנדיקן פּנים, וואָס שטראַלט אויס אַזוי פיל מענטשלעכקייט, באַשיידנקייט, און הויכן גייסט. שטריכן וואָס דערמאָנען אונדז דעם גרויסן הומאַניסט עמיל זאָלאַ.

ווען דער בחור האָט אַ וואַרעמע היים, אַ ריכטיקע אַטמאָספער, וואָלט ער מיט זיין גייסט געווען אַ באַשיינונג פאַר דער אַמעריקאַנער קולטור און וויסנשאַפט. (אַ צווייטער ריכטער האָט אַרויסגעלאָזט אַ טיפן קרעכץ און פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט אַ טיכל).

דער הער פּראָקוראָר, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו פאָדערן פאַר אים אייביקע תּפיסה, האָט זיך נישט פאַרטיפט אין די אַלע אומשטענדן. אויסער אַ יתום, איז אויך דער אָנגעקלאָגטער אַ מינדעריאָריקער. זיין געבורטשיין געהערט צו זיין ברודער, וואָס איז דורך אַ צופאַל דערמאָרדעט געוואָרן דורך זיין אייגענעם פאָטער, וואָס איז געווען אונטערן איינפלוס פון אַלקאָהאָל. דערפאַר ווייזט דער געבורטשיין מיט צוויי יאָר עלטער. אין דער ווירקלעכקייט איז ער אַ מינדעריאָריקער. ער האָט זיך

באַמיט צו דערווערבן אַן אָנשטענדיקע באַשעפטיקונג. ער איז אויך געווען אַ ביזנעס־מענטש.

פּראָקוראָר: (צום באַשולדיקטן) וואָס פאַר אַ ביזנעסמענטש זענט איר געווען?

אָנגעקלאָגטער: איך האָב מיר געעפנט אַ יוועליר־געשעפט אויף בראָדווי.

פּראָקוראָר: מיט אַ שותף?

אָנגעקלאָגטער: מיט אַ נאָכגעמאַכטן שליסל.

פאַרטיידיקער: איך בעט ניט צו שטעלן דעם אָנגעקלאָגטן אַזעלכע פראַגן וואָס קענען ווירקן שלעכט אויף זיין רוינירטער פּסיכיק. דער יונגער מענטש, ווען אונטער די אייזערנע קראַטן נישט געפינען די פּאַסיקע אַטמאָספער פאַר אים. ער מוז האָבן אַ רויִקע, קולטורעלע היים, כּדי ער זאָל קענען ווערן צוריק אַ נוצלעכער בירגער. אַזאַ היים איז פאַר אים גרייט. אַ קינדערלאָז פּאָרפאָלק, גוט־סיטויִרטע, אינטעליגענטע מענטשן, זענען גרייט אים אַדאָפּטירן, ווי אַן אייגן קינד. דערפאַר איז נייטיק אים גלייך צו באַפרייען.

אַזוי ווי די ריכטערס האָבן איינשטימיק דערקלערט זיין באַפרייונג, איז צוגעקומען אַ צעשמייכלט פּאָרפאָלק. אַן עלעגאַנטע בלאָנדע פרוי האָט מיט אַ שמעקנדיק טיכעלע אָפּגעווישט אים דעם שוויס פונעם שטערן, און איר מאַן האָט אויסגערופן:

— פון איצט אָן ביסטו אונדזער זון! אונדזער בן יחיד! זי איז דיין מאַמע. איך, דיין טאַטע. און אַזוי דאַרפסטו אונדז רופן: טאַטע־מאַמע!

נאָך אַ צייט זענען אַלע דריי, דער טאַטע, די מאַמע, און דער זון, ווידער געשטאַנען פאַרן געריכט.

— איך וויל אים נישט האָבן מער פאַר קיין זון! — האָט דער טאַטע אויסגערופן

— ער האָט צעשטאָכן זיין מאַמע און צוגערויבט אַ בריליאַנטענעם רינג.

די ריכטערס האָבן פאַרמשפּט דעם טאַטן אויף צוויי מאָנאַטן תּפיסה, ווייל ער האָט אויסגעהאָקט זיין זון, אַ מינדעריאָריקן יתום, צוויי פאַדערשטע ציין בשעת אַ געשלעג. אַזוי זאָגט דאָס געזעץ!

## באַשערט אַן אומגליק

— מען האָט מיר געזאָגט, מיסטער, אַז איר קענט העברעיִש און עברית. אַזאַ פרוי ווי איך האָב זיך געמוזט שלעפּן איבער אַ שעה צייט, מיט צוויי אויטאָבוסן, ביז איך בין צו אייך געקומען. זאָלט איר מיר נישט זאָגן, אַז איר האָט נישט קיין צייט.

מיר זענען געווען אויף אַ באַזוך ביי אַ משפּחה אין ישׂראל, מיין שוועסטערס אַ טאָכטער, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פון די דייטשן, מאַכשעמוי. זי האָט אַ מאַן, אַ גאָלדענער מענטש. ער אַרבעט דאָרט ביי דער רעגירונג ביים זוכן וואַסער. ער זיצט גאַנצע טעג אין אַ צימער ביי אַ שרייבטיש און ער זוכט וואַסער. לויט מיין

שׂכל, לייגט זי עס נישט אויפן שׂכל. ווי אַזוי קען מען געפינען וואַסער אין אַ צימער, וווּ ס'איז אַפילו קיין וואַסעררער נישטאָ?

פון דעם גאַנצן וואַסער בלייבט אים וואַסער אויף קאַשע. ער פאַרדינט צו ווייניק, און מען נעמט ביי אים אַראָפּ צו פיל. אָבער מען לעבט גאַנץ גוט. מען האַלט אויס אַ הויז מיט דריי קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין, און אַ קאַר, וואָס מען טאָר מיט איר נישט פאָרן, ווייל זי וועט צעבראָכן. האָבן זיי מיר געשיקט אַ לעטער אין העברעיִש און אין עברית. וויל איך אייך בעטן, אַז איר זאָלט מיר אים פאַרטייטשן. דאָס איז אַלץ, וואָס איך בעט פון אייך.

מיין מאַן איז אַ גרויסער קענער אויף די זאַכן. ער האָט אַ מאָל געלערנט כימיש און געמורע. נאָר איבערלייענען דעם לעטער, קען ער נישט. ער האָט שוין פּרובירט עטלעכע מאָל, מיט די ברילן און אָן די ברילן, און ס'רירט זיך נישט פון אָרט.

— כ'וויס שוין אַלץ וואָס איר ווילט. איך וועל אייך איבערלייענען גלייך אויף ייִדיש.

— זייער גוט! אָבער מאַכט נישט קיין גרייזן.

— אייער שוועסטערס טאָכטער שרייבט אייך אַזוי: ליבע טאַנטע דאָראָטי, און אָנקל דזשעק.

— דאָראָטי, דאָס בין איך. פון דער היים דוואָשע. דזשעק, דאָס איז מיין מאַן. ני, ני, לייענט ווייטער.

— קודם כּל ווינטש איך אייך אַלדאָס גוטס, און אַ פריילעך יאָר.

— אמן. איר אויכעט. ווייל איר זענט אַ מענטש מיט אַ גאָלדן האַרץ, און איר זעצט עס איבער זייער געשיקט. ני, ני. לייענט ווייטער!

— דער אָנקל זאָל זיין געזונט, און נישט דאַרפן אָנקומען מער צו קיין דאָקטוירים.

— אמן. איר אויכעט נישט. לייענט, לייענט ווייטער!

— אונדזערע שׂונאים זאָלן אויפפּלאַצן און איינגעמען אַ שוואַרצן סוף.

— אמן. איר אויכעט. ני, ני, לייענט ווייטער. ס'איז נאָך דאָ זייער אַ סך צו לייענען.

— מיר קענען נישט פאַרגעסן אייער וויזיט ביי אונדז. די קינדער בענקען נאָך אייך. איך האָף, אַז ס'איז אייך געווען אינטערעסאַנט צו זען די אַלע היסטאָרישע ערטער, וואָס מיר האָבן אייך געוויזן.ליידער, האָבן מיר נישט באַוויזן אייך אַלץ צו ווייזן. בעט איך אייך, איר זאָלט אונדז מוחל זיין. ווען איר וועט קומען נאָך אַ מאָל קיין ישׂראל, וועלן מיר זיך באַמיִען בעסער אייך אויפצונעמען, און נישט צו פאַרפעלן גאָרנישט.

— אַ רגע. איך מוז אייך איבעררייסן. זיי האָבן אונדז באַהאַנדלט ווי קעניגן. מען האָט אונדז גאָרנישט געזשאַלעוועט. ס'בעסטע צימער, און יעדן טאָג געטוישט די לײַלעכער. מיין מאַן האָט זיך דאָרט ביי זיי אַזוי אויסגעפּאַשעט, אַז ער מוז איצט אַראָפּנעמען פופצן פונט פון זיין וואָג. גאַנצע טעג האָט מען אונדז אַרומגעפירט און געוויזן אַלע זאַכן פון כימיש. דאָרט, ווו גאָליאַס האָט אַריינגעכאַפּט פון דודלען אַ שטיינדל אין קאָפּ אַריין, און ער איז געגאַנגען פייפן; און דאָרט, ווו מוישע

ראַבײנע האָט באַקומען אַ נערװױן־שאָק און צעטראַסקעט די לוחות אױף פּיץ־פּיצלעך. אין צפת זענען מיר אַרױף אױף אַ באַרג, האָט מען פון דאָרט געזען גאַנץ טערקיי ביז צו דער כינעזישער גרענעץ. ביים ים קאַנערעס האָב איך גענומען אַ פּאָר מינעראַל־בעדער, איז מיר גלייך אַװעק דער װײטאָק אין דער קני, און ס'איז מיר, אָבער אַרײַן אַ װײטאָק אין קאָפּ! כ'האָב נישט געהאַט קיין שׂכל אַרײַנצולייגן אױף דעם קאָפּ אין װאַסער אַרײַן.

מיר האָבן אױך געזען דעם ים, װאָס האָט זיך געשפּאָלטן װען די ייִדן זענען אַרױס פון מצרים. דאָס װאַסער איז געװען אַזױ גלייך, אַז פון דעם גאַנצן שפּאָלט איז קיין סימן נישט געבליבן. איך האָב געזען לױטס װײב, װאָס פון איר איז געװאָרן אַ שטיק זאַלץ. איך האָב זי אַ לעק געטאָן, האָב איך געזען, אַז זי איז טאַקע געזאַלצן. צום טױטן ים האָט מיין מאַן נישט געװאָלט צוגיין, װייל ער איז אַ כּהן.

אַנטקעגן װאָס זאָג איך אייך דאָס? אַנטקעגן דעם, װאָס זיי שרײַבן גאָר, אַז מיר זאָלן זיי מוחל זיין. פאַרקערט. דאָס גאַנצע לעבן װעלן מיר זייער גוטסקייט נישט פאַרגעסן. ני, ני, לייענט װייטער. איין מינוט. קוקט איך אַדורך דעם גאַנצן בריװ, און זאָגט מיר דעם עיקר, װייל ס'איז שױן שפּעט. איך דאַרף נאָך גיין אױף מיין עקסערסאַיז און אױך נעמען אַ מאַסאַזש.

— דער עיקר, שרײַבן זיי, אַז אין קורצן װעלן זיי קומען צו אייך אױף אַ באַזוך, צוזאַמען מיט די קינדער.

— װאָעו?! אַ בראָך איז מיר! זיי װעלן דאָך װעלן אָנשטיין ביי מיר!

— נאָר ביי װעמען דען? ביי מיר? איר זענט דאָך אױך ביי זיי אָנגעשטאַנען!

— הער נאָר, הער נאָר! אױף אַזאַ אומגליק האָב איך זיך גאָרנישט גערעכנט. פאַר װאָס קומט דאָס אינדז אַזאַ זאַך? גיט מיר אַהער דעם בריװ און לייענט מיר נישט מער. איך װיל מער נישט הערן! מיין מאַן װעט זיי שױן אָנשרײַבן אַ פּאָר װערטער, װעט זיי פּינצטער װערן אין די אױגן!...

## דער אַנטױשטער

איך קום איצט פון ישׂראל, פון גרױסן יום־טוב פון יום־העצמאות. איך װעל אייך אַלץ דערציילן, אָבער איין מינוט. לאָמיך זיך קודם באַרויִקן. אַזױ װי איך רעד דערװעגן, אַזױ קאָכט אין מיר אַלצדינג.

װעגן מיר דאַרף איך דאָך אייך נישט דערציילן. איר קענט דאָך מיך: אַ ציוניסט מיט אַ ברייטער האַנט. כ'בין טאַקע אַ רייכער מענטש, איך זאָג נישט אַז ניין, אָבער אַ דאָלער איז פאַרט אַ דאָלער. אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, כ'בין דאָ! מען האָט זיך געדונגען, אָבער כ'האָב געגעבן. קיין מאָל נישט געזאָגט ניין. געקױפט באָנדס. געפּלאַנצט ביימער. געשיקט אַ פּויק פאַר אַן אָרקעסטער אין ראשון־לציון. אַן עלעקטרישע קיך אױף פלײשיקס פאַר אַ ישיבה. װער קען דאָס אױסרעכענען װאָס איך האָב אַלץ געטאָן פאַר ישׂראל? איך האָב געשיקט אַן אַמבולאַנס מיט אַלע

איינריכטונגען: אַ פּאָטעל מיט אַ טיש פֿאַר אַ דאָקטער, אַ פּאָטעל פֿאַר אַ שוועסטער. אַן אייזשאַנק, אַ מאַשין אויף בלוט, אַ שאַנק אויף מלבושים, קראַנען אויף קאַלט און וואַרעם וואַסער. און צו דעם אַלעם איז נאָך אין דעם אַמבולאַנס געווען אַן אָרט פֿאַר אַ קראַנקן. אויף דעם אַמבולאַנס האָט מען אויפֿגעשריבן מיין נאָמען, מיין ווייבס נאָמען, און אַז די קראַנקע אין ישׂראל זאָלן עס נוצן געזונטערהייט.

אין צייטונג איז געווען אַ פּיקטשער פֿון מיר, מיין ווייב, און דעם אַמבולאַנס. מיין שוועגערין האָט זיך אויך אַריינגעשטופּט אין דער פּיקטשער אַריין, כאָטש זי האָט קיין גראָשן נישט געגעבן. דער קאָנסול האָט באַגריסט און געזאָגט וועגן מיר זייער וויכטיקע זאַכן.

צום פֿינף־און־צוואַנציקסטן יובֿל פֿון דער מדינה האָב איך געשריבן צו גאָלדען, אַז מיר קומען צום „יום־העצמאות". מיר האָבן דאָך עפּעס אַ חלק אין דער שׂמחה. ניין?

אויפֿן פֿליפֿאָרט אין לוד זענען געשטאַנען פֿאָטאָגראַפֿיסטן, טעלעוויזיע־אַפּאַ־ראַטן, מענטשן פֿון דער רעגירונג. איך מיט מיין ווייב האָבן זיך אָוועקגעשטעלט מען זאָל אונדז פֿאָטאָגראַפֿירן. איך האָב דאָך געשריבן, אַז מיר קומען!

געמיינט האָב איך, אַז מען וואַרט אויף עמעצן וואָס זאָל קומען זאָגן אַ פּאָר ווערטער פֿאַר אונדז. איז אָנגעקומען איינער, אַ גוי. אַ מיידל האָט אים דערלאַנגט בלומען. די קאַמעראַס האָבן אָנגעהויבן בליצן. אים האָט מען צוגעטשעפּעט מיקראָ־פֿאָנען צו דער נאָז. אונדז האָט מען אָפּגעשטופּט אין אַ זייט. ער האָט עפּעס געזאָגט אויף פֿראַנצייזיש. מיין ווייב האָט זיך צעוויינט אויף ענגליש. מיך האָט עס אויך גוט געקרענקט. דער פּרעזידענט פֿון מיין ברוקלינער שול, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דער גאַנצער שׂמחה, האָט זיך געקאָטשעט פֿון געלעכטער. ער האָט עס שוין צעפּויקט פֿאַר האַלב ברוקלין!

אַזאַ בושה! אַזוי פֿאַרשעמט צו ווערן! און פֿאַר וואָס? אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר נישט געשלאָפֿן פֿון אויפֿרעגונג.

צו מאָרגנס האָט מיין ווייב נישט געוואָלט גיין אויפֿן פּאַראַד אין ירושלים אַלס פּראָטעסט. ווייבער, אַז זיי ווערן אין כּעס, איז סכּנות־נפֿשות. האָב איך איר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז די אַראַבער קענען דאָס אויסטייטשן אַז מיר האָבן מורא. האָט זי מסכּים געווען צו גיין.

מיט דעם פּאַראַד האָט מען מיך אויך אָפּגענאַרט, אויסער מיט די סאָלדאַטן. די סאָלדאַטן זענען געווען אַלרייט. ווו זעט מען אין אַמעריקע אַזעלכע סאָלדאַטן? אויפֿצושטעלן אַזאַ אַרמיי מיט זעלנערס, דאָס דאַרף מען קענען. פֿון בלויז אַמבולאַנסן ווערט נאָך נישט קיין אַרמיי!

וועגן די עראָפּלאַנען קען איך אייך גאָרנישט זאָגן. ווען זיי וואָלטן זיך אָפּגע־שטעלט אויף אַ רגע, וואָלט מען נאָך געקענט עפּעס זען. אַז איידער דו זעסט ביי זיי אַ שרייפֿל, זענען זיי שוין אין יעהופּעץ.

כ'האָב געזען די רוסישע טאַנקען. ביז 1967 האָבן זיי נאָך קיין ייִדן נישט אַרויסגעלאָזט, בלויז טאַנקען! האָבן זיי נישט געטויגט, האָט מען אַריינגעזעצט אין יעדן טאַנק צוויי אַנדערע טיילן; אַן אַמעריקאַנער מאָטאָר און אַ ישׂראלדיקן טאַנ־קיסט, אַרבעטן זיי אויסגעצייכנט!

דאָס סודותדיקע געווער האָבן זיי צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט, אַז מען האָט גאָרנישט געקענט זען. די אַטאָם־באָמבעס האָט מען אין גאַנצן נישט געוויזן. אַפילו קיין אונטערוואַסער־שיפן האָט מען נישט געזען. פאַרשטעקט זיי ערגעץ אין די בערג און משה זוך מיך!

מיר זענען אַהיימגעקומען קיין ברוקלין, איז מיין ווייב אַוועק צום דאָקטער. זי האָט פון עגמת־נפש באַקומען גאַלשטיינער. איך בין אַוועק צום קאָנסול.

דער קאָנסול האָט מיר געזאָגט, אַז כ'זאָל זיך נישט נעמען צום האַרצן, ווייל דאָס איז געווען אַ טראַגישער טעות. אין יום־העצמאות קומען טויזנטער מענטשן מיט אַ מאָל, קען געשען אַ טעות, אַז מען זאָל אויפנעמען עפּעס אַ מיניסטער אַנ־שטאָט מיך...

האָב איך געזאָגט, אַז ס'קען אפשר זיין, אַז ס'איז געווען אַ טעות. אָבער דאָס באַווייזט, אַז קיין אָרדענונג איז אין דער יידישער מדינה נישטאָ!

# איך וואַרט אויף מיין פרוי

ער שטייט אָנגעשפּאַרט אָן אַ מויער אויף אַ רוישיקער גאַס, און לייענט אַ צייטונג.

— אַנטשולדיקט מיר זייער, וואָס פאַר אַ צייטונג לייענט איר? — האָט געפרעגט איינער וואָס שפּאַצירט שוין אַ לענגערע צייט הין און צוריק.

— קענן וואָס פרעגט איר?

— סתּם. איך האָב שוין מיין צייטונג אויסגעלייענט ביזן סוף, איז אפשר וועט איר מסכּים זיין צו טוישן?

— אַדרבא. פאַר וואָס נישט? איך זע אַז איר זענט זייער נערוועז.

— פון וואַנען נעמט איר דאָס?

— איר קענט דאָך נעבעך נישט איינשטיין אויף קיין אָרט. איר גייט דאָך שוין אַזוי הין צוריק אַ לאַנגע צייט.

— איך וואַרט אויף מיין פרוי. מיט אַ שעה צוריק איז זי אַריינגעגאַנגען דאָ צו אַ שניידערין אויף צען מינוט.

— געננוי ווי ביי מיר. איך וואַרט אויך אויף מיין פרוי. פאַר צוויי שעה איז זי אַריינגעגאַנגען אויף פופצן מינוט צום פריזירער. ווען איך בין נישט אַזוי פאַרנומען, מילא...

— איך בין אויך זייער באַשעפטיקט, אָבער ס'איז נישטאָ קיין עצה, מען מוז וואַרטן. איר האָט עפּעס אַן אַרבעט, אַ ביזנעס? אויב ס'איז מיר דערלויבט צו פרעגן.

— אַן אַגענט בין איך פון וואַשמאַשינען.

— איך בין אויך אַן אַגענט, פון לאָקשן. כל מיני לאָקשן — רונדע, פלאַכע. ווען איך וויס אַז דאָס וועט נעמען אַזוי לאַנג, וואָלט איך מיך אָפּגעשמועסט מיט איר אין אַ קאַפע.

— ווי לאַנג איז שוין נאָך אייער חתונה?

— צוואַנציק יאָר.
— ווייסט איר נאָך אַלץ נישט, ווי לאַנג דאָס דויערט?
— זי האָט געזאָגט צען מינוט, האָב איך געגלויבט אַז עס וועט נישט נעמען לענגער פון אַ שעה. אַנישט וואָלט איך מיך געוווען אָפּגעשמועסט מיט איר אין אַ קאַפע. איר מיינט אַז עס איז אַזוי אָנגענעם פאַר אַ מענטשן ווי איך אַרומצושפּאַצירן אין גאַס, הין און צוריק, מיט אַ דאַמעגעטאַש און מיט אַ דאַמען־שירעמל אין האַנט?
— און מיר האָט זי אָנגעהאָנגען אַ קוישל מיט אוגערקעס און ציבעלעס.
— זייער גוט וואָס מיר האָבן זיך געטראָפן. אַ שאָד וואָס איך האָב נישט מיטגענומען מיט זיך דעם גאַנצן זאַק מענדעלע מוכר ספרים.
— איר זענט גערעכט, אַ צייטונג, איינס צוויי לייענט מען זי אויס. קינדער האָט איר?
— איין זון פון מיין ערשטער פרוי, איז ער אויך נישט מיינער.
— דאָס פאַרשטיי איך שוין נישט. ווי אַזוי איז דאָס אייער זון נישט אייערער?
— ווייל מיין זון איז פון צווייטן מאַן פון מיין ערשטער פרוי. דערפאַר איז ער נישט מיינער.
— אַהאַ. וואָס איז זיין באַשעפטיקונג?
— ער זיצט אין תפיסה.
— אַ גנבֿ?
— אַ קאַסירער אין אַ באַנק.
— און וואָס טוט זיין מוטער? אייער ערשטע פרוי?
— אין אַ שפּיטאָל.
— אַ קראַנקע?
— אַ שוועסטער, אַ נוירס. נו, און איר האָט קינדער?
— איין מיידל. שטודירט מעדיצין, ווייל זי וויל חתונה האָבן מיט אַ דאָקטער. אַ בראָך איז צו מיר: גיט נאָר אַ קוק וואָס דאָ איז געשען! מיין פּרויס בייטל איז אַראָפּגעפאַלן, ס׳האָט זיך אַלץ אויסגעשאָטן.
— מען וועט אויפהייבן, האָט נישט קיין מורא, זי וועט גאָרנישט דערקענען. איך וועל אייך העלפן. דאָ האָט איר דעם פּאַרפום. דאָ האָט איר די שמינקע, דאָ האָט איר נאָך אַ שמינקע, און נאָך איינע. וואָס דאַרף אייער פרוי אַזוי פיל שמינקעס?
— זי האָט גראָבע ליפּן.
— דאָ האָט איר אַ שאַכטעלע.
— דאָס איז צו די באַקן.
— איר זעט אַז מען דאַרף זיך נישט אויפרעגן, מען וועט אַלץ אויפהייבן. זי וועט גאָרנישט דערקענען.
— גיט אַהער, דאָס איז צו די ברעמען.
— און וואָס איז דאָס?
— צו די אויגן.
— און דאָס?
— דאָס איז נישט אייער עסק.
— אַזוי פיל זאַכן? גיט נאָר אַ קוק.

— זיכער, מיין פרוי איז זייער אַ שיינע. גיט נאָר אַ קוק אויף יענעם בחור וואָס גייט דאָרט. אַ נחת צו קוקן, מיט וואָס פאַר אַ זיכערקייט, מיט וואָס פאַר אַ רויקייט.

— אַוודאי, אַ בחור, ס'פעלט אים דען עפּעס? גייט זיך אין גאַס און שמייכלט.

— ער לאַכט דאָך פון אונדז. ער קוקט דאָך אויף אונדז ווי אויף צוויי אידיאָטן.

— פאַר וואָס מיינט איר, זאָל אַזאַ איינער אַזוי קוקן אויף אונדז? מ'קען נישט פאַרשטיין, אַז ווען אַ מענטש דרייט זיך אַרום מיט אַ דאַמענטאַש אין גאַס, איז עס דערפאַר, ווייל די פרוי זיינע איז ערגעץ אַריינגעגאַנגען אויף אַ רגע? אויב איר ווילט, קען איך צוגיין אים דערקלערן, וועט ער זען אַז מיר זענען נישט קיין אידיאָטן.

— ער וועט נישט גלויבן. וואָס אַרט עס אייך? זאָל ער דאָרט טראַכטן וואָס ער וויל.

— מיך אַרט עס יאָ. איך געהער צו די מענטשן וואָס זאָרגן פאַר זייער פּרעס־טיזש, פאַר זייער נשמה. מ'קען לעבן אָן אַ האַנט, אָן אַ פוס, אָן שׂכל, אָבער אָן אַ נשמה קען מען נישט לעבן.

— צו אַ נשמה מוז מען האָבן אַ גוף. אַ גוף אָן אַ נשמה טרעפט מען היינט אויף טריט און שריט. אָבער אַ נשמה אָן אַ גוף, איז זייער נישט פּראַקטיש.

אין מיטן דעם געשפּרעך איז צוגעקומען אַ פרוי, זייער אַ צעטראָגענע.

— אַנטשולדיקט — האָט די פרוי צו זיי זיך געווענדט — איר האָט נישט געזען דאָ זיך אַרומדרייען אַ מענטש אַ הויכן, מיט אַ ברוינעם אַנצוג?

— ניין, מיר האָבן נישט געזען אַזעלכן. ווער זאָל דאָס זיין דער?

— מיין מאַן. איך בין דאָ אַריינגעגאַנגען צו אַ באַקאַנטער אויף צען מינוט, און איך האָב אים געלאָזט וואַרטן אין דרויסן, איז ער פאַרשוווּנדן.

— ווען זענט איר אַריינגעגאַנגען?

— נעכטן ביינאַכט...

## דער זינגער פון זדונסקע וואָליע

דער רעדאַקציע־שרייבער איז געזעסן פאַרטיפט אין אַ צייטונג, און נישט באַ־מערקט אַז עמעצער שטייט נעבן זיין טיש.

נאָך דעם ווי דער דאָזיקער האָט אויסגעדונערט מיט דער נאָז אַ רעגנדיקן נאָס, איז דער שרייבער אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער, אָפּגעווישט זיך דעם נאַקעטן קאָפּ, די ברילן־גלעזער, און דערזען פאַר זיך אַ דאַרן מענטש מיט אַ גרויסן קראַוואַט אין אַזעלכע שרייענדיקע קאָלירן, אַז מען קען פאַרטויבט ווערן.

— צו מיר?

— איצט פרעגט ער מיך. איך שטיי דאָך שוין דאָ פון דער וויסטער כאָליערע אָן. ווען איך בין אַריינגעקומען האָט איר צו זיך אַליין גערעדט פון דער צייטונג

אַרויס, און איר האָט צו זיך געזאָגט: אַ וויסטע כאַליערע זאָל זיי נעמען. פון דעמאָלט אָן שטיי איך דאָ נעבן אייער טיש.

— בקיצור. וואָס ווילט איר?

— איך וויל רעדן מיטן באַלעבאָס פון דער צייטונג.

— וועלכן באַלעבאָס? ס'איז דאָ אַ באַלעבאָס פון דער רעדאַקציע. אַ באַלעבאָס פון דער אַדמיניסטראַציע, און אַ באַלעבאָס פון דער...

— צו פיל באַלעבאַטים פאַר מיר.

— וועגן וואָס גייט איך? אפשר קען איך איך העלפן?

— קודם כל דאַרפט איר מיך הייסן זיצן. ווי לאַנג איז דער שיער צו שטיין?

— זיצט.

— אַ שיינעם דאַנק. איצט פרעגט מיך ווי עס גייט מיר אין געזונט.

— יאָ. ווי גייט עס אייך אין געזונט?

— בעסער מען פרעגט נישט.

— איז ווער זענט איר?

— אַ זינגער, אַ רוסישער זינגער.

— פון רוסלאַנד? שלום עליכם. פון וועלכער שטאָט זענט איר פון רוסלאַנד?

— פון זדונסקע וואָליע.

— דאָס איז דאָך פוילן.

— יאָ.

— איז פון וואַנען קומט איר אַהער?

— פון ישׂראל.

— דאָס הייסט אַז פון רוסלאַנד זענט איר אַוועק קיין ישׂראל?

— ניין. קיין אויסטראַליע. פרעגט מיך נישט אַזוי פיל, ווייל איך געדענק שוין אַליין נישט. אין רוסלאַנד בין איך געווען אַ זינגער. קיין אַרבעט האָט מיר קיין מאָל נישט געפעלט. איך האָב דאָרט שטענדיק געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. וויל איך אַז איר זאָלט שרייבן וועגן מיר אין דער צייטונג. דאָ האָט איר מיינס אַ פאָטאָגראַפיע אָפּצודרוקן.

— וואָס זאָל איך שרייבן?

— איך דאַרף לערנען דעם שרייבער וואָס צו שרייבן. שרייבט אַז דער באַרימ־טער רוסישער זינגער פיאָטער פאַלוכאָוו איז געקומען קיין מאָנטרעאָל, און... און די רעשט פאַרלאָז איך זיך אויף אייך. איר וועט שוין וויסן.

— פיאָטער פאַלוכאָוו? ווי קומט אַזאַ נאָמען צו אַ ייִד פון זדונסקע וואָליע?

— אַז איר וועט שרייבן ראַכמיל גרינפלייש, וועט מען דאָך נישט גלייבן אַז איך בין אַ רוסישער זינגער.

— ווי לאַנג זענט איר געווען אין ישׂראל?

— צען יאָר.

— פאַר וואָס זשע ווילט איר דווקא זיין אַ רוסישער זינגער? פאַר וואָס נישט קיין ישׂראלדיקער זינגער?

— ווייל אין אַמעריקע, און אויף דער גאַנצער וועלט, זענען שוין היינט דאָ מער ישׂראלדיקע זינגערס ווי אין ישׂראל.

— איר האָט געלערנט זינגען?

— זינגען דאַרף מען לערנען? וואָס איז דאָס, מאַטעמאַטיקע? דער עיקר ביי אַ זינגער איז די שטים. אויב איר ווילט וועל איך אייך אויפזינגען אַ נייעם רבונו של עולם. אין גאַנצן אַ נייעם. איך האָב אים פאַרפאַסט. ס׳האָט מיך גוט געטראָפן. כ׳האָב פאַרלוירן די שטים. אַ מינוט פריִער האָב איך זי געהאַט. מיין גאַנץ לעבן האַלט איך אין איין פאַרלירן. די שטים איז אויך נישט וויכטיק. דער עיקר איז דער געהער. איך האָב אַן אויסערגעוויינלעכן געהער. אַ ליאַדע קנאַק כאַפּ איך זיך גלייך אויף פון שלאָף. אַמעריקע איז אַ לאַנד וואָס מען דאַרף פּרובירן. כ׳זינג אַפּ אַ לידל און גרימפּל מיר צו אויף אַ גיטאַרע, וועט איך אַ מיליאָנער. אויב ס׳געלינגט נישט, איז מיר אויך נישט קיין אומגליק. איך בין דאָך געקומען אַהער חתונה האָבן מיט אַ רייכער אַלמנה.

— ווען איז די חתונה?

— איך האָב נאָך נישט די אַלמנה.

— אַ בחור?

— אַ געגטער. איך האָב זיך געגט מיט מיין ווייב אין ישׂראל צוליב פּאָליטישע זאַכן. זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ לינקן. יענער איז נעבעך אַזוי לינק אַז ס׳צערייסט שוין דאָס האַרץ פון רחמנות אויף אים. ער וויל דאָך צוריקגעבן טעריטאָריעס... איך האָב אים גלייך געענטפערט, אַז ביי מיר איז נישטאָ קיין צוריק. האָסט זי פאַרכאַפּט האַלט זיך מיט איר געזונטערהייט. כ׳וואָלט זייער געוואָלט איר זאָלט עפּעס אָפּדרוקן וועגן מיר אין דער צייטונג. ווייסט איר וואָס? מאַכט מיט מיר אַן אינטערוויו.

— איך האָב דאָך שוין געמאַכט. איך האָב דאָך שוין אַ פאַרטיקן אינטערוויו פון אייך.

— איז וויפל וועט איר מיר באַצאָלן פאַר דעם?

— וואָס רעדט איר? אונדזער צייטונג עקזיסטירט בלויז פון דעפיציט. איז פון וואַנען וועט מען נעמען אַ נייעם דעפיציט פאַר אייערטוועגן?

— וואָס זשע טוט אין אַזאַ פאַל אַ שרייבער וואָס האָט אַ ליידנשאַפט צו עסן?

— אַ שרייבער מיט אַמביציע מוז זיך אָפּגעווינען פון אַזעלכע זאַכן.

## דער מיסטער בעלקעס איז אַן אידעאַליסט

דער מיסטער בעלקעס, ס׳קען זיין אַז איר קענט אים, ער האָט אַ מאַנופעקטשורי פון מענער־הויזן. זייער גוטע אַרבעט. איך בין זיין שטענדיקער קונה. ער איז אַ קליין מענטשעלע מיט אַ בייכל, אַן אויסגעקראָכענעם קאָפּ מיט איינצלנע געלע הערעלעך, וואָס וואַקסן באַזונדער, גלייך ווי מען וואָלט זיי איצט געפלאַנצט. צווישן די האָר איז דער קאָפּ אויסגעפלאַסטערט מיט גרויסע זומער־שפּרענקעלעך פון אַ

מייערן־קאַליר. אָבער אַזוי, איז ער אַ פיינער מענטש, וואָס מאַכט מיר טיפע הויזן־קעשענעס כ׳זאָל נישט פאַרלירן.

מעסטנדיק אַ פאָר הויזן. האָט ער אָנגעהויבן זיך פאַרטרויען פאַר מיר, ווי פאַר אַ גוטן פריינד, ער האָט איבערגעלעבט, זאָגט ער, אַ שווערע צייט. אויף אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך שוין געהאַלטן ביים גטן מיט זיין אײן און איינציקער פרוי.

מיין ווייבס אַ קוזין, האָט ער אָנגעהויבן דערציילן, לעבט אין ישׂראל. מיר פאָרן נישט קיין ישׂראל צוליב פּאָליטישע זאַכן. מיין ווייב האָט אים דווקא געוואָלט זען. האָט מען אים געשיקט בילעטן, און ער איז געקומען. נאָכן ערשטן שמועס מיט אים, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז דער מענטש איז נישט קיין נאָרמאַלער. באַלד אין ערשטן אָוונט, נישט אויסגערוט זיך אַפילו פונעם וועג, האָט ער שוין געוואָלט אַראָפּ־גיין אין גאַס באַקוקן די אַמעריקאַנער קי.

איך האָב זיך געשוווירן פאַר אים, אַז ס׳איז נישטאָ ביי אונדז קיין קי. קענסט אויסגיין גאַנץ ניו־יאָרק ווּעסטו נישט באַגעגענען קיין ברעקל קו. אויסער דעם, וואָס עפּעס קו? ס׳איז דאָ אַן עמפּייר סטעיטס בילדינג, נייטקלאַבס מיט סטריפּטיזלעך, טיימס סקוועער מיט סעקס. וועלכער מענטש קומט דאָס קיין ניו־יאָרק זען קי? הינער, געגנדז, אינדיקעס, קען מען יאָ זען אין ניו־יאָרק. געבראָטענע, געגרילטע. ער וויל זיי אָבער זען רויערהייט. אַפילו ווי מען האָדעוועט זיי. ער וויל דערגיין די סודות ווי אַזוי אַמעריקע איז דערגאַנגען צו אַזוי פיל בהמות, וועט ער עס דערנאָך מאַכן ביי זיך אין קיבוץ. אַז מען האָט אים דערקלערט, אַז מען מוז דאָס אָפּלייגן, ווייל מען מוז צוליב דעם פאָרן  ווייט אין אַ פאַרם, האָט ער עס פאַרשטאַנען.

מיין ווייב האָט מיט אים אָפט געשמועסט, דערציילט, געזאָגט, גערעדט, ביז ער האָט זי איבערגערעדט אויף אַ ציוניסטקע, און זי האָט געוואָלט אוועק פון שטוב, בכן זי וויל נישט וווינען צוזאַמען מיט אַ קאָמוניסט.

— איר זענט אַ קאָמוניסט?

— אַזוי זאָגט מיין ווייב, ווייל איך בין אַן אידעאַליסט וואָס האַלט מיט רוסלאַנד.

— וואָס פאַר אַ גוטס האָט איר דאָס ביי זיי געזען, וואָס איר מוזט מיט זיי האַלטן?

— גוטס, שמוטס. איך בין דאָך אַ פּראָגרעסיווער!

— גיט מיר צו פאַרשטיין, וואָס איז דאָס אַזעלכעס אַ פּראָגרעסיווער?

— ס׳איז מיר אַ וווּנדער אויף אייך אַז איר זאָלט דאָס נישט וויסן. אַ פּראָגרע־סיווער דאָס איז אַ ראַדיקאַל. און אַ ראַדיקאַל ווייסט איר דאָך שוין יאָ וואָס דאָס איז!

— ניין!

— אַ ראַדיקאַל איז אַזאַ עקסטרעמיסט.

— ס׳קען זיין. אָבער וואָס איז דאָס אַזעלכעס אַן עקסטרעמיסט?

— אָ! אַן עקסטרעמיסט, איז אַ פּראָגרעסיווער! און דאָ, אין אַמעריקע, אַז איינער איז אַ פּראָגרעסיווער, זאָגט מען אויף אים גלייך אַז ער איז אַ קאָמוניסט. פאַר אַזאַ מענטש ווי איך, אַן אידעאַליסט, איז אַמעריקע נישט קיין מדינה. טייל מאָל טראַכט איך אַוועקצופאָרן פון דאַנען. איר, אַלס גוטער פריינד, ווו אַהין וואָלט איר מיך געראָטן צו פאָרן?

— קיין רוסלאַנד.

— זע איך דאָך שוין וואָס פאַר אַ גוטער פריינד איר זענט מיר. איר מיינט דאָך

דאָס נישט ערנסט. איר האָט מיר געוואָלט בלויז אַריינזאָגן אַז די קישקעס זאָלן זיך מיר איבערדרייען. איך קלער צו פאָרן קיין ישראל. נישט אויף שטענדיק. כ׳וועל מיך באַזעצן אויף אַ פּאָר חדשים אין ירושלים און זען. איז עס גוט? איז עס גוט. אויב נישט, הייב איך זיך אויף און פאָר אַוועק קיין תּל־אָביב.

— זענט איר דאָך, הייסט דאָס, געוואָרן אַ ציוניסט.

— צוליב מיין ווייב. דער קוזין אירער האָט זי דעמאָלט איבערגערעדט צו קויפן אַ שטיקל ערד. ער איז אַ מענטש וואָס האַלט פון ערד. דאָס שטיקל ערד איז ווערט אַ פאַרמעגן. מען זאָגט אַז נאָך מער. כ׳וועל פאַרקויפן דאָס שטיקל ערד, איז בלויז פון דעם, קען איך זיך אַוועקזעצן אויף לאַנגע יאָרן עסן און טרינקען, און אַפילו זיין אַ פּראָגרעסיווער אויך. דאָרט פאַרלאַנגט מען דאָך גאָרנישט צו זיין אַ ציוניסט. וויפל איז דער זייגער? כ׳מוז שוין לויפן דאַווענען מנחה.

— איר זענט שוין פרום געוואָרן אויך?

— איך?! איר וואָלט אויף מיר געגלויבט אַזאַ זאַך אַז איך וועל ווערן פרום? אַן אָנקל איז מיר געשטאָרבן. אַ פרומער ייִד, און אַ מיליאָנער. איצט אין דער שבעה מוז איך גיין דאַווענען מיט מנין, און זאָגן קדיש, אַנישט וועט מען מיר אָנפייפן די ירושה.

— דאָס איז אַמעריקע! דאָ איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ אידעאַליסט ווי איך.

## צו אַ קונה מוז מען האָבן געדולד

— מיין מאַן האָט מיר געזאָגט: גיי אַריין אין דעם בילדינג פון דער וויי. אינעווייניק איז דאָ אַ ישראלדיקער בוטיק. אַלע זאַכן דאָרט זענען פון ישראל. אַפילו דער באַלעבאָס אויך. ער פאַרקויפט זייער ביליק. און אַז מען דינגט זיך מיט אים לאַנג, ווערט ער פאַרמוטשעט, און לאָזט אַראָפּ פון פּרייז.

מיין מאַן האָט מיר אויסגעמשלט, אַז ער קוקט אויס אַזוי... כ׳בעט אייך איבער, טראָגט ברילן, און רעדט ייִדיש. איז דאָס זענט איר. און דאָ — האָט ער געזאָגט — וועל איך קריגן אַ שיינע ישראלדיקע בראָשקע. יעצט לאָזט מיך צוזאַמענגעמען די געדאַנקען. אַדורכקוקן אייערע זאַכן, און זען וואָס איר מישטיינסגעזאָגט פאַרמאָגט.

שיינע זאַכן! אוי וויי, אוי וויי ווי שיין! וואָס זיי קענען אַלץ מאַכן אונדזערע ייִדן אין ישראל. מען זאָל זיי נאָר קיין נעהאָרע נישט געבן. אַ כּוח און אַ קראַפט אין זייערע הענט אַריין. זיי מאַכן דאָך שוין ראַפּלאַנען אויך. מיט פופצן יאָר צוריק בין איך געווען אין האַליפאַקס. אַזעלכע זאַכן האָב איך דאָרט נישט געזען. געוואַלד ווי שיין! זאָגט מיר כ׳בעט אייך, וואָס איז דאָס אַזעלכעס?

— דאָס איז אַ בשׂמים־ביקס.

— וואָס פאַר אַ ביקס?

— אַ בשׂמים־ביקס, צום שמעקן. נאָך הבדלה מאַכט מען אַ ברכה בורא מיני בשׂמים. און מען שמעקט צו דעם בשׂמים־ביקסל.

— ווייס איך דאָך שוין וואָס איר מיינט. כ׳האָב געהערט אַ ביקס, האָב איך געמיינט... מיין טאַטע, זאָל זיין אין ליכטיקן גן־עדן, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, האָט געהאַט אַזעלכעס פון זילבער, און דאָס איז פון האָלץ.

— נישט קיין פּשוט האָלץ. דאָס איז פון עץ־הזית. איילבירט־ביימער.

— כ׳ווייס וואָס איר מיינט, פּימסנהאָלץ. ס׳קוקט אויס ווי בזשעזשינע. ס׳שמעקט דאָך אָבער נישט. איר האָט דאָך געזאָגט, אַז דאָס איז צום שמעקן.

— אַז מ׳עפנט אויף און מען לייגט אַריין...

— פּאַרפום ?

— בשׂמים, געווירצן.

— איך ווייס וואָס איר מיינט. נעגעלעך. צימרינג, באָבקע־בלעטלעך. איך וואָלט דאָס געקויפט פאַר מיין מאַן. אָבער ער שמעקט שוין נישט. אַן עלטערער מענטש. שיינע זאַכן. וואָס קומט אַרויס ? קיין גביר וועט איר דאָ נישט ווערן. די ווייבער אונדזערע וועלן אייך פרי׳ער די קישקעס אַרויסנעמען ביז איר וועט זען ביי זיי אַ דאָלער. איך, זעט איר, האָב פיינט צו מוטשען, ס׳געפעלט מיר, באַצאָל איך און גוד־ביי.

אָ ! איר זעט. דאָס האָב איך געמיינט ! אַז מען זוכט געפינט מען. פּופּצן דאָלער ווילט איר פאַר אַזאַ בראָשקע ? איך וועל זיך מיט אייך נישט דינגען. די בראָשקע געפעלט מיר, און כ׳וועל אייך געבן דערפאַר אַכט דאָלער. שיין ? אַ רגע, לאָמיך נאָר אַריינקוקן אין בייטל און זען צי איך האָב געלט. אויב נישט וועט איר מיר מן הסתם געטרויען ביז דער אַנדערער וואָך. יאָ ! כ׳האָב ! שרעקט אייך נישט. ס׳איז דאָ !

איר ווילט נישט ? דאַרף מען נישט. מיין געלט, אייער סחורה. זילבער איז דערין דאָ פאַר איין דאָלער. אַ סך גערעכנט. מלאכה־געלט קען דאָס קאָסטן צוויי דאָלער. אַ סך גערעכנט. איז צוזאַמען דריי דאָלער. און אַז איך גיב אייך אַכט דאָלער, פאַרדינט איר דערביי זייער שיין. אַ מענטש קען זיין אַ נאַר, אַ בהמה, אָבער שׂכל מוז ער האָבן.

מיינער אַ שטאָטישער, אַ מאָלער, אַ גוטער מאָלער, ער האָט אויפגעמאָלן אַ אַ שילד, וואָלט איך געשווירן אַז ס׳איז געדרוקט אויף אַ מאַשין. האָב איך אים געגעבן די מאַטעריאַלן, אַ שטיקל לייוונט מיט אַ ביסל פאַרבן, און פאַר אַ דאָלער מלאכה־געלט, האָט ער מיר אויפגעמאָלן אַ פּאָרטרעט, ווי יעקב אָבינו שלאָפט אויף אַ שטיין צוקאָפּנס און די מלאכים קריכן אַרויף און אַראָפּ אויף אַן אַלומיניום־לייטער. יעקב אָבינו קוקט אויס געניוי ווי ער האָט אויסגעקוקט צו דער חתונה. ווען איר גיט אַזאַ זאַך צו מאַכן דעם שאַגאַל, הייסט ער זיך דערפאַר באַצאָלן צען טויזנט דאָלער ווי גאָרנישט. מען דאַרף האָבן שׂכל.

זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס פאַר אַ רבי איז ער דאָ ?

— פון האָלץ.

— פון פּימסנהאָלץ, כ׳האָב שוין געהערט. אָבער וואָס פאַר אַ רבי ? דער קאָצקער ? דער גערער ? ענלעך איז ער צום רבין רב יאַנקעלע פון פּראַגע. יענער האָט נאָר געהאַט אַ לענגערע באָרד. אַ דיקערע נאָז. און קלענערע אויגן. אַזאַ געשעפט עפנט מען אין אַ גוישער געגנט. די יידישע ווייבער וועלן דאָך אייך משוגע מאַכן.

זעטס נאָר, זעטס נאָר וואָס איך זע. כ'האָב דאָך גאָרנישט געזען וואָס איך זע. דאָס איז דאָך אויסערגעוויינלעך שיין. דאָס הייסט אַ בראָשקע! פאַר וואָס האָט איר מיר דאָס באַלד נישט געוויזן?

דאָס וואָס ס'איז פון גאָלד, דאָס דווקא אַרט מיך נישט. אָבער פון וואַנען נעמט מען אַזוי פיל געלט? דאָס איז טאַקע אמתדיק גאָלד? איך גלייב אייך, אָבער פון וואַנען בין איך זיכער אַז איר נאַרט מיך נישט אָפּ?

די וואַזע מיט די שבטים געפעלט מיר אויך. איך וויל אייך נישט מטריח זיין, נעמט מיר אַראָפּ די דאָזיקע וואַזע. דאָ האָט איר דעם לייטער. רירט אייך! וואָס זענט איר אַזוי צעחושט? אַז מען קויפט מוז מען דאָך פריִער באַקוקן. פאַר וואָס איז ביי אייך דאָ נאָר צוועלף שבטים? אין ניו־יאָרק האָב איך געזען אַזאַ וואַזע, האָט זי געהאַט פופצן שבטים. פאַר וואָס זאָל איך ביי אייך היזק האָבן דריי שבטים? מיר וועלן שוין אַדורכקומען, איר וועט מיר אַראָפּרעכענען פאַר די דריי שבטים. נאָר קודם וועט איר ביי מיר נעמען אַ בילעט פאַר צוויי דאָלער, און איר קענט געווינען אַן אויטאָבוס. איך פאַרדין דערביי גאָרנישט, דאָס געלט גייט פאַר אַ ישיבה.

איר זענט שוין נערוועז? צו אַ קונה מוז מען האָבן געדולד!

## קדחת מיט פשרן פאָדעם

— וואָס איז געשען מיט דיר, לייבל? ביסט טאַקע קראַנק?

— וואָס דען האָסטו געמיינט? איך קען זיך דערלויבן אַריינצולייגן זיך אין אַ שפּיטאָל אַריין פאַר פאַרגעניגן וועגן?

— כ'האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט פון קיין שווילטאָג. אַזוי ווי מען האָט מיר דערציילט, אַז דו ליגסט אין שפּיטאָל. בין איך גלייך געלאָפן דיך מבקר חולה זיין. איז וואָס מאַכסטו, לייבל?

— זעסט דאָך.

— איך זע, אַז דו זעסט שלעכט אויס. ווען האָסטו דען בעסער אויסגעזען? איז פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אַזאַ מחלה?

— פון אַ זשורנאַל. דו ווייסט דאָך, אַז איך האַלט ביים אַרויסגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל.

— וואָס איז טאַקע געוואָרן פון דעם זשורנאַל?

— זעסט דאָך. דאָס איז עס.

— זעסט דאָך אַהין, זעסט דאָך אַהער, און כ'זע גאָרנישט.

— אויב אַזוי, וועל איך דיר שוין מוזן דערציילן די גאַנצע מעשה פאָדראָבנע, ווייל אַנדערש וועסטו דאָס מיט דיין קאָפּ נישט אויפכאַפּן.

דער זשורנאַל איז שוין געווען פאַרטיק. דאָס מאַטעריאַל איז שוין געווען גרייט צום דרוק. עס האָט נאָר געפעלט איין קלייניקייט: געלט. דאָס געלט איז אויך נישט

געווען קיין פּראָבלעם. עס זענען דאָ קאָנגעהאָרע רייכע ייִדן, וואָס האָבן ליב די ייִדישע ליטעראַטור. דאַרף מען צוגיין צו זיי, דערקלערן אין וואָס עס האַנדלט זיך. איז שוין. דעמאָלט איז דאָ געלט וויפל מען דאַרף. דער פּראָבלעם איז געווען, אַז ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל גיין. איז געבליבן אַז איך אַליין מוז גיין. כאָטש איך טויג זיך נישט אויס צו די דאָזיקע זאַכן. ס׳הייסט, צו נעמען דאָס געלט וואָלט איך זיך אפשר יאָ אויסגעטויגט, נאָר דאָס רעדן און דאָס דערקלערן. כ׳האָב עס קיין מאָל אין מיין לעבן נישט געמאַכט. און דערצו האָב איך נאָך אַ טבע רויט צו ווערן. און אַז איך ווער רויט, פאַרהאַק איך זיך ביים רעדן. אָבער אַז ס׳איז נישטאָ קיין ברירה, מען מוז דאָך אַרויסגעבן דעם זשורנאַל. בין איך געגאַנגען.

צו ערשט בין איך געגאַנגען צו איינעם אַ רייכן מענטש. אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. מ׳שרייבט פון אים אָפט אין דער צייטונג, אַז ער איז אַ הומאַניסט. אַ ליבהאָבער פון ייִדיש. אַ באַרימטער מענטשנפריינד, וואָס עס קומט אָן מיטן טויט איידער ער האָט צייט אַ מענטשן אויפצונעמען.

די סעקרעטאַרקע פון זיין ביוראָ האָט מיך געהייסן זיצן אַ האַלבע שעה, ווייל ער וועט זיין פריי נאָך אין פינף מינוט.

בין איך געזעסן און נישט געהאַט ווו די אויגן אַהינצוטאָן. אַ בילד איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, קאָן מען דערויף נישט קוקן. אויף די גראָבע קני פון דער דאַרער סעקרעטאַרקע, טאָר מען נישט קוקן. און אויף דער רעשט איז נישטאָ וואָס צו קוקן. האָב איך געקוקט אויפן סופיט.

עס קאָן זיין אַז ער איז טאַקע אַ מענטשנפריינד, אָבער נישט צו אַלע מענטשן.

צו מיר, למשל, נישט. איך האָב גערעדט מיט אַזאַ צעפּלאַקערט פּנים, אַז עס איז שיער נישט אויסגעבראָכן אַ שׂריפה. און ער האָט געגריזשעט אַ צעגריזשעטע לולקע, און כסדר געזאָגט: בקיצור, בקיצור. וויפל איך האָב צו אים גערעדט בקיצור, איז עס אים נאָך אַלץ געווען צו לאַנג. האָבן מיר זיך אָנגעהויבן איבערוווערטלען און וואָס אַ מאָל שאַרפער, ביז ער האָט מיר געוואָרפן די לולקע אין פּנים אַריין. ס׳קען זיין אַז איך האָב אים נישט באַדאַרפט גלייך זאָגן אַז ער איז אַן אָקס. אין אַזאַ פאַל האָב איך באַדאַרפן זיין אַ ביסל דיפּלאָמאַטיש און איינהאַלטן זיך מיט אַזאַ זאָג כאָטש אַ פינף מינוט. ביים אַרויסגיין האָט ער מיר פאַרגעלייגט אַ שטול, וואָס ער האָט זי מיר געוואָלט וואַרפן אין קאָפּ אַריין.

בין איך אָנגעקומען אַ פאַרסאָפּעטער צו אַ צווייטן. יענער איז אַ דאָקטער, וואָס נעמט אַ סך געלט. אָבער אַ וואַרעמער ייִד.

ווידער געזעסן אין אַ וואַרטע־צימער. געבלעטערט אַלטע אילוסטרירטע זשורנאַלן. גערויכערט און געלאָזט דעם אַש אויפן טעפּעך. מיט אַ ציטערנדיקער האַנט איז שווער אַריינצוטרעפן אין אַשבעכער אַריין.

די סעקרעטאַרקע האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער און אָנגעוויזן מיר דעם פאָטעל ווו צו זיצן און גלייך אַרויס. בין איך געבליבן איינער אַליין ביי אַ גרויסן שרייבטיש. עס קאָן זיין, אַז די אַלע איינצלהייטן זענען נישט אַזוי וויכטיק. אָבער, אַז איך דערצייל שוין, וויל איך דיר דערציילן גענוי, אַז דו זאָלסט פאַרשטיין... איז ווו בין איך שטיין געבליבן?

— דו ביסט זיצן געבליבן ביים שרייבטיש.

— יאָ, איז פון לאַנגווייליקייט, אָדער פון נערוועזיטעט, אָדער סתם נישט וויסנ־דיק וואָס עס טוט זיך מיט מיר, האָב איך גענומען דרייען עפּעס אַ מעדיציניישן אינסטרומענט, וואָס איז געלעגן אויפן טיש. געשרויפט אַזאַ זאַך, וואָס האָט זיך געלאָזט שרויפן, ביז עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ רעדל, אַ ספּיראַל און נאָך עפּעס אַ שטיקל. דאָס האָט מיך די רעשט משוגע געמאַכט, ווייל איך האָב עס בשום אופן נישט געקאָנט צוריקשרויפן. האָסט פאַרשטאַנען מיין לאַגע?

איז אַריינגעקומען אַן עלטערער מענטש אין אַ ווייסן כאַלאַט, געווישט זיך די הענט אין אַ האַנטעך און געמורמלט מיט די ליפּן, אַזוי ווי ער וואָלט געזאָגט אשר יצר. אַ קוק געטאָן אויף די חלקים פון דעם אינסטרומענט, און אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר בייזע אויגן און געפרעגט:

— איר זענט געקומען דאָ זיך לערנען דאָקטאָריע?

— איך בין געקומען וועגן דעם זשורנאַל — האָב איך אים געענטפערט.

— שווייגט און צעדרייט מיר נישט די געדאַנקען. איר וועט רעדן ווען איך וועל איך הייסן. אַזוועקגעזעצט זיך נעבן מיר, געעפנט מיר די אויגן. באַלד וועט מען וויסן געניו וואָס איך איז.

— מיר איז גאָרנישט — שריי איך אויס.

— דאָס — זאָגט ער — לאָזט איבער פאַר מיר. דאָס וועל איך שוין פעסטשטעלן. דער וואָרעמער ייִד האַלט מיך אין איין טאַפּן מיט זיינע קאַלטע פינגער, און לאָזט מיך קיין וואָרט נישט אויסרעדן. ער האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ העמערל אין דער קני. דער פוס האָט אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופט און האָט אים שיער אַן אויג אַרויסגעזעצט.

— דאָקטאָר! דערלויבט מיר זאָגן אייך, איך בין געקומען צו אייך וועגן אַ זשורנאַל... איר פאַרשטייט...

— איך פאַרשטיי. אָבער איר דאַרפט אויך פאַרשטיין, אַז איר זענט איצט אין אַזאַ לאַגע, אַז איר דאַרפט נישט אין זינען האָבן אַזעלכע נאַרישקייטן. קודם דאַרף מען אָפּראַטעווען אייער געזונט.

פון דאָרט האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין. היינט אין דער פרי האָב איך זיך אויפגעהויבן מיט אַ באַנדאַזש אויפן בויך. און מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף גאָרנישט זאָרגן. די אָפּעראַציע איז געלונגען. און פאַרן זשורנאַל, קדחת מיט כשרן פאַדעם.

מיין ווייב האָט שוין געקריגן אַ לאַנגן קאָנווערט פונעם דאָקטער מיט אַ חשבון אויף אַכט הונדערט דאָלער. און דאָס איז עס. און פרעג מיך נישט אין וואָס מיין מחלה באַשטייט.

אויב דו ווילסט, קענסטו אַליין אַרויסגעבן אַ ייִדישן זשורנאַל, און איך וועל דיך קומען מבקר חולה זיין.

# אַ קאָמישע פיגור

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? איר האָט נאָך נישט געזען ווי אַזוי אַ טוריסט קוקט אויס? פון וואַנען איך בין? טרעפט! פון די פּאַראַייניקטע שטאַטן? נישט געטראָפן. איך בין פון אַמעריקע.

אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פּאַראַ לענדעלע אַמעריקע איז. איך האָב זיך נישט וואָס צו קלאָגן אויף מיין אַמעריקע. כ׳האָב זיך דאָרט גאַנץ שיין אַרויפגעאַרבעט. כ׳בין דאָך אַ מיליאָנער, זאָל איך אַזוי זיין געזונט און כ׳זאָל אַזוי האָבן פּרנסה, ווי איך זאָג אייך נישט קיין ליגן.

אין אַמעריקע שפּילט אַ ראָל צו ווערן אַ מיליאָנער? קודם הייבט מען אָן קליין, ביי שיך־פּוצעריי. נאָך צוויי יאָר פּוצן שיך איז מיר געשטאָרבן אַן אָנקל און האָט מיר איבערגעלאָזט אַ ירושה פון אַ מיליאָן דאָלער. שפּילט אַ ראָלע צו ווערן אַ מיליאָנער אין אַמעריקע?

פופצן יאָר בין איך אין אַמעריקע. מ׳קען שוין אויף מיר זאָגן, אַז כ׳בין אַן אַמעריקאַנער. כ׳רעד שוין ענגליש און עס זענען דאָ אַזעלכע וואָס פאַרשטייען כמעט יעדעס וואָרט וואָס איך רעד. איך, מיט מיין קאָפּ, איך בין דאָך געבוירן געוואָרן מיט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ, געלעבט ווי אַ נאַר. גאָרנישט געלערנט. אַ העלפט דערפון האָב איך נאָך פאַרגעסן.

איז מיט אַזאַ קאָפּ ווי איך האָב, האָב איך זיך פון דעסטוועגן אויסגעלערנט רעדן אַ שווערן ענגליש, שווער צו הערן, שווער צו פאַרשטיין. און דאָס אַלץ אין משך פון אַזאַ קורצער צייט, פופצן יאָר. וואָס איז ביים היינטיקן טאָג פופצן יאָר? וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט היינט פופצן יאָר? פרעגט אַ ייִד, וואָס איז געווען אין רוסלאַנד, וועט ער אייך זאָגן.

ס׳וואָלט געווען שיין און גוט ווען מען מאַכט אַ לעבן. אַז מען וויל מאַכן אַ לעבן, מוז מען דאָך זען, אַז דאָס לעבן זאָל זיין אַ לעבן... כ׳בין נישט גערעכט?

איך? איך דריי זיך אַרום, כ׳בעט אייך איבער, איינער אַליין. כ׳האָב אַ שטוב, אַ קאַר, מעבל, און יעדע נאַכט לייג איך זיך שלאָפן אין אַ שלאָפצימער מיט צוויי בעטן, איינער אַליין מיט אַ הויכן בלוטדרוק. ווי לאַנג איז דער שיעור? ס׳איז דאָך מיר שוין אַ חרפה און אַ שאַנד. אַלע באַקאַנטע פון מיין שטעטל, איינער איז אַ גרוש, דער צווייטער איז אַן אַלמן, דער דריטער האָט שוין איבערגעלאָזט אַ ווייב אַן עגונה, נאָר איך איינער דריי זיך נאָך אַלץ אַרום אַ בחור.

אַ שידוך אין אַמעריקע איז נישט פון די לייכטע זאַכן. אַמבעסטן איז, אַז מען פאָרט אַרויס אויף דער וועלט. אין דער וועלט האָט מען דרך־ארץ פאַר אַן אַמע־ריקאַנער.

אַ חודש צייט שלעפּ איך זיך שוין אַזוי אַרום איבער דער וועלט. איר זעט, איך האָב זיך אָנגעטאָן אַזאַ געל העמדל מיט רויטע אויסגעמאָלענע חיות. כ׳האָב מיך

באַהאַנגגען מיט אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, אַ שפּאַקטיוו, אַ טראַנזיסטאָר. מיט די אַלע זאַכן מוז איך זיך אַרומשלעפּן אין אַזעלכע היצן. איך וויל דאָך, אַז מען זאָל דערקענען, אַז איך בין אַן אַמעריקאַנער טוריסט.

עטץ הערט, ווען איך בין מיט דעם הולך אַרויפגעגאַנגען אויף דער שיף, האָב איך געמיינט, אַז דער קאַפּיטאַן קריגט אַ פּאַפּלעקסיע אויפן אָרט, ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר אויגן — האָב איך נאָר מורא געהאַט, אַז ער זאָל מיר נישט געבן קיין „געהאָרע״. די קנאה האָט דאָך אים אויפגעפרעסן.

כ׳בין אויסגעפאָרן אַ וועלט. געוואַלד, ווי איך בין אַלץ אויסגעפאָרן! וואָס איך האָב אַלץ געזען! אין דער שווייץ האָב איך מיר צערעכט געמאַכט דעם זייגער. אין פּאַריז האָב איך מיר צערעכט געמאַכט דעם מאָגן. אין דייטשלאַנד בין איך אויך געווען נאָר צוויי טעג. די ייִדן דאָרט — שטיין רייך. אַפילו די אָרעמעלייט. דורך די צוויי טעג האָב איך באַגעגנט אין שנאָרער — אויך אַ גביר. כ׳האָב אים געוואָלט געבן אַ נדבה, האָט ער געזאָגט, אַז נאָך זיבן אַ זייגער נעמט ער נישט. איך האָב דאָרט געטראָפן אויך אַ פּאָר ישׂראלדיקע ייִדן, האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי זענען נאָר געקומען מאַכן אַ ביסל געלט און צוריקפאָרן. זענען דאָ אַזעלכע וואָס האַלטן נאָך אין מיטן מאַכן. אַנדערע האָבן שוין דאָרט גענוג אָנגעמאַכט.

געווען אין פּוילן. יאָ. כ׳האָב דאָרט געזען אַ זון־אונטערגאַנג. אויסערגעוויינלעך. כ׳פאַרגין זיי — זאָלן זיי האָבן אַן אויסערגעוויינלעכן אונטערגאַנג. פון פּוילן האָב איך געבראַכט אַ גוטע נייעס און אַ שלעכטע נייעס. די גוטע נייעס איז, אַז ס׳איז שוין נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם און מען וועט שוין נישט רודפן קיין ייִדן. די שלעכטע נייעס איז, אַז ס׳איז נישט אמת.

איר ווייסט, וואָס עס טוט זיך אין דעם אויסלאַנד? אַ גאַנצע וועלט פאָרט קיין אויסלאַנד! אַפילו די אויסלענדער אַליין פאָרן אויך קיין אויסלאַנד. און וואָס איז דען דאָ צו זען אין דעם אויסלאַנד? גאָרנישט. כ׳בין געווען אין פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד, איטאַליע. כ׳בין געווען אין יענער געגנט, האָב איך זיך שוין געוואָלט אַריינכאַפּן אויך קיין אייראָפּע, נאָר ס׳איז מיר געווען אַ שאָד די צייט. כ׳בין געווען אין לאָנדאָן, האָב איך געטראַכט אויף איין וועגס צו געבן זיך אַ שפּרונג אַריין קיין ענגלאַנד, אָבער כ׳האָב נישט געהאַט קיין צייט.

מען האָט מיר צוגערעדט, אַז איך זאָל אַריינפאָרן אַ ביסל קיין רוסלאַנד. האָב איך אויך נישט געוואָלט. איך פאָר דאָך וועגן אַ שידוך. איך וויל דאָך חתונה האָבן, אָבער וועלכעס רוסישע מיידל וועט חתונה האָבן מיט אַן אַמעריקאַנער אימפּעריאַ־ליסט? סיידן זי וועט טאָן דאָס זעלבע וואָס סטאַלינס טאָכטער האָט געטאָן. האָב איך גענומען אַ שיף און בין אַוועק קיין ישׂראל. איך פאָר דאָך נישט אויף קיין עראָפּלאַנען. כ׳האָב פיינט עראָפּלאַנען. נישט דערפאַר ווייל איך האָב מורא. כ׳האָב סתם פיינט עראָפּלאַנען. אַן עראָפּלאַן, אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן! ס׳ווערט פאַר־זשאַווערט אַ שרייפל אָדער ס׳כאַפּן זיך אַריין אַ פּאָר ווערעם אינעם בענזין. שוין! שריי חי וקיים! ביי וואָס וועט איר זיך דעמאָלט אָנכאַפּן? ביי אַ וואָלקן? דערפאַר האָב איך פיינט עראָפּלאַנען. אָבער נישט דערפאַר ווייל איך האָב מורא. כ׳בין איין מאָל געפאָרן מיט אַן עראָפּלאַן, איז ווען איך בין שוין אַראָפּ אויף דער ערד — בין איך געווען אין זיבעטן הימל.

אַ שיף איז גאָר עפּעס אַנדערש. לאָמיר זאָגן, חלילה וחס, זי ווערט דערטרונקען, בין איך דאָך אין אַ שיף. מען גייט שפּאַצירן, מען רעדט אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך מע וויל. כ׳האָב גערעדט מיט אַ פּאַריזער פראַנצייזיש, האָט ער מיר געענטפערט אויף דייטש, אַז העברעיִש איז אַ שיינע שפּראַך. גיי ווייס, אַז אַ פּאַריזער קען נישט קיין פראַנצייזיש.

צי איך קען שפּראַכן? אַ שיינע פראַגע. ענגליש רעד איך ווי פראַנצייזיש. פראַנצייזיש רעד איך ווי איטאַליעניש, אָבער איטאַליעניש קען איך נישט קיין וואָרט.

אַ שיין לאַנד ישׂראל. אַזוי ווי איך בין אָנגעקומען קיין חיפה בין איך אַרויף אויפן כּרמל־באַרג, און געזוכט אַ שטיקל ריינע ערד, איך זאָל קענען אַ קוש טאָן. איז אַלץ פאַרבויט מיט אַספאַלט, בעטאָן, שטיינער. בין איך אַראָפּ פון באַרג און געקושט אונטן.

תּל־אָביב איז אויסערגעוויינלעך. די גאַסן זענען נאָר צו שמאָל פאַר אַזאַ גרויסער שטאָט ווי תּל־אָביב. ווידער די אויטאָבוסן זענען אַ ביסל צו ברייט פאַר אַזעלכע שמאָלע גאַסן ווי אין תּל־אָביב. און דער ים? אַזאַ גרויסער ים פאַר אַזאַ קליינער שטאָט ווי תּל־אָביב? און די ייִדן דאָרט האָבן עפּעס אַזאַ טבע צו שרייען, אַז מען קען דאָך פאַרטויבט ווערן. כ׳גיי אַדורך ביים ים אין תּל־אָביב, הער איך ווי אַ ייִד שרייט פון וואַסער אַרויס: געוואַלד, ראַטעוועט! כ׳קען נישט שווימען! איך קען אויך נישט שווימען, מאַך איך אַזעלכע געוואַלדן?

אָבער אַזוי איז דאָ אַלץ שיין. נעמט, למשל, נתניה. שיין, פּרעכטיק, בערג, גערטנער, לופטיק. פון וואַנען איך ווייס? מען האָט מיר שוין דערציילט. און אילת, איר ווייסט וואָס פאַר אַ שיינקייט ס׳איז אין אילת? אַ פאַרנאַכט. די זון שפּיגלט זיך אָפּ אין די בערג, דער ים שווימט מיט אַזאַ בלויקייט ביי די פעלדזן. און פיש, העכטן און שלייענס דזשאָמפּן איבערן וואַסער, טאַנצן האָראַ. מ׳קען דאָך פאַרכּישופט ווערן ווען מע זעט דאָס. פון וואַנען איך ווייס? ווידער פון וואַנען איך ווייס. מענטשן דערציילן. כ׳האָב דאָך נישט קיין צייט אַרומצושלעפּן זיך איבער די אַלע שטעט און קוקן. כ׳בין דאָך געקומען וועגן אַ שידוך.

אין נגב בין איך יאָ געווען, און כ׳האָב דאָרט געזען זייער אַ טשעקאַווע זאַך. מען האָט מיר געוויזן אויסגראָבונגען. מען גראָבט דאָרט אויס אַלטע שטעט, וואָס מען האָט זיי געבויט מיט טויזנטער יאָרן צוריק. נאָך אין שלמה רבינוס צייטן. אַז איך האָב דאָס דערזען, האָב איך געזאָגט: רבותי, איך גיב נישט מער קיין געלט פאַר ישׂראל. אַז מען גראָבט אויס פאַרטיקע שטעט מיט טראָטואַרן, מיט הייזער, מיט אַלע פּיטשעווקעס, גאָרנישט צו טאָן. אַריינצושטעלן נאָר אַ פּאָר בעטן און גיין וווינען. איז צו וואָס דאַרף מען געבן געלט? כ׳בין נישט גערעכט?

כ׳האָב געמיינט, אַז אין ישׂראל וועל איך זיך דערוויסן דאָס וואָס מען וויל וויסן. ווייס איך וואָס. איך ווייס נישט. און דאָס וואָס איך ווייס, זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז צו איך ווייס וואָס איך ווייס. און ווער ווייס יאָ? יעדער מיינט, אַז ער ווייסט. נאָר זאָל דער וואָס ווייסט זאָגן פון וואַנען ער ווייסט, ווייסט ער נישט. זאָל עמעצער מיר ווייזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז דאָס וואָס ער ווייסט, איז אַ באַווייז, אַז ער ווייסט. פון וואַנען זאָל ער וויסן? צייטונגען? זיי ווייסן דאָס זעלבע וואָס

איך ווייס. און דאָס וואָס איך ווייס זאָל אַריין אין אַ משוגענעם הונט. איצט ווייס איך כאָטש אַז איך ווייס נישט. און דאָס וואָס איך ווייס, וויל איך אייך נישט דערציילן. איר דערציילט מיר אויך אייערע סודות? ווען איר גיט מיר אַ מיליאָן. כ׳וואָלט גענומען וויניקער אויך.

איך בין דאָך געקומען אָבער וועגן אַ שידוך. און איר קענט מיר שוין אָפּגעבן אַ מזל־טוב. ס׳וועט אין קורצן זיין אַ חתונה.

מיט וועמען? מיט אַ מיידל אומגעפער. זייער אַ שיינע אומגעפער. אין יאָר טויזנט ניין הונדערט צוויי און דרייסיק האָט מען זי אויסגעוויילט אַלס שיינהייטס־קעניגין אויף אַ ברית אין פּתח־תקוה.

מיר האָבן זיך געטראָפן יעדן טאָג, און מיר זענען אַזוי אַרומגעגאַנגען אַ חודש צייט ביז מיר האָבן ביידע באַשלאָסן זיך צו פֿאַרליבן ביים ערשטן בליק.

די חתונה וועלן מיר מאַכן אין תּל־אָביב. די שבע ברכות אין ירושלים. דעם האָניק־חודש אין דער שווייץ, אָבער דעם גט וועלן מיר מאַכן אין ניו־יאָרק. אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן.

שוין?! כ׳האָב איך שוין אַלץ דערציילט? אַזוי מיינט איר? באמת, איר זייט אַ קאָמישע פיגור...

# אַ פֿאַרשפּעטיקטער

— ווי אַלט זענט איר?

— ענגליש רעדט איר?

— שור.

— קען מען דאָך רעדן יידיש.

— רעד איך דאָך.

— איז וואָס פרעגט איר?

— ווי אַלט זענט איר?

— כ׳זאָל אַזוי וויסן פון בייז. אין דער מלחמה ווען איך בין געווען אין רוס־לאַנד, האָט מען מיר צוגעגעבן פינף יאָר. איך בין אַריין אין דער אַרמיי, האָב איך מיר אַראָפּגענומען זעקס יאָר, געזעסן בין איך זיבן יאָר. נאָך דער מלחמה, ביים דזשאָינט, האָב איך מיר צוגעגעבן פופצן יאָר — פרעגט מיך נישט פאַר וואָס. אַלע האָבן אַזוי געטאָן. ווען איך האָב געהאַלטן ביי חתונה־האָבן, האָב איך מיר אַראָפּגענומען אַכט יאָר. דאָס מיידל האָט געוואָלט, איך זאָל זיין עלטער פון איר, האָב איך מיר צוגעגעבן צוועלף יאָר, און כ׳בין אַוועק קיין אויסטראַליע און צוגע־נומען דרייסיק פונט צו דער וואָג. איצט, לאָמיך זען, זייט אַ חכם און באַרעכנט ווי אַלט איך בין. אַ שאָד אייער קאָפּ. איר קענט קנייטשן דעם שטערן פון היינט ביז מאָרגן. דאָס איז אַ חשבון, וואָס קען צעברעכן אַן איי־בי־עם־מאַשין. פֿאַר־

שרייבט, אַז איך קום פון אויסטראַליע. אַן אויסטראַליער בין איך. איר ווייסט ווי ווייט ס׳איז אויסטראַליע פון ישׂראל?

— אַוודאי ווייס איך.

— ס׳איז נאָך ווייטער.

— אַ רגע, איר זענט פון אויסטראַליע?

— יאָ.

— פון מעלבורן?

— פון זשעליכאָוו.

— ווו איז דאָס זשעליכאָוו?

— אין פוילן.

— איר קומט פון פוילן?

— פון דייטשלאַנד.

— ווי זשע קומט איר אַהער?

— פון אויסטראַליע.

— איז ווער זענט איר?

— אַ פּרייוויליקער, אַ וואָלונטער. אַזוי ווי איך האָב געהערט, אַז ס׳איז אויסגעבראָכן אַ מלחמה, האָב איך מיר געזאָגט: פּיוזל, גיי און שטעל אונטער אַ פּלייצע. פּאָר מיין געלט בין איך געקומען. שיקט מיך אַרויס אויפן פראָנט, נישטאָ קיין צייט צו באַלאַמוטשען.

— כאַפּט נישט אַזוי, יונגערמאַן.

— ביי אייך גייט דאָך אַלץ פּאַמעלעך, מען האָט מיר שוין דערציילט, אַז ביי אייך, איידער מען באַשליסט, איידער מען טוט און איידער מען שרייבט אונטער... טאָמער פאַרשטייט איר נישט וואָס איך רעד צו אייך, קען איך מיט אייך רעדן עברית, ענגליש, פראַנצייזיש, ווי איר ווילט. שוין. האַקט מיר נישט אין קאָפּ אַריין און רעדט יידיש. פאַרשטייט, איר טוט מיר נישט קיין טובה, איך טו אייך נישט קיין טובה. כ׳בין אַ ייִד, דאָס איז מיין לאַנד. בין איך געקומען קעמפן. וואָס קוקט איר אויף מיר? וואָס באַלאַמוטשעט איר? ס׳איז דאָך אַ מלחמה! אוי, אַ בראָך, וואָס פּאַר אַ ווירטשאַפט דאָ גייט צו. גיט מיר אַ כּלי און שיקט מיך אַוועק! שיקט מיך קיין ירושלים, איך וויל האָבן די זכיה איינצונעמען דעם כּותל מערבי.

— ירושלים האָט מען שוין איינגענומען.

— שוין?! איז דאָך מיר געשען אַן אומגליק. גייט דאָך מיר דאָ ביי אייך מיט דער פּוטער אַראָפּ. נישט געקענט צוואַרטן אַ פּאָר שעה? ווען איר וואַרט צו... נו, פאַרפאַלן. שיקט זשע מיך קיין חברון, לאָמיך כאָטש איינגעמען די מערת המכפּלה. וואָס לאַכט איר? שוין? איינגענומען? זאָגט מיר, איר מאַכט מיט מיר חכמות, צי איר ווילט מיר סתּם צאַפּן ס׳בלוט?

— וואָס ווילט איר פון מיר? חברון, בית־לחם, קבר רחל, דאָס איז שוין לאַנג איינגענומען.

— וואָס הייסט לאַנג? די מלחמה האָט זיך דאָך ערשט אָנגעהויבן מיט דריי טעג צוריק, און איך האָב גלייך טעלעגראַפירט: איך קום! איך ווין דאָך אין אויסטראַליע. איך קען דאָך נישט קומען אין דער זעלבער מינוט. מען דאַרף איינ־

פּאַקן. מען דאַרף שאַפן אַן אָרט אין עראָפּלאַן. אין לוד אַ טעקסי איז אויך נישט פון די לייכטע זאַכן. ביז איך האָב געקריגן אין לוד אַ טעקסי קיין תּל־אָביב, האָט ער דערווייל אַלץ איינגענומען.

— וואָס דען האָבן מיר באַדאַרפט טאָן?

— וואַרטן! וואַרטן! מען דאַרף זיך רעכענען מיט אַזאַ ייִד ווי איך בין! איך בין אַ ציוניסט נאָך פון סטאַלינס צייטן. סטאַלין, דאַרפט איר וויסן, האָט איפּגעשטעלט מער ציוניסטן ווי ד״ר הערצל.

— זאָגט להבדיל.

— להבדיל ימח שמו. איך בין אַ טעטיקער ציוניסט, איך האָב אַ האָטעל אין אויסטראַליע, הייסט ער תּל־אָביב. אויף איינצונעמען ירושלים נעמט מען ייִנגלעך, שמענדריקעס און איך ווו בין? אויף געלט געבן בין איך דאָ?

— דאָרט איז געווען אַן אַכזריותדיקער קאַמף, ר׳ ייִד. וואָס וואָלט איר געטאָן ווען איר וואָלט חלילה געהרגעט געוואָרן?

— וואָס איז דאָס אײַער דאגה? ווען איך וואָלט געהרגעט געוואָרן, וואָלט איך שוין געוווּסט וואָס צו טאָן. בקיצור, איך זע דאָך שוין אַז איר האָט אַלץ דערליידיקט, האָב איך דאָך שוין נישט וואָס צו טאָן. בלייבט מיר נאָר איבער אַרומצודרייען זיך אויף דיזענגאָף־גאַס און קוקן אויף די מיני־מיידלעך. צוליב דעם בין איך געקומען פון אויסטראַליע? פאַרשלאָסן אַ געשעפט, אַריינגעלייגט הוצאות. כ׳האָב מיר מיטגענומען כאַקי־הויזן, אַ כאַקי־העמדל. איר זעט, אַפילו דאָס בלעכל אויפן האַלדז האָב איך מיר אויך מיטגענומען. פאַר מיין געלט. די רעגירונג דאָ דאַרף נישט אויסגעבן אויף מיר קיין גראָשן. כ׳האָב געטאָן אַן עוולה, געדאַרפט אויך מיטנעמען אַ האַרמאַט, וואָלט איך אין גאַנצן נישט באַדאַרפט צו אייך אָנקומען. וואָס קוקט איר אויף מיר אַזוי? איך פרעג דאָך אייך.

— וואָס פרעגט איר מיך?

— איך פרעג אייך, וואָס פאַראַ ערטער איז נאָך געבליבן איינצונעמען?

— קאַנאַדע.

— וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט אייך קאַנאַדע געטאָן?

— מיר דאַרפן וואַסער און זיי האָבן אַ סך וואַסער.

— קאַנאַדע איז שוין סיי ווי אין אונדזערע הענט, מיר האָבן שוין דאָרט מער ישׂראל־ייִדן ווי אין ישׂראל.

— וואָס טויגן די חכמות? איר זענט געקומען העלפן דער מדינה. זייער שיין. מיר קענען אייך שיקן אין אַ קיבוץ אַריין.

— פּונקט פאַר מיר, גראָבן קאַרטאָפל, טאַנצן האָראַ און הערן לעקציעס וועגן ביאַליקן. פּונקט פאַר מיינע נערוון.

— וואָס זשע ווילט איר? מ׳זאָל פאַר אייך אָנהייבן אַ ספּעציעלע מלחמה?

— איז וואָס וועט איר דערלייגן דערצו?

— גוט, מען וועט מאַכן אַ מלחמה, מען וועט אָנהייבן די מלחמה ניין אין דער פרי. וואָס וועט איר טאָן נאָך מיטאָג? אַז מען קומט אַלס וואָלונטער, דאַרף מען טאָן אַלץ וואָס ס׳איז נייטיק פאַרן לאַנד. היינט איז ביי מיר געווען איינער פון בעלגיע וואָס איז שוין ס׳פערטע יאָר אויף מעדיצין.

— אַ קראַנקער!

— ניין, ער שטודירט מעדיצין. איז ער אַוועק אַרבעטן ביי קי. אין אַ שטאַל פון קי.

— אַזאַ מענטש שיקט איר אַרבעטן ביי קי? אַזאַ מענטש שיקט מען אַרבעטן אין אַ שפּיטאַל.

— ער איז דאָך נאָך נישט קיין געענדיקטער דאָקטער.

— ביי די קי וועט איר ענדיקן אויף דאָקטער? איך פאַרשטיי נישט. אויב ער איז נאָך נישט קיין געענדיקטער דאָקטער, גיט מען אים דערווייל צו היילן קליינע קינדער. קליינע קינדער קען ער דאָך שוין היילן.

— אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר דער עצה. אין דרויסן שטייען מענטשן און איר נעמט מיר צו צייט.

— עס שטייט דאָרט אַ מיידל פון אַמעריקע. אויך אַ וואָלונטערין. איך האָב שוין מיט אים גערעדט. זי איז אַ זינגערין. זי וויל זינגען פאַר די סאָלדאַטן, דערנאָך וועט זי זיך מאַכן פּובליסיטי אין אַמעריקע אַלס ישׂראלדיקע זינגערין.

— מאַכט נישט אויס. זי וועט אַרבעטן אין שפּיטאַל אַלס שוועסטער און אַלס זינגערין.

— וואָס עפּעס אין אַ שפּיטאַל זינגען? געהערט אַ מעשׂה? די שוועסטערס וועלן זינגען, די דאָקטוירים וועלן טאַנצן, וועלן די סאָלדאַטן געזונט ווערן? שוין. כ׳זע דאָך שוין, אַז כ׳וועל מיט אייך גאָרנישט מאַכן, האָב איך צו אייך אַ בקשה: איך פאָר צוריק אַהיים. טאָמער מאַכט זיך אייך נאָך אַ זיבן־טאָגיקע מלחמה.

— אַ זעקס־טאָגיקע.

— אַז עס וועט זיך אייך מאַכן אַזאַ מעשׂה, זאָלט איר מיר פריִער אָנשרייבן. איר זאָלט גאָרנישט קיין מורא האָבן. פּיוול איז דאָ! איר הערט? שלום!

## אַ מיליאָנער מיט אַ קאַטאַר

— איר רעדט וועגן מענטשן, רעדט איר? פרעגט מיך, וועל איך אייך זאָגן וואָס מענטשן זענען. מענטשן זענען פּונקט ווי... וואָס איך האָב שוין געליטן פון מענטשן. וויפל פּיין און לייד מענטשן האָבן שוין מיר פאַרשאַפט. פרעגט מיך, וועל איך אייך זאָגן וואָס מענטשן זענען. דאָס זענען אַזעלכע באַשעפענישן... געוואַלד, וואָס פאַר אַ צרות און קלעמענישן איך בין פון מענטשן אויסגעשטאַנען. וועגן מענטשן, פרעגט מיך. נאָר מיך!

זאָגט מיר, אַדרבא, שׂכל האָט איר דאָך. איך ווייס נאָר נישט וויפל, ווייל איר גיט דאָך אַוועק אייער צייט אויף שרייבן מעשׂיות, אָבער אַ מענטשן דערקענט מען דאָך אין ערשטן בליק. ווי קוק איך אויס אין אייערע אויגן? אָבער דעם ריינעם

אמת. איך וועל אייך נישט האַלטן ביים וואָרט. איר זעט דעם דאָזיקן, וואָס האָט מיך אַזוי האַרציק און וואַרעם באַגריסט? וואָס ער ווינטשט מיר, זאָל אַריין אין אַ משוגענעם הונט. וואָס מענטשן זענען.

וואָס בין איך שולדיק אַז איך בין אַ מיליאָנער? מען פרעסט דאָך מיך אויף מיט די אויגן. אַ בייזע שׂנאה אויף מיר פון אַלע זייטן. ווען מענטשן וואָלטן געהאַט שׂכל, וואָלטן זיי דאָך געדאַרפט זיין גליקלעך מיט מיר. אַ ייִד, אַ מיליאָנער, גיט ער פאַר ישׂראל. גיב איך ווייניק, דינגט מען זיך מיט מיר. פֿעלט מען נישט, איז דאָך כאָטש דאָ מיט וועמען זיך צו דינגען. מיט אַן אָרעמאַן, דינג זיך מיט אים פון היינט ביז מאָרגן, וועט אייך עפּעס העלפן?

מענטשן, וועגן מענטשן רעדט ער. טאָמער זענען נאָך דאָ עטלעכע אָרנטלעכע מענטשן, זענען זיי אָרעמעלייט.

איר מעגט מיר גלייבן, אַז עס באַקומט מיר נישט דאָס לעבן, צוליב אַ פּשוטן, קאַ, קאַ, אַ פּשי...

— צום געזונט!

— אַ שיינעם דאַנק אייך. דער קאַטאַר מיינער לייגט מיך אַוועק. אַ כראָנישער איז ער. מען זאָגט, אַז מען קען מיט אים לעבן שטיל, רויִק און כראָניש.

ביי דער היינטיקער צייט, די לבנה האָט מען שוין געסעטלט. און מען וועט נאָך דערפינדן אַזעלכע זאַכן וואָס מען האָט נישט געחלומט וועגן זיי. און צו אַ פּשוטן קאַטאַר זאָל נאָך אַלץ נישט זיין קיין רפואה? וואָס די דאָזיקע נאַז מיינע האָט מיך שוין אָפּגעקאָסט, וואָלט מען שוין געקענט האָבן אויפגעבויט אַ פּאַרט מיט שיפן אין ירושלים. האָב איך צוזאַמענגענומען אַ פּאָר מיליאָנערישע קאַטאַרן, און מיר האָבן אַוועקגעזעצט עטלעכע פּראָפעסאָרן. איינגעקויפט זיי ס׳געצייג, געלט, וויפל זיי ווילן, און אַרבעטס אויס, חברה, אַ רפואה צום קאַטאַר!

דער געזונטהייט־מיניסטער אַליין, טראָגט זיך אויך אַרום מיט אַ געשוואָלענער נאַז, גיט שוין די רעגירונג אויך צושטייער צו די פאַרשונגען. די פּראָפעסאָרן, אַז מען גיט אויף זיי אַכטונג, אַרבעטן זיי. זיי האַלטן נאָך אָבער אַלץ ביי די באַקצילן און די ווירוסן. די רפואה אַליין — אַ נעכטיקער טאָג.

דער שכן מיינער איז אַדורכגעגאַנגען מיט זיין הונט, האָב איך געגעבן אַ נאָס, האָט מיר דער הונט צעביסן אַ קני און ער האָט מיך אָפּגעגעבן אין מישפּט מיט אַ טענה אַז איך האָב דעם הונט משוגע געמאַכט.

כ׳בין געווען ביי אַ פּראָפעסאָר אין דער שווייץ, און האָב אים געזאָגט: זעכציק טויזנט דאָלאַר באַקומסטו קעש פאַר אויסהיילן מיין קאַטאַר. האָט ער גענומען אַ פעדער, אַוועקגעזעצט זיך, געמאַכט אַ קאַלקולאַציע און געזאָגט: אַ קעי! נאָך פינף טעג האָבן מיר זיך געזעגנט. ער איז געווען צופרידן איך בין געווען צופרידן. לכּבוד דעם יום־טוב בין איך געגאַנגען אין אַ נאַכטלאָקאַל מיט... נישט וויכטיק מיט וועמען. און באַלד, אַ נאָס. נאָך דעם נאָך אַ גרעסערן. דער אָבער־קעלנער האָט מיך זייער העפלעך געבעטן איבערזעצן זיך נעבן אַן אַנדער טישל, ווייל איך זיץ נעבן דער עסטראַדע און כ׳מאַך נאַס די טענצערינס.

בין איך צוריק צום פּראָפעסאָר מיט אַ היתּכן? מיט גוטנס, האָב איך געזען, וועל איך מיט אים גאָרנישט מאַכן. האָב איך עס איבערגעגעבן מיין לאָיער און

כ׳האָב פֿאַרשפּילט דעם מישפּט, ווייל דער פּראָפֿעסאָר האָט געטענהט, אַז דאָס איז נישט דער זעלבער קאַטאַר. אַ נייער קאַטאַר. דעם פֿריִערדיקן האָט ער אויסגעהיילט. אויב איך וויל, קען ער זיך ווידער אָוועקזעצן און מאַכן מיר אַ נייע קאַלקולאַציע, און מענטשן זענען מיך מקנא ווייל איך בין אַ מיליאָנער. וואָס מענטשן זענען!

און די וועלט אַליין... די וועלט אַליין איז דאָך געוואָרן אויס וועלט. ווי קען אַ וועלט לעבן אין אַזאַ וועלט? ס׳ברעכט אויף חלילה אַן אַטאָם־מלחמה, הוק שטוק, אויס וועלט. מילא איך. איך האָב זיך שוין גוט אַסעקורירט קעגן אַטאָם־באָמבעס. איר מעגט עס פֿאַרדינען יעדן חודש, ווינטש איך אייך, וואָס אַזאַ אַסעקוראַציע האָט מיך געקאָסט. כאָטש איך בין אייך נישט קיין שׂונא, וועט איר פֿאַרשפּאָרן זיך פּלאָגן מיט אייער שרייבעכץ. אָבער וואָס וועט נעבעך טאָן דאָס פֿאָלק? אַפֿילו די אוממענטשן זענען דאָך אויך נישט מער ווי מענטשן.

איר מעגט מיר גלייבן, אַז איך בין אייך מקנא. אייך איז ווילער פֿון מיר. קיינער טראָגט אייך נישט אויף דער צונג. מענטשן האָבן אייך גערן. איר האָט ווייניק, איר דאַרפֿט אַ סך, באַנוגנט איר זיך מיט גאָרנישט. צום געזונט! זעסט, ער האָט געגאָסן דערויף, אַ סימן... וואָס? איר האָט שוין אויך אַ קאַטאַר? בין איך אייך שוין אויך נישט מקנא.

זייט געזונט. גיט מיר נישט די האַנט, ווייל פֿון מיין אייגענעם אַליין קען איך נישט פּטור ווערן. כ׳פֿאָר באַלד אַוועק קיין מיאַמי שפּילן קאָרטן. כ׳בין שוין אויפֿגערעגט.

## אַ גוט דערצויגענער מענטש

ביים אַריינגאַנג אין אויטאָבוס איז פֿאַר אים געשטאַנען אַ דיקע פֿרוי מיט אַ צעשראָקן פּנים. מיט אַ רענצל אין איין האַנט און מיט אַ גרויסער טאַש אין דער צווייטער האַנט.

ווען זי האָט שוין געהאַלטן ביים אַריינגיין אין אויטאָבוס, איז זי שטיין געבליבן אין אַ פֿאַרלעגנהייט, ווייל דער דורכגאַנג איז זייער אַ שמאָלער, און זי איז זייער אַ דיקע, האַלט אַ רענצל אין איין האַנט און אַ גרויסן טאַש אין דער צווייטער האַנט.

דער, וואָס איז געשטאַנען הינטער איר, האָט פֿאַרשטאַנען איר צו העלפֿן. ער האָט אַרויסגענומען פֿון איר האַנט דאָס רענצל און די פֿרוי האָט זיך מיט אַ דאַנקבאַר שמייכעלע, דורכגעשטופּט מיט איר גרויסן טאַש דורכן שמאָלן טירל.

ווען די פֿרוי איז שוין געזעסן ניינציק פּראָצענט אינעווייניק, און ער האָט שוין געהאַט בדעה אַרויפֿצושטעלן אַ פֿוס אויפֿן טרעפּל, האָט זיך פּלוצעם באַוויזן אַן אַנדערע, אַ שוואַנגערדיקע, האָט ער זיך גלייך צוריקגעצויגן און אָפּגעטראָטן איר דעם פּלאַץ.

אַזוי ווי זי איז אויך שוין אַריין אינעווייניק, האָט זיך דאָס טירל פאַרקלאַפּט, דער אויטאָבוס האָט אָנגעהויבן פאָרן, און איבערגעלאָזט אַ ריי מיט מענטשן און איינעם אַ צעטומלטן, מיט אַ פרעמד רענצל אין דער האַנט.

די פרוי אין אויטאָבוס האָט זיך גענומען רעשן. אַ רענצל! אַ פול רענצל מיט זאַכן האָט מען איר צוגענומען! און דאָס האָט זי זיך דערמאַנט דעמאָלט ווען זי איז שוין געהאַט אָפּגעפאָרן אַ פּאָר סטאַציעס.

דער, וואָס איז געבליבן מיט דעם רענצל, נישט וויסנדיק וואָס ער האָט דערמיט צו טאָן, איז ער שטיין געבליבן אויף איין אָרט. לויט זיין שׂכל האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די פרוי דאַרף דאָ צוריק אַהערקומען, זוכן איר רענצל.

נאָכן אָפּשטיין אַ האַלבע שעה, האָט ער געזען אַז דאָס איז נישט קיין תּכלית, האָט ער זיך געלאָזט פאָרן מיט דעם ערשטן אויטאָבוס וואָס איז אָנגעקומען. לויט זיין שׂכל, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז די פרוי האָט לויט איר שׂכל פאַרשטאַנען, צו בלייבן ערגעץ שטיין אויף אַ סטאַציע, און וואַרטן ביז דער, מיט דעם רענצל, וועט דורכפאָרן.

אַלע סטאַציעס איז ער דורכגעפאָרן, און אין ערגעץ נישט געטראָפן די דאָזיקע פרוי.

אַ מידקייט איז אים באַפאַלן און אַ חשד האָט אים גענומען נאָגן און דאַקוטשען. ווער ווייסט ווער די פרוי איז? ווער ווייסט וואָס אין דעם רענצל איז פאַראַן? ווייל וועלכע פרוי לויפט דאָס נישט צוריק צו דער אויטאָבוס-סטאַציע, אַ זוך טאָן, אפשר שטייט ער דער מענטש מיט איר רענצל און וואַרט? ס׳קען גאָר זיין, אַז די פרוי האָט ספּעציעל אונטערגעוואָרפן דאָס רענצל, אַז זי איז גליקלעך וואָס זי האָט זיך באַפרייט פון דעם. ס׳קען זיין... וואָס קען מען וויסן וואָס דאָ קען אַלץ זיין?

ווער האָט מיך געבעטן — האָט ער אָנגעהויבן טענהן צו זיך אַליין — אַז איך זאָל זיין אַזאַ גוט דערצויגענער מענטש, שטופּן זיך העלפן אַ דיקע יידענע. און אָנמאַכן זיך אַליין אַזעלכע צרות? זי קען זיך נישט אַריינשטופּן אין אַן אויטאָבוס? זאָל זי פאָרן מיט אַ טעקסי. זאָל זי גיין צו פוס. אויפן קאָפּ זאָל זי גיין! וואָס — צו אַלדע גוטע יאָר — גייט עס מיך אָן?

אַריינקוקן אין דעם רענצל אַריין? חלילה! ער ווייסט נישט, און וויל נישט וויסן וואָס דאָרט איז פאַראַן.

בכדי זיך צו באַפרייען פון דעם און פון דעם פּחד, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם רענצל, האָט ער באַשלאָסן צוגיין צו דער פּאָליציי, דערציילן די גאַנצע מעשׂה, אָוועקגעבן דאָס רענצל און פּטור אַן עסק.

אויפן וועג צו דער פּאָליציי, איז אים אַנטקעגנגעקומען די פרוי, די דיקע פרוי, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן אויסצורעדן אַ וואָרט, האָט ער פון איר אַריינגעכאַפּט אַ פּאַטש איבערן פּנים, און ער איז שוין אַריין אין דער פּאָליציי צוזאַמען מיט איר, ווי אַן אמתער גנב.

דער סערזשאַנט אין דער פּאָליציי האָט זייער איילים געשריבן דעם ראַפּאָרט, די פרוי זאָל קענען וואָס שנעלער זיך באַפרייען. זי איז אַ נייע עולה, דעם צווייטן טאָג אין לאַנד, און מען וואַרט אויף איר. די גאַנצע משפּחה וואָס איז צעשפּרייט איבער דער מדינה, איז זיך צונויפגעקומען צוזאַמען, און מען האָט צוגעגרייט

איצט אַ קבלת פּנים פאַר איר, פאַר דער מומע מלכּה וואָס איז געקומען אין לאַנד.

צוליב דער מעשׂה מיט דעם רענצל, איז די מומע מלכּה אָנגעקומען מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג. מען האָט זיך געהאַלטן אין איין קושן, אַ קליינעקייט, פערציק יאָר זיך נישט געזען. ווער האָט געגלייבט אַז מען וועט עס נאָך דערלעבן.

די פרייד וואָלט געווען נאָך גרעסער, ווען סאַשקאַ וואָלט נישט געווען אָפּוועזנד. ער האָט שוין באַדאַרפט דאָ זיין נאָך מיט שעהען צוריק. מען ווייסט גענוי ווען ער איז אַרויסגעפּאָרן פון חדרה, און ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין.

די קרובים זענען זייער באַזאָרגט, מען ווייסט נישט וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט.

די מומע מלכּה האָט זיך שטאַרק צעוויינט. פערציק יאָר האָט זי געוואַרט אַז זי זאָל קענען זען איר טייערן סאַשקאַ, איצט, ווער ווייסט וואָס מיט אים איז געשען.

שפּעט אין אָוונט איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון סאַשאַ. דורכן טעלעפאָן איז געקומען די ידיעה. ער האָט דערציילט, אַז ער איז אַרעסטירט אין דער פּאָליציי. עפּעס אַ דיקע יאַכנע, אַ פּאַסקודסטווע פון אַ ייִדענע, האָט אים באַשולדיקט, אַז ער האָט ביי איר צוגעגנבעט אַ רענצל.

## אַן איינגערעדטע קרענק

— אַ מענטש ווי איר, לייגט זיך אַריין אין אַ בעט, און מאַכט זיך נאַריש. איר שעמט אייך גאָרנישט? איר ווילט דווקא, אַז מען זאָל מיינען, אַז איר זענט קראַנק?

איך האָב געטראָפן די בלאָנדע מאַדאַם סאָלאָמאָן, האָבן מיר אַזוי לאַנג גערעדט ביז זי איז אַרויף אויף אייך... האָט זי מיר געזאָגט, אַז איר זענט קראַנק. עפּעס האָט זי מיר געזאָגט האַרץ שמאַרץ, האָב איך מיר געטראַכט, ביי דער היינטיקער צייט קאָן אַ מענטש וויסן וואָס עס וועט זיין מיט אים אַ מינוט שפּעטער? אָט לעבט ער, און אָט, כ׳בעט אייך איבער... האָב איך געלאָזט אַלץ שטיין און געגאַנגען אייך מבקר־חולה זיין. ס׳איז דאָך אַ מיצווה.

איז וואָס מאַכט איר זיך נאַריש? איר שעמט זיך גאָרנישט? ס׳טוט אייך ערגעץ וויי? וואָס האָט געזאָגט דער דאָקטער? איר וועט זיך אַריינלאָזן מיט די דאָקטוירים וועט איר שיין אויסזען... איז וואָס האָט ער געזאָגט, דער דאָקטער? איר מוזט ליגן גלייך? אַזוי?! איר טאָרט זיך נישט רירן?! און איר גלייבט אים? תּורת לאָקשן! זאָל ער זיך פאַרדרייען זיין קאָפּ, דער דאָקטער. ס׳איז אייך גאָרנישט, גאָרנישט מיט גאָרנישט! אַן איינגערעדטע קרענק! איך קען זיך מיט אייך וועטן אין וויפל איר ווילט. הערט מיך און לאָזט אייך אַרויפהאַקן אַ פּלייצע באַנקעס, אַ פּאָר פּיאַווקעס, און אַ האַלב גלאָז ריצינאַייל, שטייט איר אויף אַ געזונטער מענטש.

דרייט איך נישט! דער דאָקטער האָט איך געהייסן ליגן גלייך, ליגט מען. ער האָט געזאָגט נישט רירן, רירט מען זיך נישט.

אויפן פּנים קוקט איר אויס גאַנץ גוט. אַ ביסל בלאַסלעך, די באַקן אַ ביסל איינגעפאַלן. דאָס איז פון וועטער. אָבער אַזוי פילט איר זיך דאָך מן הסתם זייער גוט, האַ? דער עיקר איז נישט אַריינקלערן. אַ מחלה האָט נישט ליב, אַז מען קלערט אין איר אַרייַן. אין ערגסטן פאַל מאַכט מען אַן אַנאַליזע.

ער האָט געזאָגט, דער דאָקטער, אַז איר טאָרט נישט רעדן, רעדט מען נישט! ס'צווינגט איך ווער צו רעדן? ס'בעט איך ווער איר זאָלט רעדן? וואָס פאַר אַ נוצן האָט איר פון דעם רעדן? איז ווי פילט איר זיך? איך האָב איך שוין געפרעגט דריי מאָל און איר האָט מיר נאָך קיין איין מאָל נישט געענטפערט.

איר מעגט מיר גלייבן, אַז ניינציק פּראָצענט מענטשן דרייען זיך היינט אַרום מיט קאַפּוריטיק. דעם מאָגן האָט איר? יעדעס מאָל? אַזאַ יאָר אויף מיר! ווער מיר גוטס גינט, וואָס דאַרפט איר מער?!

איך זע נישט, אַז איך זאָל עפּעס זיין. ס'איז אַן איינגערעדטע קרענק. וואָס דרייט איר זיך? איר קענט נישט איינליגן רויק צו אַלדע טיוול? דער שלאָק וועט איך נעמען, אַז איר וועט איינליגן אויף אַן אָרט? צו דעם האָט איר אויך נישט קיין שׂכל? וואָס רעדט איר?! וואָס באַטשקעט איר?! וואָס האַלט איר אין איין פּלאַפּלען?! דער דאָקטער האָט דאָך איך געזאָגט, אַז איר טאָרט נישט רעדן. איז ווי פילט איר זיך? כ'הער נישט! רעדט אַ ביסל העכער!

קיין געסט, האָט ער געזאָגט, זאָלט איר אויך נישט אויפנעמען? אַ קלוגער דאָקטער, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין. געסט, דאָס איז אַן אומגליק. זיי קומען צו אַ קראַנקן און האַקן אים אַן אַ פולן קאָפּ. גיי ענטפער יעדן באַזונדער אויף דעם: וואָס מאַכט איר? וואָס הערט זיך? און ווי גייט עס? אַ קראַנקער מענטש דאַרף ס'ערשטע האָבן רו, וואָס ווייניקער רעדן צו אים! כ'בין נישט גערעכט?... כ'הער נישט קיין וואָרט! וואָס רעדט איר אַזוי שטיל?

איז ווי פילט איר זיך? ווייזט מיר די צונג. נאָך אַ ביסל, וואָס זשאַלעוועט איר אַ שטיקל צונג? וואָס האָט איר מורא, אַז כ'וועל זי איך צונעמען? שוין, איר קענט זי שוין אַריינעמען. דעם דאָקטער האָט איר אויך געוויזן די צונג? נו, ער האָט געזען? איז דאָך גוט. וואָס זשע ווילט איר? איז דאָך אַלץ אין בעסטן אָרדענונג!

ער דרייט זיך שוין ווידער. כ'מוז איך זאָגן, אַז איר זענט אַ רשע מרושע און אַ להכעיסניק. איר דרייט זיך עקסטרע, כּדי מיך אויפצורעגן, אַז די גאַל זאָל מיר פּלאַצן. ליגט איך צו אַלדע שוואַרץ יאָר, און רעדט נישט! איר ווייסט, וואָס אַזאַ דרייען קען, חלילה, אָנמאַכן?!

אונדזערס אַ באַקאַנטער, הערמאַן זיגלער, עליו השלום, האָט געהאַט די זעלבע מעשׂה וואָס איר.

אַקעגן וואָס זאָג איך דאָס? קעגן איך. אַז מען טאָר נישט קיין מורא האָבן. איך זע נישט, אַז איך זאָל עפּעס זיין. איר מיינט, אַז די דאָקטוירים זענען מלאָכים? די קאָנען, מיינט איר, וויסן אַלץ וואָס עס טוט זיך אינעווייניק? דערפאַר האַלט איך פון שניידן. מען עפנט אויף, מען קוקט אַריין, וויסט מען.

ביי מיין קוזין, זכרונו לברכה, איז דאָך אויך געווען די זעלבע מעשׂה, וואָס ביי

איך. מען האָט אויך געמיינט, אַז דאָס איז ס׳האַרץ. האָט מען געעפנט, אַריינגעקוקט, האָט מען דערזעען, אַז דאָס איז, נישט פאַר איך געדאַכט, נישט פאַר קיין שום מענטש געדאַכט, אין גאַנצן עפּעס אַנדערש!

איר הערט, צי איר הערט נישט? וואָס מיינט איר, אַז איך וועל דאָ שטיק און רעדן צו די פיר ווענט און איר וועט נישט ענטפערן קיין וואָרט? וואָס איז איך געשען? ס׳איז אייך נישט גוט? קאָפּ־שווינדלעניש? קענט איר דאָך זאָגן! כ׳בין דאָך שיִער אויסגעגאַנגען פון פּחד. כ׳האָב געמיינט, חלילה, שוין...

שוין, אייער פרוי גייט שוין.

— כ׳האָב געהערט, אַז אייער מאַן איז קראַנק, האָב איך אים מבקר־חולה געווען. כ׳האָב אים געטרייסט!

## אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה

— שלום עליכם, אַן אַמעריקאַנער ייִד? יאָ? איר זעט, איך האָב באַלד דערקענט. פון וואַנען איך ווייס? אינסטינקט! אַזוי ווי כ׳האָב דערהערט, אַז איר הייסט מייק, איר רעדט ענגליש און איר וווינט אין ברוקלין, האָט מיר מיין אינסטינקט גלייך געזאָגט: אַז דער ענגלענדער וואָס קוקט אויס ווי אַ פראַנצויז און רעדט מיט די הענט, איז אַן אַמעריקאַנער ייִד.

נו? וואָס זאָגט איר צו אונדזער מדינה? איר האָט הנאה, האָ? איר שעפּט נחת? ס׳איז כּדאַי געווען אַריינצולייגן די פּאָר דאָלער אין די הוצאות אַריין דאָס אָלץ צו זען. וואָס זאָגט איר צו אונדזער כּותל מערבי? ווייזט מיר נאָך איין מדינה אין דער וועלט וואָס זאָל האָבן אַזאַ כּותל מערבי. וואָרט, וואָרט, איר מיינט, אַז דער כּותל מערבי בלייבט שוין אַזוי אַ? חלילה! עס אַרבעטן דאָרט אַרכיטעקטן, עלעקטראָטעכניקערס, מאַלאַרזשעס, מען גראָבט, מען בויט. איר וועט קומען אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועט איר שוין דעם כּותל מערבי נישט דערקענען. ער וועט זיין שענער פון אייער פינפטער עוועניו. אַ כּותל מערבי, לוקסוס! מיט אײרקאָנדישן. אַ כּותל מערבי נאָר צום פאָטאָגראַפירן.

וואָס זאָגט איר? מען האָט אייך נישט צוגעלאָזט צום כּותל צוזאַמען מיט אייער פרוי? זי האָט געמוזט גיין צו די ווייבער און איר צו די מענער. אַ פרישׁ אומגליק! מען האָט זי אייך צוריקגעגעבן? שוין! איך האַלט. אַז דאָס וואָס מען האָט געמאַכט די ווייבער באַזונדער, דאָס איז דווקא זייער גוט. מיר דאַרפן זיך נישט צוהערן ווי זיי פּלאַפּלען דאָרט אַריין זייערע נאַרישקייטן. און אויב איר ווילט זוכן חסרונות אויף ישראל, קענט איר געפינען אויף טריט און שריט.

איר האָט שוין געזען אַ לאַנד וואָס זאָל אויסהאַלטן אַן אַרמיי מיט עסן און און טרינקען און כּל טוב, אויף צו אַרבעטן זעקס טעג איין מאָל אין צוואַנציק יאָר? און דאָס מיליטער אַליין? לאָזט מיך געמאַכט! מיינס אַ שכן, אַ רעזערוויסט אין

אַרטילעריע, באַלד אין דער פרי ווי ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָט מען אים געדרופן, איז איידער ער האָט געענדיקט פוצן די ציין האָט מען איינגענומען עזה. ווען ער האָט געזאָגט שלום צום וויב האָט מען שוין געהאַט איינגענומען ירושלים. ער איז דאָך אַוועק אָן אַ מאַנטל, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז ביז ער וועט אַריינשטופן די האַנט אין אַרבל אַריין, וועט ער שוין נישט האָבן וואָס איינצונעמען. דאָס איז דאָס מיליטער. איר פאַרשטייט?

און אַז ס'איז שוין אַ מלחמה, און מען האָלט שוין ביי נעמען, איז אַז מען נעמט, נעמט שוין אויך די דאַרדאַנעלן. וואָס וואָלט עס מיך געאַרט, און וואָס וואָלט עס איך געאַרט ווען מיר האָבן די דאַרדאַנעלן. כאָטש איין דאַרדאַנעל. אַ ייִד וואָלט געקומען פון אַמעריקע וואָלט ער געהאַט נאָך עפּעס וואָס צו זען, נאָך עפּעס צו פאָטאָגראַפירן. שוין. וואָס עמיר רעדן. ס'איז דאָך שוין פאַרפאַלן.

איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, האָב איך מיר אויפגעבויט ביי מיין הויז אַ שעלטער, אַ בונקער. און אַזוי ווי איך האָב דערהערט דעם ערשטן שאָס — אין ראַדיאָ — האָב איך מיך אַריינגעזעצט אין בונקער אַריין. האָב איך געוווּסט אַז וואָס זיכער איז זיכער, אַז אויב עס פאַלט אַ באָמבע אין סועץ־קאַנאַל, קען מיר דאָ גאָרנישט געשען. און איך האָב באַלד געזען אַז די לאַגע אונדזערע איז נישט גוט. וואָס הייסט נישט גוט? ביטער! בלויז אין סיני שטייט אַן אַרמיי פון הונדערט טויזנט מצרישע זעלנער, טויזנט טאַנקען, פינף טויזנט האַרמאַטן, פינף הונדערט עראָפּלאַנען, און אונדזער לאַנד איז אַזוי קליין. איז ווו וועלן מיר דאָס אַלץ אַהינ־טאָן? ווו וועט מען נעמען פלאַץ אַוועקצושטעלן די אַלע כלים? ווען מיר לעבן בשלום מיט די אַראַבער, וואָלט מען עס דערווייל אַוועקגעשטעלט ביי זיי.

איך האָב אויסגערעכנט, אַז פיר טאַנקען מיט איין האַרמאַט פאַרנעמען אַ דונאַם באָדן. און וויפל דונאַמס מישטיינסגעזאָגט, פאַרמאָגט אונדזער מדינה?

און די געפאַנגענע, עסן דאַרף מען זיי געבן. מיר, דאַרפט איר וויסן, באַציִען זיך צו געפאַנגענע זייער מענטשלעך, מען האָט זיי אַפילו נישט געצוווּנגען אַז זיי זאָלן עסן מיט גאָפּל־מעסער־לעפל. ווייל ס'איז דאָך אַ צער בעלי־חיים. מיר ווילן דאָך נישט פייניקן קיין מענטשן.

וואָס איז שוין איצט וויכטיק? מיר האָבן געזיגט. די זעלנער אונדזערע וואָס האָבן געקעמפט אויפן פראָנט, האָבן זיך אויסגעלערנט רעדן רוסיש. נאַצער איז דעמאָלט געוואָרן קראַנק. מען האָט אים געמאַכט אַ רענטגען האָט מען געזען אַז דער קאַנאַל איז ביי אים פאַרשטאָפּט. און ווי לאַנג קען אַ מענטש לעבן מיט אַ פאַרשטאָפּטן קאַנאַל?

איר מעגט מיר גלייבן אַז איך בין צופרידן וואָס די מלחמה האָט נישט געדויערט לענגער פון זעקס טעג. ס'איז דאָך געווען אַ רחמנות אויף דעם מיליטערישן רב אונדזערן, רב־גענעראַל הרב גורן. אַזוי ווי מען האָט איינגענומען ירושלים, איז ער געלאָפן בלאָזן שופר ביים כותל מערבי. ער האָט נישט באַוויזן ענדיקן בלאָזן, איז ער שוין געלאָפן מיטן שופר קיין חברון צו דער מערת המכפלה. דערנאָך צום קבר רחל, און פון דאָרט איז ער געלאָפן בלאָזן אויפן הר סיני. אַ גאַנצן טאָג אַ מענטש איינער אַליין, מיט אַן איין און איינציקן אויסגעבלאָזענעם שופר, און דאָ איז אַזאַ מלחמה. מ'קען דאָך פאַלן פון די פיס. און אונדזער משה דיין איז דאָך

אַ מענטש מיט אַ ווייך האַרץ. אַז ער האָט דערזען ווי דער שופר קוקט אויס, האָט ער רחמנות געקריגן אויפן רב. און האָט געגעבן אַ באַפעל: געגנוג! און עס קען זיין אַז טאָקע צוליב דעם האָט מען נישט גענומען די דאַרדאַנעלן.

איצט, אַז מיר האָבן שוין אַזאַ מדינה, דאַרפן מיר האָבן נאָך אַ מיליאָן יידן. פון וואַנען נעמט מען אָבער אַ מיליאָן יידן? פון רוסלאַנד ווילן זיי אַריין, קענען זיי נישט אַרויס. און די וואָס פרווון אַרויס פּאַקט מען אַריין. איז דאָך נאָר פון אַמעריקע. און פון די אַמעריקאַנער וועט איר לייכטער אַרויסבאַקומען צען מיליאָן, איידער איין ייד. זיי קענען דאָך נישט איבערלאָזן מיאַמי אויף הפקר און קומען קיין תל־אָביב.

און איר מיינט אַז איך האָב דאָס אַלץ נישט פאַרויסגעזען? כ׳בין דאָך אַ מענטש מיט אַן אינסטינקט!

## אַ מעשה מיט אַ בריליאַנט אין בויך פון אַ פיש

אין ישראל האָט מען אים גערופן פּיוול. אין אַמעריקע האָט ער געוואָלט הייסן פילים, רופט מען אים אויך פּיוול. ער רעדט בכלל נישט וועגן ישראל. ער רעדט בכלל נישט וועגן זאַכן וואָס האָבן נישט קיין שייכות צום געשעפט. ווייל ווי לאַנג לעבט דען אַ מענטש?

פּיוול איז געוואָרן זייער נערוועז. ווייל אַלץ אַרבעט ביי אים גוט: דער קאָפּ, דער מאָגן, אָבער דער עיקר, דאָס געשעפט, אַרבעט נישט גוט. צוליב דעם איז ער געוואָרן אויס מענטש. כאָטש ער איז קיין מאָל קיין מענטש נישט געוועזן.

האָט ער זיך געלאָזט איבעררעדן פון זיין חבר סעם, און אַוועק מיט אים ערגעץ ווייט צו אַ טייך נעבן אַ וואַלד, כאַפּן פיש. פישינג הייסט עס דאָ. ווייל דער חבר זיינער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז פישינג איז דאָס בעסטע מיטל צום באַרויקן די נערוון. אַ סך נערוועזע אַמעריקאַנער טוען דאָס. האָט ער אים געגלייבט.

דער חבר זיינער סעם, דאָס איז דער איינציקער מענטש וועמען ער גלייבט אַלצדינג, נאָר נישט אין קיין געלטזאַכן. און דווקא ער, זיין בעסטער חבר, האָט אים מיט די פיש אַזוי צו רעכט געמאַכט.

נאָך דעם ווי זיי האָבן ביידע אַריינגעוואָרפן די ווענטקעס אין טייך אַריין, זענען זיי אַריינגעגאַנגען אינעם רעסטאָראַן ביים ברעג פונעם וואַלד. ביי אַ גלעזל קאַווע מיט פאַרבייס איז זייער שיין צו זיצן און קוקן מיט אַ רויכערנדיקן סיגאַר אין מויל אויף דער לאַנדשאַפט.

פּיוול האָט אָבער נישט קיין געדולד צו לאַנדשאַפטן. די געדאַנקען לויפן ביי אים שנעל און אומרויק. דער קאָפּ זיינער האָט שוין אויסגערעכנט אַז דער גאַנצער ענין פישינג לוינט נישט. און וויפל זיין חבר סעם האָט אים נישט געגעבן צו

פאַרשטיין און פאַרטייטשט אים די שיינקייט און ראָמאַנטישקייט פון דער נאַטור דאָ. האָט ער זיך אַלץ געהאַלטן ביי ס׳זייניקע אַז פיש טויג נישט. ס׳לוינט נישט. ס׳איז שוין אַ סך בעסער צו אימפּאָרטירן פאַרצעלייגנע סערווין פון האָנג־קאָנג.

דער אומגעדולדיקער און נערוועזער פּיוול פאַרטראָגט נישט די רויִקייט. שטילקייט שרעקט אים. אין שטילקייט וואַקסן וועלדער, שוואָמען, פיש. געלט וואַקסט אין גערויש. אינעם גערויש וואַקסן אויך אויף אַזעלכע פּיוולס.

— לאָמיר צוגיין זען צי מיר האָבן עפּעס געפאַנגען — האָט סעם אויסגערופן.

אַז פּיוול, אַ פאַרטועגער אין זיינע געדאַנקען, האָט זיך געפּוילט אויפצושטיין, איז סעם אַליין צוגעגאַנגען צום ברעג און אַרויסגעצויגן ביידע ווענטקעס. פּיוולס ווענטקע איז געווען אַ ליידיקע, און אויף זיין ווענטקע האָט געצאַפּלט אַ גרויסער פיש. אַז פּיוול האָט דערזען דעם פיש פון דער וויטנס, איז ער אָנגעקומען צו לויפן מיט אַ געשריי אַז דער פיש איז זיינער. ער הענגט אויף זיין ווענטקע. ביידע ווענטקעס זענען פון דער זעלבער קאָליר, פונעם זעלבן מין. און ס׳איז שווער זיי אונטערצושיידן. אָבער ער, פּיוול, דערקענט בפירוש אַז דאָס איז זיין ווענטקע, און דער פיש געהערט צו אים. און אויב זיין בעסטער חבר סעם זאָגט פאַרקערט, איז ער אַ ליגנער. און פּיוול פאַרן אמת, פאַר זיין אמת, איז גרייט צו גיין אין פייער אַריין. דערפאַר האָט ער זיך אַזוי צעריטשעט, אַז אַ שוים איז אים אַרויס אין ביידע ווינקלען פון מויל ווי ביי אַ צעבריקעט פערד, און דער צוקער האָט זיך ביי אים געהויבן.

נאָך אַ ווילע טראַכטן האָט סעם באַשלאָסן אָנערקענען זיין גערעכטיקייט און אָוועקגעגעבן אים דעם פיש. פּיוול האָט זיך אָנגעהויבן באַרויִקן, און סעם האָט שמייכלדיק אַראָפּגעשלונגען דעם כּעס און פאַרדראָס.

זיצן זיי ווידער אין רעסטאָראַן. סעם קוקט מיט הנאָה אויף דער נאַטור. און פּיוול קייט שנעל און מיט כּעס שטיקער פון אַ סטעיק. אַז מען איז ווידער צוגע־גאַנגען אַרויסנעמען די ווענטקעס, האָט סעם, צוליב פאַרזיכטיקייט און כּדי אויס־צומיידן קאָנפליקטן, געפרעגט אים פריִער:

— וועלכע ווענטקע, זאָגסטו, איז דיינע?

פּיוול האָט געקוקט אויף ביידע ווענטקעס וואָס זענען געלעגן אַריינגעצויגן אין וואַסער אַריין, און געענטפערט אַז ער געדענקט נישט. ס׳קען זיין אַז די, און עס קען זיין אַז די אַנדערע. אַזוי ווי ער געדענקט נישט, איז דאָ איין אויסוועג: שותּפות. טיילן זיך גלייך אויף גלייך. און אַזוי איז באַשלאָסן געוואָרן.

אַז פּיוול האָט דערזען אויף זיין ווענטקע אַ גרויסן פיש, און אויף סעמס אַ קליין פישעלע, האָט ער אויסגעטייטשט דעם מיין פון דער שותּפות גאָר אַנדערש, אַז דאָס האָט נאָר געמיינט צו זאָגן נאָר אין דעם פאַל אויב איינער האָט, און דער צווייטער האָט נישט. אָבער אַז ביידע האָבן, איז נאָך וואָס דאָס שותּפות? איי, דאָס וואָס איינער האָט אַ גרויסן פיש און דער צווייטער אַ קליינעם, איז אַ מזל־זאַך.

דער חבר זיינער, סעם, האָט אים אָנגעקוקט, ווידער אַראָפּגעשלונגען דעם כּעס און געטראַכט ווי אַזוי אים אָנצולערנען. צוריקפאָרנדיק פונעם פישפאַנג, נעמט סעם אַרויס דאָס קליינע פישל זיינס, און ווייזט אים אַז אינעם בויך פונעם פישל ליגט עפּעס אַ האַרטע זאַך.

פּיוול האָט אָנגעטאַפּט און פעסטגעשטעלט אַז אַזוי איז עס טאַקע, אַ האַרטע זאַך. דער נייגעריקער פּיוול איז שוין גרייט געווען אויפצושניידן דעם בויך פונעם פיש, און זען וואָס דאָס איז אַזעלכעס, אָבער סעם האָט נישט געלאָזט. — ס׳איז מיין פיש, — האָט ער געזאָגט, — און עפּעס עפענען וועל איך אַליין.

ער האָט אויפגעשניטן דעם פיש אין זיין קעגנוואַרט און אַרויסגענומען פון דאָרט אַ גאָלדענעם רינג מיט אַן איינגעפאַסטן בריליאַנט, זיין אייגענער רינג, וואָס ער האָט אים אַריינגעשטופּט נאָך פריִער אין דעם פישס בויך אַריין.

אַז פּיוול האָט דערזען דעם רינג, האָט ער זיך צוריק דערמאָנט אין דעם שותּפות. דאָס מאָל האָט שוין סעם אויסגעשריגן: ניין! צוויי מאָל האָב איך דיר נאָכגעגעבן, מער שוין נישט.

ס׳איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. פּיוול איז געלאָפן מיטן אויטאָ אַ צאָרנדיקער. ער האָט טאַקע געפירט צוויי גרויסע פיש. אָבער ווי קומט עס צו אַ גאָלדענעם רינג מיט אַ בריליאַנט? צוויי גוטע פריינד זענען זיך געוואָרן בלוטיקע שונאים.

אין דעם זעלבן אָוונט נאָך, איז ער געלאָפן צו סעמען אין שטוב נאָך אַ מאָל מאָנען זיין חלק פונעם רינג מיט דעם בריליאַנט. שונא איז שונא, אָבער שותּפות איז שותּפות.

סעם, וואָס זיין געדולד האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן, האָט אים אויף אַ גאָר נישט חברישן אופן, געוויזן די צווייטע זייט פון דער טיר.

צו מאָרגנס איז פּיוול געלעגן אַ קראַנקער, ווייל אַ נאַכט פריִער האָט ער זיך אָנגעגעסן מיט זיינע פיש, וואָס זענען קאַליע געוואָרן פון דער היץ.

פאַרשטונקענע פיש געגעסן, און פון דער שטוב אַרויסגעוואָרפן.

## אַקטיאָרן

— ...איז לויט ווי איר זאָגט, — האָט דער אַקטיאָר צו מיר גערעדט, — קען מען נאָך אין ישׂראל מאַכן אַ דאָלער מיט יידיש טעאַטער? איאָ? דאָס האָב איך געוואָלט וויסן. נישט מער. ווייל אין אַמעריקע, יידיש טעאַטער, איז גאָרנישט. גאָרנישט מיט גאָרנישט. צו אַזאַ לאַגע זענען מיר דערגאַנגען.

אין דעם זענט עטץ אַליין שולדיק. עטץ, מיין איך איך און אייערע חברים די שרייבערס. עס זענען דאָ קאַנעהאָרע יידן אין אַמעריקע. יידישע צייטונגען מיט גוטע שרייבערס. זאָל איך מיר שוין האָבן אַזאַ געזונטע פּרנסה וואָס פאַר אַ גוטע שרייבערס. און אין תּל־אָביב, האָט מען מיר דערציילט. איז אויך דאָ אַ יידישע צייטונג. איר האָט זי שוין געלייענט? אָ! ווייסט איר דאָך! דאַרף מען אין די צייטונגען שרייבן וועגן יידישן אַקטיאָר, און וועגן דער ביטערער לאַגע פון יידישן טעאַטער. העלפן, און נישט לאָזן אונדז גאַ וואָלע באָזשע. דאָס הייסט: קאָפּ אין וואַנט.

איז לאַ די וואָס מען שרייבט נישט, קומט מען נאָך מיט טענות, אַז מיר אַקטיאָרן האָבן אַוועקגעהרגעט דאָס טעאַטער. פאַר אַזאַ זאַך וואָלט איך איינעם אָפּגעהאַקט אַ לונג, זאָל איך אַזוי לעבן.

אַ מאָל זענען געווען ביי אונדז אַזעלכע ריזן־אַקטיאָרן, וואָס יעדער איינער פון זיי האָט געקענט נעמען אַזעלכע צען פראַנק סינאַטראַס אין איין וועסטל־קעשענע. נעמט מיך אַליין, פופציק יאָר בין איך ביים טעאַטער אַלס אַקטיאָר און זינגער. איך האָב אַ מאָל געשפּילט די הויפּטראָלע אין איטשלזאָנס אַ פּיעסע „צעריסענע קינדער״. אַזאַ געבענטשט יאָר אויף מיר, וואָס פאַר אַ פּיעסעלע דאָס איז געווען, און ביים ענדיקן מיין הויפּטסצענע, ווען איך האָב אויסגעשריגן: שוויגער! דאָס איז איינע וואָרע שאַנדע! די אַ שמערצלעכע שמערצן וועל איך נישט איבערשמערצן! און כ׳האָב זיך צעווײנט, איז אויסגעבראָכן אין זאָל אַזאַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, אַז ער האָט אַראָפּגעריסן אַ לאָמפּ, וואָס איז געפאַלן אויפן קאָפּ פון אַ פרוי אין אַכטן מאַנאַט. און דער גאָטזעליקער איטשלזאָן אַליין איז צו מיר צוגעגאַנגען און געגעבן מיר אַ קוש און כ׳קען מיך נישט דערמאָנען. יאָ. אין קאָפּ אַריין. און געזאָגט: פּישל, דו ביסט אַ גאָט. זאָל איך נאָך אַזוי דערלעבן אויס־צורויכערן דעם פּאַפּיראָס, און אַזאַ היילונג זאָל נאָך קומען אויף מיינע געשוואָלענע מאַנדלען, ווי איך זאָג אייך נישט קיין האַלב וואָרט ליגן. איך געדענק עס אַזוי ווי עס וואָלט יעצט אַ געווען מיט זעקס חדשים צוריק.

נעמט מען און מען זאָגט, אַז מיר, די אַלטע אַקטיאָרן, האָבן פאַרטריבן דאָס פּובליקום פון טעאַטער, ווייל מיר האָבן געגעבן שונד. ערשטנס, איז עס אַ גראָבער ליגן. צווייטנס, זאָג איך נישט אַז ניין. אָבער איך?! איך בין דאָך געווען דער איינציקער, וואָס האָט געשריגן צו די חברים מיינע: דרענגער! לאָזט שטעלן אַ גוטע זאַך! ביז מען האָט מיך געהערט און מען האָט געשטעלט די פּיעסע „פריילעך ביי דער רביצין״ פון גאָטזעליקן שלום אַש לויט דעם ווערק „דער מאַן וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט אין נצרת״, אָפּגעשיידט זאָל ער זיין, מיט אַ נייער באַאַרבעטונג פון דעם גאָטזעליקן. כ׳האָב פאַרגעסן ווי ער האָט געהייסן. די לידער האָט געשריבן דער זעלבער דיכטער פון דעם ליד „אַז מען לייגט נישט אַריין, נעמט מען נישט אַרויס״. מיט אַן אָריגינעלער מוזיק פון טאָלסטאָיס אַ קאָמעדיע. געשפּילט האָט אַ קוואַרטעט פון דרייצן מוזיקאַנטן. און איך האָב געזונגען סאָלאָ צוויי דועטן. די קאַסע איז געווען אויספאַרקויפט, האָט מען טאַקע געוווסט, אַז עס איז דאָ קולטור.

ווען מען שטעלט נאָך היינט אויפן בראָדוויי די פּיעסע „עקדת יצחק״ מיטן אַנטייל פונעם רוסישן באַלעט, דעם „באָלשאָי באַלעט״, מיין איך, וועט קומען אַן עולם. אַנדערש וועט עס נישט גיין. איז געבליבן נאָר איין לאַנד, ישראל. דאָרט ווו מען רעדט העברעיש קען מען נאָך שפּילן ייִדיש. וויל איך זיך געבן אַ כאַפּ אַהין קיין ישראל מיט אַ מאָדערנער פּיעסע „ווייבער, ווי זענט עטץ?״ איך וויל זיך אַ ביסל קולטורעל אויפפרישן, אַנישט וועל איך דאָך נישט האָבן צו באַצאָלן קיין דירה־געלט.

איינער, וואָס איך וויל אייך נישט זאָגן זיין נאָמען, ווייל ער איז מיין בעסטער פריינד, אויסגעריסן זאָל ער ווערן, ער האָט ביי מיר צוגעגנבעט מיינע אַכט און

צוואַנציק וויצן, וואָס איך האָב זיי אַרויסגעבאַרגט פון פאַרשידענע אַלטע פּיעסן, וואָס זענען אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון נאָך עלטערע קאַלענדאַרן. אַוועק מיט זיי קיין ישׂראל און געמאַכט צוואַנציק טויזנט דאָלער. מען כאַפּט אַרייך אַזאַ פּאַרציע קולטור, גלייכט מען זיך אויס די ביינער.

וואַרט איך אויף אַן אימפּרעסאַריער פון ישׂראל, וואָס זאָל מיר שיקן אַ קאָנ־טראַקט מיט אַ גאַראַנטיע מיט פליקאַרטן. האָבן זיי זיך נאָך צו מיר נישט געוואָנדן. אפשר האָבן זיי פאַרגעסן. און אפשר מיינען זיי, אַז כ׳האָב פאַרלוירן דעם טאַלענט. וויל איך, אַז איר זאָלט זיי אַריינשרייבן אַ בריוו. אייערס אַ מיינונג איז דאָך גאָלד, און זאָגן זיי דעם אמת, דעם ריינעם אמת. איר האָט גאָרנישט וואָס מורא צו האָבן, ווייל קיינער וועט אייך נישט קאָנטראָלירן, אַז איך בין אַ גאָט געבענטשטער אַקטיאָר. ניין, שרייבט בעסער, שווישפּילער. און אַז די פּיעסע „ווייבער, ווי זענט עטץ?״ איז אַ קלאַסישער שעדעווער פול מיט... נו... איר וועט שוין וויסן וואָס אַריינצושרייבן דאָרט, אַז איך בין אַ הייסער ייִד. נאָכן מאַכן די פּאָר דאָלער זעץ איך זיך גלייך אַוועק לערנען עברית. אַזוי זאָל איך דערלעבן די שעכעיונע, און שפּיל העברעיִש טעאַטער. דאָס איז זייער וויכטיק דאָרט, און מען דאַרף עס אַריינ־געבן אין דער צייטונג. די העברעיִסטן האָבן זייער ליב, אַז מען זאָגט זיי צו אַזעלכע זאַכן. איצט וועט איר וועגן מיר אַליין אויך צושרייבן אַ פּאָר ווערטער. שיין?!

וואָס זיצט איר, שרייבער מיינער, מיט פאַרלייגטע הענט? לייגט צו אַ האַנט צום ייִדישן טעאַטער!

## פילאָסאָפיע פון גאָרנישט

(אַ שמועס אין אַ באַן פון תּל־אָביב קיין חיפה)

— איר זענט אַ מבין ווי עס רעגנט? אַזאַ רעגן! וואָס זאָגט איר נישט צו דעם רעגן?

— וואָס זאָל איך זאָגן? וואָס איז דאָ פאַראַן צו זאָגן? עס רעגנט.

— גוט געזאָגט, ס׳רעגנט, ס׳גיסט! ס׳כליאָפּעט! אַ מבול!

— וואָס זשע זאָל איך טאָן?

— ווער וויל דען אַז איר זאָלט טאָן? איך האָב אייך נאָר געפרעגט, וואָס איר זאָגט צו דעם רעגן.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו זאָגן? איר האָט מורא, אַז מען וועט אייך נישט גלייבן?

— ס׳האָט מיך גוט געטראָפן. ער גייט זיך מיט מיר קריגן. וואָס האָט איר זיך אַזוי אויפגערעגט? איך האָב דאָך נישט גערעדט מיט אייך קיין פערזענלעכע זאַכן. איך האָב אייך נאָר געזאָגט אַז עס רעגנט.

— האָב איך אייך דען געענטפערט אַז עס רעגנט נישט?

— קען מען דאָך וועגן דעם עפּעס רעדן.
— ער גייט שוין ווידער רעדן.
— נאָר וואָס דען? שווייגן? דערפֿאַר ווייל איך האָט זיך אַזוי פֿאַרגלוסט. אַנדערטהאַלבן שעה דאַרף דויערן, ביז די באַן וועט אונדז ברענגען קיין חיפה. זאָלן מיר אַזוי זיצן די גאַנצע צייט, גלאָצן די אויגן איינער אויפֿן צווייטן, און נישט עפּענען ס'מויל? די נערוון קענען דאָך פּלאַצן. נאָך דערצו אין אַ באַן. איר האָט טאַקע פֿיינט צו רעדן? צי איר רעדט נאָר אַזוי?
— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שאלה, פֿיינט צו רעדן, ליב צו רעדן? מען קען זיך דאָך נישט אָװעקזעצן און רעדן סתם, אַבי געבאַטשקעט.
— מיר רעדן דאָך נישט סתם. מיר רעדן דאָך וועגן דעם רעגן. צייט איך בין אין ישׂראל האָב איך נאָך אַזאַ רעגן נישט געזען. איר זעט ווי עס מבולט?
— נו מילא, מבולט?
— איר זאָלט מיר מוחל זיין, דאָס איז זייער אַן עגאָיסטישער ענטפֿער.
— וואָס זשע ווילט איר פֿון מיר? איך זאָל איינהאַלטן דעם רעגן?
— חלילה! איך וועל פֿון אייך פֿאַרלאַנגען אַזאַ זאַך? פֿון דעסטוועגן איז בעסער אַז עס רעגנט אַזוי, ווי עס וואָלט אין גאַנצן נישט גערעגנט.
— איז וואָס זשע רעדט איר?
— וואָס אַרט אייך אַז מען רעדט? וואָס שאַדט עס אייך אַז מען רעדט? וואָס האָט איר אַזוי מורא פֿאַרן רעדן?
— כ'האָב נישט קיין מורא, אָבער מען קען דאָך נישט סתם רעדן וועגן גאָרנישט.
— איר האָט אַ גרויסן טעות, וועגן גאָרנישט קען מען זייער פֿיל רעדן. אַ רעדנער וואָס האָט נישט געהאַט וואָס צו רעדן, האָט ער אָפּגערעדט צוויי שעה, גאָרנישט געזאָגט, און דער עולם האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס.
— דאָס קען איך נישט פֿאַרשטיין. פֿון וואַנען נעמט אַ מענטש אַזוי פֿיל געדולד אַזוי לאַנג צו רעדן?
— און איך קען נישט פֿאַרשטייק, פֿון וואַנען נעמט דער עולם אַזוי פֿיל געדולד אַזוי לאַנג צו הערן.
— קענן וואָס זאָגט איר דאָס אַלץ?
— קענן גאָרנישט, אַז גאָרנישט איז אַ וויכטיקע זאַך, מען דאַרף זיך נאָר קענען פֿאַרשטיין דערויף. פֿון גאָרנישט זענען מענטשן רייך געוואָרן. אַז מען האָט אַ סך געלט, ווערט פֿון אַ פּראָסטן גאָרנישט אַ וויכטיקער גאָרנישט. אַ דיכטער האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל „די פֿילאָסאָפֿיע פֿון גאָרנישט".
— לאָזט מיך שוין געמאַך מיט דעם גאָרנישט. איך וויל בעסער אַרויסקוקן דורכן פֿענצטער, אָנקוקן די ישׂראלדיקע לאַנדשאַפֿט, איידער איך פֿאָר צוריק אַהיים.
— אַזוי! נישט קיין היגער, אַ טוריסט! האָט איר דאָך באַלד געקענט זאָגן; זעט איר, אַז ס'איז גוט אַז מער רעדט... פֿון וואַנען זענט איר?
— פֿון מאָנטרעאָל.
— קענט איר דאָך איינעם, זלמן פֿלעכטער.

— איך הייב נישט אָן צו וויסן ווער ער איז.

— ער איז מיין שוואָגער. איך וויל פאָרן צו אים קיין קאַנאַדע.

— וואָס וועט איר דאָרט טאָן?

— דאָס זעלבע וואָס איר טוט. וואָס טוט איר דאָרט, כ'זאָל איך נישט באַלידיקן?

— איך לעב פון שרייבן. ס'הייסט איך שרייב פון לעבן.

— מען דאַרף דאָך אָבער עסן.

— מוז איך מיר צופאַרדינען אין דער זייט.

— ביי אונדז אין ישראל איז לעצטנס געוואָרן זייער געפערלעך צוצופאַרדינען אין דער זייט. אַ סך חשובע מענטשן, שפּיצן פון דער געזעלשאַפט, זיצן שוין אין תפיסה, ווייל זיי האָבן צופאַרדינט אין דער זייט. גיט נאָר אַ קוק דעם רעגן. געוואַלד וואָס פאַר אַ רעגן! שוין, מיר זענען שוין באַלד אין חיפה. לאָמיר זיך אָפּשמועסן, וועלן מיר צוריקפאָרן צוזאַמען, וועט זיין מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט...

## ניין איילן אין ד'רערד

— ליבע יידן פון ניו־יאָרק! אַז איר וועט זען אַרומפּלאָנטערן זיך אונטן אין די טונעלן פון דער סאָבוועי איינעם מיט ברילן, וואָס האַלט אַ צעקנייטשט פּאַפּירל אין האַנט, מיט אַן אַדרעס, סמאַטשקעט אַ פּאַפּיראָסל און האַלט אין איין ווישן דאָס פּנים מיט אַ טיכל, וואָס איז נאַס פון שווייס, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס בין איך.

אוב איר האָט גאָט אין האַרצן, זאָלט איר רחמנות האָבן, צוגיין און פרעגן אויף פּראָסט יידיש: וווהין דאַרפט איר, ר' ייד?! איר וועט זיך קונה זיין עולם־הבא און אין מיר וועט איר אַריינזעצן אַ נייע נשמה.

איך האָב אַ באַגעגעניש — אַן אַפּאָינטמענט, הייסט עס, אויפן היגן לשון — מיט זייער אַ וויכטיקן מענטש, וואָס טאָמער וועט ער זאָגן „יאָ" בין איך אַ פאַרטיקער מיליאָנער.

דער אַפּאָינטמענט איז באַשטימט אויף פּינקטלעך עלף אַ זייגער, און זאָגן, יאָ, נעמט נישט מער ווי אַ סעקונדע. מוז מען דאָך זיין פּינקטלעך. גיי זיי פּינקטלעך אין דער צייט ווען דו האָסט צו טאָן מיט אַ סאָבוועי, וואָס קען משוגע מאַכן דעם גרעסטן פּסיכיאַטער. דערצו נאָך אַ מענטש איינער אַליין, און דעם ערשטן טאָג אין ניו־יאָרק.

מען האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז זייער נאָענט פון מיין האָטעל, ממש אַ גאָרנישט. מען נעמט דעם סאָבוועי, וואָס גייט צו איסט, נישט דעם וואָס גייט צו וועסט, דעם סאָבוועי פון דאַונסטערס, דאָס הייסט פון אונטן. אַ סאָבוועי האָט בדרך כּלל אַ טבע צו זיין אונטן. נאָר אונטער דעם אונטן איז דאָ נאָך אַן אונטן. איר פאַרשטייט? איך האָב עס גלייך געכאַפּט. דערנאָך דאַרף מען אַריבערגיין אויף דער צווייטער

זײַט און גײין אָפּסטערס און נעמען דעם טרעין — טרעין איז אַ באַן. ס'איז פֿאַראַן
אַ טרעין „די" און „עף" און „אַר־דזשי". פֿאַרשידענע אותיות. אַוודאי, אויף אַלף,
בית, גימל וואָלט מיר געווען לײַכטער. איך קען דאָך אָבער נישט פֿאַרלאַנגען, אַז
אַמעריקע זאָל פֿאַר מיר ענדערן די אותיות פֿון די באַנען. און ער דאַרף זײַן אַ
„לאָקל" — אַ „לאָקל" דאָס איז דער היפּך פֿון אַן עקספּרעס — אָפּפֿאָרן פֿינף
סטאָפּס — דאָס הייסט סטאַנציעס — אַרויפֿגײין אָפּסטערס און טשענדזשען די
טרעין — דאָס הייסט טוישן די באַן — אויף אַן „עף" — עקספּרעס און פֿאָרן ביז...
איך געדענק שוין נישט ביז וואַנען, ווײַל איך האָב שוין נישט דעם צעטל.
אָבער איך האָב געוווּסט אַלץ גענוי. ווײַל ערשטנס האָט מען מיר דערקלערט.
צווייטנס, האָט מען מיר געהאַט אויפֿגעשריבן שוואַרץ אויף ווײַס. דריטנס, און דער
קאָפּ אַליין איז גאָרנישט?
האָב איך זיך געלאָזט גײין פֿאָרן. אַראָפּגעקומען אונטן, בין איך שטיין געבליבן
און אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי מען הייבט אָן דעם ערשטן פֿאָר. קיין דאגות האָב
איך נישט געהאַט. מען האָט דאָך מיר אַלץ אָפּגעמשלט. דעם צעטל האַלט איך פֿעסט
אין דער האַנט. דער שׂכל אַרבעט אויך. איז קודם כּל... געלאַסן.
געלאַסן אַהין, געלאַסן אַהער. אָבער וואָס טוט מען? יעדע מינוט כאַפּ איך
אַ שאָס פֿון אַ באַן. די באַנען אין ניו־יאָרק פֿאָרן נישט, נאָר זיי שיסן. ס'איז שאַ
שטיל. און פּלוצעם — אַ שאָס! אַ באַן איז דאָ! אַ טראַסקעריי פֿאַרטויבט צו ווערן.
און באַלד הינטער דער פּלייצע — אַ שאָס! נאָך אַ באַן! און ביז איך נעם איבער־
לייענען דאָס שילדל צו וויסן, צי דאָס איז די באַן, וואָס שטייט אויפֿן צעטל, ווערט
זי מיר אַנטרונען אונטער דער האַנט. לויף איך צו דער צווייטער באַן הינטער דער
פּלייצע, טרעף איך שוין אויך ליידיקע רעלסן, און גיי און ווער משוגע.
דאָס בעסטע אין דעם פֿאַל, איז צו רעדן מיט אַ ייִד, וואָס רעדט מאַמע־לשון.
הייב איך אָן קוקן אויף די נעז און איך געפֿין אַ ייִדישע נאָז. קיין בעסערע ייִדישע
נאָז קען מען זיך אין לעבן נישט פֿאָרשטעלן. איך וואָלט געקענט שווערן, אַז דאָס
איז אַ נאָז, וואָס שטאַמט פֿון קאָצק אָדער פֿון פּשיסכע. פֿאַל איך צו מיט אַ ברייטן
שלום עליכם צו דער נאָז, ענטפֿערט זי מיר: „איי עם ווערי סאָרי, איי עם אַ גריק".
ס'טוט מיר זייער לייד — הייסט עס — איך בין אַ גריך. אים טוט עס טאַקע לייד,
אָבער איך ווער אים איצט מגייר זײַן?
אַז אויף אַזאַ נאָז קען מען זיך שוין אויך נישט פֿאַרלאָזן, איז דאָך עק וועלט.
בין איך צוגעגאַנגען צו אַ גוי, צו אַן אמתן גוי: אַ יונגער, אַ בלאָנדער, מיט אַ
פֿאַרצויגן חזיר־נעזל, און איך רעד צו אים ענגליש. וואָס הייסט איך רעד? איך האָב
נישט באַוויזן ענדיקן דאָס ערשטע וואָרט, האָט ער זיך שוין צערעדט מיט מיר אויף
עברית — מיט עברית בין איך דאָך אויך אין דער היים. ער האָט מיך צוגעפֿירט
צו דער באַן, און געזאָגט מיר, אַז איך דאַרף אַראָפּגײין אויף דעם פֿינפֿטן סטאָפּ
(אַ סטאָפּ איז אַ סטאַנציע, דאָס האָב איך דאָך אײַך שוין געזאָגט) און איך בין
געוווּיר געוואָרן, אַז איך בין גאָרנישט אויפֿן ריכטיקן אונטן, אַז כ'האָב נאָך אַן
אונטן פֿון אונטן.
זיץ איך שוין אין אַ באַן און שאָקל זיך מיט אַלע צוזאַמען. גיב איך זיך פּלוצעם
אַ דערכאַפּ, אַז ס'איז נישט גוט. וואָס הייסט נישט גוט? ביטער! ווײַל איך דאַרף

אַראָפּגיין אויפן פינפטן סטאָפּ, און איך בין שוין אָפּגעפּאָרן — כ'זאָל אַזוי גישט וויסן פון בייז וויפל סטאַפּס — אפשר דריי און אפשר זעקס. אַן אומגליק! כ'האָב פאַרגעסן צו ציילן, מוז מען גיין פרעגן.

סתם פרעגן האָט דאָך נישט קיין זין, ווייל איך אַליין רעד אַ שווערן ענגליש. מיר איז שווער צו רעדן, יענעם איז שווער צו פאַרשטיין, און דעם איז שווער צו הערן. איז נאָר צו געפינען אַ ייִד, וואָס רעדט ייִדיש.

אין צווייטן וואַגאָן האָב איך דערזען אַ ייִד מיט אַ ברייטן שוואַרצן קאַפּעליוש. אַ רויט־נאַס מקוה־גענזל, אַ באָרד מיט צוויי פּאות, און אַ טלית־קטן אין דרויסן. ווי דען? כ'וועל מיך גיין פאַרלאָזן אויף אַ בלויזע נאָז?

קודם כל האָב איך באַשלאָסן, אַז ווי די מעשה מאַכט זיך, וועל איך זאָגן, אַז איך בין פון אַרגענטינע. ס'קען זיין, אַז ער איז אַ סאַטמאַרער חסיד. ישׂראל, אַ גילוח אויך. איך ווייס... צו וואָס דאַרף איך עס?

געוויזן אים דעם צעטל, גערעדט און דערציילט, וואָס מען האָט מיר געזאָגט און וואָס כ'האָב פאַרגעסן. אַז איך האָב אַזאַ ייִד, וואָס רעדט ייִדיש, בין איך דאָך אַן אויפגעריכטער.

— יע, יע, — האָט דער ייִד געשאָקלט מיטן קאָפּ. און קוקנדיק אין אַן אַנדערע ריכטונג, האָט ער מיר געזאָגט לאמור, אַזוי צו זאָגן: יו גאָו אוט אַפטער טרי סטאָפּס, גאָו אַפּסטערס, טעיק לאָקאַל טו פיפטי ניין, גאָו דאַונסטערס ענד טשענדזש. און דאָס הייסט ביי אים גערעדט ייִדיש.

אַן אַלטע פרוי, וואָס האָט נישט געקענט צוקוקן מיך פּיין, איז מיר געקומען העלפן. באַלד איז צו נאָך איינע, אויך אַן אַלטע, און געהאָלפן די ערשטע געבן מיר צו פאַרשטיין. דערנאָך איז צו אַ דריטע, נאָך אַן עלטערע. דריי זקנות האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט. מען האָט מיך אַרויסגעפירט, אַראָפּגעפירט. צוויי זקנות פירן מיך אונטערן אָרעם, אַ דריטע גייט פון הינטן, אין דער צייט, ווען אין וואַגאָן זענען געזעסן אַזוי פיל יונגע און שיינע מיידלעך.

איר מיינט אַז איך רעד נישט קיין ענגליש? בעסער פון איך. נאָר אַן אומגליק, מען פאַרשטייט מיך נישט.

## מיסטער ענד מיסיס בלעק

אין סאַמע מיט, אויף איינעם פון די רונדע טישן, שטייט אַ קאַרטאָן־שילדל נומער ניין און פערציק. דאָס איז אונדזער נומער. פון די פיר פאָטעלן זענען צוויי באַזעצט און די אַנדערע צוויי שטייען פריי און וואַרטן אויף אונדז.

די שיף איז אָפּגעגאַנגען פרייטיק פאַר נאַכט און דאָס איז די ערשטע מאָלצייט, אַ שבתדיקע.

מיר גייען צו צום טיש. פון די צוויי באַזעצטע פאָטעלן שטעלט זיך אויף בלויז

דער מאַן און רופט אויס פייערלעך: מיסטער ענד מיסיס בלעק! האָב איך אים גלייך פייערלעך געענטפערט: מיסטער ענד מיסיס... און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט.

אַזוי ווי ער האָט געענדיקט די קאָנטשאָפּט מיט אונדז, האָט ער זיך אויסגעשפּרייט דאָס ווייסע סערוועטל איבער דער קני וואָס איז גלייך אַראָפּגעפאַלן אויף דר'ערד, און גענומען זיך פּלייסיק באַשעפטיקן מיט די טעלערס און וואָזעס וואָס שטייען אָנגעשטעלט אויפן טיש.

ער איז אַן עלטערער, אַ קלייגער, אַ דאַרער, מיט אַן איינגעבויגענער פּלייצע. טראָגט ברילן מיט זייער גראָבע גלעזער, און טראָגן דעם זעט ער זייער ווייניק, און ווען ער לייגט צו דעם קאָפּ צום טיש צו זען וואָס עס טוט זיך אין די טעלערס, האַלט אים דאָס ווייב אונטער דעם קראַוואַט, אַז ער זאָל נישט אַריינפאַלן אין די געמאַרינירטע הערינג אַריין.

ער עסט ענערגיש מיט אַ צאַרנדיק פּנים און קוקט מיט אַ צעשראָקענער ניי־געריקייט אויף די כּלים וואָס שטייען אויפן טיש, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז ער קען חלילה פאַרזען עפּעס אַ מאכל.

זי, אַ הויכע, אין אַ ראָזעווען קלייד, זיצט שטייף און עסט מיט אַ רויִקן שטאָלץ. אָבער זאַכלעך און מיט תּכלית.

נאָך אַ קליינער עס־הפסקה האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער שמועס. זיי זענען פון ניו־יאָרק, און מיר — האָב איך זיי געזאָגט — זענען פון ווענעזועלאַ. פאַר וואָס איך האָב אויסגעטראַכט ווענעזועלאַ? ווייל לויט מיין ענגליש קען איך נישט זיין קיין אַמעריקאַנער. און אַזוי ווי די פּרוי האָט שוין באַוויזן צו זאָגן, אַז זי האָט פיינט ישׂראלים, און דער מאַן אירער האָט דערביי געשוווירן מיט אַן אויפּ־געהויבענעם לעפל צום הימל, אַז קיין ערגערס פון זיי איז נישטאָ, זענען מיר געוואָרן פאַר זיי טוריסטן פון ווענעזועלאַ. ס'איז דאָך נאָר אויף דער קורצער צייט וואָס מען פאָרט אויף דער שיף, און ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן אין דעם מאָמענט, האָב איך זייער גוט געטאָן.

זי — די פרוי — האָט אַ קוזין אין תּל־אָביב, און ער הייסט יאַנקל. האָט ער איר צוגענומען אַ סוועדער, צוויי פּאָר זאָקן, און איר מאַנס אַ קראַוואַט. דעם צווייטן קראַ־וואַט האָט ער אויך געוואָלט צונעמען. איר פאַרשטייט ווער די ישׂראלים זענען?

פאַרשטייט זיך, אַז צו אונדז קען זי נישט האָבן קיין טענות וועגן דעם, ווייל מיר זענען פון ווענעזועלאַ, און מיר האָבן נאָך דאָס רעכט נישט פיינט צו האָבן קיין ישׂראלים, ווייל מיר האָבן נישט קיין קוזין יאַנקל אין תּל־אָביב.

לאַנג האָט מען נישט גערעדט, ווייל מען קען דאָך נישט פאַרשווענדן אַזאַ טייערע צייט סתּם אויף צו רעדן, ווען דאָ שטייט סערווירט אַזאַ טיש, און ס'איז דאָ קיין עין־הרע אַזוי פיל אופצוטאָן...

— איר זעט — זאָגט זי, אָנווייזנדיק אויף אַ טעלער לאָקשן — פון די לאָקשן איז איינער אין ניו־יאָרק געוואָרן אַ מיליאָנער. איך געדענק נאָך ווען ער האָט זיי אָנגעהויבן אויסאַרבעטן די לאָקשן. זיי האָבן געהאַט אַ טעם, אַזאַ יאָר אויף מיינע שונאים. היינט זענען די לאָקשן זיינע נאָך ערגער, אָבער ער ליפערט זיי שוין אין וואַגאָנען, אין גאַנצע שיפן. אַ מיליאָנער!

דער מאַן אירער האָט אָנגענומען אַ לעפעלע רויטן כריין. אָבער ביז ער האָט

דאָס לעפּעלע צוריקגעברענגט צו זיין טעלער, איז עס שוין געווען ליידיק, און דאָס ווייסע טישטעך איז פול געווען מיט רויטע פלעקן.

— איר זעט דעם כריין — זאָגט זי — פון דעם כריין איז אַ ייִד אין אַמעריקע געוואָרן אַ מיליאָנער.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג. ביי דעם מאַן אירן האָט זיך אַרויסגעגליטשט אַ גאָפּל פון דער האַנט. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן און האָט אויפגעהויבן אַן אַש־בעכער וואָס ער האָט אַראָפּגעוואָרפן נאָך פריִער.

זי איז זייער באַזאָרגט צוליב דער לאַגע פון ישראל מיט די אַראַבער, וויל זי הערן מיין מיינונג. אפשר וועל איך איר מיט עפּעס קענען באַרויִקן.

אַזוי ווי איך האָב אָנגעהויבן מיט דער גאַנצער ערנסטקייט זאָגן איר מיין מיינונג וועגן דעם, האָט זי זיך פאַרקוקט צום סופיט און פעסטגעשטעלט אַז דער פלוימען־קאָמפּאָט האָט אַ טעם נאָר אויף די גריכן אַזאַ יאָר (די שיף איז אַ גריכי־שע), און אַז פון די אַ געטריקנטע פלוימען, איז אַ ייִד אין אַמעריקע געוואָרן אַ מיליאָנער.

פּלוצעם האָט דער מאַן אירער אַרויסגעלאָזט עפּעס אַ קול, וואָס איז ענלעך צו אַ קריי פון אַ האָן, און איז געבליבן זיצן שטייף, אַן אָטעם, מיט אַן אָפן מויל און אויסגעגלאָצטע אויגן. ס׳איז אים עפּעס שטעקן געבליבן אין האַלדז. די פרוי זיינע האָט אים אָנגעהויבן קלאַפּן מיט אַלע כּוחות אין פּלייצע און אַ קער פון אַ פלוים איז אים אַרויסגעשפּרונגען פון מויל אַרויס, געפאַלן אויף מיין טעלער און געבליבן ליגן אויף מיין קאָטלעט.

— אויף אַ פראַנצייזישער שיף וואָלט מיר אַזעלכעס נישט פּאַסירט — האָט ער געזאָגט נאָך דעם ווי ער האָט זיך באַרויִקט — און וועגן דער ישראלדיקער יוגנט האָט ער אויך נישט קיין גוטע מיינונג. אַלל רייט — זאָגט ער — זיי זענען גוטע פייטערס, אָבער פּאַראַזיטן. און ער דערציילט מיר וועגן אַ בת־יחידה וואָס האָט זיך פאַרליבט אין אַ ישראלדיקן בחור. חתונה געהאַט, געקומען אויפן שווערס חשבון קיין אַמעריקע, און באַלד זיך צעקריגט מיט אים, ווייל ער האָט נישט געוואָלט שטיין ביים שווער אין סטאָר און פאַרקויפן קעז און סאַרדינען. צוגענומען די טאָכטער, און אַוועק מיט איר צוריק קיין ישראל. און דעטס אַלל. מען שרייבט אַפילו קיין בריוו נישט.

זי איז אַוועק ברענגען אַ נאָדל־פאָדעם פאַר אירער אַ פריינדין, וואָס עס האָט זיך ביי איר אויפגעטרענט אַ נאָט פון אַ בלוזקע.

— מיסיס פיין! — האָט זי אויסגערופן ביים איבערגעבן די נאָדל־פאָדעם — טאָמער טרענט זיך ביי אייך אויף נאָך אַ נאָט, וועל איך אייך נאָך אַ מאָל געבן פאָדעם. איך האָב תּמיד ליב צו העלפן מענטשן אין אַ שווערער לאַגע.

צו מאָרגנס, מיר זעצן זיך ווידער צו אַ מאָלצייט און אונדזערע מיטזיצערס ביים טיש האָבן אונדז אויפגענומען מיט אַן אויסערגעווינלעכער קאַלטקייט. נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. נישט געקוקט אַפילו אין אונדזער זייט. זיי זענען געוויר געוואָרן, אַז מיר זענען ישראלים. מיין פרוי האָט זיך באַפריינדט מיט אַן אַמערי־קאַנערין און זי האָט פאַרגעסן אַז איך בין פון וועגעזוועלאַ. אַזוי אַרום איז עס זיך צעגאַנגען און דערגאַנגען צו זיי.

ס'קען זיין, אַז דער כּעס איז בלויז דערפֿאַר ווייל מען האָט זיי אָפּגענאַרט. אַ ישׂראלדיקער זאָל אָפּנאַרן אַן אַמעריקאַנער וואָס האָט געגעבן פּופּצן דאָלער פֿאַרן מגבית, איז טאַקע נישט שיין.

ביי דער וויטערדיקער מאָלצייט זענען מיר שוין געזעסן ביי אַן אַנדערן טיש. אונדזערע פֿריערדיקע פּלעצער זענען איבערגעגעבן געוואָרן אַן איטאַליעניש פּאָרל. ער האָט זיך גלייך אויפֿגעשטעלט פֿאַר זיי און אויסגערופֿן פֿייערלעך:

— מיסטער ענד מיסיס בלעק!

## צעברעך די פּעדער!

— אַ גאַנץ לעבן האָסטו אָפּגעגעבן אויף שרייבן, און צו וואָס ביזסטו דער־גאַנגען? צו וואָס?

אַזוי האָט דאָס ווייב אַריינגערעדט אין איר מאַן דעם שרייבער, וואָס איז געזעסן אַ פֿאַרטיפֿטער איבער אַ פּאַפּיר און געמעקט און געשריבן, געמעקט און געשריבן. ער האָט געשריבן און זי האָט גערעדט:

— נעם אַוורעמעלען. וואָס איז ער? אַ גאַרבישט, אַ לאַכודרע. געמאַכט זיך אַ סטאַרקע פֿון סיגאַרעטן און ציטונגען, און שוין! ער פֿאָרט שוין יעדעס יאָר קיין ישׂראל, דרייט זיך אַרום אַלס טוריסט אויף דער דיזענגאָף גאַס און רעדט ענגליש!

נעם משהן, וואָס איז ער? אַן אָפּגעריסענער נאַר. איז ער געוואָרן אַ מיליאָנער פֿון דאַמסקע אונטערוועש. ווען דו לייגסט אַריין דיין קאָפּ אין די דאַמסקע אונטער־וועש, וואָלסטו היינט געווען אַ ראָקפֿעלער. און ווען דו ביזסט אַ ראָקפֿעלער, שפּילט דאָך ביי מיר נישט קיין ראָלע צו עסן יעדן טאָג סטעיק, און אַנדרייען זיך אַ קאָפּ מיט לאָקן אַזוי ווי מענדעלס ווייב.

מען דאַרף זיין אָן שׂכל, פּשוט משוגע, אַז מען זאָל זיך אַריינלאָזן אין אַזאַ פֿאַך ווי שרייבן! איך לייען דאָך די ציטונגען. כ'האָב שוין געזען אין דער ציטונג, אַז מען זוכט אַ פּרעסער, אַן אינזשעניר, אַן עלעקטראָטעכניק, אַ שוסטער, אָבער אַ שרייבער?! מען זאָל זוכן אַ שרייבער? דאָס האָב איך אין מיין לעבן נישט געזען.

איידער דו ביזסט זיך געגאַנגען לערנען דאָס פֿאַך האָסטו באַדאַרפֿט פֿריִער זיך דערוויסן וויפֿל מען פֿאַרדינט! און צי מען קען זיך אַרויפֿאַרבעטן! און אויב מען קען אויף דער עלטער צונעמען אַ געזעלן! נישט זיצן אַליין גאַנצע טעג מיט אַן איינגעבויגענער פּלייצע און האָדעווען אַ הויקער!

איז וואָס דו האָסט איצט צו טאָן, פֿרעגסטו? אויפֿהערן! שרייב שוין אַריין אין דעם אַ פּאַפּיר אַריין אַז: „דאָ אויף דעם אָרט, האָב איך צעבראָכן מיין פּעדער און אויפֿגעהערט שרייבן!" און דאָ האָב איך דיר אָנגעגרייט אַ צעבראָכענע פּעדער אויף צום צעברעכן, און דאָס פּאַפּיר שיק אַוועק אין רעדאַקציע, אַז מען זאָל עס

אָפּדרוקן מיט גרויסע אותיות אין צייטונג! קענסט פרעגן ביי אונדזער שכן צי כ׳בין גערעכט!

— דיר גייט דאָך בלויז אין געלט — האָט ער איר איבערגעריסן די רייד — יעדער איינער ווייסט דאָך אָבער, אַז געלט איז קיילעכדיק. אַ מאָל איז עס ביי דעם און אַ מאָל ביי יענעם.

— אַ מאָל ביי דעם, אַ מאָל ביי יענעם. — יאָ — זאָגט זי — ביי דיר קיין מאָל נישט.

— דאָס מאָל וועט עס שוין זיין אויך ביי מיר. דו זעסט דאָס פּאַפּיר? דאָס איז אַ פּיעסע. די פּיעסע וועט גיין אויף בראָדוויי, און דערנאָך וועט מען פון דער פּיעסע מאַכן אַ פילם. די דאָלאַרן וועלן וואַקסן ווי אויף הייון. דעמאָלט וועסטו שוין וויסן וואָס פאַר אַ פּאָך ס׳איז שרייבן! דאָס איינציקע וואָס עס פעלט מיר איצט, איז דער געדאַנק. אַלץ האָב איך שוין אויסער דעם געדאַנק. ווען מיר געלינגט און איך גיב אַ כאַפּ אַריין דעם געדאַנק, אַ, אַ, אַ!

— איז פאַר וואָס כאַפּסטו אים נישט? דעם געדאַנק?

— פאַר וואָס? גיי ענטפער איר פאַר וואָס. אַ געדאַנק איז, ווי זאָל איך דיר שילדערן? אַ געדאַנק איז ווי לאָמיר זאָגן... באַלד, כ׳וועל דיר געבן אַ משל, נעם אַ ווינט. אַ רגע, אַ ווינט טויג נישט. וואָס איז וויכטיק דער משל? דער עיקר מען דאַרף איך כאַפּן, דעם געדאַנק, ווייל דאָס איז די הויפּטזאַך.

— איז ווער לאָזט דיך נישט?

— דו לאָזסט מיך נישט. דו צעדרייסט מיר דעם קאָפּ. יעדן טאָג הער איך נאָר פון דיר: געלט און געלט און ווידער געלט! געלט פאַרקנעכט, פאַרטעמפּט. אַ מענטש פון גייסט דאַרף זיין גליקלעך, וואָס עס איז אים געלונגען נישט צו האָבן קיין געלט. עס ליגט דאָ פאַר מיר אַ פּאַפּיר, וואָס האָט די ווערט מיליאָנען, ממש מיליאָנען. און אין וואָס האַנדלט זיך עס? אין אַ באַרישקייט, אין אַ שטיקעלע געדאַנק. כאַפּ איך אים אַריין, דעם געדאַנק, שיק איך אים גלייך אַוועק אין „עי־דזשענסי".

— נאָך וואָס דאַרפסטו אַן „עידזשענסי", אידיאָט! זיי וועלן דאָך דיר אַראָפּ־נעמען אפשר צען פּראָצענט. און דו ווייסט וויפל צען פּראָצענט מאַכט אויס? אַ ים מיט געלט!

— איז וואָס זאָל איך טאָן?

— נישט געבן זיי גאַרנישט! זאָלן זיי אַליין האָרעווען אויף אַ געדאַנק!

— איז וואָס וועל איך האָבן דערפון? און וואָס וועסטו האָבן דערפון?

— גיב־זשע יאָ, נאָר האָב דעם קאָפּ אויפן קאַרק. דעם טשעק זאָלסטו נעמען מיט שטאָלץ, און גיב אַכטונג עס זאָלן דיר נישט ציטערן די הענט. קיינער דאַרף נישט וויסן, אַז דו ביסט אַ פּענטאַק. ס׳ערשטע זאָלסטו די קויפן אַ פּיזשאַמע, וואָס צעקריכט נישט אין דער וועש. זאָלסט פריִער אָנמעסטן צי ס׳איז נישט ענג ביי די פּאַכווען. און קלינג שוין אָן צו דער מאַדאַם גרין, וואָס האָט דיר נישט געוואָלט באָרגן קיין צען דאָלער, און דערצייל איר די גאַנצע מעשה, וועט זי באַקומען אַן אָנפאַל אויף די גאַלשטיינער פון קרענקעניש!

קוק דיך אָן, מיין מאַן! דו זעסט דאָך אויס ווי איינער, וואָס מ׳האָט אים

אַרויסגעלאָזט פון אַ משוגעים־שפּיטאָל אויף וואַקאַציע. נעם דיר אַ גלעזל קאַווע. מאַך דיר אַן אייער־שפּייזע מיט סאַלאַט, צעשניַיד דיר אַן עפּל, פאַרקנעפּל די הויזן און פאַנפע נישט מיט דער נאָז!

— הער אויף! ווייל איך ווער משוגע! געוואַלד! ווי זי האָט מיך צעטומלט. אַן אומגליק איז מיר געשען! איצט ווייס איך שוין אין גאַנצן נישט וואָס איך האָב צו טאָן!

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, וואָס דו האָסט צו טאָן! צעברעך די פּעדער!

## לייבל איז נישטאָ

— לייבל איז אַן אַלטער חבר. איך האָב אים אָנגעקלונגען אַ טאָג פריִער און געזאָגט אים, אַז איך קום מאָרגן קיין ניו־יאָרק. אויפגעגעבן אים די שעה און דעם נומער פון פלי און ער דאַרף אויף מיר וואַרטן אין פליפאַרט, אַ נישט בין איך אַ פאַרלוירענער לעולם ועד.

איך קלייניקייט — אַ פליפאַרט אין ניו־יאָרק. אַן אומאויפהערלעכע זשומעריי פון עראָפּלאַנען און מענטשן. עלעקטראָנישע טירן עפענען זיך אויף און שיטן צו נאָך אַ ביסל מענטשן אַראָפּגעקומענע פון הימל. ריזיקע סילאָן־עראָפּלאַנען הייבן זיך אויף און כאַפּן אַוועק אַ ביסל מענטשן אין די וואָלקנס אַריין. מען לויפט. די לעצטע מינוטן צום עראָפּלאַן. אַ געלער לויפט צוזאַמען מיט אַ שוואַרצן און פאַר־טשעפּעט זיך אין אַ גרינעם.

דער עלטערער מענטש, וואָס שטייט ביים בופעט, וואָס איז באַלייגט מיט פּאָסטקאַרטן, שאָקאָלאַד און לאַנגע ציגאַרן, ווערט נעבעך פאַרמאַטערט פון בלויזן אַ רעשט געבן. אין דער אָפּטיילונג „נאָר פאַר מענער״ איז העל און ליכטיק. און די טירן לויפן כסדר הין און צוריק. אַ שיינער לירישער סאָפּראַן הערט זיך פון אַ ראַדיאָ באַגלייט מיט אַ קרעכצעריי פון אַ קאַבינע אַרויס. איינער שטופּט צו דאָס פּנים צום שפּיגל. ער ראַזירט זיך. אַ פרייליכער נעגער מיט אַ רויט פלאַמיק העמדל פאַרקנעפּלט זיך טאַנצנדיק די הויזן צום טאַקט פון דזשאַזמוזיק. און לייבל איז נישטאָ.

אַז לייבל איז נישטאָ, איז נישט גוט. נישט גוט? נאָך ערגער. גיין אַהין און צוריק איז זייער גוט פאַר די נערוון. אָבער די פיס, די פיס... און די האַנט, וואָס עס הענגט אויף איר אַ וואַליזע און אין דער וואַליזע ליגט אַן עסקימאָסישע סטאַטוע פון גראָען שטיין, וואָס וועגט אפשר פופצן קילאָ, אַ מתנה, וואָס איך האָב געטאָן עמעצן אַ טובה און צוגעזאָגט איבערגעבן.

אַ גרינער מיט אַ רויט פּנים ווערט פאַרשוואַרצט און קיינער קוקט זיך נישט אום.

ס׳זענען שוין געווען די לעצטע מינוטן. איך האָב שוין געפילט אַז ס׳ענ־דיקט זיך, גיב איך אַ קוק — לייבל איז דאָ!

מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און איך האָב פון אים באַקומען אַ בייזן קוש.

— וואָס הייסט — האָט ער אָנגעהויבן שרייען — דו לאָזט מיך שטיין איבער אַ שעה אין אַזאַ היץ! אין אַזאַ גיהנום! דו ווייסט ווי קראַנק איך בין? קוק אָן די נאַז מײַנע. אַן עקסידענט. אַ מענטש זאָל זיין אַזאַ שלימזל, אַזאַ טויגעניכטס.

— איך האָב דאָך דיך געזוכט — האָב איך זיך אָנגעהויבן פאַרענטפערן.

— ווו האָסטו מיך געזוכט?

— אומעטום.

— און איך בין געזעסן אין יענער זייט.

— אין יענער זייט האָב איך דיך אויך געזוכט, און נישט געזען.

— פאַר וואָס זשע ביסטו נישט אַדורך די טיר אין צווייטן זאַל? איך בין דאָך געזעסן אין צווייטן זאַל.

— כ׳האָב נישט געוווּסט.

— אַז מען ווייסט נישט, פרעגט מען זיך. אַ מענטש, קלוג, מלא חכמה, און אַז עס קומט צו עפּעס, זאָל דער אייבערשטער אָפּהיטן. קיין קאָץ דעם ווידל... נאָ כאַפּ אַריין אַ קאַלט לעמאָניאַדל ווע־סטו קומען צו זיך. ווילסט אפשר אַ סענד־וויטש? ניין? דאַרף מען נישט. קום, שלימזל, לאָמיר אָנהייבן גיין, אַנישט וועט מען פאַרטיק ווערן אויף איבערמאָרגן. איז ווו אַהין גייט מען? אין ד ע ר זייט? אין י ע נ ע ר זייט?

— זעסט, מיך פרעגט ער גאָר. פון וואַנען זאָל איך וויסן, אויב איך בין דאָ צום ערשטן מאָל?

— אָבער אַ שטיקל אָריענטאַציע דאַרפסטו דאָך האָבן. ווו האָסטו די אָר־יענטאַציע?!

— כ׳זאָל אַזוי נישט וויסן פון בייז. דעם פּאַס האָב איך, די דאָלאַרן האָב איך, די כתבים מײַנע היט איך ווי אַן אויג אין קאָפּ. די רעשט הייב איך נישט אָן צו וויסן.

— אַ רגע, אַ רגע, לאָמיך אַליין אַ טראַכט טאָן ווו צו גיין. הער זיך צו... ניין, דו וועסט עס נישט כאַפּן. ס׳איז נישט פאַר דיין קאָפּ. אַ סוף, לעבעדיק, הייב די פּיס.

גייענדיק דערציילט ער מיר, ווי אַזוי מען גייט דאָ אונטער. אַז אַ ייִדישער שרייבער, טאָמער האָט ער נישט קיין פאַבריק פון דאַמען־מאַנטלען איז ער אויף גרויסע צרות. אַז מען מוז לערנען, וואָס מער לערנען. יאַנקל האָט געענדיקט דריי פאַקולטעטן און האָט אָנגעהויבן אויסאַרבעטן ווורשט און געוואָרן אַ מיליאָנער. דו דאַרפסט זיך נישט — זאָגט ער — דרייען אין גאַס. טאָמער באַפאַלט דיך אַ נעגער, אַ נאַרקאָמאַן, מאַכט ער פון דיר אַ זכרונו לברכה. אויב דו דאַרפסט זיין אַ פּאָר טעג אין ניו־יאָרק, זיץ אין שטוב. דאָס בעסטע איז צו זיצן אין שטוב. וואָס שלעפּסטו עפּעס אַזאַ שווערע וואַליזע?

— כ׳האָב דאָרט אַ סטאַטוע פון שטיין.

— קיין אַמעריקע ברענגסטו סטאַטועס? מיר האָבן דאָ ווייניק סטאַטועס? מיר האָבן דאָ אַ פרייהייט־סטאַטוע און מיר האָבן אויך... עס פעלן אונדז סטאַטועס? שויך, שטעל זיך אָפּ, כאַפּ דעם אָטעם און קום ווייטער. מיר זענען שוין ביים באַס־

סטיישאַן. קום אַראָפּ, שנעלער, וואָס זיצסטו? כ׳האָב געהאַט אַ טעות. דער אויטאָבוס איז אַ געלער. ס׳דאַרף זיין אַ גרינער. דער גרינער שטייט גאָר אין אַן אַנדערער זייט. ס׳איז פאַלג מיך אַ גאַנג.

אַרויס פון געלן אויטאָבוס, אַריין אין גרינעם. דערנאָך אין סאָבוועי, און ביי יעדער סטאַנציע פרעגט ער מיך ווו מען דאַרף אַרויסשטייגן. און איך באַגראָב זיך פון בושה, ווייל איך ווייס נישט, און איך האָב מורא אים צו זאָגן, אַז איך ווייס נישט, כ׳זאָל אים נישט נאָך מער אויפרעגן.

אַ ווילער מענטש, לייבל. אַ גוטער חבר, נאָר אַ פאַרמאַטערטער, נעבעך. געוואַלגערט זיך דריי שעה אין באַנען און אין אויטאָבוסן ביז ער איז דאָ אָהער־געקומען מיט אַ געשוואָלענער נאָז פון אַן עקסידענט.

ער האָט מיך געפרעגט, צו איך וויל אויסשטייגן, ווייל מיר זענען שוין אויפן בראָדוויי. איך האָב נישט געוווסט, וואָס צו זאָגן. האָב איך געזאָגט: יאָ.

אַ גרויסער זאַל אין אַ האָטעל פון עטלעכע צוואַנציק שטאָק. אין די פאָטעלן זיצן שווייגנדיקע מענטשן מיט ציגאַרן, פייפס, פאַפּיראָסן, און פראָדוצירן רויך. אַ וואַנט פינקלט מיט רויטע און גרינע צייכנס פון די עלעוויטערס, און אין די טעלעפאָן־אַפּאַראַטן קלינגען די מטבעות.

דער יונגערמאַנטשיק, וואָס דאַרף מיך פאַרזאָרגן מיט אַ צימער, מעסט מיך אָפּ פון קאָפּ ביז פיס, גלייך ווי ער וואָלט געדאַרפט וויסן מיין גענויע מאָס.

— איין צימער איז נאָך דאָ פריי, איז עס אַ טייער צימער. אין ניו־יאָרק אַ פאָר דאָלער איז גאָרנישט. ממש גאָרנישט, אַז מען האָלט ביים נעמען.

אַ גרויס צימער, אַ פאָטעל, אַ דאָפּלט בעט, אַ שרייבטיש, אַ גרויסע קליידער־שאַנק, אַ פּאָדערצימער, אַ סאָפע, נאָך אַ שרייבטיש, נאָך צוויי פאָטעלן, באַקוועמ־לעכקייטן, פאָרהאַנגען, ראַלעטן, אַשבעכערס, שוועבעלעך און לאָמפּן. און דאָ בין איך אַ מענטש איינער אַליין. וואָס וועל איך טאָן מיט דעם אַלעם? סיידן פאַרדינגען פאַר אַ משפחה מיט קינדער.

אַרויפגעוואָרפן זיך אויפן בעט און אין קאָפּ האָבן געקלאַפּט און גערוישט באַנען און עראָפּלאַנען, נעגערס האָבן געריטשעט, אויטאָמאַטן האָבן געקלונגען. ווער ווייסט, ווי לאַנג איך וואָלט אַזוי געלעגן אין דער באַרוישונג, ווען עס וועקט מיך נישט אויף אַ שאַרפער טעלעפאָן־קלונג.

לייבלס פרוי האָט געקלונגען. ס׳איז שוין האַלבע נאַכט און לייבל איז נאָך נישטאָ.

ווי אַזוי זאָל איך זיך אויף איר דערבאַרעמען? וואָס קען איך טאָן? אין מיטן דער נאַכט, אַ פרעמדער אין אַזאַ כרך, זאָל איך גיין זוכן לייבלען?

# אין טאָג פון זעלבשטענדיקייט

קליינע, ברוינע תּימנער יינגעלעך. בלאָנדע יאַטלעך „צאַברעס" מיט חוצפּה־דיקע טשופּרינעס און צעכראַשטשעטע העמדלעך, הענגען אויף די ביימער — וואָס צ׳ען זיך אין לאַנגע אַלייעןביים צוים פון די טראָטואַרן — ווי פרישע פּירות. די טראָטואַרן, באַלייגט מיט אַ געדיכטער מענטשן־מאַסע, די באַלקאָנען און דעכער באַשאָטן מיט מענטשן ווי אַ באַוועגלעכער מאָן.

היינט איז דער „יום העצמאות", דער טאָג פון זעלבשטענדיקייט, און דאָס דערוואַרט מען דעם גרויסן פּאַראַד, וואָס וועט דורכמאַרשירן די גאַסן פון תּל־אָביב.

ביים סאַמע ברעג טראָטואַר, אויף אַן איבערגעקערט פּרוכטקעסטל, זיצט אַן אַלט פּאָרפאָלק. לאַנגע שעהען זיצן זיי שוין, שטיל און געדולדיק טראָגן זיי איבער די ענגשאַפט און דעם ליאַרעם אַרום. שטיל און געדולדיק זיצט זיך אַ ייד מיט אַ שוואַרצן קאַפּעליוש, דער ברייטער ראַנד באַמיט זיך נישט צוצולאָזן די זון צו זיינע אויגן, אין וועלכע מען דערקענט, אַז ער איז איצט זייער פאַרטאָן אין מחשבות, מען דערקענט אין די אויגן איבערלעבונג, צער און אַן אומרויקייט פון געדאַנק.

דער ברייטער ראַנד פון דעם שוואַרצן קאַפּעליוש באַמיט זיך, אַז די זונשטראַלן זאָלן נישט אָנגרייפן דאָס צעקנאָדערטע בלייכע פּנים, וואָס איז רחבותדיק אַרומגע־וואַקסן מיט אַ געדיכטער זילבערנער באָרד.

זי, אַן איינגעבויגענע, אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, זיצט נעבן אים. פון צייט־צו־צייט שיילט זי אָפּ אַ מאַראַנץ, צעטיילט אים אויף חלקים, און דער־לאַנגט אים אַ חלק צום מויל.

ביידע זיצן זיי שטיל און געדולדיק אין דערוואַרטונג פון דעם גרויסן מיליטער־רישן פּאַראַד, וואָס וועט דורכמאַרשירן די גאַסן פון תּל־אָביב לכּבוד דעם טאָג פון זעלבשטענדיקייט.

צווישן דער גרויסער מענטשן־מאַסע זענען זיי כּמעט די איינציקע שוויגערס, טראָץ דעם, וואָס זיי האָבן נאָך נישט אויפגעהערט אַ מינוט צו רעדן. זיי רעדן יעדער באַזונדער, אָן שום באַוועגונג פון די ליפּן, זיי רעדן צו זיך, אין זיך־אַריין רעדן זיי.



שוין באַלד צוואַנציק יאָר פאַרביי, ווי ער, מענדל פיינזילבער, האָט פאַרלאָזט וואַרשע און אַוועק קיין ארץ־ישׂראל. ס׳איז געווען דעמאָלט אַ הייסער זומערטאָג. ביז אין דער שפּעטער נאַכט איז מען געווען פאַרטאָן אין פּאַקן דאָס רעשט זאַכן.

דעם ווילנער ש״ס, די צוויי זאַצן חומשים און מחזורים, געבונדענע אין לעדער מיט גאָלדענע ליישונגען, די זילבערנע לייכטער, דאָס בשׂמים־ביקסל, די זילבערנע

בעכערס און דער חנוכּה־לאָמפּ זענען געפּאַקט געוואָרן צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע חשובע זאַכן, וואָס האָבן, חלילה, נישט געטאָרט גיין אין גרויסן באַגאַזש, נאָר אין די וואַליזן, וואָס וועלן מיטפאָרן צוזאַמען מיט אים אין וואַגאָן, און וועלן זיך נישט אָפּשיידן פון אים אין משך פון דער גאַנצער צייט פון דער נסיעה.

אין דער פרי, ווען אַלע פּעק זענען שוין געלעגן געבונדן און פאַרפּאַקעוועט אין מיטן דער ליידיקער שטוב, האָט ער, מענדל, גענומען דאָס עלטסטע ייִנגל זיינס, יאָסעלע, פאַר דער האַנט, אַנגעזאָגט זיין ווייב רייזל, אַז זי זאָל נישט איבערקלערן, טאָמער וועט ער זיך פאַרזאַמען, און אַוועק.

געגאַנגען איז ער צום רבין זיינעם געזעגענען זיך. די טריט האָבן זיך ביי אים וואָס אַ מאָל פאַרקלענערט, די פיס האָבן זיך געפּלאָנטערט ווי זיי וואָלטן געהאַלטן מיט זיך אַ וויכּוח. דער קאָפּ אַרונטערגעפאַלן ווי ביי אַ שולדיקן און די אויגן ווי זיי וואָלטן געציילט די קוואַדראַטן פון דעם טראָטואַר. די קוואַדראַטן, וואָס זענען שוין אויסגעטראָטן געוואָרן פון אים אומצייליקע מאָל, פון די חדר־יאָרן ביז צום הורטגעשעפט פון זאָקן, קוקן אים איצט אויס אַזוי פרעמד. מיט איין האַנט ציט ער נערוועז אַ ביגטל פון דער באָרד, אין דער צווייטער — האַלט ער פעסט דאָס שמאָלע הענטל פון זיין בכור יאָסל, וואָס שלעפּט זיך נאָך ביי דער זייט, קוקט מיט פּחד אין טאַטנס קנייטשנדיקן שטערן, און וואַגט נישט אויסרעדן אַ וואָרט.

טראַץ דעם, וואָס ער גייט פּאַמעלעך, דערנענטערט ער זיך שנעל צום הויף פונעם רבינס בית־המדרש.

וואָס וועט ער אים זאָגן — טראַכט ער — פּשוט, פּראָסט און פּשוט: רבי, איך פאָר היינט אַוועק. קיין ארץ־ישׂראל פאָר איך, כ׳בין געקומען זיך געזעגענען.



ביי דעם רבין אין בית־מדרש איז ער דאָך אויפגעהאָדעוועט געוואָרן. דאָרט האָט ער זיך דאָך אָנגעזאַפּט מיט ייִדישקייט און גוטע מידות, דאָרט האָט ער דאָך אָפּגעפילט די שיינקייט און די גרויסקייט פון תּורה און חסידות, דאָרט האָט ער דאָך געלערנט די סודות פון לעבן, חכמה און יראת שמים, און דאָרט איז דאָך געווען דער קוואַל פון וואַנען ער האָט געשעפּט קדושה און נשמה יתירה.

פּשוט — פּראָסט און פּשוט וועט ער זאָגן — רבי, איך פאָר היינט אַוועק. קיין ארץ־ישׂראל פאָר איך, כ׳בין געקומען זיך געזעגענען.

קיין זאַך האָט ער אין זיין לעבן נישט געטאָן אָן דעם רבינס הסכּמה. ווען ער איז געוואָרן ראוי לחופּה און געשטאַנען אין שידוכים, האָט מען נישט געשריבן פריִער קיין תּנאָים מיט רייזלען, ביז דער רבי האָט געגעבן זיין הסכּמה דערויף, און אין דער צייט פון קעסט, ווען מען האָט געקלערט תּכלית, האָט מען געמאַכט אַ הורטגעשעפט פון זאָקן, לויט דעם רבינס הסכּמה. דאָס געשעפט האָט געגעבן פּרנסה בשפע. קינדערלעך זענען געבוירן געוואָרן, צוויי ייִנגלעך און איין מיידל. און ווען זיין רייזל — נישט היינט געדאַכט — איז קראַנק געוואָרן און דער דאָקטער האָט געהייסן אָפּערירן, האָט מען טאַקע נישט אָפּערירט, ווייל דער רבי האָט נישט געגעבן זיין הסכּמה, און זי איז ב״ה געזונט געוואָרן, אויף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט.

דערפאַר האָט ער זיך דעמאָלט געפילט אַזוי נידערגעשלאָגן, אַזוי שולדיק, ווייל דאָס ערשטע מאָל מאַכט ער אַזאַ געוואַגטע זאַך, ער פאָרט אַוועק, נישט נעמענ־דיק פריִער קיין עצה ביים רבין און אָן זיין פריִערדיקער הסכמה.

דער רבי איז געוועזן קעגן פאָרן קיין ארץ־ישׂראל. ער האָט שוין נישט איינעם פון זיינע חסידים אָפּגעהאַלטן פון דעם און געהייסן וואַרטן אויף דער אמתער גאולה.

לאַנגע יאָרן האָט מענדל זיך געראַנגלט מיט דעם געדאַנק. ער האָט געזען און אָפּגעפילט די שווערקייט פון גלות, די אָפענע שׂנאה צו יידן, דעם פּחד פאַר די קומענדיקע צייטן. און ער האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט קומען זיך עצהנען מיט דעם רבין, וועט ער אים אָפּהאַלטן, ער וועט אויף אים משפּיע זיין, און דער רבי האָט אַ גוואַלדאַוונעם כּוח־השפּעה. דערפאַר האָט ער באַשלאָסן אָפּצוטאָן, און אַזוי בלייבט עס...

איז ער געקומען זיך געזעגענען. שטייט ער פאַרן רבין מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, ווי איינער וואָס האָט אָפּגעטאָן עפּעס אַ שלעכטע זאַך, ווי איינער וואָס אַנער־קענט זיין זינד און בעט מחילה.

דער רבי, איינגעהילט אין אַ זיידענעם, ווייסן געבלומטן כאַלאַט, זיצט אין אַ ברייטן פאָטעל. אַ צוויי־שפּיציקע באָרד, ווי פון גלאַנציק־געפּוצטע זילבער־פעדים, פאַרדעקט אים דאָס האַרץ כּמעט ביז צום גאַרטל. די ברילן אויפן סאַמע שפּיץ נאָז, ווי ער וואָלט זיי פאַרגעסן אַראָפּצונעמען, קוקט ער אויף מענדלען, וועלכער שטייט מיט זיין איינגעבויגענעם גוף, וואָס קורטשעט זיך, און קלענערט זיך, צודריקנדיק צו זיך דאָס הענטל פון קליינעם יאָסעלע און קען נישט אַרויסברענגען איבערן מויל די ווערטער, וואָס ער האָט געהאַט באַשלאָסן צו זאָגן, פּראָסט און פּשוט: רבי, איך פאָר היינט אַוועק. קיין ארץ־ישׂראל פאָר איך, כ׳בין געקומען זיך גע־זעגענען.

— נו, מענדל, דו פאָרסט קיין ארץ־ישׂראל? — האָט דער רבי איבערגעריסן די שטילקייט.

— יאָ, רבי, — האָט מענדל אַרויסגעשלעפּט פון זיך די צוויי ווערטער.

— אַז דו פאָרסט קיין ארץ־ישׂראל, טאָ וואָס זשע שווייגסטו? — האָט דער רבי אַריינגעלאָזן אַזאַ אומזעבאַר שמייכעלע אין די וואָנצעס.

— איך פאָר היינט, רבי, איך בין געקומען זיך געזעגענען.

ווידער איז אַריין אַ שטילשווייגן, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנגע, שווערע מינוטן. פּלוצעם האָט דער רבי זיך אויפגעשטעלט פון פאָטעל, דורכגעגאַנגען די שטוב אַ פּאָר מאָל הין־און־צוריק, מיטשלעפּנדיק אַ פּאָר גרויסע שטעקשיך, אַוועקגע־שטעלט זיך האַרט נעבן מענדלען.

— פאַר געזונטערהייט, מענדל — האָט ער אים געזאָגט אויסשטרעקנדיק די האַנט, דערנאָך אַ לייכט קניפּעלע אין בעקל דעם קליינעם יאָסעלע, אַריינגעקוקט אים אין זיינע יידישע צעשראָקענע אייגעלעך, אַ גלעט געטאָן אים איבערן שוואַרצן טוכענעם היטעלע, ווו פון ביידע זייטן האָבן געציטערט צוויי פּאהלעך.

— זאָלסט זיין אַ ייד, — האָט ער געזאָגט צו יאָסעלען און יאָסעלע האָט צוגע־שאָקלט מיט דעם קאָפּ אויף יאָ.

— אויף קינדער דאַרף מען דאָרט אַכטונג געבן — האָט ער געזאָגט צו מענ־

דלען — צו פיל סכּנות איז דאָרט פֿאַראַן פֿאַר קינדער... — פּאַר געזונטערהייט — האָט ער נאָך אַ מאָל אויסגעשטרעקט די האַנט. און מענדל האָט זיך צוריקגעקערט מיט דער פּלייצע צו דער טיר, אַריינגעאָטעמט אין זיך צום לעצטן מאָל דעם דומפּיקן ריח פֿון די אַלטע ספֿרים פֿונעם רבינס צימער, און אַזוי אַרום אַרויסגעגאַנגען.



צוליב דעם, וואָס ר׳ מענדל האָט געוואָלט אָפּהיטן זיינע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך נישט אויסמישן מיט דעם תּל־אָביבער יונגוואַרג, וואָס קוקן אויס אַזוי הפֿקרדיק, מיט בלויזע קעפּ און נאַקעטע פֿיס, האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ פּלאַץ אַ ביסל וויטער פֿון דער שטאָט, און פֿונעם געררויש. אויף אַ ליידיק שטיקל פֿעלד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט פּרדסים, האָט ער זיך אויסגעבויט אַ הויז פֿון צוויי שטאָק, און אין די דירות האָבן געוווינט נאָר פֿרומע, גאָטספֿאַרכטיקע שכנים.

האָט אַ ליכטיקייט געפּלייצט פֿון די פֿענצטער פֿון ר׳ מענדלס הויז און זיך צעגאָסן איבער פּרדסים אַרום. אַ ליכטיקייט מיט געזאַנג פֿון זמירות, האָט זיך יעדן שבת און יום־טוב געריסן פֿון ר׳ מענדלס הויז, צעגאָסן זיך איבער די פּרדסים וויט־וויט, ביז דאָס איז אַריינגעזאַפּט געוואָרן ערגעץ־ווו אין די נעפּלען פֿון די הרי יהודה.

איין מאָל, אַ פֿרייטיק־צו־נאַכט, זענען די ליכטיקע פֿענצטער צעבראָכן געוואָרן פֿון קוילן. פֿון די פֿינצטערע פּרדסים אַרום האָבן פֿאַרבאָרגענע הענט געשיקט פֿייער און בליי אין ר׳ מענדלס הויז אַריין. קוילן האָבן אָפּגעריסן שטיקער טינק פֿון די ווענט און פֿאַרשטעקט זיך צווישן די ציגל. איין קויל האָט זיך אַריינגעריסן אין ספֿרים־שאַנק, און דורכגעלעכערט אַ גאָלד־געליישטן רוקן פֿון ווילנער ש״ס.

שטיל און פֿינצטער איז געוואָרן אין ר׳ מענדלס הויז. די שכנים האָבן אָנגעהויבן פֿאַרפּאַקן די זאַכן און יעדן טאָג איז ליידיק געוואָרן נאָך אַ דירה. די פֿינצטערע פֿענצטער־לעכער האָבן אַרויסגעקוקט פֿון דעם ווייסן מויער ווי דערשראָקענע אויגן. די וויסטע פֿינצטערניש פֿון די פּרדסים רייסט זיך וואָס אַ מאָל מער אַריין אין ר׳ מענדלס הויז.

דעם צווייטן שבת איז דאָס הויז שוין געווען פֿאַרלאָזן פֿון די שכנים. אין איין צימער איז נאָך געזעסן מענדל מיט זיין משפּחה און געטראַכט איבער דעם וואָרט „אומרוען״. דאָס פֿענצטער איז געווען פֿאַרהאַנגען, אַז ס׳זאָל נישט אַרויסלאָזן דאָס קליינע ביסעלע ליכט פֿון די צוויי שבת־לייכטער, וואָס דער חלב פֿון זיי האָט געטריפֿט צוזאַמען מיט זיין רייזלס טרערן.

ווען ר׳ מענדל איז געשטאַנען מיט דעם זילבערנעם בעכער וויין אין האַנט און קידוש געמאַכט אויפֿן קול, האָט אַ קויל דורכגעלעכערט די שויב, דורכגעזשומעט די שטוב. אַ רונדיק שפּיזעלע ליכט איז דורך דעם לעכל פֿון דער שויב אַרויס אין דרויסן און אויפֿגעדעקט דעם סוד פֿון ר׳ מענדלס צימער פֿאַר דער וויסטער פֿינצטערקייט אַרום.

רייזל — וואָס האָט אין האַרצן געטראָגן אַזוי פֿיל טענות צו אים, הלמאי נעמט אַ מענטש, אַ בעל־משפּחה מיט קינדער, און באַזעצט זיך דווקא אין אַזאַ העק, אַנטלויפֿט פֿון אַ שטאָט, וואָס ליגט דאָ גלייך דערנעבן, באַוווינט מיט בלויז ייִדן

און לייכט דאָ אַהער מיט אַזאַ שלל ליכט — האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַזאַ אומ־רויִקייט ווי אַ באַשעפעניש, וואָס דערפילט, אַז ס'דערנענטערט זיך אַ שטורעם. זי האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן און געוואַרט צו זען, וואָס האָט ער בדעה ווייטער צו טאָן.

שנעל און מורמלענדיק האָט ער פאַרענדיקט דעם קידוש און איז צוזאַמען מיטן בני־בית אַרויס פונעם הויז. אַז זיי זענען אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג, נענטער צו דער שטאָט, זענען אים אַנטקעגנגעקומען אַ פּאָר בחורים, האָבן אים פאַרשטעלט דעם וועג, און געפרעגט, ווי אַזוי מען גייט אַריין אינעווייניק, אין יענעם הויז, אין זיין הויז.

איז ר' מענדל, צוזאַמען מיט די בחורים און מיטן בני־בית, צוריק אַריין צו זיך. ער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ געשעט, וואָס ווילן זיי, די בחורים, וואָס האָבן זיך כמעט ווי אַריינגעריסן אין זיין פאַרלאָזטער היים?

אַז די פינצטערקייט אַרום האָט ווידער אָפּגעפילט אַ לעבעדיקן אָטעם אינעם הויז, האָט זי עס גלייך באַשיט מיט בליי. און דעמאָלט האָט דאָס הויז געענטפערט מיט אַ חוצפּהדיק, לאַנג און אומאויפהערלעך פייער, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ ווייטיקלעכן געשריי פון צווישן דער געדיכטקייט פון די פּרדסים.

נאָך דעם געשריי האָט זיך עפּעס ר' מענדלס גוף אַזוי אויסגעצויגן. ער האָט פּלוצעם דערפילט אין זיך אַזאַ ווילכטיקייט, אַזאַ שטאָלץ אויף זיין הויז, וואָס האָט געהאָט אַזוי פיל מוט זיך אַוועקצושטעלן אין סאַמע פראָנט, ווי אַ שומר פאַר דער יידישער שטאָט.

אַז זיין יאָסעלע האָט זיך אַריינגעזעצט צווישן די לאַנגע נאַקעטע פיס און צעשויבערטע קעפּ פון די בחורים, פּלוצעם אויסגעמישט זיך מיט זיי און קוקט מיט דרך־ארץ אויף יעדן איינעם באַזונדער, קוקט זיך איין ווי אַזוי שטאַרקע פינגער פילן אָן קליינע אייזערנע פושקעלעך מיט לאַנגע שפּיציקע קוילן, האָט אים מענדל נישט געשטערט. פאַרקערט, ער איז צוגעגאַנגען צום בחור און אים געבעטן: — ווייז אים, ווייז עס אים, לערן אים דאָס אויס, אַ ייִד מוז דאָס קענען.



ס'איז שוין אָן ערך פופצן יאָר זינט דעמאָלט. פופצן שווערע, שרעקלעכע יאָרן. יאָסעלע האָט זיך אויסגעלערנט... דאָס צווייטע ייִנגל, שמואל, איז אונטערגעוואַקסן און האָט זיך אויך אויסגעלערנט... דאָס מיידל האָט זיך דערנאָך אויך אויסגעלערנט... זיי האָבן זיך אויסגעלערנט די ערשטע ווילכטיקסטע תּורה, וואָס אַ ייִד, ביים איצטיקן דור, איז מחויב צו קענען.

פופצן יאָר, שוידערלעכע יאָרן. יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַנגט נייע געשעענישן, נייע קרבנות, דערנאָך דער גרויסער חורבן פון ייִדן אין דער אַלטער היים. וואַרשע ברענט מיט אַ העליש פייער. זיין וואַרשע. דער לעצטער געשריי פון זיינע ייִדישע גאַסן, וואָס הילכט אים נאָך ביז היינט אין די אויערן און וועט קיין מאָל נישט אַנטשוויגן ווערן.

און דערנאָך די גרויסע נאַכט, ווען די אומות־העולם האָבן אָנערקענט די רעכט פון אַ ייִדישע מלוכה, אַ נאַכט פון אַזוי פיל פרייד און אַזוי פיל טרערן.

אַ נאַכט, ווען אַ גאַנצע שטאָט האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט פרייד און גע־וואַלגערט זיך איבער די גאַסן און רינשטאָקן. אַ שטאָט האָט איבערגעקערט אַ נאַכט אין אַ העלן אויפגעשטורעמטן טאָג. די גאַסן האָבן גישט אויפגעהערט שרייען „מזל־טוב״! „לחיים״ האָט מען געטרונקען פון די פלעשער. צעיאַכמערטע בחורים און מיידלעך האָבן אין מיטן גאַס איינגעפלאָכטן ר׳ מענדלען אין אַ ראָד און צוזאַמען געטופעט מיט די פיס, שטאַרקער, פעסטער, ביז צום לעצטן אָטעם. אפשר כאָטש אויף אַ ווייל פאַרטופען דאָס געשריי, וואָס הילכט אים נאָך ביז היינט אין די אויערן...

און באַלד דערנאָך, דער אויפמאַרש פון די אַראַבישע חילות אויף דעם קליינעם יידישן ארץ־ישראל.

האָבן די דריי קינדער אָנגעהאָנגען אויף זיך די לייוונטענע טאָרבעס, צעקושט זיך מיט טאַטע־מאַמע און אַוועק. טעג און נעכט האָבן געקלאָגט די סירענעס איבער דער שטאָט, די הימלען האָבן געזשומעט און אָנגעזאָגט חורבן. און טעג און נעכט האָט רייזל אויסגעוויינט זיך די אויגן איבערן אַלטן סידור.



דער המון אין גאַס האָט אָנגעהויבן זיך צונויפקוועטשן. רייטערס אויף ווייסע פערד האָבן מאַיעסטעטיש און שטאָלץ געעפנט דעם פּאַראַד אונטער אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן. דאָס אַלטע פאַרפאַלק האָט זיך אויפגעריסן ווי פון אַ חלום. ער האָט אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען ווו ער איז איצט, און וואָס ס׳קומט איצט פאָר.

איצט איז דער טאָג פון זעלבשטענדיקייט, איצט מאַרשירט איבער די גאַסן דער גרויסער מיליטערישער פּאַראַד, איצט פרייט זיך דאָס פאָלק מיט זיינע גיבורים.

איין אָפּטיילונג נאָך דער צווייטער. טויזנטער הענט ווי איין האַנט. טויזנטער פיס ווי איין פוס. מיט ערנסט און כוח מאַרשירט דורך דאָס מיליטער מיט זיין כלי־זין, גראַבע, געקאָוועטע שיך קלאַפּן אויס צום טאַקט גע־נוג! גע־נוג! גענוג געקוילעט, גענוג געמאָרדעט. שורה נאָך שורה, ווי צוזאַמענגעגאָסן זענען, אַקסל צו אַקסל, ברוסט צו ברוסט. פון אונטער די טיפע שטאָלענע העלמען פינקלען אויגן, פון פוילן, פון דייטשלאַנד, פון רומעניע. פון אונטער אַ שווערן שטאָלענעם העלם שרויפן זיך אַרויס צוויי דינע תימנער פּאות און אַלץ אין איין שורה, אין איין טאַקט: גע־נוג! גע־נוג!

אַן אָרקעסטער מיט גלאַנציקן מעש האָט זיך צעצונדן אין דער זון און צעריסן די לופט מיט טענער פון כוח און בטחון. ר׳ מענדל ציט זיך אויס, וואָס אַ מאָל שטייפער. ער האָט גאָרנישט געפילט, אַז ער האָט זיך שוין לאַנג אויפגעהויבן פונעם קעסטעלע און די פיס טראָגן אים אַזוי גרינג, אַזוי גרינג.

ר׳ מענדל מיטן ווייב קוקן שוויגנדיק אין איין פונקט, גלייך ווי זיי וואָלטן אים דערזען, גלייך ווי ער וואָלט דאָ געשפּאַנט מיט זיי אַלעמען. זיי זוכן אים, דעם צווייטן זון זייערן, שמואלן, כאָטש אייערנעכטן זענען זיי געווען אויף זיין קבר. ווי אויף דעם שטיין צווישן אַזוי פיל גלייכע מיליטעריש אויסגעסדרטע שטיינער — שטייט אויפגעשריבן אַ פּאָר געציילטע ווערטער: שמואל פיינזילבער, געפאַלן אין שלאַכט.

אַט קומט אָן אַ נייע אַפּטיילונג מיליטער, בראש אין סאַמע מיט גייט אַ הויכער, פול־ברוסטיקער אָפיציר, מיט אַ פּנים פול פאַרביסנקייט און עקשנות.

די ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט, דאָס ערשטע מאָל היינט האָבן זיי זיך אָנגעקוקט. דאָס ערשטע מאָל היינט האָט זי אים אַ צי־געטאָן פאַר דער האַנט און גערופן אים ביים נאָמען.

ר׳ מענדל איז אומבאַוועגלעך, שטייף. די אויגן פון אונטער די לאַנגע באַ־וואַקסענע ברעמען האָבן באַקומען דעם אָנבליק פון אַן אָדלער. ער זעט, דאָס איז ער, דאָ גייט ער. זיין יאָסל.

— מענדל? דו זעסט, מענדל? — האָט זי גערעדט סתּם ווי צו זיך — מען דערקענט דאָך אויף אים גאָרנישט. האָט זי אָנגעשטרענגט די אויגן און נאָכגעקוקט אַקוראַט זיינע צוויי הויכע פיס מיט די געקאָוועטע שיך, וואָס האָבן מאַרשירט אויסגעמאָסטן, מיט אַ פעסטקייט ווי זיי וואָלטן געוואָלט צעטרעטן דעם בעטאָנענעם ברוק.

די צוויי פיס זענען דאָך געלעגן דריי חדשים אין גיפּס און זענען צוויי מאָל אָפּערירט געוואָרן. די צוויי פיס זענען דאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דורכגעשאָסן געוואָרן אין די בערג אַרום ירושלים.

איין אָפּטיילונג מאַרשירט נאָך דער צווייטער, די שעהען גייען דורך אומבאַ־מערקט. דאָס אויג ווערט נישט מיד, דאָס פאָלק הערט נישט אויף צו יובלען, צו אַפּלאָדירן. אַט גייען די פאַנצער־אָפּטיילונגען, האַרמאַטן פון פאַרשידענע קאַליבערס, גרויסע שווערע טאַנקען, שטאָלענע גיגאַנטן מיט גראָב־לופּעדיקע נעז, אַ פאַרטויבנ־דיק קלאַפּעריי פון שווערן שטאָל.

אין דעם שווערן, פאַרטויבנדיקן געטראַסק לויפן די געדאַנקען ביי מענדלען: ער וועט אָנשרייבן אַ בריוו צום רבין. ער וועט אים זאָגן, דעם רבין, אַז יאָסעלע איז געבליבן אַ ייִד, אַ גוטער ייִד; אַז שמואל איז געפאַלן אין נגב ווי אַ ייִד, און זיין טאָכטער חנה, וואָס לעבט אין אַ קיבוץ, איז אויך אַ כשרע ייִדישע טאָכטער, און פאַר די אייניקלעך איז ער אויך אויסגעזאָרגט.

אַזוי וועט ער שרייבן. אָבער וווהין? צו וועמען? אַז אויפן אָרט פונעם בית־מדרש ליגט אַ באַרג מיט גראָז, אַז פון גאַנצן ייִדישן וואַרשע איז געבליבן אַ באַרג מיט חורבן.

דער המון האָט זיך צעוואָרפן. די דעכער און די באַלקאָנען האָבן אָנגעהויבן זיך אויסליידיקן. דער עולם, אַן אָנגעזעטיקטער מיט ייִדישן שטאָלץ, איז פּאַמעלעך פונאַנדערגעגאַנגען זיך יעדער אין זיין ריכטונג.

— אדון! אדון! — האָט אַ ייִנגל אַ צי־געטאָן ר׳ מענדלען פאַרן אַרבל, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ פאַרטראַכטער. — אדון, דער פּאַראַד האָט זיך שוין געענדיקט.

— וואָס? — האָט ר׳ מענדל זיך אָנגעבויגן מיט דעם אויער צום ייִנגל.

— אַהאַ, שוין געענדיקט?

און ביידע אַלטע לייט האָבן זיך פאַרנומען אַהיים.

# צווי פריינד אין מדבר...

צווישן זאַמדיקע בערג, ערגעץ ווייט פאַרוואָרפןביים „וואַדי פאַליק" ליגן אויסגעשפּרייט צריפים — הילצערנע, מיט גרויע צעמענטענע דאַכוווקעס...

ביי איינעם פון די צריפים שטייט צוגעבונדן אַ פערד, וואָס קייט פון אַ זאַק אַרויס שעצקע געמישט מיט גערשטן, דער לאַנגער געדיכטער עק שמייסט פוןביידע זייטן, איבער דער ברוינער גלאַנציקער פעל, וואָס ציטערט פון די שטעך פון בייזע פליגן.

דאָס פערד הייסט גיבאַראַ — „גיבורה" — און געהערט צום שומר בן־אריה.

בן־אריה, אַ געבוירענער אין ראָש־פּינה, געהאָדעוועט און דערצויגן אין די בערג פונעם גליל, צייכנט זיך אויס מיט זיין פעלדזיקן געבוי און שטאָלענעם כאַראַקטער פון די אַלע איינוווינערס אינעם קליינעם ישוב. דער קליינער ישוב באַשטייט צום מערסטן פון בחורימלעך געקומענע פון פוילן, פון אונגאַרן, און פון אַנדערע לענדער... און ער, בן־אריה, איז אַ הויכער, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ פולער ברוסט, אַ פולבלוטיק פּנים, מיט אַ געזונטער קלינגענדיקער שטים. זיינע צווי פונאַנדער־גענומענע פיס, אַנגעצויגענע אין נעטע רייטהויזן, מיט הויכע שטיוול, שטייען תמיד אַזוי ווילדעריש, שפּאַטיש, גלייך ס׳וואָלט זיי צו לייכט געווען צו טראָגן אויף זיך דעם ברייטן אויסגעפּילטן גוף.

ווען ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעריטן מיט זיין „גיבורה" אין דער אַראַבישער סביבה, געשלאָסן פריינדשאַפט, און די הונדערטער בעדויִנער און פעלאַכן וואָס וווינען אַרום דעם ישוב האָבן דאָס ערשטע מאָל אים אויפגענומען און באַוווּנדערט דאָס העלדישע אויסזען פון יידישן שומר מיט זיין שטאַרקער שקאַפּע, און אַלע אַרום האָבן געראויכערט זיינע גוטע פּאַפּיראָסן מיט די גאָלדענע מונדשטוקן, — האָט ער ביי זיי גלייך באַקומען דעם העלדישן נאָמען: „אַבו־דיאַב", וואָס באַטייט: „דער טאַטע פון וואָלף".

אַבו־דיאַב זיצט דאָ אין זיין צריף אָן זיין פאַמיליע. ער איז אַרויס אויף זיין ערשטן פּאָסטן אין נאָר וואָס אויפגעשטעלטן ישוב, — היטן; און ס׳איז נאָך פּוסט, ווילד, פּריצייטיק אַראָפּצוברענגען זיין פרוי מיטן קליינעם קינד. מיטגענומען האָט ער נאָר מיט זיך זיין עלטערן זונדל גדעון, און די נייע צוויי־לופעדיקע יעגער־ביקס...

דער פינף־יאָריקער גדעון — דאָס איז דער זעלבער העלדישער „אַבו־דיאַב", נאָר אין מיניאַטור. דאָס זעלבע קעפּל מיט די געקרייזלטע האָר האַלט זיך שטאָלץ ווי ביים טאַטן, די זעלבע ברייטע פּלייצקעלעך מיט אַ שטאָלץ בייכל פון פאַרנט. ער גייט מיט דעם זעלבן גאַנג וואָס זיין טאַטע, מיט אַ האַלטונג פון אַ דערוואַקסענעם ערנסטן מענטש — אַ שומר וואָס מוז זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן ביימל פון די נייע פּרדסים און היטן די פאָר צענדליק נפשות ביי נאַכט.

ווען „אַבו־דיאַב״ האָט דאָס ערשטע מאָל געבערענגט די נייע שקאַפּע אויפן פּלאַץ, צוגעבונדן זי צום צריף — איז אַרויס דער קליינער גדעון, בײדע קליינע רונדיקע הענטלעך פאַרלייגט אויפן הינטן, און ווי אַ מבין באַקוקט די גרויסע ברוינע שקאַפּע, באַוווּנדערט איר ברוסט, די הויכע שטאַרקע מוסקולן, געגלעט זי, מיטן קליינעם ווייכן הענטל, איבער איר גלאַנציקער פּעל. דער הויכער אַבו־דיאַב שטייט דערנעבן, און ביידע, דער גרויסער טאַטע מיטן קליינעם זונדעלע, קוקן זיך אָן שטילשווייגנדיק, טראַכטנדיק וועגן דעם דריטן, וואָס איז צוגעקומען אין געזינדל — די שקאַפּע.

דער קליינער גדעון איז אַריין אין שטוב, אַרויסגעבערענגט אַ מעשן בלעכל מיט אויסגעשניטענע שפּיצן ווי אַ שטערן, און עס אָנגעהאָנגען ביים לעדערל אויפן האַלדז פון דער שקאַפּע — די ערשטע מתנה פון גדעונען.

— נו, ווי זאָל מען אַ נאָמען געבן די שקאַפּע? — האָט דער פאָטער אַ פרעג געטאָן.

דער קליינער גדעון האָט לאַנג נישט געטראַכט; ער האָט געקוקט אויף דער הויכער ברוסט און שטאַרקע מוסקולן פון דער שקאַפּע און אויסגעשריגן: „גי־בורה״!... גיבורה וועט מען זי רופן, ווייל זי איז אַ שטאַרקע...

פון דעמאָלט אָן איז איר געבליבן דער נאָמען גיבורה.

---

דער קליינער גדעון האָט זיך גיך אײַנגעלעבט מיט גיבורהן און ביידע האָבן זיך גוט פאַרטראָגן. ביידע זענען זיי געוואָרן צוגעבונדן איינס צום אַנדערן, אַ גאַנצע נאַכט איז „אַבו־דיאַב״ אויף אים געריטן, און ביי טאָג איז ער געשלאָפן, ביי טאָג זענען געבליבן צוויי וואַכעדיקע — גדעון און גיבורה.

און דער טאָג דאָ אין ישוב איז אַזוי לאַנג, שטיל, מאָנאָטאָן.

די פּאָר אײַנוווינערס זענען צעשפּרייט ווייט איבער די פּרדסים, און די אַלע מינים פליגן און ווערעם וואָס פאַרזשומען די לופט, די יאַשטשערקעס און פייגל — זיי זענען די פריילעכע כאַליאַסטרע, וואָס לעבט זיך אויס דאָ אין די לאַנגע זוניקע טעג, אין די הייסע זאַמדן.

זיי לעבן דאָ אַ פרידלעך, שיין און אימפּולסיוו לעבן; באַהאַלט זיך צווישן אַ פּאָר ווילד געוואַקסענע בלעטלעך אַ ווערעמל, און פּישטשעט זיך פון דאָרט אַרויס גאַנצע אַריעס; שטייט אַ יאַשטשערקע אויף אַ שטיינדל פאַרטראַכט און הערט; קאָלערט אַ שוואַרצן זשוק מיט די פאָדערשטע פיס אַ שטיקל קײַלעכדיקע צואה פון אַ קעמל און לאָזט נאָך זיך אַ לאַנג שמאָל סטעזשקעלע אין זאַמד; מוראַשקעס אָן אַ שיעור לויפן שורותווייז, פאַרפּאַרעטע, פאַרהאַוועטע, גלייך ווי אויף אַ חתונה, און אַ צווייטע שרענגע לויפט אויף צוריק איילִיק ווי צו ברענגען דעם חתן; פייגעלעך פריילעכע לאָזן זיך אַראָפּ, אַרויף — זאַרגלאָזע באַשעפעניש וואָס פילן זיך וווּל אויף דער וועלט...

האָבן זיך אויך די צוויי איינזאַמע באַשעפענישן, גדעון און גיבורה, געאייניקט מיט פריינדשאַפט און טרייהייט. דער קליינער גדעון מיט דער גרויסער גיבורה לעבן זיך צוזאַמען: גדעון עסט נעבען גיבורה, גיבורה עסט נעבן גדעונען.

ווען גדעון קומט אַרויס אויף דער פריי מיט זיין פרישטיק און שרייט אויס: שלום גיבורה! דרייט גיבורה אויס דעם קאָפּ, צעהירזשעט זיך, ענטפערנדיק גדעונען אויף זיין באַגריסונג.

אַזוי זיצט זיך גדעון גאַנצע טעג נעבן גיבורה. האַלט מיט איר אין איין שמועסן, באַפעלט, און גיבורה הערט, פאָלגט יעדעס וואָרט זיינס — זי מוז פאָלגן. שטעלט אַרויף אַ מאָל גיבורה איר שווערע קאָפּיטע אויף גדעונס אַ שטריקל, שרייט גדעון אויף איר: „דעם פוס! דעם פוס הייב אויף!" און פאָלגט זי נישט, — באַקומט זי אַ קליין פּעטשל פון גדעונס הענטל אין פוס אַריין, און דעמאָלט הייבט זי אים שוין תּיכּף אויף.

גדעון ווייסט ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט גיבורהן. און גיבורה האָט זייער ליב געגלעט צו ווערן פון גדעונס קליינע הענטלעך. גדעון גלעט זי זאַרגפעלטיק, רייסט אַרויס די ווערעם וואָס פרעסן זיך איין אין איר פעל; און איין מאָל, ווען זי האָט זיך פאַרוווּנדעט אַ פוס, האָט גדעון איר געוויקלט די ווונד מיט טיכלעך, און גיבורה האָט פון צופרידנהייט געשמעקט צו גדעונס קעפל, סאָפּענדיק פון דאַנקבאַרקייט און תּענוג.

איין מאָל האָט גדעון זיך פאַרשפּעטיקט מיט זיין קומען צו גיבורהן. ער האָט באַקומען אַ מתּנה אַ קליין הינטעלע; האָט ער זיך מיטן הינטעלע פאַרשפּילט גאַנצע שעהען און פאַרגעסן אין גיבורה.

גיבורה איז געוואָרן אומגעדולדיק און נערוועז, וואַרטנדיק אויף גדעונען. האָט זי געשאַרט אַ פאָדערשטן פוס אין זאַמד, געהירזשעט, געוואָרפן מיטן קאָפּ, צעשיט די שעצקע פון זאָק אַרויס... גדעון, ווו איז גדעון? זי איז שוין אַזוי איינגעלעבט מיט גדעונען... וואָלט כאָטש געווען נאָך אַ נפש דאָ, כאָטש אַ שטאָל מיט נאָך אַ שקאָפּע, מיט נאָך אַ פערד — קיינער נישטאָ. צוגעבונדן אַן איינזאַמע שקאָפּע צו אַ צריף, אין מיטן אַ פּוסט פעלד — און גדעון שפּילט זיך ערגעץ מיט זיין ניי הינטל, און האָט פאַרגעסן אַן גיבורהן. און ווען ער איז געקומען שוין גאַנץ שפּעט צו גיבורהן, האָט זי שוין מיט די פאָדערשטע פיס געהאַט אויסגעקאָפּעט אַ טיף גריבל. גדעון, ווי דער שטייגער, האָט אָנגעהויבן אַרומגיין אַרום איר פון אַלע זייטן, גלעטן זי, און זי האָט נאָך אַלץ געהירזשעט ווי מיט אַ טענה צו גדעונען, פאַר וואָס ער האָט זיך פאַרשפּעטיקט. דער גרויסער פערדישער גוף האָט זיך נאָך אַלץ אומרויִק באַ־וויגן הין־און־צוריק — און גדעון, שטייענדיק צווישן דעם פערד און דער וואַנט פונעם צריף, האָט באַקומען אַ שטאַרקן קוועטש. גדעון האָט געטאָן אַ קוויטש, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף אַלע פיר, און אַזוי אַרום אַפּוירגעקראָכן צווישן אירע הויכע פיס...

אַ פאַרהעשעטער, מיט טרערן אין די אויגן, איז גדעון געבליבן שטיין. אַ באַעוולטער, מיט געביילטע פויסטן, האָט ער געקוקט אויף גיבורהן, אויסגעשפּיגן איר פאַר די אויגן, מיט רוגזה געוואָרפן איר אַ שטיין גלייך אין דער מאָרדע, — און אַ סוף, אַוועק!

גדעון איז אַוועק פון גיבורהן, אויף שטענדיק אַוועק.

לאַנגע, לאַנגע טעג איז גיבורה געשטאַנען אַן איינזאַמע, צוגעבונדן צום צריף, אויסגעקאָפּעט מיט די פאָדערשטע פיס טיפע גריבער, געהירזשעט, אויסגעשיט

די זעק מיט שעצקע — און דער קליינער גדעון האָט זיך געשפּילט מיט זיין הינ־טעלע, און אין גיבורהן אין גאַנצן פֿאַרגעסן; נישט געוואָלט צו מאָל קוקן אויף איר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איין מאָל האָט גיבורה פֿון גרויס אומגעדולד און איינזאַמקייט זיך אַ ריס־אָפּ געטאָן פֿון דער שטריק און מיט אַ ווילדן גאַלאָפּ אַוועק איבער די פֿעלדער.

שעהען, לאַנגע שעהען האָט בן־אריה זיך געיאָגט איבער די פֿעלדער נאָך זיין שקאַפּע, אָבער אומזיסט. זי פֿליט, זי שפּרינגט, איבער טאָלן און בערג. ס׳פֿאַלט באַלד צו דער אָוונט. מען דאַרף באַלד אַרויסרייטן אויף שמירה — און דאָ נישט געפּרעסן, נישט געטרונקען, אָפּגעריסן זיך און גיי כאַפּ אַ פֿליִענדיקן אָדלער...

די אַרבעטער קערן זיך שוין אום פֿון די פּרדסים, מען העלפֿט אַבו־דיאַבן כאַפּן די שקאַפּע — אָבער אומזיסט.

מען רינגלט זי אַרום, זי לאָזט צו זיך צו גאַנץ נאָענט, נאָר שטרעקט עמעץ אויס די האַנט זי אָנצוכאַפּן פֿאַר דער שטריק, טוט זי ווילד אַ שפּרונג־אָפּ, און לאָזט זיך אין גאַלאָפּ אַוועק אויף קילאָמעטערס. ס׳העלפֿט נישט מיט בייזן, נישט מיט גוטן. זי וויל נישט, זי וויל נישט צוריקגיין...

אַ פֿאַרדאַגהטער שטייט דער שומר בן־אריה און טראַכט. ס׳פֿאַלט צו דער אָוונט, מען מוז אַרויסרייטן אויף שמירה און דאָ גיי כאַפּ...

מילא — טראַכט ער, — איך וועל פּרוּוון צוגיין צו גדעונען. אפשר וועט גדעון קאָנען ברענגען די שקאַפּע.

דער קליינער גדעון זיצט אויף דער שוועל פֿונעם צריף, שפּילט זיך מיט זיין קליינעם הינטל, און זיין טאַטע טענהט צו אים:

— גדעון, גיי ברענג גיבורהן.

— איך וויל נישט, — ענטפֿערט גדעון.

— פֿאַר וואָס ווילסטו נישט?

— ווייל איך בין ברוגז מיט גיבורהן. זי איז אַ מרשעת. זי האָט מיר געגעבן אַ קוועטש.

— זי האָט דאָך עס דיר נישט געטאָן מיט אַ כּוונה. בעט זיך מיט איר איבער.

— איך וויל נישט, איך וועל מיך מיט איר קיין מאָל נישט איבערבעטן.

— גדעון, — טענהט ווייטער דער טאַטע, — איך וועל דיר קויפֿן שאָקאָלאַד, גיי ברענג גיבורהן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די זון, ווי אַ גרויסער קופּערנער באַלעם, האָט זיך שוין געהאַט ביז אין דער העלפֿט אַראָפּגעלאָזט אין ים אַריין. אַ ברייטע רויטע פּאַסמע אויפֿן האָריזאָנט האָט זיך לאַנגזאַם אַריינגערוקט אין דער ימיקער בלאָקייט, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שמעלער, אַ מילך־בלויע טונקלקייט האָט זיך אָנגערוקט אויף דער ערד... אויף אַ שפּיץ פֿון אַ זאַמדיקן בערגל, האָט זיך געזען דער סילועט פֿון גיבורה. דער קליינער גדעון, האָפּערדיק פֿון דער צוגעזאָגטער מתּנה, איז געלאָפֿן איר אַנטקעגן און גע־שריגן: גיבורה! גיבורה!! — —

די שקאַפֿע האָט זיך צעהירזשעט, אָנגעהויבן גיין מיט פּאַמעלעכע טריט, דערנענטערט זיך וואָס אַ מאָל מער צו גדעונען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט געבעטן אַנטשולדיקונג...

ביידע האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ביז גדעון האָט זי אָנגענומען בײַם שטריקל, גענומען זי פֿירן, און גיבורה איז אים אונטערטעניק נאָכגעגאַנגען.

ווען גדעון האָט איר געגעבן דעם ערשטן גלעט, האָט זי אויסגעשטרעקט דעם פּיסק צו זײַן קעפּל און סאַפּענדיק געאָטעמט פֿון תּענוג.

חברה אַרום האָבן צופֿרידענע געפּאַטשט בראַוואָ צו דער איבערבעטונג פֿון די צוויי צעקריגטע גוטע פֿרײַנד.

1937

## תּורה און עבֿודה

ר׳ דוד און ר׳ איטשע, צוויי ידידים, ביידע פֿון דער זעלבער בראַנזשע, ביידע — סוחרים פֿון גאַלדוואַרג, און ביידע האָט אָנגעהויבן גיין מיט דער פּוטער אַראָפּ, האָבן זיך ביידע, ר׳ דוד און ר׳ איטשע, דורכגעשמועסט וועגן אַ תּכלית. ביידע האָבן ווײַבער און קינדער, ביידע האָבן נישט קיין פּרנסה, ביידע זענען פֿאַרשולדיקט איבערן קאָפּ, און ביידע זענען ידידים. האָבן ביידע ידידים באַשלאָסן (און וואָס צוויי איז נישט איינער) אַז מען פֿאַרקויפֿט, מען ליקווידירט, מען רעגולירט די חובֿות אויף וויפֿל ס׳לאָזט זיך, און מען פֿאָרט קיין ארץ־ישׂראל. דער מיט אַ פּאָר הונדערט פֿונט, און דער מיט אַ פּאָר הונדערט פֿונט.

ביידע האָבן באַשלאָסן און אַפֿילו זיך געגעבן די הענט, אַז מע וואַרפֿט אַוועק דעם מסחר, וואָס צעבערעכט און טריקנט אויס דעם מוח, און מען קערט זיך אום — צו באָדן, צו אַרבעט. ביידע צוזאַמען, און וואָס צוויי איז נישט איינער. נאָר אַן אייגן שטיקל פֿעלד, נאָר אַן אייגן שטיקל הויז מיט אַ גאָרטן. און שבת, שטעלן זיי זיך פּאָר, שבת נאָך אַ פֿעטן טשאָלנט, ליגן זיי זיך ביידע אין גאָרטן און געניסן פֿון אַ שבתדיקן שלאָף אונטערן פֿרייען הימל, פֿריי בײַ זיך אין לאַנד, בײַ זיך אין גאָרטן, און ביידע שנאָרכן פֿריי און שטאַרק, אַז די ביימער ציטערן. אַזוי שנאָרכט מען לאַנג און פֿעסט, פֿעסט און לאַנג, ביז דער בין השמשות רוקט זיך אָן, געניצט מען זיך אויס, ברייט, פֿעסט, און טאַקע אויפֿן קול, אויף להכעיס די שׂונאים. מען לערנט אַ שטיקל מדרש, און טאַקע מיט אַ ניגון, אויפֿן טיש שטייט איינגעמאַכטס, אויף די פּיס שטעקשיך, אַ שלאָפֿראָק מיט בלימעלעך, כּפֿל־שמונהדיקע ציצית אין דרויסן, פֿראַנק און פֿריי, און אויפֿן קאָפּ אַ זײַדן יאַרמולקעלע און איבערן יאַרמולקעלע, צווייגן פֿון ביימער, פֿולע, מיט מאַראַנצן, טייטלען און מילגרוימען.

ביידע האָבן געחלומט, ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט לאַנג און שטום. בײַ ביידן האָבן זיך געצונדן פֿײַערלעך אין די אויגן. ביידע האָבן זיך געזען שוין בתּורת קאָלאָניסטן.

על שלשה דברים, אויף דריי זאַכן, האָט געזאָגט ר׳ איטשע צו ר׳ דודן, העולם עומד, שטייט די וועלט. על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים, אָבער „אויף מסחר״ ווערט נישט דערמאָנט. דאַרף מען טאַקע זען גלייך צו רעגולירן די חובות, און זיך נעמען צו דערגרייכן צו תורה ועבודה אין אונדזער ארץ אבותינו.

האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די תּל־אָביבער גאַסן צוויי ייִדן, איינער, ר׳ איטשע, דער צווייטער — ר׳ דוד. ביידע שלעפּן זייערע מידע פיס אונטער די שווערע גופים. פון ביידע צ׳ען הייסע כאַמסין־טעג אַרויס טייכן שוויס, ביידע שפּייזן זיך גאַנצע טעג מיט קאַלטן גאַזאָז, און ביידע געדענקען דעם תּקיעת־כּף פון אַ מאָל, אַז מען פאַרט על התורה ועל העבודה.

אַזוי, לאַנגע, לאַנגע טעג, האָבן זיי געטשלאָפּעט איבער דער הערצל־גאַס, ביז איינער, אַ הויכער, אַ בייזער, האָט באַוויליקט צוצונעמען די פּאָר פּעקלעך הונדער־טער פונטן און אָפּצושרייבן... וועגן מעקלערגעלט איז נאָך געווען אַ דין־תּורה מיט אַ בוררות, ביז ר׳ דוד מיט ר׳ איטשען האָבן מיט שמחה באַטראַכטן דאָס זאַמדיקע שטיקל באָדן, וואָס האָט אויסגעזען ווי פיר צונויפגעשטעלטע קוואַדראַטטישן די גרויס, און ס׳האָט געהייסן זייערס.

מאַ, טראַכטן זיי זיך, וועט זיין אַ קליינער גאָרטן, וועלן שטיין פיר ביימלעך, וועט בלית ברירה אין גאַנצן קיין ביימער נישט זיין. ס׳איז דאָך אַ שאָד. בעסער נאָך אַ טעראַסע, נאָך אַ צימער, נאָך אַ פּאָר פונט אַ חודש. וועט מען לערנען תּורה אין שטוב. איי, עבודה? ס׳וועט זיך שוין געפינען וואָס צו טאָן!

אין משך פון די עטלעכע וואָכן ביז מען איז צוגעטראָטן צום פונדאַמענט, זענען זיי ממש נישט געשלאָפן. ס׳הייסט? מ׳לאָזט איבער הפקר אַ פּלאַץ, און וואָס פאַר אַ פּלאַץ? אַ ראַגאַוועער פּלאַץ, וואָס קאָסט אַזאַ הון מיט געלט, אַ פאַרמעגן! מ׳קאָן דאָך דאָרט צעדרעפּטשען, חרוב מאַכן. אַז ס׳איז אַלץ הפקר! אַ ביסל הינטער דער שטאָט, קיין פּאָליציאַנט זעט מען נישט. ביי נאַכט, פינצטער, און דאָ ליגט אַ פּלאַץ, און וואָס פאַר אַ פּלאַץ? אַ ראַגאַוועער פּלאַץ! און נאָך דעם, ווען זיי האָבן געפונען אויף זייער פּלאַץ עפּעס אַ פאַרזשאַווערטע, פאַרדעכטיקע כּלי, האָבן זיי שוין ממש נישט גערוט. מ׳איז געזעסן מיט אָנגעצויגענע מוחות. מ׳האָט זיך שוין מישב געווען אַפילו מיט די ווייבער.

וואָס קאָן עס באַטייטן אַ פאַרזשאַווערטע כּלי אין מיטן העלן טאָג אויף זייער פּלאַץ? אַ כּלי, מיט אַן אויער און אַן אַ דנאָ. ווער האָט עס געקענט אַוועקלייגן אויף זייער פּלאַץ? זאָל מען זאָגן, האָבן זיי אָנגעהויבן מיט אַ גמרא־ניגון, אַז אַ ייִד, אַ שכן, האָט עס אַוועקגעוואָרפן? איז דאָך אַ קשיא: וועלכער ייִד כאַוועט ביי זיך אַזאַ כּלי? מוז מען שוין זאָגן, אַז ס׳איז פון אַן אַראַבער, טאָ וואָס זשע עפּעס פונקט אויף אונדזער פּלאַץ? איז אויב פון אַן אַראַבער, און דווקא אויף אונדזער פּלאַץ, איך דאָך שוין די מעשׂה נישט פּשוט. ווייל מען זאָגט דאָך, אַז לויטן טערקישן געזעץ קאָן מען אַ פּלאַץ קונה זיין בחזקה...

האָט נעבעך אַ פאַרזשאַווערטע כּלי צעבראָכן די מוחות פון צוויי ייִדן, וואָס זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל, על התורה ועל העבודה, געקויפט אַ פּלאַץ, און זיי זענען פאַרזיכטיק...

אָבער נאָכן אָפּגיסן דעם פונדאַמענט האָבן זיי אויך נאָך קיין מנוחה נישט

געהאַט. פון הימל, ווייזט אויס, נישט באַשערט די צוויי ייִדן צו האָבן מנוחה. ס'הייסט? ס'איז דאָך אַ סקאַנדאַליעזע זאַך! ס'איז דאָך צו שרייען געוואַלד אין די גאַסן, אַז נאָר זיי, זיי בויען ארץ־ישׂראל, זיי אַקערן און זייען, זיי טריקענען די זומפּן, זיי זענען חלוצים, זיי מאַכן אַלץ פֿאַרן פֿאָלק ישׂראל, און דאָ זענען געקומען צוויי ייִדן קיין ארץ־ישׂראל על התּורה ועל העבֿודה, בויען אַ הויז און ווילן געבן אַלצדינג, ממש אַלצדינג, מיט דער ברייטער האַנט, נישט געזשאַלעוועט. ט'אָט איר זיפּזיף, ט'אָט איר צעמענט. וויפל איר ווילט. קנעט, מאַכט, בראַקט, אַדרבא לאָמיר זען. נישט בלויז מויל־מלאכה. הייסן זיך געבן 40—50 פּיאַסטער אַ טאָג. אויפֿן טאָג גאָר, נישט אויפֿן זמן, נישט אויפֿן חודש, נאָר אויפֿן טאָג!

האָבן זיי דאָך גלייך געזען באַשיימפּערלעך, אַז די גאַנצע מעשׂה מיט חלוצים איז שקר וכזב. 50 פּיאַסטער איז דאָך אַ האַלבער פֿונט, און אַ האַלבער פֿונט איז דאָך אַ הון מיט גילדנס. איז מען אויסן בדיל הדל צו שטעלן צוויי ייִדן, וואָס זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל על התּורה והעבֿודה.

האָבן זיי גלייך געענטפֿערט: לא מיט אַן אלף! אַזאַ טובֿה קאָן מען האָבן פֿון אַ קאָזאַק, און האָבן צוגעגומען עטלעכע חורנער. אַרנטלעכע, פֿרומע, וואָס רעדן און שווערן נאָר מיט גאָט, און ממילא, אַ מענטש, וואָס האָט אמונה, איז שוין אַזעלכער, וואָס פֿאַרשטייט, אַז דער צווייטער דאַרף אויך לעבן און נעמט נישט מער ווי אַכט פּיאַסטער אַ טאָג, האָט דרך־ארץ פֿאַר אַ בעל־הבית, און אַזוי ווי דער אייבערשטער שיקט אַרויס אַ ברעקל זון אויפֿן הימל, שטעלט מען זיך צו דער אַרבעט.

איז הערט אַ מעשׂה, וואָס יונגאַטשעס קענען! קומען צו גיין, שטעלן זיך אַוועק מעשׂה בעלי־בתּים אויף זייער ראַגאָוון פּלאַץ, און סטאָפּ! מען לאָזט נישט אַרבעטן.

— בכן? בכן, זיי אַליין ווילן בויען ס'לאַנד, נישט קיין אַראַבער.

מיינט איר, אַז ר' איטשע און ר' דוד האָבן זיך געבייזערט? חלילה, פֿאַרקערט, זיי זענען ייִדן און פֿאַרשטייען, וואָס ס'הייסט אַן אייגן לאַנד. האָבן זיי געענטפֿערט: אַדרבא, קינדערלעך, בויטס. לאָמיר זען, וואָס איר קענט.

זאָגן זיי: נישט ווייניקער פֿון 50 פּיאַסטער.

ענטפֿערט ר' איטשע: אַזאַ אַזאַ טובֿה קאָן מען קריגן ביי אַ קאָזאַק, און אַז די גאַנצע מעשׂה מיט חלוצים איז שקר וכזב, רציחה און שווינדל.

זאָגן די יונגאַטשעס: זיי וועלן בשום אופֿן נישט לאָזן אַרבעטן.

פֿרעגט זיך ר' איטשע: ס'הייסט, נישט לאָזן? הפֿקר פּעטרישקע? און פֿאַר וואָס נישט לאָזן? כ'וויל טאַקע וויסן פֿאַר וואָס?

ענטפֿערן זיי: ווייל זיי זענען סאָציאַליסטן און די אַראַבער זענען נישט קיין סאָציאַליסטן.

דאָ זענען שוין ביידע, ר' איטשע און ר' דוד, אויפֿגעשפּרונגען.

— לאָבוזעס! הפֿקר־יונגען! באָלשעוויקעס — רוצחים! איר האָט אַלע בפּירוש געזאָגט אין פּוילן, אַז איר זענט ציוניסטן, וואָס בויען און אַקערן מיט דער נאָז, און צום סוף גאָר סאָציאַליסטן? און באַזונדער: פֿון וואַנעט ווייסט איר צו זאָגן, אַז זיי, די אַראַבער, זענען נישט קיין סאָציאַליסטן? ס'קען דען נישט געמאָלט זיין, איינער זאָל זיין אַ סאָציאַליסט און נעמען אַכט פּיאַסטער אַ טאָג? ס'קען דען נישט זיין, אַז איינער זאָל זיין אַ סאָציאַליסט און האָבן יושר אויך? און באַזונדער, טאָמער

זענען זיי טאַקע נישט קיין סאָציאַליסטן, וועלן מיר זיי אָנזאָגן, אַז מהיום זאָלן זיי יאָ זיין סאָציאַליסטן. אָבער נישט לאָזן אַרבעטן ביי אונדז? ביי אונדז אויפן ראַגאָוון פּלאַץ?

נו, גיי, רעד מיט הפקר־יונגען. ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס ר' דוד האָט געסטראַשעט, אַז ער איז אַ געוועזענער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, און ר' איטשע האָט אַ מאָל ביים מיליטער געגעבן אַ פּאַטש אַ גענעראַל. ס'איז געווען אַרויסגעוואָרפענע ווערטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי דעם הויז זענען נעבעך ר' איטשע און ר' דוד געגוג צרות אויסגעשטאַנען. מילא, מיט די „אַרבעטאָרערס" זענען זיי דערגאַנגען, אַז ס'איז גלייכער וואָס וויי־ניקער גערעדט. נאָר פון דערוויטנס. נישטאָ קיין רעכטער ביסן צווישן זיי. אַלע זענען זיי סאָציאַליסטן. ס'הייסט? די גאַל קאָן דאָך צעפּלאַצט ווערן. אַ ביסל זאַמד איז גאָלד, זיפּזיף איז גאָלד, חצץ, צעמענט, ציגל, ברעטער, אַלץ קאָסט געלט, פונטן. און זיי, זיי זענען טאַקע „אַרבעטאָרערס". אָבער ז י י זענען דאָך אויך מענטשן. זיי זאָלן דאָס וועלן הערן אַ בעל־הבית! מ'בעט זיי: טוט אַריין אין בעטאָן אַ זעקל צעמענט וויניקער. וואָס שאַדט עס אייך? ס'איז דאָך געלט. עלעהיי מ'עט איינשפּאָרן אַ פּאָר פּיאַסטערס.

ענטפערן זיי: אַז מען טאָר נישט, דער פונדאַמענט קען פּלאַצן.

פרעגט זיך ר' איטשע: וואָס הייסט, מען טאָר נישט? לאָבוזעס! אַלץ, וואָס מען טאָר נישט היט איר אָפּ? און אַז מען טאָר זיך נישט גאָלן די באָרד? אַז מען טאָר נישט מחלל שבת זיין, זייט איר נישט מחלל שבת בפרהסיא? און פּלאַצן, וואָס פאַראַ פּלאַצן? וועמען גייען זיי איינרעדן? ס'שטייט „קאַנעהאָרע" אַ פולע תל־אָביב מיט הייזער, גרויסע, קליינע. אַ זעקל צעמענט מער, אַ זעקל צעמענט וויניקער, מענטשן וווינען, מ'נעמט דירה־געלט, און ס'פּלאַצט נישט. נאָך נישט געהערט, ס'זאָל אַ מאָל פּלאַצן. און באַזונדער פּלאַצן וועט דאָך ביי מיר, מ י י ן הויז. טאָ וואָס איז דיין באָבעס דאגה? וואָס גייט איר מ י ך פאַרזאָרגן? איר זענט דאָך סאָציאַליסטן, פון ווען אָן זענט איר געוואָרן מיינע גוטע ברידער? און אַז מיר פּלאַצט די גאַל צען מאָל אַ טאָג, גייט אייך עפּעס אָן? נו, גיי, רעד. און זיי זענען דערגאַנגען, אַז מיט „אַרבעטאָרערס" איז וואָס וויניקער גערעדט.

נאָר וואָס? מען דאַרף אַליין עפּעס טאָן, עפּעס שפּאָרן. עפּעס איינברענגען. ווייל יעדע זאַך איז געלט, פונטן. און דאָ בויט זיך, און ביי וואָס צו שפּאָרן איז פאַראַן.

האָבן ביידע שותּפים, ר' דוד און ר' איטשע, די געוועזענע סוחרים פון גאָלדוואַרג, גיך איבערגענומען די גאַנצע חכמה פון בויען. זיי האָבן איינגעזען, אַז ס'שטעקן נישט דעריין קיין שום קונצן, קיין שום סודות, פשוט, מען נעמט אַ ציגל, אַ שמיר אַ ביסל ליים, און שוין, ער ליגט. אַזוי נאָך איינעם, איינער נאָכן אַנדערן. און דאָס הייסט געבויט. ווענט נאָך ווענט, הייבן זיך, שפּרינגען אויף. און דערפאַר צאָלן אַזאַ מטמון מיט געלט?

זיי וואָלטן פאַרקאַטשעט די אַרבל און אַליין זיך גענומען צו דער מלאכה. אַז ס'איז גאָרנישט, ממש גאָרנישט. און פויל זענען זיי אויך נישט. נאָר וואָס?

די רושטאָוואַניעס. וואָלט מען געבויט נידעריק, איז מילא. האָבן דאָך די אַרבע־טאָרערס שוין אַרויפגעצויגן די ווענט. און גיי קריך אויף רושטאָוואַניעס פון צונויפ־געלייגטע ברעטלעך, וואָס ס'איז אַ פּחד דערויף צו קוקן בלויז.

האָבן זיי באַשלאָסן, אַז די אַרבעטן, וואָס זענען אין דער הייך און מען קריכט אויף רושטאָוואַניעס, איז פֿאַרפֿאַלן, מוז מען איבערלאָזן פֿאַר די אַרבעטער. און די נידעריקע אַרבעט, די וואָס געפינט זיך אויף דער ערד, וועט מען אַליין מאַכן.

קודם־כּל קאַלך לעשן. אַוודאי קיין שום תורה נישט. אַ גרוב איז פֿאַרטיק, אַ קאַסטן שטייט, נעמט מען ס'ביסל קאַלך, מען לעשט עס אָפּ און פֿאַרטיק, איינגע־שפּאָרט אַ פּאָר פונט.

טאָ ווער זאָל וויסן, אַז פון ביסל קאַלך זאָל קומען ס'גאַנצע אומגליק?

געשען איז עס אַזוי: אין אַ פראָסטן מיטוואָך האָבן ביידע שותּפים זיך אויפגע־הויבן השכּם בבוקר, אַריינגעכאַפּט אַ יידיש וואָרט און גלייך זיך געלאָזט צו דער אַרבעט. פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, אויף די פיס לייכטע שטעקשיך, ביידע פּליכיקע קעפּ צוגעדעקט מיט קליינע יאַרמולקעס, ווי שטערצעלעך. ביידע אין ברייטע בעל־הביתּישע העמדער, אויפגעפּראַלטע אונטער די העלדזער ביזן טיפן האַרץ אַריין, די אַרבע־כּנפותן מיט די פיר גרויסע כּפל־שמונהדיקע ציצית פון פֿאָרנט און פון הינטן אין דרויסן, פריי און באַקוועם ווי צו דער אַרבעט.

נאָר ביים אויפהייבן דעם ערשטן זאַק קאַלכשטיינער האָבן זיך די שותּפים איינער אינעם צווייטן אַנטוישט.

דער ערשטער האָט אָנגעהויבן איטשע מיט אַ ביסל חוזק:

— איי, — זאָגט ער, — דוד, ביסט דאָך גאָרנישט קאַ לייט, קוים וואָס דו רירסט זיך.

— ווער איז שולדיק, ענטפֿערט דוד, אַז דו ביסט אַ שלימזל?

— אַזוי, — זאָגט איטשע, — דו זאָגסט גאָר אויף מיר שלימזל? האָסט דאָך נישט קיין שׂכל אַ קאָץ דעם עק צוצובינדן!

— אַוודאי, — ענטפֿערט דוד — דו ביסט אַ חכם, איי, ביסטו אַ חכם. דו שלעפּסט אויבן, און אויף מיר לאָזסטו די גאַנצע משׂא.

— וואָס אַראַ משׂא — שרייט איטשע, — שׂכל! שׂכל דאַרף מען האָבן. אַז מ'האָט שׂכל מיט אַ ביסעלע כּוח דערצו, איז גוט. אָבער מיט בלויז כּוח קאָן מען גאָרנישט אויפטאָן.

— טיפּש! — ענטפֿערט דוד נאָך שאַרפֿער — לערן דו מיך נישט קיין שׂכל, דו אַלטער נאַר!

דער האָט געזאָגט, דער האָט געענטפֿערט, דער האָט געענטפֿערט, דער האָט געזאָגט. און דער זאַק אָנגעפּילט מיט קאַלכשטיינער ליגט זיך שווער אויף ד'רערד און איבער אים פּרייכן צוויי קיילעכדיקע אויסגעפּילטע גופים, ווי אויסגעשטאָפּטע גרויסע קישנס, און פון די רושטאָוואַניעס פון דער הויכער מויער קוקן אַראָפּ לאַכנדיקע פּנימער פון די אַרבעטער, וואָס חוזקן פון די צוויי שווערע אומבאַהאָלפענע בעלי־גופים.

— ווייסטו וואָס? — פּרוּווט דוד נאָך אַ מאָל מיט גוטן — לאָמיר אפשר בעטן אַן אַרבעטער, ער זאָל העלפן צושלעפּן דעם זאַק?

— גיי שוין, גיי! — שרייט איטשע. — ביסט משוגע, מטורף, אַראָפּ פון זינען? ס'איז דאָך אַ חרפּה און אַ שאַנד. האָסט דאָך קיין שום בושה נישט. זיי לאַכן דאָך אין די פויסטן, זיי מאַכן דאָך חוזק פון אונדז. אַ סוף! האַאַ, האָפּ! האַאַ, האָפּ!

(אַרבעטער אויף די רושטאָוואַניעס קאַטשען זיך פון געלעכטער.)

— האַאַ, האָפּ! — שרייט ר' איטשע. — האַאַ, האָפּ! פעסטער! שטאַרקער! נאָך אַ מאָל, שלימזל, ס'רוקט זיך האַאַ, האָפּ!

פון צוויי רויטע פאַרעדיקע פּנימער ציען זיך שלענגעלעך שוויס אין די געדיכטע בערד אַריין און לאָזן זיך אַראָפּ טראָפּנוויז פון די האָרשפּיצן אויפן זאַק קאַלך.

— האַאַ, האָפּ! ס'רוקט זיך, האַאַ, האָפּ! נאָך אַ קאָפּ. אָט שוין נאָענט ביים קאַסטן, האַאַ — — —

— ווי איז מיר, ווינד איז מיר! — פאַלט ר' דוד אַוועק אַ בלאַסער און וואַרפט מיטביידע הענט.

איטשע, אַ רויטער פון רוגזה, לאָזט נישט אָפּ דעם זאַק און שרייט:

— שׂכל! אַז ס'האָט נישט קיין שׂכל, האָס פערד. אַ מצוה אויף אים.

האָפּ, ער האָט שוין דעם זאַק אויפן ראַנד פון קאַסטן, אָט שיט זיך שוין קאַלך. ר' דוד וואַרפט אַלץ מיט די הענט און שרייט, און דאָ אין קאַסטן: בול, בול, בול, ס'קאָכט זיך קאַלך. בול בול בול בול, קאַלך קאָכט, זידט, וואַסער פּליסט. אָט נאָך אונטערהייבן ס'זעקל, און שוין דער גאַנצער קאַלך איניעווייניק. ער שפּאַרט אָן דעם פוס אָנעם ראַנד פון קאַסטן, און האַאַ — — —

— געוואַלד! געוואַלד! ר' דוד איז אַריין מיט די פיס אין קאַסטן קאַלך

ליגן צוויי שותּפים און קרעכצן. איינער, ר' דוד, מיט אַ ברוך, דער צווייטער, ר' איטשע, מיט אָפּגעברענטע פּיס. ביידע קרעכצן און שרייען, אַז דער שותּף האָט אים אומגליקלעך געמאַכט. ביידע האָבן געטרייע ווייבער, וואָס הייסן שׂרהלע און זענען בכוח אָפּמאַגען אַ מאַנס אַ קריוודע, און ביידע גיסן אויס די ביטערע הערצער פאַר די ווייבער. דוד דערציילט זיין ווייב, אַז איטשע האָט אויף אים געלאָזן די גאַנצע משׂא ביז ער האָט זיך אונטערגעריסן. איטשע דערציילט זיין ווייב, אַז דוד האָט נישט קיין שׂכל, און צוליב אים איז ער אַריין אין קאַסטן קאַלך מיט ביידע פיס.

זענען ביידע שותּפטעס אַרויס איינע קעגן דער צווייטער פרעגן: היתכן?...

ביז ביידע זענען צוריק אַריין צו די מענער מיט צעדראָפּעטע פּנימער און אויסגעפליקטע האָר. — — —

היינט שטייט אַ הויז אין עק תּל-אָביב צום פאַרקויפן:
צוויי שותּפים צעטיילן זיך.

1935

# אַ שׂונא

אין פֿרימאָרגן, ווען די זון, אַן איינגעוויקלטע נאָך אין טוי, אַ בלאַסע ווי אַ געלעכץ פֿון אַן איי, איז פֿויל אויפֿגעגאַנגען, און אָנגעהויבן באַשטראַלן די טויזנטער דעכער פֿון די תּל־אָביבער הייזער, זענען די ערשטע שטראַלן קודם דערגאַנגען צו דער הויכער פֿיר־שטאָקיקער געביידע, וואָס איז אפֿשר די העכסטע אין יענער סביבֿה, רייסט זי זיך צום הימל מיט צוויי קופּאָלן אויבן איןביידע ווינקלען, מיט צוויי שטאָלצע שטעקנס איבער זיי — וואָס זענען תּמיד גרייט ס'זאָלן פֿלאַטערן אויף זיי פֿענער — פֿאַרענדיקטע מיט צוויי בכּבֿודיקע גאָלקעס, וואָס האָבן אַזאַ מאָטן הייליקן זילבערגלאַנץ, און ווילן מאַכן אַ רושם כאָטש ווי אַ בית־המקדש.

מיט פֿאָרזיכט לאָזן זיך די שטראַלן אַראָפּ נידעריקער צו די קאַרניזן, ביז זיי דערגייען צו דער ברייטער טעראַסע, דרינגען אַדורך די שויבן און די האַנט־געשטיקטע טיולענע גאַרדינען, און שטעלן זיך אָפּ פּונקט אויף דעם ערשטן בעט, ווו עס שלאָפֿט דער הער האַרצנגאָט, און ווינטשן אים אַ גוטן אויפֿשטאַנד.

אַז דער הער האַרצנגאָט רייסט אויף די אויגן, בלייבן זיי תּמיד שטאַר און גרויס, גלאָצן מיט פּחד אין איין ריכטונג, דערנאָך ווען ער האָט זיי שוין אַדורכגעשיקט איבערן צימער אַ פּאָר מאָל, אָנגעטאָפּט דאָס בעט, די פּוכענע קאָלדרע וואָס ליגט אין הייסן באַטיסטענעם קאָנווערט, מיט אַ ראָזן אַטלאַסענעם אויפֿשניט אין דער מיט, און פֿעסטגעשטעלט אויף זיכער אַז ער, ממש ער, ליגט אונטער איר, האָט ער זיך איצט באַרויקט, אויסגעצויגן שטייף די פֿיס, אויסגעגענעצט זיך, און געוואָרן זיכער, אַז דאָס וואָס האָט אים געחלומט, אַז ער ליגט אין אַ תּפֿיסה, אין אַ טונקעלן צימער, עסט שוואַרצע טרוקענע קאַשע, טרינקט נאָך וואַסער, און מען שמייסט אים אויפֿן גאָלן לייב, איז נישט מער ווי אַ חלום, און אַ נאַרישער חלום.

די פּרווי זיינע, מאַשע, וואָס ליגט שוין פֿון לאַנג אַ וואַכעדיקע, אין צווייטן בעט, און מאַכט זיך ווי זי וואָלט נאָך געשלאָפֿן, האָפֿט אַז ער וועט סוף־כּל־סוף זיך איינקוקן אין איר רונדער אויסגעפּאַרעמטע האַנט, וואָס ליגט אַ נאַקעטע פֿון איבערן אַקסל ביז די רויט לאַקירטע נעגל.

אָבער דער הער האַרצנגאָט, אַזוי ווי ער עפֿנט די אויגן און דערפֿילט זיך ביי דער פֿולסטער וואַכקייט, לייגט ער גלייך אַרויף די קליינע גאָלד־געראַמטע ברילן אויף דער נאָז, רוקט אַריין אין מויל די בריק גאָלדענע ציין וואָס האָבן זיך געווייקט אַ גאַנצע נאַכט אין וואַסער, צעקנייטשט דעם שטערן, שוויגט, און זעט נאָר דאָס וואָס דער צעקנייטשטער שטערן זיינער טראַכט. אַזוי אָ שוויגט ער מיט אַ פֿולן שטערן קנייטשן אַ גאַנצן טאָג, אין ביוראָ, אין געשעפֿט, אויף דער בערזע. אין אָוונט, אַז ער קומט אַהיים מיט אַ גראָבן פּאָרטפֿעל פּאַפּירן, זעצט ער זיך אַוועק נערוועז, צעוואַרפֿט די פּאַפּירן, טאַפּט זיי אַדורך, שוויגט אַריין אין יעדן פּאַפּיר באַזונדער,

קנייטשט זיי צוזאַמען מיט דעם שטערן, ביז ס׳ווערט שפּעט אין דער נאַכט. דאַן גייט ער אַריין אין דער זיידענע פּיזשאַמע און מיט דער פּיזשאַמע אין בעט אַריין. אין צווייטן בעט, דערנעבן, ליגט זיין פרוי מאַשע, מאַכט זיך ווי זי וואָלט שוין געשלאָפן, און האָפט — נעבעך אומזיסט — אַז ער וועט סוף־כל־סוף זיך איינקוקן אין איר רונד אויסגעפּאַרעמטער האַנט, וואָס ליגט אַ נאַקעטע פון איבערן אַקסל ביז די רויט לאַקירטע נעגל.

די פרוי זיינע, מאַשע, איז זייער אַ באַרעדעוודיקע, און אַז זי רעדט איז פּונקט ווי אַ מאַטאַציקל וואָלט זיך געטריבן אין געיעג — דאָס צינגל ביי איר קלאַפּט הויך, גיך, אַ גאַנצן טאָג אָן אויפהער. און איבער וואָס צו רעדן פעלט נישט אויס, און מיט יעדן איינעם וואָס קומט אונטער דער האַנט. נאָר אין די קורצע שעהען וואָס דער מאַן אירער איז אין שטוב — דאָס איז אין דער פרי פאַר זיין אַוועקגיין, און ביי נאַכט פאַר זיין שלאָפן — ווערט איר פּיסקל פאַרשלאָסן נישט צו הערן קיין פּיפּס. ס׳קאָן זיין אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל זי וויל מיט עפּעס העלפן איר מאַן. שווייגט זי גלייך מיט אים, און ס׳קאָן זיין אַז ס׳איז פון דרך־ארץ, פון פּחד, עפּעס איז ער דאָך אָן אייגנטימער פון הייזער, אָן אימפּאָרטער פון מעל, ער האָט דאָך ענינים מיט די גרעסטע אַדוואָקאַטן, אין דער צייטונג האָט מען דאָך שוין וועגן אים געשריבן.

ווען די זון, שוין אַ צעפלאַמטע, האָט באַדעקט די פראָנטאַוועניו ווענט פון איין זייט הייזער, און אויסגעפּילט מיט אירע שטראַלן דאָס גרויסע שלאָפצימער פונעם הער האַרצנגאָט, זענען די בעטן געשטאַנען פולע מיט אויפגעוואָרפן בעטגעוואַנט, און האָבן געוואָרט געדולדיק ביז די דריי אויפגעפּראַלטע פענצטער וועלן פון זיי אַרויס־ציִען דאָס ביסל דעמפּיקייט פון דער נאַכט, און דער הער האַרצנגאָט זיצט שוין אין עסצימער ביי אַ טאָץ מיט ווייס אייגן געבעקס. פון אַלעם שמעקט מיט אַזאַ פריש־קייט, פון דער אייערשפּייז, פונעם שווייצערקעז, פון דער אָפענער פּושקע סאַר־דינען, אַפילו פון דער צייטונג וואָס ליגט פאַר אים אָן אויסגעשפּרייטע. און ער אַליין, אויך אַ פרישער, אַ געוואַשענער, אַ ראַזירטער, זשמורעט זיינע אויגן און קנייטשט דעם שטערן, אַ מאָל איבער דער סאַרדין, אַ מאָל איבער דער אייערשפּייז, און אַ מאָל איבער דער צייטונג, און ס׳איז שווער צו וויסן פון וואַנען זיין נערוועזיטעט נעמט זיך, צי פון דער פרישער שוואַרצער ראַם אויף דעם ערשטן עמוד, ווו מען דער־ציילט מיט גרויסע אותיות אַז היינט איז אַ תענית, ווייל מען האָט אויסגעהרגעט מיליאָנען יידן אין אייראָפּע, צי פון די פרישע סאַרדינען וואָס מען מוז זיי פאַרזיכטיק אַריינפירן אין מויל, אַז ס׳זאָל נישט אַראָפּקאַפּען קיין אייל אויף די געפּרעסטע הויזן.

ווען דער ערשטער טרויעריקער עמוד, צוזאַמען מיט די סאַרדינען, האָבן זיך אים דערעסן, האָט ער זיך גענומען צו דער אייערשפּייז, און איבערגעמישט אויפן צווייטן עמוד.

ווידער איז שווער געווען פעסטצושטעלן פאַר וואָס ער האָט זיך פּלוצעם, מיט אַזוי פיל זאָרג פאַרקוקט אויפן סופיט. האָט ער זיך דערשראָקן פאַר אַ חשד אַז דאָס איי איז נישט פריש, אָדער די ידיעה אַז די רויטע אַרמיי שפּרייזט פאָרויס, האָט אין אים אַרויסגערופן אַ שטיקל פּחד, צי זי גייט נישט אַ מאָל צו גיך?

ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים לעצטן עמוד, האָבן אים די הענט מיט דעם גלאָז קאַווע אָנגעהויבן ציטערן. ווען ער האָט געליִענט אַז מען האָט אַנטדעקט אַ לאַגער מיט צוקער, און מען האָט דעם אייגנטימער פון דעם צוקער גלייך אַרעס־טירט.

ווידער האָבן אים די אויגן געגומען גלאָצן אין איין ריכטונג, און ווידער איז פאַר אים געשטאַנען דער ביינאַכטיקער חלום ווי ער ליגט אין אַ תפיסה און מען שמייסט אים אויפן גאַלן לייב. דראָבנע פינטעלעך שוויס האָבן אים אָנגעהויבן אַרויסזעצן אויפן שפּיץ נאָז. און שטיל איז אים געוואָרן אַרום, ביז ער האָט דייטלע־כער דערהערט דעם דופק פונעם קליינעם זייגערל ביי אים אויף דער האַנט. גיך עס צוגעלייגט צום אויער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן אַז דאָס קלאַפּן שטאַמט טאַקע פון אים, און ווען ער האָט דערזען אַז ס׳איז שוין אַכט, איז ער גיך אַוועק פונעם טיש, גלייך ווי עמעץ וואָלט דאָרט געשטאַנען און אים דערקלערט אַז ער איז פריי, איבערגעלאָזט הינטער זיך די צייטונג אַ באַשאָטענע מיט קרישקעס.

קרישקעס ווייסע חלה, באַשאָטענע אויף דראָבנע אותילעך, וואָס דערציילן אַז אַרבעטער פאָדערן צו פאַרגרעסערן פאַר זיי די פּאָרציע ברויט, און פאַרבעסערן די קוואַליטעט.

קרישקעס ווייסע חלה, באַשאָטענע אויף דראָבנע אותילעך, וואָס דערציילן פון שחיטות, מגיפות און הונגער.

ווען דער הער האַרצנגאָט איז שוין געשטאַנען אַן אָנגעטוענער אין רעקל, און האַלטנדיק דעם הוט ביים ראַנד, אַריינגעקוקט אינעווייניק איידער ער זעצט אים אַרויף אויפן קאָפּ, ווי ער וואָלט קאָנטראָלירט, צי מען האָט נישט אַ מאָל אַריינגע־לייגט דאָרט אַ באָמבע, איז מיט שטילע טריט צוגעגאַנגען זיין פרוי, און אים געזאָגט אין אויער: שוין! ער איז שוין אַרויס, האָט זיך ביי אים דאָס פּנים צעשמייכלט, ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט זיין גאַנצער פאַרנטלעכער ברייטקייט צו איר, און געפרעגט:

— וויפל? צוואַנציק פונט?

— ניין.

— צען פונט?

— אויך נישט. אין גאַנצן אַן גערלט.

— אַן גערלט, עפּעס אַ משוגענער.

געהאַנדלט האָט זיך עס וועגן זייערס אַן אייניווינער.

אין דעם גרויסן הויז, איז אונטן ביים אַדורכגאַנג פאַראַן אַ שמאָל טירל וואָס פירט אַריין אין אַ צימערל, אַ קליינס; אַן באַקוועמלעכקייטן, אַן עלעקטריע, און אין דעם צימערל וווינט זייט אַ יאָר אַ בחור, אַ נידעריקער, אַ שוואַרצער, וואָס טראָגט תמיד אַ שוואַרצע רובאַשקע, אַ פאַרשלאָסענע איבערן האַלדז. אויך אַ שוויגנדיקער אָבער מיט גרויסע ערנסטע אויגן וואָס קוקן אַפּויער פון אונטער אַ הויכן חריפותדיקן שטערן.

דער אַ בחור — טראַץ דעם, וואָס צייט ער וווינט דאָרט האָט ער נאָך מיט זיין בעל־הבית קיין וואָרט נישט אויסגעטוישט — איז ער דאָך ווי אַ געשפּענסט, ווי אַ שׂטן אין די אויגן פונעם הער האַרצנגאָט.

דער הער האַרצנגאָט, כאָטש ער איז אַזאַ שטילער, אַ קורצזיכטיקער, האָט ער אַ געזונטן אינסטינקט, און אַ גוטן חוש הריח. ער האָט דערפילט אין דעם בחור וואָס זיצט ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי אַ נאַפטלעמפּל איבער זשורנאַלן און ביכער, אַז ער איז זיין געפערלעכסטער שונא, און ווען ס׳קומט אים אויס פאַרביי־צוגיין דאָס שמאָלע טירל, און ער כאַפּט אַ בליק אויף דער קליינער קאַרטע מיט דעם האַרטן נאָמען, סאַשאַ יצחקוב, טוט אים אַ זעץ אין האַרצן.

אַמאַיינסטן שרעקט האָט ער ווען ער טרעפט זיך מיט סאַשאַן אינעם שמאָלן אַדורכגאַנג פּנים אל פּנים. אַנשטאָט אַ ,שלום״, באַקומט ער פון אים אַ פּאָר גרויסע אויגן גלייך אין פּנים אַריין, אַז דער אָטעם שטעלט זיך אָפּ, און די אויגן פאַרזשמורען זיך נאָך מער, ווי זיי וואָלטן זיך געצייגט אין גאַנצן געשלאָסן צו ווערן און אין דער רגע גאַרנישט זען.

סאַשאַס היטכער שטערן דערמאָנט אים אָלע מאָל אין „טשאַפּאַיעוו״, וואָס ער האָט אַ מאָל געזען אין אַ רוסישן פילם: ווי דער אַ טשאַפּאַיעוו איז רו׳יק צוגעגאַנגען צו אײנעם אַ פּאַררעטער, און נישט מיר נישט דיר, אַרויסגעצויגן אַ רעוואָלווער און פּאַרטיק...

באַזונדער איז ער שטאַרק אויפגערעגט אויף זיין מאַמען צוליב דעם אַ בחור.

אין ווינקל פון דעם שמאָלן דורכגאַנג איז פאַראַן נאָך אַזאַ צימערל, אין גאַנצן אַ טונקלס מיט אַ קליין פּענצטערל, וואָס קוקט אויס ווי אַ הייל. דאָרט וווינט די מאַמע פונעם הער האַרצנגאָט, אַן אַלטיטשקע וואָס שלעפּט קוים אירע דאַרע פיס אין דעם זונס שווערע אָפּגעטראָגענע שיך. און די אַלטיטשקע וואָס לעבט אָפּ אירע לעצטע יאָרן אין דער חשכות, און אויפן געגנאָד פון איר רייכן זון, זי איז אַן אויפ־ריכטיקער פריינד פון איר שכן, סאַשאַ און תמיד — ביי טאָג — ווען סאַשאַ איז אין שטוב, זענען ביידע שכנותדיקע טירן אָפן, און זי גייט אַריין און אַרויס. יעדעס מאָל מיט עפּעס אַנדערש. איר האָט אפשר אַ שוועבעלע? סאַשאַ־לעבן רופט זי אים, אַ קאַפּ נאַפט, איר ווילט מיר אפשר צושניידן די קנויט פונעם לעמפּל? — נישט פאַר אייך געדאַכט — דערזע איך שוין נישט — די זיקנה. און סאַשאַ יצחקוב איז תמיד שמייכלענדיק, געדולדיק, הערט זי אויס ביזן סוף. העלפט איר. און באַרגט איר אויס קלייניקייטן.

טייל מאָל פאַלט זי אַריין מיט אַ טעפּל באָרשט — אַ כּיבוד, און סאַשאַ פאַר־שעמט נישט דער באָבעס באָרשט. טרינקט אויס, און זאָגט אַז ס׳איז געווען וווּנדער־באַר. צעשמייכלט זיך די באָבע מיט אירע נאַקעטע יאַסלעס און ווינטשט אים, אַז ס׳זאָל אים זיין צום געזונט.

פון דעם גאַנצן הויז שכנים האָט די אַלטיטשקע געזען נאָר איין פריינד: סאַשאַ. און פון דעם גאַנצן הויז שכנים האָט סאַשאַ געפילט נאָר איין פריינד: די באָבע.

דער הער האַרצנגאָט האָט שוין וויפל מאָל איינגעטענהט מיט זיין מאַמען, אַז זי זאָל אים צוליב טאָן און נישט האָבן קיין געמיינזאַמס מיט דעם בחור, שוין גערעדט מיט גוטנס און מיט בייזנס. געדראָט שוין אַפילו, געגעבן איר צו פאַרשטיין, אַז ס׳איז ביי אים טריפה, שוין איינגערוימט איר אין אויער אַז ער איז געפערלעך, אַז ער איז זיכער אַ קאָמוניסט.

און די אַלטע — אַן עקשנות פון אַ זקנה — זי לייקנט אַלץ אָפּ. נישט ער איז

געפערלעך, נישט ער איז אַ קאָמוניסט, ער איז אַ טייערער בחור, אַ בריליאַנט, אַ למד־וואָו. אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט.

איין מאָל — דאָס איז געווען אין זעלבן טאָג ווען די פּאָליציי האָט ביי אים אַנטדעקט אַ פאַרבאָרגענעם לאַגער מעל און אים גלייך קאָנפיסקירט — איז דער הער האַרצנגאָט צו צו סאַשאַס טיר, אויסגעגלייכט זיך, מוטיק, אַנגעקלאַפּט און נישט געוואַרט אויף קיין תשובה, זי געעפנט. נאָך אַ מינוט שוויגן, האָט ער ענדלעך געזאָגט: שלום! — ווידער איז ער פאַרשוויגן געוואָרן, ביז ער האָט אָנגעהויבן: איך בין געקומען אייך זאָגן, אַז איר זאָלט פאַרלאָזן דעם צימער ביזן ערשטן, און אין מיין הויז בין איך בעל־הבית.

סאַשאַ האָט אים גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַנגעשטעלט זיינע אויגן גלייך אויף אים.

דער הער האַרצנגאָט, דערפילנדיק זיינע בליקן אויף זיך, האָט אָנגעהויבן ציטערן מיט דער אונטערשטער ליפּ. אַ דראָבנער שוויס איז אים אַרויס אויף דער נאָז, און ווי אַ ליימענע סטאַטוע איז ער שטיין געבליבן אומבאַוועגלעך, ביז ער האָט קוים פון זיך אַרויסגעשלעפּט איין וואָרט נאָכן צווייטן: „הייסט־דאָס־אַז־איר־גיט־מיר־קיין־תשובה?" און ווען אויף דעם איז אויך קיין תשובה נישט געקומען, האָט ער לאַנגזאַם פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, גלייך ווי דאָרט וואָלט געלעגן אַ קראַנקער, גיך זיך געלאָזט לויפן אַן איינגעבויגענער אויף די טרעפּ אַרויף. און מיט דעם בילד פאַר די אויגן, ווי טשאַפּאַיעוו ציט לאַנגזאַם אַרויס אַ רעוואָלווער, איז ער אַריין צו זיך אין שטוב און פאַרריגלט הינטער זיך די טיר.

תל־אביב 1943

# יפו — אַ מאָל און היינט

**רעפּאָרטאַזש**

אַז ס'פלעגט זיך אַ מאָל אַ תל־אביבער תושב — בפרט אַ שרייבער, אָדער אַ קינסטלער — פאַרגלוסטן אַ ביסל עמאָציע, פאַרבענקען זיך נאָך אַ ביסל שטימונג, עקזאָטיק, איז מען צוגעגאַנגען צו אַ געסל נישט ווייט פון ים, און נישט ווייט פון די גרענעצן פון יפו. דאָרט האָט מען זיך אַריינגעזעצט אין אַן אַלטן אָפּגעפּאָרענעם אויטאָבוס, און דורך די שמאָלע בלאָטיקע געסלעך פון מנשיה, האָט מען זיך אַריינגעהוידעט אין האַרץ פון יפו.

דער וועג איז אַ קורצער, און אויב די נסיעה האָט אַ מאָל גענומען לענגער, איז עס נישט געווען די שולד פון דעם פלינקן אַראַבישן שאָפער. פאַרקערט, תמיד האָט ער זיך באַמיט צו באַווייזן זיין טאַלענט פאַר זיינע פּאַסאַזשירן, און דווקא אין די שמאָלסטע געסלעך פון מנשיה, איז ער געלאָפן מיט זיין אַלטן אָמניבוס פייל אויס בויגן. ער פלעגט בשעת־מעשה כסדר קוועטשן דעם גומענעם באַל פונעם

טרומייט, וואָס האָט געריטשעט און צעטראָמבעט זיך איבערן גאַנצן קוואַרטאַל.

טאָ וואָס איז ער שולדיק, ווען אַ קאַראַוואַן מיט קעמלען, דערהערנדיק זיין טרומייטעריי, זענען זיי ווילד געוואָרן, האָבן זיך צעטאַנצט פון פּחד איבערן געסל, און פאַרשטאָפּט דעם פּאַרקער? קעמלען, שטילע אײדעלע חיות, וואָס אין זייער גאַנצן לעבן זענען זיי געוווינט צו שפּאַנען געהאַרכזאַם און באַרוועס איבער ווייכן זאַמדיקן באָדן, וואָס די מדבר־שטילקייט האָט אַזוי פאַרדרימלט זייערע נערוון און פאַרחלומט זייערע אויגן, זענען אויפגעציטערט געוואָרן פון פּחד פאַר דער טיוולאַ־נישער מאַשין, און צעווילדעוועט זיך אין אַ טאַנץ איבערן שמאָלן געסל וואָס האָט פאַרשטאָפּט דעם פּאַרקער אויף לאַנגע מינוטן.

ווען דער אויטאָבוס איז אַריין אין דעם בריטן סקווער פּלאַץ, האָט גלייך גענומען דושען אַ פּאַרע פון געפּרעגלטן אייל, פון געבראָטן שעפּסנפלייש, און אַ געשטאַנק פון פערדמיסט און אייזלען. אין סאַמע מיט פון דעם פּלאַץ שטייט אַ שטיין־געבויטער טורעם מיט אַ זייגער אויפן שפּיץ. דאָס איז דער יפוער וואָלקן־קראַצער. דאָרט שטייגט מען אויס, און מען איז אין סאַמע צענטער פון יפו.

אָט אַהער איז מען געקומען פונעם רײנעם אַספאַלטירטן תּל־אָביב, מיט זיינע ווייסע גאַסן און לאַנגע ביימער־אַלעען, געניסן עקזאָטיק.

אין אַ געסל, לינקס, איז אַ קאַפעהויז. אַ ריזיקער זאַל מיט בלויז פענצטער אַרום. פענצטער צעטיילטע אויף פיל חלקימדיקע רעמלעך, און אין יעדן רעמל באַזונדער איז איינגעפּאַסט אַ שויב פון אַ צווייטער קאָליר. און די אַלע קאָלירטע שייבלעך האָבן זיך שפּילנדיק אונטער דער זון, צוזאַמענגעגאָסן מיט דער פאַרשידנ־פאַרביקייט פון די געסט. פעלאַכן, בעדוינער, שטאָטישע אַראַבער, שייכן, כאַדזשיס מיט הויכע למדנישע שטערנס, ווייסע קיטלען, רויטע און גרינע קאַפּטאַנעס, וועסטן אויסגעשטעפּטע מיט זילבער־פעדעם, שוואַרצע כאַלאַטן, קעפּ איינגעוויקלטע אין טיכער מיט פרענדזן, רויטע פעסקעס מיט שוואַרצע טראַלדן, בערד, צעפּ, וואָנצעס. יעדער איינער זייגט אַ נאַרגילע, און קרעכצט איבער אַ שעלכל קאַפּע.

ביסטו אַריין צווישן דעם ערב־רב, איז נעם דיר אַ בענקל — ס׳וועגדט זיך ווי אַזוי דו ווילסט זיצן: אין אַ שטרויענעם פאָטעל, צי אויף אַ קליין בענקעלע מיט אַ געפלאָכטענעם זיץ, וואָס אַז מען זעצט זיך אויף דעם, דערגרייכן די קני ביז צום פּנים.

דו רוקסט עס דיר צו צום רונדיקן באַסיין, זופּסט אַ שוואַרצן קאַפּע פון אַ שעלכל, קוקסט אויף די גאָלדענע פישעלעך וואָס פליעסקען זיך אין וואַסער, און חלומסט מיט אַלעמען גליך, ביז אַן אייזל, אַ נואף, האָט זיך צעריטשעט פון ליידנ־שאַפט, און אויפגעוועקט די פאַרשלאָפענע פוילקייט אַרום.

די בוסטרוס־גאַס, די הויפּטגאַס פון יפו, מאַגאַזינען פון קליידער און שיך, קאָסמעטיק, גאַלאַנטעריע. אָט אַ דאָס געשעפט מיט דער ברייטער וויטרינע, געהערט צו עלי ראַנדור. אָט שטייט ער ראַנדור פאַר דער טיר. ער האָט תּמיד ליב צו שטיין אין דרויסן — אין גאַס. און אויב ער איז אַ מאָל אינעווייניק אין געשעפט, איז נישט אַנדערש ווי אַ קונה האָט אים געצוווּנגען צו דעם.

אָט אַ דאָס איז ער, אַן עלטערער שוין, אין אַ פּאָר פיין־געפּרעסטע הויזן, מיט אַ רויטער פעסקע אויפן קאָפּ. תּמיד איז ער צעשמייכלט און תּמיד איז ער גרייט צו

כאַפּן אַ שמועס. ער האָט הנאה פון רעדן. רעד מיט אים, וועט ער דיר דערציילן געגוי וואָס ער טראַכט. עלי ראַנדור איז זייער פּעסימיסטיש. ער איז אַנטוישט פון דער וועלט. און ווען ער רעדט פון דער וועלט ווערט ער אַזוי פילאָזאָפיש, שמייכלט סקעפּטיש, און מיט אַ בייסיקער צינישקייט מאַכט ער צונישט אַלע וועלט־פאַר־זאָרגערס און מנהיגים. ער האָט שוין נישט קיין גרויסע פאַרלאַנגען פון לעבן, ער וויל נאָר אויפהאַלטן זיין רו׳קייט, זיין שטענדיקן שמייכל, און קומען ווייטער יעדן אָוונט אין דעם תל־אָביבער קאַפעהויז ביים ברעג ים, ווו ס׳שפּילט אַ קליינער אָרקעסטער, טרינקען קאַפע און הערן מוזיק. מער וויל ער נישט. אָבער — פלעגט ער בלייבן אַ ווײַלע שטיל און אַרויפקוקן צום הימל — אָבער ער האָט מורא, אַז די רו׳קייט זיינע וועט צעשטערט ווערן. עפּעס געפעלט אים נישט לעצטנס די לופט אַרום... ווער ווייסט צי מען קען נאָך דאָ ציילן די פרידלעכקייט אויף טעג, צי אויף שעהען.

אין דעם צווייטן עק גאַס איז דאָס עלעגאַנטע געשעפט פונעם שייך עזאַט יאַסין. יאַסין איז אַ יונגער, טראָגט אַ טונקל געשטרייפטן קאָסטיום, און האָט אַ פּאָר חוצפּהדיקע וואָנצעלעך. מיט אים רעדן מוז מען שוין אַריינגיין אינעווייניק, אין געשעפט. ער וועט דיך אויפנעמען נעבן זיין ביוראָטיש, אָפּמעסטן דיך מיט אַ פאַרשטענדיקן בליק, און אויב ער קען דיך גוט, וועסטו גלייך אָפּפילן זיין פריינד־שאַפט און ער וועט דיר ראָטן, אַז דו זאָלסט מער נישט קומען אין יפו. קיין פּרטים קען ער דיר נישט דערציילן. אָבער ער ראָט דיר — ער איז דאָך דיין פריינד — אַז דו זאָלסט זיך גוט אויסהיטן און וואָס שנעלער פאַרלאָזן די גרענעצן פון יפו. וויל... וויל נו — דו פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז ס׳דערנענטערט זיך די שעה פון גרויסן חשבון מיט אייך... וויל נו — שמייכלט ער גלייך אין די אויגן. דו פאַר־שטייסט דאָך אַליין, אַז די קעמפערישע אַראַבישע פעלקער הערן שוין אויף געדול־דיק צו זיין.

צו דיר פּערזענלעך האָט ער גאָרנישט. פאַרקערט, אויב ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין — אויב ער וועט נאָר באַוויזן — וועט ער בעטן גרויסן מאַרש אויף תל־אָביב טאָן אַלץ דיך צו ראַטעווען.

אונטער דער גלאָזפּלאַטע פון זיין שרייבטיש, קוקט אַרויס דאָס בילד פונעם גרויסן מופטי מיטן הויכן ווייסן טורבאַן אויפן קאָפּ. ער הערט זיך צו, דער מופטי, אַ שמייכלדיקער צו די ווערטער פון זיין קנעכט שייך עזאַט יאַסין. צוויי אויסגעבוי־גענע שווערדן קרייצן זיך איבער זיין קאָפּ. דו ווילסט וויסן דעם טייטש פון דעם אומפאַרשטענדלעכן אַראַבישן שריפט? אַט האָט ער עס דיר שוין איבערגעלייענט און פאַרטייטשט, דאָס איז דער באַקאַנטער פּסוק: דינה מאַהאַמעד בסייף. דער גלויבן פון מאַהאַמעד איז אין דער שווערד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יפו, די אַלטע מיוחסת רייסט זיך חוצפּהדיק אַריין אין ים מיט איר הויכן באַרג הייזער, פון אַלטע קרעציקע שטיינער. אינעווייניק, אינעם באַרג, אָדערן זיך געסלעך, שמאָלע געסעלעך ווי רינשטאָקן, סודותדיקע לאַבירינטן, פינצטערע ווינקלעכער, נעסטן פון זנות און כאַשיש.

יפו איז געשטאַנען אַ ברוגזע און געקוקט בייז צו איר שוועסטער־שטאָט תּל־אָביב. דאָס אַלטע יפו האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די תּל־אָביבער פרישקייט.

דער מועדזין אויפן הויכן טורעם פונעם מעטשעט האָט טראַגיש צענומען בײדע הענט קעגן תּל־אָביב און מיטן בערדל צום הימל האָט ער הייזעריק אויסגעיאָמערט זיינע תּפילות. יפו האָט געגעבן דעם ערשטן שאָס אויף תּל־אָביב. יפו איז אַרויס פון די נאָרעס און לעכער, באַוואָפנט מיט שווערד, ביקס און אַללאַ, געגאַנגען אויף תּל־אָביב.

יפוער ווייבער זענען נאָכגעגאַנגען באַגלייטן זייערע העלדישע מענער אין זייער גאַנג צו דער הייליקער שלאַכט.

יפוער ווייבער, איינגעהילטע אין שוואַרצן, מיט צניעותדיקע שלייערס איבער די פּנימער, האָבן זיי זיך ווי מחנות פלעדערמייז צעלייגט איבער די פעלדער אַרום תּל־אָביב. אַנגעלאָדן מיט ליידיקע זעק אויף אָנצופילן אין זיי דעם רויב, און דאָס פאַרמעג פון תּל־אָביב.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער נאַכט האָט די ליכטיקייט פון תּל־אָביב זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן אַרום. די אויטאָבוסן, אַנגעפּראָפּטע, האָבן איבערגעפירט באַפעלקערונג פון קוואַר־טאַל צו קוואַרטאַל. די נעאָנגליכט פון די סינעמאָס האָבן צעגאָסן אַרום אַזאַ פריי־לעכקייט אין דער שטאָט, און פון פינצטערן יפו זשומען קוילן, קוילן וואָס שניידן די לופט. דער ווייסער אַמבולאַנס מיטן רויטן מגן־דוד, וואָיעט איבער די גאַסן פון תּל־אָביב.

אין די געסעלעך וואָס פירן צו די גרענעצן פון יפו שלייכט זיך יעדע ווייל אַריין אַ געשטאַלט. מענטשן וואָס האָבן נאָר וואָס געענדיקט זייער אָונטבערויט צוזאַמען מיט זייער משפּחה, גייען צו די פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס. יעדער מינוט שלייכט זיך אַריין אַ געשטאַלט אין די פינצטערע געסעלעך וואָס פירן צו די גרענעצן פון יפו. און יפו שיסט, יפו רייסט זיך מיט אַלע כּוחות צום גיכן און זיכערן נצחון.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נו, וואָס ווייסן זיי, די אַלע ווייבער און יידן פון ביאַליסטאָק, פון בוקאַרעשט, פון וואַרשע, פון סאָפיאַ, פון יאַס, פון זשעלעכאָוו, פון מאַראָקאָ און פון זאַגרעב, וואָס האָבן אויף ס'ניי באַלעבט און פאַריידישט יפו ?

וואָס קוקן זיי אַזוי נאָך נאָך מיר ? עפּעס זעען זיי אַ מענטשן אַ פאַרטראַכטן, וואָס פּלאָנטערט זיך צווישן די חורבות און באַטראַכט יעדעס געסל, און פאַרקוקט זיך אויף יעדן הויז.

נו, גיי דערצייל די אַלע ווייבער וואָס באַלאַגערן דאָ טאָג־טעגלעך דעם מאַרק פון גרינס און שפייז, אַז דער מאַרק איז גאָר דאָס גרויסע קאַפעהויז, ווו ס'איז געווען אַ באַסיין מיט גאָלדענע פישעלעך. ווו חשובע שייכן, כאַדזשים, חכמים מיט ברייטע בערד, מוכטאַרן באַהאַנגענע מיט שווערדן, פלעגן זיך צונויפקומען אַהער פון דערפער און מדבריות, און אָפּחלומען גאַנצע טעג ביי אַ שוואַרצער קאַפע מיט אַ נאַרגילע טאַבאַק.

נו, וואָס ווייסן זיי, די אַלע ייִדן וואָס באַוווינען די שטאָט און שאַפן דאָ אַ ניי שטייגער־לעבן. וואָס ווייסן זיי די אַלע ייִדן פֿאַרטאָענע אין דאגות פּרנסה און האָבן נישט קיין צייט אַ מאָל זיך איינצוקוקן, זיך איינצוהערן אין די שטומע שטיינערנע ווענט פֿון זייערע וווינונגען, וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך אַ נייע געשיכטע פֿון ייִדישער גבורה.

וואָס ווייסט די ייִדענע פֿון קאַליש, אַז אין דעם געוועלב וווּ זי שטייט און פֿאַרקויפֿט גאַזאַז מיט קעזקוכן, איז געווען דער מאַגאַזין פֿון דעם אומשולדיקן עלי ראַבדור, דער וואָס האָט אַזוי מורא געהאַט, אַז די רויִקייט זיינע וועט צעשטערט ווערן, דער וואָס האָט אָפּגעפּילט די פֿאַרפּעסטעטע לופֿט דאָ אַרום, און געציילט די לעצטע פֿרידלעכע שעהען פֿון זיין לעבן?

וואָס ווייסט ער, דער ייִד פֿון רומעניע, וואָס שטייט אין זיין געשעפֿט און פֿאַר־קויפֿט סוועדערס? ווייסט ער דען אַז איבער דעם געשעפֿט איז געהאַנגען אַ מאָל אַ גרויסע גלעזערנע שילד מיט גאָלדענע אותיות, וואָס האָבן אָנגעזאָגט מיט שטאָלץ דעם נאָמען פֿונעם שייך עזאַט יאַסין? אַז אויף דעם זעלבן אָרט, וווּ ס׳שטייט אַ פּשוטער טיש, איז אונטער אַ גלעזערנער פּלאַטע געלעגן דאָס בילד פֿונעם גרויסן מופֿטי, מיט צוויי געקרייציקטע שווערדן איבערן קאָפּ און גרויסע אַראַבישע אותיות האָבן אויסגערופֿן פֿאַר יעדן איינעם, וואָס איז אַריינגעקומען, אַז „דינה מוחאַמעד בסייף״? אַז דאָ האָט זיך אַרומגעדרייט דער שייך עזאַט יאַסין מיט זיינע שטאָלצע וואָנסעס, געקוקט מיט ביטול אויף תּל־אָביב, וואָס דער טאָג פֿון איר פֿאַרניכטונג איז שוין ביי אים געווען איינגעשריבן אין זיין נאָטיצביכל?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קוקן די איינוווינערס פֿונעם נייעם יפֿו אויף דעם אַלטן תּל־אָביבער תּושב וואָס דרייט זיך אין די גאַסן און גאַפֿעט. שטעלט זיך אָפּ ביי אַ חורבה באַלייגט מיט קופּעס גרוזעס אין סאַמע צענטער פֿון שטאָט. אָט מערקט מען נאָך ביי דער חורבה איינע פֿון די פּיל ברייטע שטיינטרעפּ, וואָס האָבן אַזוי רעפּרעזענטאַטיוו אַריינגעפֿירט אין דער שטאָטישער געביידע, דער שטאָלץ פֿון יפֿו, דער אַלטער בנין „סאַראַיאַ״.

צעריסן איז ער געוואָרן דורך ייִדישע הענט, דעמאָלט ווען זיי האָבן אַזוי האָפּערדיק באַלאַגערט תּל־אָביב. דעמאָלט ווען די הויפּט־קאָמאַנדע איז געזעסן אין אירע צימערן און אויסגעטעכנט דעם פֿאַלן פֿון פֿאַרניכטונג. אונטער די גרוזעס דאָ ליגט נאָך מן הסתּם אַזאַ אַראַבישע שריפֿט: „דינה מאַהאַמעד בסייף״...

1950

# לחיים די זשוליקעס!

דאָס איז געווען אין אַכט און פערציקסטן יאָר. יפו האָט אָנגעהויבן שיסן אויף תל־אָביב. די אָפענע מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

דער כּרמל־מאַרק וואָס הייבט זיך אָן ביי אַן עק פון דער אַלענבי־גאַס, און ציט זיך אַראָפּ ביז צו די געסעלעך פון יפו, האָט גערוישט ווי יעדן טאָג. די קולות פון די הענדלערס ביי די סטראַגאַנעס מיט גרינס, האָבן איבערגעשריגן דאָס קנאַ־לעריי פון די ביקסן.

די אַראַבישע קראָמען פון דער העלפט מאַרק, וואָס איז נענטער צו יפו, זענען געווען געשלאָסן. די אַראַבער פון די דערפער וואָס האָבן באַלאַגערט יעדן טאָג דעם מאַרק, מיט אָנגעלאָדענע אייזעלעך גרינס און פרוכט, זענען נישט געקומען.

אַ פּאָר מבינים אויף שיסן זענען געשטאַנען אין אַ ראָג און זיך געאַמפּערט. איינער האָט פעסטגעשטעלט אַז דער שאָס איז געווען פון אַ פּאַראַבעלום. דער צווייטער, וואָס האַלט זיך פאַר אַ גרעסערן מבין, האָט פעסטגעשטעלט אַז דער שאָס איז געווען פון אַ בעלגישן קאַראַבין. אַ דריטער, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט, האָט געזאָגט אַז דאָס האָט מען גאָר געשאָסן אַהין און נישט אַהער, און געהאַלטן אין איין פרעגן: ווו זענען אונדזערע חברה? פאַר וואָס זעט מען נישט די חברה?

אַ באַקאַנטער סערזשאַנט פון דער אַלטער תל־אָביבער פּאָליציי, מיט אַ נאָכ־הענגענדיקן רעוואָלווער, וואָס האָט זיך אים געבאַמבלט ביי דער קני, איז געלאָפן אַ פאַרשוויצטער פון איין סטראַגאַן צום צווייטן, געשריגן אַ הייזעריקער, אַז מען זאָל נישט שטיין אין מיטן דער גאַס: חמורים! אידיאָטן! וואָס קריכט איר אין פייער אַריין?!

אַן אייזערנער סלופּ האָט געלאָזט פון זיך הערן אַ קלונג. אַ קויל האָט זיך אָן אים אָנגעשטויסן. נעבן סלופּ איז געשטאַנען אַ ייִדענע און געבלאָזן אין די פעדערן ביים אונטערשטן חלק פון אַ הון, זען צי זי איז פעט. דער „אַכזריותדיקער" פּאָ־ליציאַנט האָט זיך אַפילו נישט צוגעהערט אַז דאָס איז אויף אַ ייִכל פאַר אַ שוואַך קינד, און אַוועקגעשלעפּט די ייִדענע מיט כּוח צו דער וואַנט.

יפו שיסט אויף תל־אָביב. דאָ און דאָרט זענען שוין דאָ קרבנות פון דורכגייערס אין גאַס. און די ענגלישע פּאַנצער־אויטאָס מיט מאַשין־געווער, לויפן גאָר איבער די תל־אָביבער גאַסן. צו וואָס לויפן זיי דאָ, ווען מען שיסט דאָרט?

אויף בן־יהודה גאַס האָב איך פאַרהאַלטן איינעם, אַ ייִדישן אַקטיאָר פון לעמ־בערג, וואָס איז דאָ אַהערגעקומען מיט דער פּוילישער אַרמיי. תּמיד האָט ער געפלעגט מיך פאַרהאַלטן, און כ׳האָב געמוזט תּמיד שטיין און אויסהערן זיינע נייע פּלענער וועגן אויפשטעלן אַ גוט ייִדיש טעאַטער. דאָס מאָל האָב איך אים פאַרהאַלטן, ווייל ער האָט מיר אויסגעקוקט מאָדנע, מיט אַ לאַנגן רעגן־מאַנטל אין אַ זוניקן טאָג.

און קיין מאָל איז זיין פּנים נישט געווען אַזוי צעפּלאַמט, און קיין מאָל האָב איך אים נישט געזען גייך אַזוי שנעל.

— איך האָב נישט קיין איין מינוט צייט — האָט ער געזאָגט — איך בין געווען אַ סנייפּער ביי די פּאַליאַקן. איצט מאַך איך דאָס זעלבע ביי אונדז. דאָס מאָל מיטן גאַנצן האַרץ. ביז איצט האָב איך געשאָסן ביי יפו, איצט לויף איך שיסן ביים ירקון. נישטאָ גענוג סנייפּערס. נישטאָ גענוג ביקסן. מוז איך טאַנצן יעדעס מאָל אויף צוויי חתונות. דער רעגן-מאַנטל? דאָס איז קעגן אַ נעהאַרע. ער האָט אויפגעשפּיליעט דעם מאַנטל, און אונטער אים איז געהאַנגען אַ ביקס. כ'האָב אַ נייעס וועגן אַ גוט יידיש טעאַטער, האָט ער געזאָגט, און אַנטלאָפן.

די שבזי-גאַס ווו ס'קאָנצענטרירט זיך אַ טייל פון דער תּל-אָביבער אָרעמקייט, די הייזלעך פון אַלטע קרישלענדיקע שטיינער, קריכן אַראָפּ ביז אין יפו אַריין.

די גאַס איז געווען אין גאַנצן ליידיק. אויסער די קעץ, וואָס האָבן געראַיעט אין די רינשטאָקן, און געדרימלט שלווהדיק אין מיטן דער גאַס, האָט זיך נישט געזען קיין לעבעדיקער נפש. צוליב דער שטילקייט הילכן דאָ די שאָסן אָפּ שאַרפער, מוראדיקער.

ביי ביידע ראָגן גאַס האָבן שפּאַצירט צוויי בחורים פאַרשמאַדערטע פון קאַלך. די פּנימער, די הענט, די מלבושים מיט די גראָבע אַרבעטסשיך, אַלץ פאַרקויטיקט מיט קאַלך. די צוויי הילצערנע קעסטעלעך מיט הענטלעך ווי ביי וואַליזקעס, זענען אויך פאַרקלעפּט מיט קאַלך און בעטאָן. צוויי געוויינטלעכע בוי-אַרבעטער, וואָס, מיט אַזעלכע קעסטעלעך אין די הענט, האָט מען דעמאָלט געזען אין תּל-אָביב אויף טריט און שריט. אין די קעסטעלעך האָט מען געהאַלטן די בוי-כּלים צוזאַמען מיטן עסן.

די בליקן זייערע זענען אָבער געווען שאַרפע, שפּיציקע. אַ פאַרבייפאָרנדיקער פאַנצער-אויטאָ זאָל זיך נישט אַ מאָל פאַרגלוסטן אָפּשטעלן, און רעווידירן די קעסטעלעך פון די צוויי „אומשולדיקע" בוי-אַרבעטער, און געפינען דאָרט זאַכן וואָס האָבן לגמרי נישט קיין שייכות צו בויאַרבעט. יעדער איינער האָט שפּאַצירט אויף זיין ראָג, אַהין און צוריק מיט פוילע טריט. אַ ייד מיט אַ גראָ בערדל, איינגע-הויקערטער פּלייצע, און מיט אַ טלית-זעקל אונטערן אָרעם, איז געלאָפן פון איינעם צום צווייטן. געשלעפּט זיי פאַר די אַרבל, און געשריגן מיט כּעס. מען האָט געזען אַז דעם אַלטן ייד איז דאָ געטאָן געוואָרן אַ גרויסע עוולה.

ווען דער ייד האָט מיך דערזען, איז ער צו מיר צו מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט, ווי איינער וואָס וויל מען זאָל אים העלפן.

— אַזעלכע זשוליקעס! — האָט ער געשריגן, וויזענדיק אויף די צוויי בחורים — אַזעלכע הפקר-יונגען! מען לאָזט נישט אַ ייד גיין צו זיך אַהיים! אין דעם געסל אונטן איז מיין היים — האָט דער ייד געזאָגט — אין פרימאָרגן בין איך אַוועק דאַווענען, און כ'האָב געלאָזן אויף אַ קנויט-מאַשינקע אַ טעפּעלע גריץ, אַזוי ווי יעדן טאָג. איך בין אַן איינזאַמער מענטש און מיין מאָגן פאַרטראָגט נישט קיין רעסטאָראַנען. לאָזן זיי מיך נישט גיין אַהיים. דאָס ביסל גריץ וועט זיך אויסקאָכן, און כ'וועל נישט האָבן מיט וואָס דאָס האַרץ צו דערכאַפּן. אַזעלכעס זאָל געשען אין סאַמע תּל-אָביב? אַ שטאָט קאָנעהאָרע מיט בלויז יידן. און אַזעלכע זשוליקעס

ווילן דאָס מאַכן אַ יידישע מדינה. פאַר אַזאַ זאַך דאַרף מען זיי איינזעצן אין קרי־מינאַל אַריין. נישט קיין רחמנות צו האָבן אויף אַן אַלטן ייד? פאַגראָמשטשיקעס!

איינער פון די בחורים איז צוגעקומען, און געבעטן אַז איך זאָל דעם ייד אַוועק־נעמען פון דאַנעט וואָס שנעלער. די לאַגע דאָ איז ערנסט. די איינוווינער פון דער געגנט האָט מען עוואַקויִרט. און גיט דעם יידן נאָך אַ מאָל צו פאַרשטיין, אַז דאָס געסל אונטן, ווו ער וווינט, שטייט אין פלאַמען. אַלץ ברענט דאָרט. צוליב דער שיסעריי קענען נישט די פייערלעשער אַהינקומען. ווייזט אים, זאָל ער זען דעם רויך דאָרט. מיר גלייבט ער דאָך נישט.

קיין איין וואָרט נישט! — האָט דער ייד אויסגעשריגן — לאָזט מיך אַדורך וועל איך צוגיין און כ׳וועל זען. אויב ס׳ברענט טאַקע, וועל איך נאָך אפשר באַוויזן אַפּראַטעווען דאָס טעפּעלע גריץ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַקעגן מיין וווינונג, אין אַ קליין טונקל צימערל, האָט זיך אַריינגעצויגן דער דאַזיקער ייד. יעדן פרימאָרגן איז ער געגאַנגען מיטן טלית דאַווענען. און אין יעדן פרימאָרגן האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן קאָרידאָר דער ריח פון גריץ.

אין דעם אָוונט פונעם ערשטן יום־העצמאות, קלאַפּט דער דאַזיקער ייד ביי מיר אין טיר. בעט מיך אַריין צו זיך אין צימער, און זאָגט:

— מיט אייך ספּעציעל דאַרף איך טרינקען לחיים. איר זענט דאָך דער עדות ווי די אַראַבער האָבן דעמאָלט אונטערגעצונדן מיין היים מיט מיין טעפּעלע גריץ. איר געדענקט דאָך ווען מיר האָבן זיך געטראָפן ביים ראָג פון דער שבזי־גאַס.

— אַ שאלה, צי איך געדענק. איך געדענק אויך ווי איר האָט אויף זיי געשריגן: זשוליקעס! הפקר־יונגען!

— אָ! טאַקע דערפאַר! לחיים די זשוליקעס! לחיים די הפקר־יונגען!

## עמיגראַנטן

ווייט פון ברעג, און ווייטער נאָך פון די כוואַליעס וואָס וואַרפן זיך ברויזנדיק איבער די פעלדזן אין דער טיפקייט פון ים, די וואָס דער אַלטער חרוב געוואָרענער יפוער פאָרט האָט נאָך זיך געלאָזט אַן אָנדענק: שטיינערנע צעפוילטע אברים, באַוואַקסענע מיט מאָך, וואָס שטאַרצן אַרויס איבערן ים־אויבערפלאַך. אָט נאָך ווייטער שטייט די שיף געאַנקערט, אַ גרויסע, אַ שווער־געלאָדענע מיט צוויי גרויסע בייזע קוימענס, וואָס ווילן פאַרקאָפּטשען די גאַנצע וועלט. געבראַנגט האָט זי סחורות, באַגאַזשן, און צוועלף הונדערט עמיגראַנטן. דאָס אַלץ האָבן באַנגען צונויפ־געשלעפּט פון שטעט און לענדער, אַוועקגעלייגט עס ערגעץ ביי אַ פּאָרט, און די גרויסע שיף האָט עס איינציקווייז איינגעשלונגען אין איר אינגעווייד, און אַרויס־געגעבן עס ביים יפוער ברעג.

צו דעם שמאָלן טירל פון דער פּאָרט־געביידע קומען צו שיפלעך, וואָס ברענגען די עמיגראַנטן פון די שיפן. צו ערשט קומען אָן די „בעסערע" מענטשן — ערשטער און צווייטער קלאַס.

דער פּאָרט איז אָפּגעשלאָסן פאַר זייטיקע. ס'מוז זיין גרוימער פּלאַץ פאַר די באַאַמטע, אַרבעטער און האָטעל־מענטשן. אויטאָס ווערן באַזעצט, באַלייגט מיט וואַליזעס, און איילן גיך דורך די קרומע געסלעך צום גלאַטן תל־אָביבער אַספאַלט. נאָך דעם, אין האַלבן טאָג שוין, קומען אָן די פּשוטע עמכדיקע דריטע קלאַס. ביי זיי איז לעבעדיקער, רעשיקער. ייִדן מיט שוואַרצע קאַפּעליושן, פאַרקודלטע בערד, חריפותדיקע שטערנס, און זיי שרייען שוין צו די אַראַבישע טרעגערס: „עסמאַ"! „קח, זאָג עך דיר, ,שמוינע' פּיאַסטערס, אם לא, האָב עך דיך אין דר'ערד".

ייִדענעס, דערשראָקענע, האַלטן אין איין אַרומזוכן ס'קליינוואַרג און קוויטשען פאַר שרעק איבער יעדער קלייניקייט. בחורים, חלוצים יאָטן, מיט יונגע ווייבלעך. שיפלעך קומען איינס נאָכן אַנדערן. ס'ווערט וואָס אַ מאָל ענגער, רעשיקער. זיי פאַר־שווינדן נישט אַזוי גיך און רויק. די אויטאָס שטייען ווי פאַרשעמט. „עמך" האָט ליב אַ „דרינדע" מיט צוויי פערד, אַ קוטשער אַן אייגענער חברה־מאַן, וואָס מ'קען ביי אים אויסדינגען אַ יאַזדע פאַר ביליק.

אָט אין אַזאַ רעש און געדראַנג זענען זיך געשטאַנען צוויי ייִנגלעך אין אַ ווינקל ביי אַ וואַנט. איינער פון אַ צען, דער צווייטער פון אַ צוועלף יאָר, בלייך־ווייסע פּנימלעך און צעקנייטשטע אַנצוגלעך, און האָבןביידע מיט ערנסטער פאַרדאַגהט־קייט געבונדן מיט שטריקלעך אַ צעשאָטן פּעקעלע.

ווען די פיר פּעקעלעך זענען געבראַכט געוואָרן אין אָרדענונג, האָבן זיך ביידע, מעשׂה אַרבעטער, אָפּגעקלאַפּט די הענט, אַריינגערוקט זיי אין די הויזן־טאַשן און האָבן געטראַכט...

און דער טאַטע איז נאָך אַלץ נישט געקומען.

שטייען זיי ביידע און קוקן זיך אָן פאַרדאַגהט. ווען אין דער היים ס'זאָל געשען אַזעלכעס, זיי זאָלן למשל דאַרפן בלייבן אַליין אין שטוב, וואָלטן זיי געוויינט, זיי וואָלטן געוויינט ביז די שכנטעס וואָלטן געקומען. אָבער אין די אַכט טעג זענען זיי געוואָרן אַנדערע, גלייך די צייט פון וויינען געהערט שוין צו דער ווייטער פאַרגאַנ־גענהייט. זעלבשטענדיקע מענטשן וויינען נישט, און זיי זענען זעלבשטענדיקע עמיגראַנטן, רייזנדער. צוזאַמען מיט די אַלע הונדערטער עמיגראַנטן און חלוצים האָבן זיי מיטגעמאַכט די שווערע רייזע מיט דעם זעלבן שטאָלץ און מוט.

דער עלטערער, משהלע, האָט געזען אַז פון טראַכטן וועט גאָרנישט אַרויס־קומען. האָט ער העלדיש אויסגעצויגן דאָס קעפּל אויפן דאַרן העלדזל און באַפעלע־ריש אויסגערופן: יאָסעלע, אַ סוף! לאָמיר נעמען דעם באַגאַזש!

צווישן די אַלע צעטראָגענע עמיגראַנטן, וואָס פּלאָנטערן זיך צעקאָכטע צווישן פּעק און וואַליזן, שפּאַנען דורך צוויי קליינע וואַנדערער, צוויי שמאָלע קינדערשע פּלייצעלעך, געבויגן אונטער אַ לאַסט פון פּעקלעך.

ווען אַ דראָזשקע פאַרלאַנגט צוואַנציק פּיאַסטער פאַר איבערפירן די צוויי עמיגראַנטן מיט זייערע פיר פּעקלעך קיין תל־אָביב, ווייסן זיי ביידע אויף פּוילישע

זלאָטעס, אַז ס'איז צו פיל געלט. בכל אופן, לויט דעם קאַפּיטאַל וואָס געפינט זיך אין דעם קליינעם בייטעלע. שפּאַנט מען צו פוס.

ביים ערשטן ראָג פון פּאָרטגעסל איז פאַראַן אַ לידיק שטיקל פּלאַץ. דאָרט שטייט איינער מיט אַ קעסטל אויף הויכע פיס, אַזוי ווי אַ קאַטאַרינקע. אַרומגע־האַנגען איז עס מיט קרעלן, ליאַלקעלעך, פאַרביקע פאַפּירלעך און פעדערלעך. פאָרנט זענען פאַראַן פיר לעכער מיט גלעזלעך און פיר אַראָבער אין לאַנגע כאַלאַטן קוקן אין זיי אַריין.

דער אייגנטימער פון דעם קעסטל, אַ יונגער אַראַבער, שטייט אויף דער אַנדע־רער זייט, גראַבלט דאָרט מיט די פינגער, און זינגט אויס דעם גאַנצן פּראָגראַם.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע וואָס אויף דערויף האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט קוקן. משהלע און יאָסעלע האָבן געקוקט און זיך געוווּנדערט, ווי פיר דערוואַקסענע מענטשן מיט בערד קוקן אין אַ „קוקע" מיט פאַרגרעסער־גלעזלעך, אַזוי ווי קליינע חדר־יינגלעך.

משהלע און יאָסעלע.

צוויי עמיגראַנטן. אַ מעטשעט, אַרום אַ מאַרק, ליוונט און פליש, און אַזוי פיל געבראָטנס, געפּרעגלטס, אַזעלכע שטיקנדיקע ריחות פון אייל, פעטס. אָט שערט איינער דעם צווייטן אַ קאָפּ אין מיטן גאַס מיט אַ גרויסער שער. פון ביידע זייטן געוועלבער. סוחרים, ווי די ישמעאלים, זיצן פאַרלייגט מיט די פיס פון אונטן און פאַרקויפן בשׂמים. אַ ליאַרעם, אַ געדראַנג, משוגע צו ווערן. אויפן מינאַרעט ביים מעטשעט שלייכט אַרום דער מועזין און שיקט אַרויף די תּפילה צום ברענענדיקן שווייסיקן הימל.

משהלע און יאָסעלע מיט די פעקלעך אויף די פּלייצעס. צווישן אַזוי פיל אַבאַיעס, כאַלאַטן, סורדוטן, אין דעם זודיקן אָריענט, שפּאַנען דורך. צוויי קליינע ערנסטע עמיגראַנטן.

ביים צווייטן ראָג לאָזן זיי אַרונטער די פעקלעך אויף דר'ערד, זיך אַ ביסל אויסצורוען. שטייען און טראַכטן...

און דער טאַטע, פאַר וואָס איז דער טאַטע נישט געקומען?

משהלע און יאָסעלע קוקן זיך אָן. אָבער וויינען? חס ושלום. זעלבשטענדיקע מענטשן, עמיגראַנטן, מענטשן מיט וויזעס, מיט דאָקומענטן.

„מיט קיין פרעמדע מענטשן זאָלט איר, קינדער נישט רעדן" — אַזוי האָט אָנגעזאָגט די מומע מאַטעלע פאַרן אַוועקפאָרן — ווייל אויף עמיגראַנטן לויערן שווינדלערס.

זיי ווייסן דאָס אַליין. זיי ווייסן, אַז גנבים שמייכלען, רעדן, פאַרנאַרן און נעמען צו. ענטפערן זיי נישט קיינעם. מעג אַ דורכגייער זיי פרעגן צען מאָל און זיין אַפילו גרייט צו באַגלייטן צום ריכטיקן אַדרעס. ס'קאָן זיין, אַז דער הער מיט דעם דיקן בויך און גאָלדענע ברילן, וואָס רעדט דייטש און שמייכלט אַזוי זיס, איז אַ גאַנץ ערלעכער מענטש, אָבער משהלע און יאָסעלע זענען פאָרזיכטיקע מענטשן, זיי האָבן נישט קיין צוטרוי צו דער וועלט.

אָט, טראַכטן זיי זיך: דער פּאָליציאַנט וואָס שטייט אין מיטן גאַס צווישן פיר ראָגעס, מיט אַ קאַראַקולן ווינטערהיטל, צו אים וואָלט ער צוגעגאַנגען. אים

וואָלט ער געפרעגט, און ער וואָלט אים גערן געענטפערט. זייער גאַנץ לעבן איז אַ פּאָליציאַנט געווען פאַר זיי עפּעס אַזעלכעס, וואָס מען דאַרף דערפאַר מורא האָבן, אַ פּאָליציאַנט איז אַ בייזער, וואָס לאַכט קיין מאָל נישט. פאַר אַ פּאָליציאַנט האָט אַפילו דער מלמד זייערער געציטערט אימת מות. ווען אַ פּאָליציאַנט איז בלויז דורכגעגאַנגען דורך זייער מלמדס חדר, פלעגט ער, ברוך מלמד, ווייס ווערן ווי קאַלך, ציטערן מיט די הענט און שעלטן ס'ווייב מיט טויטע קללות, וואָס זי האָט געלאָזן דעם עמער מיסט ביי דער טיר. אָבער צו דעם פּאָליציאַנט וואָלט ער צוגעגאַנגען. ער קוקט אים אויס מילדער, ווייכער. ער וואָלט אים געפרעגט: ווו איז תּל־אָביב און ווו דער טאַטע וווינט. נאָר ווי קען ער צוגיין רעדן, אַז יענער רעדט בלויז מסתּמא לשון־קודש אָדער תּרגום לשון.

און אָט אַזוי טראַכטנדיק, — דערנענטערט זיך צו זיי אַ יידל, אַ פאַרקאַלכטער, מיט אַ שוואַרץ בערדל. פיר הענטלעך שטרעקן זיך אויס.

— דער טאַטע!

צוויי פּאָר הענטלעך וויקלען זיך אַרום אַ פאַרקאַלכטן באַבערדלטן קאָפּ. ווערטער פאַרשטיקטע בלייבן הענגען אין דער לופט.

— משהלע!

— טאַ־טע!

— יאָסעלע!

— טאַאַ־טע!

---

זיי האָבן געדענקט דעם לעצטן בריוו פון טאַטן, אַז ער פאַרדינט גוט, לעבט שיין, און האָט שוין איינגעצאָלט אויף אַ פּלאַץ אין תּל־השרון. דאָרט וועט בקרוב זיין אַ גרויסע שטאָט, נאָך גרעסער פון תּל־אָביב. מ'וועט בויען אַ הויז.

משהלע און יאָסעלע קוקן אים אָן. אַזוי בלייך און מאָגער, פאַרשפּריצט מיט קאַלך, פאַרבונדענע פינגער מיט שמאַטקעס, אַ צעריסן ציקליסטן־היטל. זיי געדענקען אָבער גענוי, ער האָט דאָך געשריבן: אַ פּלאַץ, אַ גרויסער פּלאַץ, אַ הויז, אַ נייע שטאָט... און בײדע פּלאַצן אויס מיט אַ געוויין.

אָבער אַ געוויין איז דאָס געווען פון דערוואַקסענע מענטשן.

1935

## צוויי שוסטער־בענקלעך

יוסף מזרחי, אַ ספרדישער ייִד פון מצרים, האָט, קומענדיק מיט לאַנגע יאָרן צוריק קיין ארץ־ישׂראל, זיך באַזעצט אין אַ שמאָל געסעלע אין יפו. דאָרט געעפנט זיין שוסטער־וואַרשטאַט אין אַ נישע פון אַ געוועלב פון אַן אַלט־יפוער הויז, און אָנגענומען אַלטע שיך צום פאַרריכטן און פאַרלאַטען. אַזוי אַרום האָט ער זיך

דערנערט מיט זיין פאַמיליע, פון די איינוווינערס פון געסל: אייראָפּעערס, ספרדים און אַראַבער — אָרעמע אַרבעטער, בעלי־עגלות און טרעגערס.

נאָך עטלעכע יאָר האָט יוסף מזרחי אָנגעהויבן ווערן דיקער, פעטער און קורצ־זיכטיקער. קינדערלעך האָבן אָנגעהויבן אונטערוואַקסן און צוקומען. דאָס ווייב, מיט אַ לאַנג ברייט אונטערהעמד, האָט אַרומגעטשלאָפּעט אַ גאַנצן טאָג מיט הילצערנע טרעפּאַקעס אין איר פאַרחושכטער ווירטשאַפט. דער באַרג אַלטע שיך צום פאַר־לאַטען איז געוואָרן וואָס אַ מאָל גרעסער, און די הענט ביי יוסף מזרחי האָבן אָנגעהויבן ציטערן. האָט ער צוגענומען פאַר אַ געהילף דעם יונגן כאַסאַן, אַ פאַרבלאָנקעטן אין שטאָט פון ערגעץ אַן אַראַביש דאָרף, וואָס איז געקומען זוכן אַרבעט.

האָט זיך כאַסאַן גיך איינגעלעבט אין זיין נייער סביבה, צו דעם וואַרשטאַטל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליין שוואַרץ צעפוילט טישל, באַלייגט מיט טשוועקלעך, דרעטלעך, וואַקס און אַנדערע מכשירים, צו זיין באַלעבאָס, וואָס איז געזעסן גאַנצע טעג אַקעגן אים, מיט אַראָפּגעלאָזענע באַרילטע אויגן אויף אַן אַלטן שוך, אַן אָנגעצויגענעם אויף אַ קאָפּעטע, געסאָפּעט פון פעטקייט און געצויגן אַ דראָטווע מיט ציטערדיקע הענט. ער האָט זיך געפילט שוין ווי אַ געבוירענער אויף דעם פּלאַץ, צווישן אָט די פאַרקאָפּטשעטע פיר ווענט, צווישן די קינדערלעך וואָס וואַלגערן זיך פאַרסמאָלעטע גאַנצע טעג צוזאַמען מיטן ביסל שוכוואַרג אויף דר׳ערד, מיט דער באַלעבאָסטע, די דיקע פרענקינע, וואָס טשלאָפּעט־אַרום אַ צעגאָסענע אויף היל־צערנע טרעפּאַקעס. ער האָט זיך מיט זיי אַלעמען איינגעלעבט און אַלע האָבן זיך מיט אים איינגעלעבט און געהאַלטן אים פאַר אַן אייגענעם, אַ בן־בית.

כאַסאַן, אַ יונגער, אַ פלינקער, האָט פאַרשטאַנען די אומבאַהאָלפנקייט פון זיינע באַלעבאַטים, און שוין ווי אַ שטובמענטש, צו ווענען מ׳האָט דעם פּולסטן צוטרוי, האָט ער איבערגענומען אַ ביסל די פירערשאַפט איבער דער משפחה: ער האָט אַכטונג געטאָן אויפן קליינוואַרג און אָנגענומען זיך פאַר זייער קריוודע אין גאַס... די אַלע אַלטע שיך צום פאַרריכטן זענען אָנגענומען געוואָרן דורך כאַסאַנען. ער האָט זיך באַדונגען מיט די קלי׳ענטן. ער האָט געוווּסט אויף וויפל אָפּצושאַצן די אַרבעט. אויף די אַלע שפּראַכן, וואָס די איינוווינערס פון דעם געסל האָבן גערעדט, האָט זיך כאַסאַן אויסגעלערנט פאַרשטענדיקן און דינגען זיך. אַפילו אויף יידיש האָט ער זיך געקענט אויסשמועסן מיט די ווייבער און זאָגן זיי:

— מאַדאַם. דאָס פיל אַרבעט... צוויי פּיאַסטער דאָס ביליק... און אַלע קונדן פון געסל זענען געוואָרן מיט אים היימיש. האָבן גערופן אים ביים נאָמען, גערעדט צו אים יעדער אויף זיין שפּראַך, און זיין באַלעבאָס, יוסף מזרחי, האָט זיך נישט געמישט. ער האָט זיך געהאַלטן שוין פאַר אַן אומפּעי׳קן און געוווּסט, אַז ער האָט זיך אויף ווען צו פאַרלאָזן.

אַזוי האָט זיך מזרחיס וואַרשטאַט אויסגעאַרבעט וואָס אַ מאָל מער. ביז דעם לעצטן ערב פּסח איז שוין דער דיל געווען באַלייגט מיט קופּעס אַלטע שיך, צענד־ליקער פּאָרן פון דאַמען־ מענער־ און קינדער־שיך, האָבן געוואַרט אומגעדולדיק צוזאַמען מיט זייערע באַלעבאַטים, ביז עס וועט קומען זייער ריי, זיי זאָלן אַריינ־גענומען ווערן אין דער אַרבעט און פאַרטיק ווערן אויף יום־טוב. האָט מען טאַקע

אַריינגעריסן דעם ערב פּסח ביז אין די האַלבע נעכט און דאָך געמוזט איבערלאָזן אַ שפּאַר ביסל אַרבעט נישט אויסגעפּאַרטיקט.

און פּסח איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס כאַסאַן איז פּאַר זיינע פאַר־דינסטן אַרויס אין גאַס אַן אויסגעפּוצטער, אין אַ נייעם אַנצוג, נייע שיך, גלאַנציק מיט ברילּיאַנטין פאַרקעמטע האָר, און פאַרברענגט אין אַ תּל־אָביבער קאַפע. ער, כאַסאַן, האָט זיך געפּילט אַ גליקלעכער, זיצנדיק גאַנצע טעג אויף זיין קליין שוסטער־בענקעלע נעבן דעם צעפּוילטן וואַרשטאַטל, געאַרבעט פלייסיק און גע־זונגען. ער האָט ליב באַקומען דאָס וואַרשטאַטל, דאָס בענקעלע, די קראָם מיט די הויכע פאַרקאָפּטשעטע ווענט, די באַלעבאָסטע, די צעלאַבערטע, די פאַרשליאָכטעטע קינדערלעך, גלייך ווי ס׳וואָלט אַלץ געווען זיינס, זיין היים, זיין וואַרשטאַט, און זיינע קינדערלעך. אָט אַ דאַנק זיי, אַ דאַנק זייער צוטרוי, אַ דאַנק דעם אַלעם האָט ער זיך אויסגעאַרבעט און געוואָרן אַ לייט. און ער דינט זיי טאַקע אָפּ, מיט פלייסיקייט, מיט ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט.

האָט זיך די פּרימאָרגן־זון אַריינגערוקט אין געסל, איבערגעדעקט מיט בלענ־דיקן גאָלד איין זייט, אַ לאַנגע מיט הייזער, גלייך ווי דער וואַרעמער באַלזאַם וואָלט געוואָלט פאַרהיילן די אָפענע ווונדן־לעכער, די אָפּגעקראַכענע הויטן פון די ווענט, די געפּלאַצטע אברים פון די טירן און פענצטער־ראַמען. און אויף דער צווייטער זייט, אונטערן שאָטן, האָט געווייעט אַ קיל ווינטל, אַריין אין וואַרשטאַט פון יוסף מזרחי און געגלעט דאָס געזיכט פונעם יונגן כאַסאַן און זיין באַלעבאָס, וואָס זענען שוין געזעסן פון פרימאָרגן אַן ביי דער אַרבעט, טרינקען שוין דאָס דריטע שעלעכל קאַווע, און מזרחי איז מכבד כאַסאַנען שוין צום פינפטן מאָל מיט אַ ציגאַרעט.

ביידע אַרבעטן און טראַכטן שטיל. מזרחי טראַכט וועגן איבערבייטן די קראָם אויף אַ גרעסערער, אַ באַקוועמערער מיט אַ באַזונדערער שטוב צום וווינען. כאַסאַן טראַכט וועגן זיין דאָרף, ווי פאַרפינצטערט און פאַרחושכט מען לעבט דאָרט, ווי זיין טאַטע, דער אַלטער פעלאַך, האָרעוועט זיינע אַלע יאָרן אויף פרעמדע פעלדער, און קומט־אָפּ זיינע טעג מיט טרוקן ברויט און ציבעלע. ער וועט אַראָפּקומען אין דאָרף אַן אויסגעפּוצטער, ברענגען זיין טאַטן מתּנות: אַן אַבייע, אַ זיידענע קעפּיע. ער וועט נעמען פון דאָרט אַ ווייב, איבראַהים דעם פּאַסטעכס טאָכטער, וואָס איז אָרעם, אָבער שיין און צניעותדיק. ער דערמאָנט זיך, ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל זי באַמערקט, דאָס איז געווען אין אַ געדיכט פעלד באַוואַקסן מיט אַרבוזן, וואָס איז שוין געהאַט אויסגעוואַקסן אין דער הייך פון אַ מענטש, און מיט שטאַרקע שטאַמען, און פון צווישן די געדיכטע בלעטער האָבן אַרויסגעקוקט אירע גרויסע שוואַרצפלאַמיקע אויגן. זיי האָבן געקוקט גלייך אַנטקעגן דער זון, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט פאַרמעסטן מיט אירע שטראַלן. און ווען זי האָט באַמערקט אים, כאַסאַנען, האָט זי פאַרשטעקט איר קאָפּ אין דער געדיכטקייט פון די צווייגן, און ער איז דערמאָלט געווען ווי פאַרשיכורט...

— — — פלוצעם: אַ־אַ־אַ־אַ. אוי! אַ־אַ־אַ־אַ. אוי! ביידע זענען זיי געבליבן זיצן פאַרשטאַרטע און זיך איבערגעקוקט. די האָמערס אין די הענט האָבן גענומען ציטערן, און דער יאָמערגעשריי ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, שטאַרקער, נענטער. אָט קלאַפּן שוין לאָדנס און טירן...

מענטשן לויפן ווי צעדולטע איבערן געסל מיט אַ פֿאַרשטיקטן שווייגן און גיבן פֿון זיך קיין וואָרט נישט אַרויס.

שטעלן זיך ביידע אויף ווי עלעקטריזירט פֿון גרויליקן געשריי. צוויי שיך, אָנגעצויגענע אויף קאָפּיטעס, און צוויי האַמערס פֿאַלן אַרויס פֿון ביידע שויסן אויף דר'ערד.

אַ שכן, אַ ספרדישער ייִד, לויפֿט אַריין אַ צעקאָכטער, מיט צעפּלאָשעטע האָר, שרייט און וואַרפֿט מיט ביידע הענט...

מזרחי ווערט בלאַס, די גאָמבע הייבט אים אָן ציטערן. די אויגן — גרויע, שרעקעוודיקע, דרייען זיך אים אונטער די גראָבע ברילן־גלעזער.

— ראַזאַ! — גיט ער אַ געשריי מיט זיין גאַנצן כּוח צום ווייב, אַז די ברילן האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן — נעם די קינדער און גיי גיך אַוועק מיט זיי! און דו, כאַסאַן — האָט ער צו אים געשריגן, ווען ער איז שוין געשטאַנען מיט איין פֿוס אין דרויסן — לויף גיך, צו זען וואָס עס געשעט. מען זאָגט, אַזאַ אַראַבער שעכטן ייִדן.

כאַסאַן איז ביי די ווערטער רויט געוואָרן. ער איז גיך געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון געשריי און געבעטן גאָט, ס'זאָל זיין ליגן. ס'זאָל זיין, וואָס ס'זאָל זיין, אָבער נישט, אַז אַראַבער שעכטן ייִדן.

מענטשן לויפֿן ווי משוגע. זקנים מיט פּעקלעך, ווייבער מיט קינדער. אַלץ קאָרטשעט זיך אין פּחד. אַלץ ציט, לויפֿט אין איין ריכטונג.

די אַלטע צעפּוילטע הייזלעך, עפֿענען זייערע פֿאַרדעמפּיקטע נאָרעס און קעמער־לעך און לאָזן פֿון זיך אַרויס זייערע שטענדיקע איינוווינערס, זקנים און קאַליקעס. טירן און לאָדנס קנאַקן און קלאַפּן, ווי אַ שטורעם וואָלט אַריין אין געסל. די לופֿט אַ פֿאַרנעפּלטע פֿון שטויב, גלייך ווי דער מעכטיקער יאָמער פֿון געפּייניקטע וואָלט דעם שטויב אין דער לופֿט געהויבן.

די געוואַלדן ווערן איבערגעהאַקט, ווי מען וואָלט מיט כּוח דערשטיקט די מיילער פֿון די הונדערטער, הונדערטער שרייערס. און באַלד קומען די קולות נאָך שטאַרקער. נאָך יאָמערלעכער, נאָך גרויליקער, ווי אַ וועלט מיט מיליאָנען מענטשן וואָלט זיך געוואַלגערט קראַמפּהאַפּטיק אין די גרעסטע יסורים. אָט פֿירט מען איינעם אַ וואַקלדיקן מיט אַ פֿאַרגאָסענעם קאָפּ מיט בלוט. אָט אַ צווייטן מיט אַ פֿאַרוואָרפֿענעם קאָפּ אויף הינטן, מיט פֿאַרגליווערטע אויגן און אַן אָפֿן מויל, גלייך דאָס שטומע אָפֿענע מויל וואָלט אַרויסגעגעבן פֿון זיך אָט דאָס גרויליקע געשריי.

מזרחי שטייט פֿאַר דער טיר פֿון זיין וואַרשטאַט, זיין קראָם, קוקט מיט אומ־געדולד: די גאַס איז שוין באַלד ליידיק, אָבער ער וואַרט נאָך, ער וואַרט אויף כאַסאַנען. ער וויל נישט אַזוי לייכט אַוועק פֿון זיין וואַרשטאַט, פֿון זיין האַב, פֿון זיין פּראַצע. אויף כאַסאַנען וואַרט ער. צו כאַסאַנען האָט ער נאָך איצטער צוטרוי.

אַ ריזיקער וואַלקנשטויב וואַרפֿט זיך אַריין אין דעם געסל, פֿון וואַנען ס'רייסט זיך אַרויס דער צעטראָגענער כאַסאַן, וואָס לויפֿט אַ פֿאַרצווייפֿלטער און וואַרפֿט משוגע מיט ביידע הענט.

— אַוועק! — שרייט ער אויס צו זיין באַלעבאָס — אַנטלויף גיך, די מינוט! באַלד האָט זיך טאַקע געזען פֿון הינטן אַ מחנה צעווילדעוועטע אַראַבער אַריינ־

רייסן אין געסל. אָפענע צעפּלאַטערטע פּאַלעס, ווי פליגל פון מלאך־המוות, בלאַנקע מעסערס און אייזנס אין דער לופטן, און דאָס ליידיקע געסל פּאַרטויבט פון דעם געשריי „איטבאחו איל יאַהוד"!

ניין. ער וועט שוין גאָרנישט באַוויייזן מיטצונעמען אויסער דאָס לעבן.

מזרחי לויפט. נעבן אים — זיין כאַסאַן. ער טראַכט איצט אין גאַנצן נישט וועגן זיין האָב, וועגן זיין פּראַצע. ס'לעבן! ס'לעבן מוז ער ראַטעווען!

— כאַסאַן! — שרייט ער אויס — וווּ לויפסטו? דו גיי אויף צוריק!

— ניין! — ענטפערט כאַסאַן — איך לויף מיט דיר! צו דיר!

— צוריק! — שרייט אויס מזרחי — די יידן קענען אין דיר נקמה נעמען!

— פאַר די יידן האָב איך נישט קיין מורא. אַלע יידן פון דער געגנט קענען מיך אַזוי גוט ווי דו. זיי וועלן מיר קיין שלעכטס נישט טאָן.

ווען זיי זענען צו צום עק גאַס, האָבן זיך באַוויזן דריי באַוואָפנטע ענגלישע פּאָליציי־לייט. מזרחין האָבן זיי דורכגעלאָזן און כאַסאַנען האָט מען געהייסן גיין אויף צוריק.

צוויי פעלקער האָט מען צעשיידט און באַוואַכט. די שמאָלע געסלעך, וואָס וויקלען זיך אַריין אין יפו, זענען געבליבן נייטראַל, ליידיק, און ביי די ראָגן פון ביידע זייטן גאַס האָט יעדע ווילע אַריינגעקוקט אַ קאָפּ פון אַזעלכן, וואָס האָט דאָרטן איבערגעלאָזן יאָרן פּראַצע.

פּלוצעם האָבן קנוילן רויך אַרומגעוויקלט דאָס שמאָלע הפקרדיקע געסל, די הייזלעך, ווי קראַנקע זקנים, זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט פייער־צונגען און ס'האָט זיך געהערט אַ קרעכצעריי פון אַלטע הייזער אין געסל. קנוילן רויך, ווי שוואַרצע קרעפּע, האָבן באַדעקט די אויסגעצויגענע טויטע גאַס. באַלד האָט זיך דערטראָגן אַ געוואַיעריי, ווי נאָך אַ מת. אַ גלאָק האָט זיך צעקלונגען. רויטע לאַקירטע אויטאָס מיט קעסלען און לייטערס זענען פאַרסאַפּעט אַריין אין געסל.

קליינע, פלינקע מענטשעלעך מיט אָנגעצונדענעם קופער אויף די קעפּ, האָבן זיך געפּאָרעט מיט קישקעס וואַסער, ווי ביי אַ טהרה. האָבן אַרויסגעריסן די איינגע־ווײדן פון די הייזער און געוואָרפן עס אין גאַס, און צוזאַמען מיט דעם זענען אַרויס־געוואָרפן געוואָרן פון איינעם אַ פלאַמעדיקן הויז צוויי ברענענדיקע שוסטער־בענקעלעך.

תל־אביב, 1936

## פאַרבאָרגענע וועלטן

אין אַ געוועלב פון ספרי־קודש און תשמישי קדושה איז געשטאַנען אַ קונה, וואָס האָט זיך איינגעקויפט אַ מחזור, אַ טלית, אַ יאַרמלקע.

דער פאַרקויפער, וואָס איז שוין געווען גרייט דאָס אַלץ צו פאַרפּאַקן, האָט מיט אַן איינגעהאַלטענעם געדולד נאָכגעקוקט דעם קונה, וואָס האָט זיך געדרייט אין דעם

געוועלב היין און צוריק, געקוקט אויף די פּאַליצעס, און געזוכט עפּעס מיט די אויגן. מען האָט דערקענט, אַז ער וואָלט וועלן נאָך עפּעס קויפן, נאָר ער ווייסט נישט וואָס צו וועלן.

— וווּנדערט איך נישט — זאָגט ער צום פּאַרקויפער — וואָס איך שטיי דאָ אַזוי לאַנג, און טראַכט אַזוי פיל, איך אָריענטיר זיך נישט אַזוי גוט אין די דאָזיקע זאַכן, איך בין נאָך אַ „גרינגער".

— וואָס הייסט דאָס, איר זענט אַ „גרינגער"?

— דאָס ערשטע מאָל שטיי איך אין אַזאַ געשעפט, און קויף מיר איין אַזעלכע זאַכן.

— אַהאַ... איך פאַרשטיי שוין — האָט דער פּאַרקויפער ענדלעך זיך געכאַפּט — איר מאַכט חתונה אַ טאָכטער. צום ערשטן מאָל קויפט איר פאַר אייער אייִדעם... נו, זאָל אייך זיין מיט מזל.

— ניין, נישט פאַר קיין אייִדעם קויף איך דאָס, פאַר מיר אַליין.

— פאַר אייך? איז דאָס טאַקע צום ערשטן מאָל אין אייער לעבן? איר קוקט דאָך אויס אַלט צו זיין ביז הונדערט און צוואַנציק...

— פופציק יאָר, פופציק יאָר בין איך אַלט.

— אַ ייִד בלי עין־הרע פון 50 יאָר, קויפט ער פאַר זיך איצט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַ מחזור, אַ טלית? עפּעס לייגט זיך עס נישט אויפן שׂכל.

— יאָ — האָט ער מסכּים געווען — ס'לייגט זיך נישט אויפן שׂכל.

מער האָט ער נישט גערעדט, באַצאָלט, גענומען די סחורה און אַוועק.

דער קרעמער האָט אים נאָכגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג און נישט געקענט באַגרייפן דעם גאַנצן ענין.

---

דער דאָזיקער ייִד לעבט שוין דאָ אין לאַנד דרייסיק יאָר. ער איז געקומען פון אַ קליין שטעטעלע פון פּוילן אַלס חלוץ. פון פאַך איז ער אַ שניידער, ער איז תּמיד געווען אַ חבר פונעם לינקסטן פליגל פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי, און ער איז געקומען אַהער בויען ארץ־ישׂראל צוזאַמען מיט דער סאָציאַליסטישער באַפרייונג.

באַלד נאָכן ערשטן יאָר דינסט אין דער פּאַרטיי, ביי זיך דאָרט אין שטעטל, האָט ער איבערגענומען די גאַנצע פּאָליטישע רייפקייט, און ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז ער איז אַ פריידענקער, אַז רעליגיע האָט נישט קיין שייכות, נישט מיט זיין אידעע, נישט מיט זיין פּאַרטיי, און נישט מיט אים פערזענלעך. און ווען ס'זענען אָנגעקומען די ימים־נוראים און די ייִדן אין שטעטל זענען געלאָפן פאַר טאָג צו סליחות, האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אין דער פּאַרטיי די קולטור־טעטיקייט מיט דעם גאַנצן ברען. דער דראַמאַטישער קרייז האָט געמאַכט פּראָבן און צוגעגרייט אַ געשלאָסענע פאָרשטעלונג אויף יום־כּיפּור צו כּל־נדרי.

די פאָרשטעלונג האָט געמוזט זיין אַ געשלאָסענע און אַ סודותדיקע, ווייל אַנדערש וואָלט דאָס שטעטל געגאַנגען כאַדאָראַם, און ס'האָט אויך געקענט קומען צו שפיכת דמים.

דערנאָך איז ער געקומען קיין ארץ־ישׂראל, צו זיין פּאַרטיי, צו זיינע חברים

און פֿאַרגעזעצט דאָ זײַן לעבן פֿון אַרבעט און קאַמף. בײַ טאָג האָט ער געאַרבעט און אין דער פֿרײַער צײַט האָט ער געקעמפֿט, און אין דעם טאָג, וואָס ער איז געווען אַרבעטלאָז, האָט ער געקעמפֿט אַ גאַנצן טאָג. געקעמפֿט האָט ער פֿאַר פֿרײַהייט, יושר, גערעכטיקייט און פֿאַר אַ בעסערן מאָרגן. דער עיקר איז געווען „דער בע־סערער מאָרגן".

„דער בעסערער מאָרגן" איז צו אים געקומען נאָך דעם, ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל אַ פֿרעסערקע און אַ קנעפּל־נייערין סוג א', אַ מיידל, וואָס האָט שוין דעמאָלט אויך געהאַט אַ פֿאַרגאַנגענהייט פֿון אַ פּאָר און צוואַנציק יאָר קאַמף, און ביידע, זעענדיק, אַז „דער בעסערער מאָרגן" דערנענטערט זיך נישט צו זיי, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו אים.

אין אַ זייטיק געסל האָבן זיי געעפֿנט אַ שותּפֿותדיק געשעפֿטל. דאָס שותּפֿות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט צעטיילט דעם שטח פֿון דעם געוועלב אויף צוויי חלקים. אין איין חלק האָט ער פֿאַרקויפֿט פֿאַרטיקע הויזן און אויך אויף באַשטעלונג, און אינעם צווייטן חלק האָט זי פֿאַרקויפֿט ירקות.

איז אויסגעבראָכן אַ וועלט־מלחמה מיט אַ קאָניונקטור און נאָך דעם אונדזערס אַ מלחמה אויך מיט אַזאַ מין קאָניונקטור, און היינט איז ער, דער אייגנטימער פֿון דער פֿירמע „פֿרינץ", דעם מאַגאַזין פֿון עלעגאַנטער מענער־קאָנפֿעקציע. ער וווינט אין אַן אייגענער ווילע; ער פֿאָרט אין זיינס אַ קרייזלער; די קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין, גייען אין שול, און ער לעבט זיך גאַנץ רויִק, ווייל ער איז זיכער, אַז די פּאַרטיי זיינע האָט נישט קיין אויסזיכט, אַז זי זאָל אַ מאָל קענען קומען צו דער מאַכט...

יעדעס יאָר, ווען ס'קומט ראש־השנה, באַפֿאַלט אים אַזאַ אומרויִקייט, און אַזאַ לאַנגווייליקייט. אין דער צייט דערזעט ער פּלוצעם, אַז ער איז עפּעס אַזוי ווי העגנגען געבליבן אין דער לופֿט. פֿון דער פּאַרטיי איז ער ווייט, אַ מאָל פֿלעגט זיך נאָך ווען־עס־איז אַריינכאַפּן צו אים אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר אויף אַ שמועס. שוין אַ פּאָר יאָר קומט נישט קיינער. בעצם איז ער צופֿרידן דערפֿון. ער פֿילט זיך שוין נישט אַזוי גוט אין זייער געזעלשאַפֿט. די נייע פֿריינד זיינע ווערן פֿאַרשווונדן אין די טעג פֿון ראָש־השנה און יום־כּיפּור. זיי גייען אין שול, זיי פֿאַסטן. בלייבט ער דעמאָלט אַליין, אַן אָפּגעריסענער פֿון ביידע וועלטן.

איין מאָל, אין יום־כּיפּור, איז זיין יינגל צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל מיט אים גיין אין שול אַריין. אַלע מענטשן, אַפֿילו פֿרויען, גייען אין שול אַריין; אַלע זיינע חברים גייען אין שול און באַרימען זיך אויך, אַז זיי פֿאַסטן, און ער גאַרנישט. ער זיצט אין שטוב.

— אַבאַ, איך וויל גיין אין שול אַריין — האָט דער קליינער אָנגעהויבן בעטן זיין פֿאָטער.

— טאָ גיי, ווער שטערט דיר? — האָט אים דער פֿאָטער געענטפֿערט.

— איך וויל נישט גיין אַליין, יעדער יינגל גייט מיט זיין פֿאָטער.

— איך גיי נישט אין שול אַריין.

— פֿאַר וואָס גייסטו נישט אין שול אַריין?

— ווייל איך בין אַ פֿריידענקער.

— אַ פֿריידענקער איז נישט קיין ייִד?

— יאָ, נאָר ער איז נישט רעליגיעז.

— אָבער אין שול אַריין קען ער דאָך גיין, פאַר וואָס גייען אַלע היינט אין שול אַריין?

— ווייל זיי זענען רעליגיעזע.

— זיי זשע דו אויך רעליגיעז.

— איך ווייס נישט וואָס פאַראַ שמועס דו פירסט מיט אַ ייִנגל פון אַכט יאָר — האָט די פרוי זיינע זיך אָנגערופן — אַלע גייען אין שול — וויל ער אויך גיין. ביסט דאָך אַ פאָטער, נעמט מען דאָס קינד און מען גייט מיט אים. כּדאַי וועגן דעם צו רעדן?

נאָך די ווערטער האָט ער אַרויפגעלייגט אַ הוט אויפן קאָפּ, גענומען דאָס ייִנגל פאַר דער האַנט, און צוגעגאַנגען מיט אים צו דער שכנותדיקער שול.

אין שול איז ער געשטאַנען ביי דער טיר, און צוגעהערט זיך צו די תּפילות, די ניגונים און די טענער האָבן זיך אָנגעהויבן אין אים וואָס אַ מאָל מער איינגראָבן, און געעפנט פאַר אים אַלטע פאַרבאָרגענע וועלטן. די געדאַנקען זענען ווייט אַוועק פון אים. ער האָט דערזען פאַר זיך די אַלטע הילצערנע שול פון זיין שטעטל, ווו דער טאַטע זיינער האָט אים, אַ קליין ייִנגעלע, אַזוי קליין ווי זיין ייִנגעלע איז איצט, געהאַלטן נעבן זיך אונטער זיין טלית און דאָס קליינע הערצעלע זיינס האָט נישט געקענט דעמאָלט איבערטראָגן דעם טאַטנס צער און דעם טאַטנס טרערן, וואָס זענען געפלאָסן ביי די ווערטער: מי במים, מי באש, ומי במגיפה.

איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, שטייט ער ווידער, אַ פרעמדער אין אַ פרעמדער שול ביי אַ טיר און דאָס האַרץ זיינס קלעמט און קלעמט, ווען פאַר די אויגן גייט פאַר אים ווידער אויף די אַלטע שול, דער טאַטע זיינער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה ייִדן פונעם שטעטל, וואָס האָבן געוויינט און געבעטן, מורא האָבנדיק פאַר סקילה, שׂריפה, הרג וחנק, וואָס איז איבער זיי אַלעמען מקויים געוואָרן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואָס עפּעס אַזוי לאַנג? — האָט אים די פרוי זיינע געפרעגט, ווען ער איז אַהיימגעקומען מיט זיין ייִנגל פון שול.

— פאַר וואָס ענטפערסטו נישט? — האָט זי ווידער געפרעגט ווען קיין תּשובה איז נישט געקומען — וואָס ביסטו אַזוי אָנגעצויגן? איך האָב דיר צוגעגרייט טיי מיט קוכן.

— איך וויל נישט קיין קוכן.

— טרינק זשע די טיי.

— איך וויל נישט.

— פאַר וואָס ווילסטו עפּעס נישט?

— וואָס איז דען געשען? דו פאַסט?

— יאָ, איך פאַסט, איז וואָס? איך וויל אויך אַ מאָל פאַסטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם צווייטן יאָר ראָש־השנה, איז ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געגאַנגען אין שול אַריין מיט אַ נייעם טלית, מיט אַ נייעם מחזור און געזעסן אויף זיינעם אַ באַשטימטן פּלאַץ.

דאָרט אין שול, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ טוריסט פון אַמעריקע, וואָס איז געזעסן נעבן אים, ווייזט אויס זייער אַ פרומער, ווייל ער האָט געדאַוונט מיט אַזאַ התמדה, אַז ס׳האָט אַנגעצונדן אַלעמען אַרום אים.

אַהיימגייענדיק צוזאַמען מיט דעם טוריסט, איז אויפן וועג די פריינדשאַפט ביי זיי דערגאַנגען אויף אַזוי וויט, אַז זיי האָבן זיך ביידע אַרומגעכאַפּט אין מיטן דער גאַס און צוגעדריקט זיך צום האַרצן. מענטשן האָבן זיך אַזש אָפּגעשטעלט קוקן, ווייל זיי זענען געוואָרן, אַז זיי זענען ביידע פון דעם זעלבן שטעטל.

— וואָס הייסט צי כ׳געדענק דיך — האָט דער טוריסט אים געזאָגט — איך וועל דיר נאָך דערמאָנען, אַז דו ביסט געווען אַ פריידענקער און אַ קעמפער קעגן רעליגיע, און יום־כיפור צו כל־נדרי האָסטו אַנטייל גענומען אין אַ פאָר־שטעלונג פון דראַמאַטישן קרייז.

— פון וואַנעט ווייסטו דאָס אַלץ? דאָס זענען דאָך תמיד געווען געשלאָסענע פאָרשטעלונגען.

— מיך פרעגסטו פון וואַנעט איך ווייס? דו דערקענסט מיך נאָך אַלץ נישט? איך בין דאָך געווען דער אָנפירער פון דראַמאַטישן קרייז.

1956

# אין אַ שטיל געסל

אין אַ שיינעם פערטל פון תל־אָביב, אין אַ זייטיק רויק געסל, צווישן הויכע עלעגאַנטע הייזער, שטייט דאָס הויז נומער צען.

צווישן הייזער נייע, אַרומגענומענע מיט גלייך געשניטענע ביימער־ווענטלעך, שמאָלע אייזערנע גאָרטן־טירלעך, תמיד פאַרמאַכטע, איבער זיי קליינע עמאַלירטע אָדער גלאָז־גראַווירטע שילדלעך מיט קורצע אויפשריפטן: ד״ר לודוויג גראָס, ספּעציאַליסט פאַר פרויען־קראַנקייטן, פראָפ׳ עמיל שטיין, אונטעררריכט געזאַנג און שטימבילדונג, ראָמאַן באַונער, פילם־אַגענטור פאַר פאַלעסטינע און נאָענטן מזרח.

ווען אויף די ברייטע רחבותדיקע טעראַסן דערשיינען די הערן אין די זיידענע פּיזשאַמעס, און די דאַמען מיט די גלאַנציקע שלאָפראָקן, קוקן זיי אַלע בייז אויף דעם הויז נומער צען, וואָס האָט זיך אַריינגעשטעלט אין סאַמע מיט מיט אַ דריי־שטאָקיקער חוצפה, ווי אַ דאָרן זיי אין די אויגן. די ביימלעך אַרום דעם הויז נומער צען שטייען מיט אָפּגעפּליקטע ריטלעך, און ס׳איז שווער צו וויסן צי זיי וואַקסן, צי זיי וויאַנען.

ביים אַריינגאַנג שטייט אַ גרויסער בוים, וואָס גיט, נעבעך, גרינס, וויפל ער

קען, וואָרצלט פעסט אין באָדן. נאָר דער קאָפּ און דער רוב פון זיין גוף ציט אַריבער דעם גדר צו דער גאַס, גלייך ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון דעם הויז און אַנטלויפן. די צווייגן, באַבלעטערטע, בייגן זיך פון בושה, קוקנדיק אויף זייער שטאַם, וואָס איבער אַ מעטער הויך איז ביי אים אָפּגעשיילט די פעל און אַלטע פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, אַריינגעגנאָגלטע אים טיף אין פלייש, האַלטן אַזוי טעג און נעכט דאָס בלעכענע שילדל פון דער שניידערין צפורה, וואָס האָט אַ מאַן אַ קנאַפּן פאַרדינער, אַ מאַמע פון צוויי קינדער, און יעדן חודש נאָך אַן אָפּעראַציע. נאָר דאָס שילדל אירס דערציילט מיט אַ בלייכער גוססדיקער שריפט, אַז זי נייט קליידער לויט די עלעגאַנטסטע מאָדעלן פאַר שפּאָט ביליק. איבער דעם שילד הענגט אַ ווייסער צעטל מיט שוואַרצע, דיקע אותיות: אַ צימער מיט אַ האַלבער קיך צו פאַרדינגען. דער צעטל הענגט שוין אַזוי פון יאָרן און, אויסער דעם ווינט, וועט אים קיינער קיין מאָל נישט אַרונטעררייסן.

דאָס הויז האָט דריי עטאַזשן מיט צוויי־ און דריי־צימער־וווינונגען. ס׳איז שטענדיק באַזעצט מיט איינוווינערס, און ס׳האָט נאָך נישט פּאַסירט, אַז אַ פאַמיליע זאָל דאָרט פאַרנעמען אַ וווינונג. אין יעדן צימער זיצט אַ באַזונדערע משפּחה, און יעדער משפּחה געניסט פון אַ האַלבער אָדער אַ דריטל קיך, און יעדע משפּחה האָט זיך קינדערלעך, קליינע, זאַרגלאָזע שטיפערס, וואָס די באַלעבאָסטע רופט זיי טייוולאָנים.

די באַלעבאָסטע פון דעם הויז איז אַן עלטערע פרומע יידענע, וואָס רעדט קרעכצנדיק און קרעכצט רעדנדיק, איז תּמיד הייזעריק פון צו פיל שרייען אויף אירע שכנים און אויף די קליינע טייוולאָנים, וואָס פאַרפּלייצן איר דעם הויף, גראָבן גריבער, דרייען די וואַסער־קראַנען, און קריכן אויף די גלייכע ווענט.

דאָס הויז איז פול באַזעצט מיט איינוווינערס. דאָך, ווען איר לייענט איבער דעם צעטל „אַ צימער צו פאַרדינגען" און איר גייט אַרויף אויפן צווייטן עטאַזש, טרעפט איר די באַלעבאָסטע זיצן נעבן אַ גרויסן סידור. וואַרט מען אַ פּאָר מינוט ביז זי קען שוין מפסיק זיין. פרעגט זי אייך אויס געגוי, ווי איר הייסט, ווו איר אַרבעט, וויפל איר פאַרדינט, אין וועלכן טאָג מען צאָלט אייך אויס דעם געהאַלט. ווען זי ענדיקט מיט דעם „השי"ת זאָל זיך מרחם זיין", הייסט דאָס, אַז איר האָט נושא חן געווען אין אירע אויגן. דעמאָלט פאַרמאַכט זי דעם סידור, שטופּט אַרונטער מיט אַ פינגער די פּאָר צויטלעך גראָע האָר אונטערן קאַפּטיכל און זי גייט, זי פּאַטשט אַדורך מיט אירע שטעקשיך די דריי עטאַזשן טרעפּ איין מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז זי זוכט אויס עפּעס אַ צימער מיט אַ חלק קיך.

אויף וויפל די אַריסטאָקראַטן אַרום מיידן אויס דאָס הויז, מוזן זיי אָפט צו אים אָנקומען. ווערט ערגעץ צעבראָכן אַ שלאָס, אָדער מען דאַרף מאָלן אַ צימער, גייט מען אין הויז נומער צען. וואָס פאַר אַ בעל־מלאכה איר דאַרפט, וועט איר דאָרט טרעפן. אַ שלאָסער, אַ מאָליער, אַ סטאָליער, אַן איינבינדער, אַ טאַפּעצירער. אויך אַ שוחט וווינט דאָרט און אַ בעל־עגלה, און די מאַדאַם בליצער, וואָס רעדט נאָר אויף דייטשיש, ווען זי זידלט זיך מיט אַ שכנה אויפן קול, און שווערט זיך, אַז זי איז כּמעט ווי געבוירן אין „דייטשנלאַנד", ווייסט געגוי, אַז דער, וואָס וווינט אונטן, און קומט אַהיים תּמיד שפּעט ביי נאַכט, איז אַ „שריפטנשטעלער".

אַ גאַנצן טאָג זענען די ווייבער פֿאַרנומען ביי די פּרימוסן, און קנייטשן די שטערנס ביים דערפֿינדן נייע קאָמפּאָזיציעס פֿון מאַכלים, וואָס קאָסטן ביליק און זענען נאַרהאַפּטיקער פֿון פֿלייש.

דער אַלטוואַרג־הענדלער, ווען ער קומט צו צום הויז נומער צען, שטעלט ער זיך אָפּ לענגער און שרייט אויס העכער, ווי ביי יעדן אַנדערן הויז: אַלטע זאַכן! אַלטע שיך! ווען קיינער רופֿט זיך נישט אָפּ, שרייט ער אַרויף: גברת! גברת! איך וועל אייך דערלייגן נאָך אַ פּיאַסטער, איז גוט? און די גברת פֿון דריטן שטאָק, וואָס פֿאַרקויפֿט אַ פּאָר הויזן פֿון איר מאַן, וועלכער איז אַוועק צום מיליטער, האָט זיך פֿאַרעקשנט, און דער הענדלער קומט שוין אַזוי דאָס דריטע מאָל — איין טאָג נאָכן צווייטן. דערלייגט יעדן טאָג אַ פּיאַסטער און האָפֿט, אַז פֿון דעם מסחר וועט נאָך עפּעס ווערן.

די ציגן, וואָס דאָס קליינע אַראַבערל פֿירט זיי פֿאַרביי יעדן טאָג, פֿון ערגעץ הינטער דער שטאָט, ווען זיי דערפֿילן דאָס הויז נומער צען, צעלויפֿן זיי זיך אַרום דעם גדר און קייען אויף אַלע אַלטע שטיקלעך ברויט, שאָלן, צעפֿוילטע טאָמאַטן, און צופּן אָפּ די פּאָר גרעזלעך, וואָס האָבן באַוויזן אַרויסצוּוואַקסן איבער נאַכט.

פּאָר נאַכט זאַמלען די מאַמעס צונויף דאָס קליינוואַרג ביי די שויסן, דערציילן זיי מעשׂיות וועגן הינט, ציגן און בערן, און פֿאַרנאַרן אין זיי אַריין נאָך אַ ביסן ברויט און נאָך אַ שטיקל באַנאַנע.

קעץ באַלאַגערן די גרויסע בלעכן מיסט, פּאַשען און האָדעווען זיך רויִק ביי דעם הויז נומער צען.

די באַלעבאָסטע, אַ מידע שוין, וואַרט נאָך אין דרויסן אויף אַ שכן, וואָס דאַרף אָנקומען פֿון דער אַרבעט, כּדי זי זאָל אים קענען פֿרעגן, וואָס ס׳וועט זיין דער סוף...

די זון פֿאַרגייט. מאַמעס פֿאַרוויגן די קינדער, און דאָס רוישיקע הויז ווערט וואָס אַ מאָל רויִקער און שטילער, ביז ס׳גייט אַריין אין טיפֿן שלאָף.

פּאָר טאָג, ווען די בלאָקייט הייבט זיך אָן צו העלן, דער ים שרייט אַריין אין דער שטילקייט פֿון געסל: ששששאַאַאַ ששששאַאַאַ! — הייבט פּלוצעם אָן קלאַפּן דער מאַטאָציקל פֿונעם מילכיקן, באַהאַנגען מיט צוויי לאַנגע קאַנען, וואָס הילכט אָפּ איבער דער גאַס. דער שוחט זיצט ביים אָפֿענעם פֿענצטער, לערנט אַ בלאַט גמרא הויך אויפֿן קול. קינדערלעך, וואָס ס׳שניידן זיך ביי זיי ציינדלעך, עלטערע, וואָס האָבן אין דער מאָרגן־קילקייט דערפֿילט זייער נאַסקייט, צעוויינען זיך אויפֿן קול. דעמאָלט רייסן זיך אויף מיט כּעס די טעראַסן פֿון די אַריסטאָקראַטישע הייזער אַרום: מענער מיט זיידענע פּיזשאַמעס, דאַמען מיט גלאַנציקע שלאָפֿראָקן גענעצן און קוקן בייז אויף דעם הויז נומער צען. און דער דאָקטער — ווי יעדן טאָג — קען זיך ווידער נישט איינהאַלטן און שרייט אויס: רויִק! מאַן שלעפֿט דאָך! שווײַנערײַ!

די זון שיקט אַרויס אירע ערשטע פֿעדעם. די באַלעבאָסטע, אַן איינגעבויגענע מיט דעם סידור אונטערן אָרעם, גייט אין נאָענטן שולעכל, זאָגן די פּאָר ייִדישע ווערטער. ווען זי גייט אָפּ עטלעכע מעטער — קערט זי זיך אום, און ציילט איבער די דריי שטאָק פֿון איר הויז, די צענדליקער פֿענצטער און באַלקאָנען, קרעכצט און קרעכצט...

1941

# אויף די כוואַליעס פון אַטלאַנטישן אָקעאַן

חיפה איז די שוועל פון ישׂראל. אַ פּאָר טריט נאָר פון פּאָרט, נעמט אייך שוין אַרום דער ריח פון דעם נאַציאָנאַלן מאכל אונדזערן, דער פּאַלאַפּעל, וואָס פּרעגלט זיך אויף די טראָטואַרן אין ברוינעם אייל אין פּאַרקאָפּטשעטע פּאַנען.

אין די פּאָרטגעסלעך אַרום, דרייען זיך טרעגערס און שאָפערן, וואָס רעדן על־פּי־רוב שרייענדיק מיט אַ לאָדזשער יידיש צו ווייבער וואָס פאַרשטייען נאָר רומעניש. גאַזאָז, עספּרעסאָ, פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען און זשורנאַלן. סוווענירס פון מעש־אויסאַרבעטונגען מיט גרינע אילת־שטיינער. פּאָטאָ־אַפּאַראַטן און פילמען. טעקסיס אין אַלע עקן לאַנד. אַלטע מטבעות, אַזוי ווי מען וואָלט זיי איצט אויסגע־גראָבן פון דער מערת־המכפּלה. דאָס אַלץ איז צוגעגרייט פאַר די דורכרייזנדיקע און טוריסטן אויף דער הויפּטגאַס פון ישׂראלדיקן פּאָרט אין חיפה.

אָבער דאָ, אין דער גרויסער פּאַסאַזשיר־האַלע, פילט זיך שוין די ברייטע וועלט. דאָ טרעפסטו שוין מענטשן, וואָס פאַרשטייען נישט קיין עברית, רעדן נישט קיין רומעניש, קענען נישט קיין יידיש. מענטשן באַהאָנגענע מיט כּל מיני אַפּאַראַטן און שפּאַקטיוון, פּלאָנטערן זיך מיט בלאָנדזשענדיקע בליקן צווישן וואַליזעס און פּעקלעך. די בליקן בלאָנדזשען נאָך מן הסתם ערגעץ אין די געסלעך פון דער ירושלימער אַלטשטאָט, איבערן כּינרת און אילת מיט די פּאַרביקע בערג אַרום, כּדי איינצוקריצן עס טיפער און אויפהאַלטן עס אין זכּרון, וואָס לענגער.

אַן אַלט פּאָרפּאָלק פון מאַראָקאָ, ער מיט אַ לאַנגן שווערן כאַלאַט און מיט אַן איינגעהויקערטער פּלייצע, אַ קליין אויסגעביינערט פּנים וואָס שלעפּט אויף זיך אַ גרויסע באָרד, צוויי באָרוועסע פיס אין ריזיקע סאַנדאַלן. זי, אַ דיקע, אַ צעלאָ־בערטע, דער קאָפּ איינגעוויקלט אין אַ שוואַרצן שטאָף וואָס גלאַנצט פון אָפּגע־טראָגנקייט.ביידע שטייען און די טרערן פליסן פון זייערע אויגן.

זיי באַגלייטן אַ זון, אַ בחור מיט וואָנצעלעך, אין אַ געלן סוועטער מיט קראַטענע הויזן. ער האָט זיך באַמיט דערשיינען זייער עלעגאַנט צו דער רייזע. ער ווישט מיט אַ טיכל די אויגן, קוקנדיק אויף זיינע אַלטע טאַטע־מאַמע. ביים צעשיידן זיך האָט די אַלטע מאַמע געקניפּט זיך אין די באַקן, און דער אַלטער איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל ווי אַ פאַרחלשטער.

צווישן אַ סך וואַליזעס און פּעקלעך איז געשטאַנען אַ פּאָרפּאָלק מיט אַ קליין מיידעלע ביי דער האַנט. געשטאַנען זענען זיי אין אַ זייט, אָפּגעזונדערט פון אַלע, שווייגנדיקע, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָלט וואָס שטילער פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אַזוי זענען זיי שטילערהייט אַדורך די קאָנטראָלעס. צוקומענדיק צו די טרעפּ פון דער שיף האָט זי דערהערט פון אים דעם ערשטן געשריי: קום שנעלער! גיטל!

באַלד אויף דער שיף האָט דער ספרדישער בחור מיט דעם געלן סוועטער

באַקומען אַ צעשמייכלט פּנים, און גלייך געשלאָסן אַ פריינדשאַפט מיט אַ שיין קאַנאַדער מיידל. ער רעדט צו איר פראַנצייזיש אָן אויפהער, און האָט שוין פאַרגעסן אַ בליק צו טאָן צו טאַטע־מאַמע, וואָס שטייען נאָך אונטן און נעצן די פּאַרט־שטיינער מיט זייערע טרערן.

די שיף איז פולער געוואָרן מיט מענטשן. פון גריכישע און איטאַליענישע פּאָרטן זענען אויפגענומען געוואָרן אַ סך פּאַסאַזשירן. ס׳איז געוואָרן רוישיקער און טומלדיקער אויף דער שיף. אויפן אויבערשטן דעק ביי די שווים־באַסיינען ליגן אויסגעלייגט פּאַרלעך אין שווים־קאָסטיומען און כאַפּן אַריין וואָס מער די זון־שטראַלן פון מיטללענדישן ים.

ער, אַ שיינער בחור, וואָס רעדט נאָר גריכיש, זיצט נעבן איר אָנגעטאָן אין רויטע מינימום־הייזעלעך, און פאַרכּישופט זי מיט אַ לייכט שמייכעלע. זי, וואָס רעדט נאָר עברית, זיצט נעבן אים אין אַ געלן ביקיני, און פאַרכּישופט אים מיט איר שיין געפאָרעמטער פיגור און ברענענדיקע אויגן. ער שמירט איר די פּלייצע מיט אַ שמעקנדיקן אייל פון אַן עלעגאַנט פלעשל אַרויס. זי שמירט אים די פּלייצע פון דעם זעלבן פלעשל. ביידע ליגן אויסגעצויגן מיט דעם פּנים צום הימל, צו די זונשטראַלן, און ביידע הערצער הייבן זיך אַרויף און אַראָפּ, און בלישטשען אונטער די זון־שטראַלן גלייך צום הימל אַרויף מיט גלאַנציק גאָלד. אויף זיין האַרץ אַ גרעסערער גאָלדענער צלם. אויף איר האַרץ אַ קלענערער גאָלדענער מגן־דוד.

פּאָר נאַכט זענען זיי ביידע געזעסן אין דעם שטילן שרייבזאַל, און אונטער די מאַטע שויבן האָט זי געשריבן אַ בריוו צו איר ליבן אין רמת־גן, און ער, צו זיין ליבער אין אַטען.

ווען די שיף איז אַדורך דעם גיבראַלטאַר איז זי באַפאַלן געוואָרן פון ווינטן, רעגנס און הויך־שוימיקע רוגזהדיקע כוואַליעס. די דעקן זענען ליידיק געוואָרן פון מענטשן. אין די קאָרידאָרן גייען וואַקלענדיקע מענטשן, וואָס כאַפּן זיך בּסדר פאַר די פּאַרענטשעס. אויף יעדן מעטער ליגן שוין פירקאַנטיקע קאַרטאָנדלעך, וואָס זענען באַשטימט אויף נישט שמוציק צו מאַכן די דיוואַנען.

צום אָוונטברויט זענען שוין געבליבן אַ סך ליידיקע פּאָטעלן. די באַזעצערס פון די פּאָטעלן ליגן אין זייערע בעטן, ווער ווייסט אין וואָס פאַראַ מעמד. צוגעגרייטע קאַטשקעס, סטעיקס, טאָרטן און קאָמפּאָטן זענען נעבעך געבליבן ליגן פאַריתומטע ערגעץ ווו אין דער קיך.

די נאַכט איז אַן אומעטיקע. די קאָרידאָרן זענען ליידיק. די עלעקטרישע לאָמפּן ברענען אויך אומעטיקער. אַ סטיואַרד זיצט אין אַ ווינקל און גענעצט, און איבערן לאַנגן ליידיקן קאָרידאָר לויפט אַ פּאַראַיינזאַמט מיידעלע מיט צעשפּרייטע הענטלעך און מיט אַ צו לאַנגער פּיזשאַמע, און שרייט יאָמערלעך מיט אַלע כּוחות: „הביתה! אני רוצה הביתה!"

1968

# דעם ים אַנטקעגן

אַ ים מיט ליכט קעגן אַ ים מיט וואַסער. אַ פֿאַראייניקטער ליאַרעם פֿון פֿידל, סאַקסאָפֿאָן, דזשאַז און טרומייט קעגן ברויזנד־צעשטורעמטע כוואַליעס.

איז תּל־אָביב מיט איר בלענדנדיקער ליכטיקייט פֿון הונדערטער טויזנטער לאָמפּן אַרויס קעגן דער נאַכטיקער פֿינצטערניש פֿון אַ ברייטן אומענדלעכן ים.

זענען די טישן באַדעקט מיט סערוועטן, באַשטעלט מיט שוימיקן ביר. זענען די פֿאָטעלן ברייטע, געבעטע, באַזעצט מיט לאַכנדיקע באַלעגופֿים. אַ געלעכטער פֿון חוצפּהדיקער זאָרגלאָזיקייט קעגן אַ שטורעמדיקן ים־געברום. אַ שוים פֿון הויכע גלעזער ביר קעגן אַ שוים פֿון אַ כּעסיקן ים.

ביי טאָג ליגט דער גאַנצער ים־ברעג — פֿון די מעטשעט־שפּיצן אין יפֿו, די קאַנטיקע דעכער פֿון די תּל־אָביבער הייזער ביז די זאַמדיקע בערג און מצבֿות פֿון אַראַבישן בית־עולם, וואָס נעבן דעם ירקון — באַדעקט מיט איין העלקייט, מיט איין קאָליר: אַ גאָלדענער קאָליר פֿון אַ ברייט־צעשטראָלטער זון.

אָוונט, ווען די העלקייט פֿאַרשווינדט און אַלץ ווערט פֿאַרוויקלט אין דער מילדער נאַכט־בלאָקייט, ווען אַ פֿולע לבֿנה בייגט זיך אַראָפּ וואָס נידעריקער פֿון די טיפֿע גראַנאַטענע הימלען, גייט תּל־אָביב אַרויס מיט איר גאַנצן רעש און פּראַכט. אָן אויסגעצירטע אין איר גאַנצן בלענדנדיקן לוקסוס, שטעלט זי זיך אָוועק ביים סאַמע פֿראָנט פֿון ים, מען זאָל זי זען, די יונגע, לעבנס־צאַפּלדיקע, די פֿאַר־ריסענע, די חוצפּהדיק־מאָדערנע, ווי זי שטייט אַ באַצירטע מיט עלעקטריע, ווי פֿינקלענדיקע בריליאַנטן, דימענטן, פֿון קאָפּ ביז פֿיס. זאָל זי זען, די פֿאַרעלטערטע ברוגז־געוואָרענע שוועסטער אירע, יפֿו, וואָס קוקט אַהער אַ פֿאַרפֿינצטערטע, אַ רעזיגנירטע, אַ מוטלאָזע, און שיקט אַהער וויסטע קללות צו איר איינציקן שׂונא, איר יינגערע שוועסטער תּל־אָביב.

תּל־אָביב איז אַריין אין דער מיט, צווישן יפֿו און איר בית־עולם, און אין אָפּשיין פֿון איר ליכט, ליגן זיי ביידע — יפֿו מיט איר בית־עולם — אין איין פֿינצטערניש און אין איין טויטקייט.

קומען זיי אַהער, די איינוווינערס פֿון יפֿו. פֿאָרנוויינ קומען זיי אָן, אין יום־טובֿדיקע מלבושים, פֿון שטילע אומעטיקע געסלעך, אַהער צום ברייטן תּל־אָביבער ברעג, צו ליכט, מוזיק און טאַנץ.

— וואָס גאָפּסטו, מאַכמוד?

— ניין, דאָס זענען נישט די געזאַנגען, וואָס דו ביסט געוווינט צו הערן פֿון דיין פּריסטער יוגנט אָן. ניין, דאָס זענען נישט די איינטאָניקע, ליידנדיקע ניגונים, וואָס ווערן ביי אייך געזונגען מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, באַגלייט מיט טיפֿע קרעכצן. דאָס איז נישט דאָס געזאַנג פֿון לייד, פּיין און בענקשאַפֿט. דאָס איז אויך נישט

דאָס געזאַנג, וואָס דו האָסט אַ מאָל געהערט אויף דעם זעלבן אָרט, ווען דאָ זענען נאָך וויסטע זאַמדן געווען. דאָס געזאַנג פון יונגע, קרעפטיקע בויערס, דאָס געזאַנג, וואָס האָט געהויבענע הענט און פיס אין דער לופט און אָפּגעקלונגען מיט אַ הילכיקן עכאָ. דער תּל־אָביבער ברעג זינגט היינט דאָס געזאַנג פון פּודער, רוזש און פלירט, דאָס געזאַנג פון סאַלאָן. זעסט, מאַכמוד, ער האַלט זי אַרומגענומען, צוגע־דריקט צו זיך, זיי וויגן זיך ביידע, דאָס איז אַ פּאָקסטראָט.

— וואָס גאַפּסטו, מאַכמוד?

— זי איז אַ שיינע, האָ? און די צווייטע? די דריטע? די צענטע? אַלע זענען זיי שיינע. און דאָ, פון די הילצערנע טרעפּלעך לאָזן זיך אַראָפּ אַרומגעאָרעמטע פּאָרלעך צום שמאָלן פּאַס זאַמד, וואָס ליגט דאָ צווישן דעם שטורעמדיקן תּל־אָביב און דעם שטורעמדיקן ים, באַהאַלטן זיי זיך אין דער טונקלקייט פון הינטער די גרויסע בערג. און דו, הייס־בלוטיקער מאַכמוד, צאַפּלסט פון רייץ, אין דיין גאַנץ לעבן האָסטו געזען פרויען פאַרהילטע, פאַרדעקטע אין שוואַרצן. זאָרג נישט, מאַכמוד. פרויען זענען שוין פאַראַן אַ סך, און ליבע באַקומט מען אויך דאָ פאַר גראָשנס.

שאַרן זיך פיס, פיס, הונדערטער, טויזנטער פיס איבערן ברייטן טראָטואַר ביים ברעג פון ים. טריט ווערן געטאַמעוועט אין ענגשאַפט, פאַרבלאָנקעט צווישן זיי אַ פּאָר הויכע נאַקעטע פיס, אָנגעצויגענע אין גרויסע סאַנדאַלן.

— העי, אַבראַשאַ! ווי קומען דאָ אַהער דיינע נאַקעטע, באַאָדערטע פיס? אַבראַשאַ, דו יונג פון פעלד, מיט די גראָבע צעעפנטע דלאָניעס, וואָס זענען גרייט יעדע ווילע צו נעמען דעם אַקער. ווו קומסטו אַהער מיט דיין ווייסער רובאַשקע? ביסט געקומען צו גאַסט. דאָס דאַרף ביי דיר איז אויפגערודערט צוליב דער חוזק־פּאָליטיק פון דער הערשנדיקער מאַכט. דאָס דאַרף האָט אַזוי פיל געליטן, און ליידט נאָך איצט, אַזוי פיל בלוט אָוועקגעגעבן. ביסט גערעכט, אַבראַשאַ, נישט שווייגן, מיט שטורעם אַרויס. אָבער וואָס טוסטו דאָ איצט ביי נאַכט אויפן „שׂפת־הים״? מיינסט אפשר אַ דעמאָנסטראַציע? אַ פּראָטעסטצוג? כאַ־כאַ־כאַ, האָסט אַ טעות. קוק זיך אום, זעסט, דאָס איז אַ טאַנגאָ, הערסט אַבראַשאַ. „דו האָסט מיך איין מאָל געקיסט, איך האָב דיך צוויי מאָל געקיסט״. הער, אַ קאָמפּראָמיס צווישן יידיש און העברעיש, מען רעדט דייטש, פּויליש, רוסיש, ענגליש, יאָ, ענגליש! שמענדריק אין תּל־אָביב רעדט שוין ענגליש!

שאַרן זיך פיס, פיס, הונדערטער, טויזנטער פיס. דער ווייזער פונעם העל־באַלויכטענעם פירקאַנטיקן זייגער, וואָס הענגט אין דער הייך איבערן האָטעל, רוקט זיך צו צוועלף. פּאָרלעך, פעסט־געאָרעמטע, גייען שוין שווייגנדיק... דער מענטשן־שטראָם, אַ לויזער, אַ צעוואָרפענער שוין, ציט זיך צוריק אַריין אין דער ברייטער אַלענבי־גאַס, און פאַרשווינדט אין די זייטיקע ווייטע און נאָענטע געסלעך. ערגעץ ביי אַ טישל זיצט נאָך אַ פּאָרל, וואָס האָט נאָך נישט פאַרענדיקט דעם לאַנגן סודות־דיקן שמועס. דער עלעגאַנטער אַראַבער מיט די שפּיציקע וואָנסעס זיצט נאָך אַזוי ווי פון אָנהייב אָונט אָן ביי דעם זעלבן טישל אין סאַמע פראָנט. מיט אָנגע־שטרענגטע, פאַרלאָפענע אויגן פונעם כסדרדיקן נאָכקוקן נאָך די וויגנדיקע היפטן פון די דורכגייענדיקע מיידלעך.

אויף דער ברייטער טעראַסע פון סאַן־רעמאָ־קאַפע שפּילט שוין דער אָרקעסטער

דעם לעצטן וואַלס. עטלעכע קעלנערס אין ווייסע רעקלעך מיט שוואַרצע שניפּסן רוקן נערוועז די שטולן, און אַ צען פּאַרעקשנטע פּאָרלעך כאַפּן אַריין מיט ברען דעם לעצטן טאַנץ.

אין דער קליינער קאַפּע מיט די גרינע ווענט שפּילט דער פּאַטעפאָן אַ נייעם דזשאַז־שלאָגער לכּבֿוד דער גרופּע ענגלישע זעלנערס, וואָס טרינקען שוין די צוואַנציקסטע פלאַש ביר און שטיפן מיטן בעל־הביתס טאָכטער.

דער ים רוישט און רוישט, די ווייזערס פון פּירקאַנטיקן באַלויכטענעם זייגער גייען אַריבער די צוועלף, און ווערן אויסגעלאָשן. פאַרלעשט זיך איינציקווייז אַ לאָמפּ נאָך אַ לאָמפּ, דער רייכער באַגדאַדער ייִד מיטן בריליאַנטענעם רינג אויף אַ לאַנגן דאַרן פינגער, אָן אָנגעפּאָיעטער מיט ביר און מיט שוואַרצער קאַווע, כאַפּט זיך אויף נאָכן לאַנגן דרימלען ביים טישל, גענעצט זיך אויס, דערמאָנט זיך אין זיינע געשעפטן, אין זיינע הייזער, און גייט פויל אַוועק.

די מאַדאַם פרידל, אַ דייטשקע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע, אַ מיאוסע, אַ דאַרע, איז אָבער אַן אייגנטימערין פון אַ גרויסער ברייטער קאַפע, זיצט שוין אַ מידע אויף אַ שטול מיט אַן אָנגעדראָלענעם האַלדז אָדערן, פון שרייען אַ גאַנצן טאָג אויף אירע אַכט יונגע קעלנערינס.

דער קעלנער פריץ, וואָס קאָקעטירט מיט זיין שלאַנקייט, לויפט, פאַר אַ גוטן באַקשיש, אָפּגעבן דאָס בריוול פונעם יונגן אַראַבישן מאַגנאַט דער בלאָ־אויגיקער הדסה, וואָס אַרבעט אין קיך ביי דער מאַדאַם פרידל, ווו ער שרייבט, אַז ער וואַרט אויף איר מיט זיין אויטאָ, ער איז זייער רייך, און געלט איז ביי אים ווי מיסט... ווערט די מאַדאַם אויפגערעגט און שרייט, אַז ס'איז אַ פרעכהייט, וואָס קעלנערס פון צווייטע קאַפּעען מישן זיך אין אירע געשעפטן.

לעשט זיך אַ לאָמפּ נאָך אַ לאָמפּ, דער ים רוישט שטאַרקער, העכער, מיט נצחון קעגן דעם תּל־אָבֿיבֿער ברעג. דער מוזיקער הערמאַן, וואָס האָט קראַנקע לונגען פונעם בלאָזן צוואַנציק יאָר אין אַ טרומייט, הוסט אָנגעשפּאַרט אין אַ לאָמטער, און שפּייט אויס מיט לייכעץ די טאַנגאָס, פאָקסטראָטן און וואַלסן, וואָס זיינע קראַנקע לונגען האָבן היינט אויסגעבלאָזן.

אויף די הילצערנע טרעפּ, קריכט אַרויף אַ פאַרשפעטיקט פּאָרל פון הינטער די זאַמדיקע בערג, אַרומגעאָרעמטע, שוויַיגנדיקע און מיט צעקנאָדערטע מלבושים.

איינציקע יונגעלייט דרייען זיך אַרום, אָפּוואַרטנדיק זייערע יונגע ווייבלעך, וואָס ווערן איצט פריי פון דער אַרבעט. שוואַרצע באָרוועסע תּימנער קינדער, נאָרען זיך נאָך אַרום, ווי נאָכטמייז, און זוכן זיך צוצושעפּען צו ווּעמען, וואָס זאָל זיך נישט קאָנען באַפרייען, און מוזן קויפן ביי אים אַ פּאָר שיכבענדלעך.

צוויי עלטערע ייִדן, בעלי־בתּים פון הייזער, וואָס האָבן צייט צו שלאָפן אין מיטן טאָג, האָבן קוים איבערגעוואַרט דעם טומל פון תּל־אָבֿיבֿער ברעג, און לאָזן זיך איצט אויף אַ בנעימותדיקן שפּאַציר און אַ הייסן וויכּוח וועגן פּאָליטיק.

שטולן, טישן ווערן צונויפגעלייגט אין הויכע פּיראַמידן. שטאָרעס לאָזן זיך אַראָפּ מיט אַ טראַסקעריי. טירן שליסן זיך, און איינער נאָכן אַנדערן לאָזן זיי זיך אַרויס, די קעכינס, געהילפן, קעלנערס און קעלנערינס, מיט פּעקלעך עסן, וואָס מען באַקומט אויפן מאָרגנדיקן פרישטיק.

די שיינע עלזע, וואָס דער מאַן וואַרט אויף איר יעדן אָוונט, גייט אַהיים אַ פאַרוויינטע און דערציילט דעם מאַן אירן (וואָס איז קראַנק אויפן מאָגן און קאָן נישט אַרבעטן), אַז די בעל־הביתטע מאַכט איר סקאַנדאַלן פאַר וואָס זי שמייכלט נישט צו די געסט, און אַז לוסיע האָט היינט באַקומען אַ קניפּ פון אַ פרענק, וואָס האָט געגעסן אַן אָונטברויט פאַר זעכציק פּיאַסטער.

די קליינע רבקה גייט אַהיים אַן איינזאַמע, אויף איר וואַרט נישט קיינער. זי איז אַ קיילעכיקע יתומה, רייבט טעפּ ביי דער מאַדאַם פרידל אין קאַפע, און טראָגט אַלע נאַכט אַהיים צוויי צעקאַליעטשעטע הענט.

דער קעלנער מאַקס, וואָס האָט געטראַכט אין דייטשלאַנד, אַז ער וועט דאָ שטודירן אויפן ירושלימער אוניווערסיטעט, גייט אַהיים אַ צעטראָגענער, וואַרפנדיק אין דער לופט וויסטע קללות, ווייל ס'האָט אים געפעלט צו דער קאַסע אַ פונט, אַזוי אַז דריי טעג האָט ער געהאָרעוועט בחינם.

דער אייגנטימער פון קאַפע „פיקי", וואָס פאַרשליסט דער לעצטער די קראַם, כאָטש ער לייזט וויניקער פון יעדן, און שטייט אין אַ וואַקסנדיקן דעפיציט. ער קוקט אַ פאַרטראַכטער אין דער ווייטקייט פון ים, אויף ביידע זייטן פון תל־אָביבער ברעג, פון וואַנען ס'שטראָמט נישט קיין זייער שטאַרקע ליכט, ווו ס'וואַקסן אפשר פּרדסים, ווו מען זעט נישט קיין מענטשן מיט אַזעלכע ברייטע גלאַנציקע פּליכן, ווי ער האָט.

לעשט זיך אַ לאָמפּ נאָך אַ לאָמפּ, איינצלנע לעצטע שטראַלן ווי נאָדלען, ווי שפּיזן, שטעכן אַדורך די שוימיקע כוואַליעס, וואָס שטורעמען אַקעגן מיט נצחון.

אין דער ווייטער פינצטערניש פינקלען פייערלעך. אַ שיף נענטערט אַהער. אַ שיף זיכער פון מרחקים געקומען, און געברענגט מיט זיך סחורה פאַר תל־אָביב: סאַרדינען, האָלץ, געטריקנטע פרוכט, זיידנשטאָף, פודער, ליפּן־פּאַסטע. די פייער־לעך דערנענטערן זיך נענטער, נענטער. און אפשר פירט זי מיט זיך אַ פאָר פאַר־מאַטערטע חלוצים, וואָס וויינען פון פרייד, וואָס זיי דערנענטערן זיך צו דעם ברעג?

1937

# אַלט־יפו

## רעפּאָרטאַזש

ביים יפוער ברעג רוט אַ פאַלק. געסלעך, געסלעך וויקלען זיך איינס אין אַנדערן, הייזער ווי חורבות, היילן אָפּגעפּליקטע, מיט נאַקעטע צעפוילטע ווענט. אַלט־יפו רוט אין איר אייביקן דרימל. שטיינער האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט, צונויפ־געדריקט, קופּעס אויף קופּעס, שטיינער קרעציקע, קראַנקע, צעפוילטע, אָנגעזאַפּט מיט סודות פון אַ סך הונדערטער, הונדערטער יאָרן. צונויפגעקוועטשטע געסלעך,

מוראַדיקע ווענט, ווי אַלטע, אַלטע ריזן היטן די סודותדיקע שטילקייט אין שאָטן.

טירן ווי אייביק־פֿאַרשלאָסענע, פֿענצטער שווער־פֿאַרלאָדנטע, הויך־פֿאַרשטויבטע, ווי נאָך נישט באַרירט פֿון קיין מענטשלעכער האַנט. פֿון האַרט־ליימיקע שפּאַרעס, צווישן די שטיינער־מויערן, ציִען זיך אַראָפּ פֿאַרבלעטערטע צווייגן, געוואַקסן פֿון פֿאַרבאָרגענע זאָמען.

ווענט פֿינצטערע, פֿאַרפֿוילטע פֿון הייליקייט און תּפֿילה, קראַנקע און קרעציקע פֿון זנות, אָטעמען מיט אַ פֿייכטקייט.

טרעפּ פֿירן אַרויף, אַראָפּ אין פֿאַרבאָרגענע וועגן, טרעפּ פֿון שטיינער, אויסגעגליטע פֿון באָרוועסע פֿיס. ריטשקעלעך פֿליסיקייטן פֿליסן ביי די ווענט מיט אַ געשטאַנק פֿון השתּנה, פֿליסן ווי צו אַ באַשטימטן פּלאַץ. וווּהין? פֿון וואַנען?

און אויבן, גאָר אויבן, טרעפּ איבער טרעפּ, מויערן איבער מויערן, רייסט זיך אַ שפּיץ פֿון אַ קלויסטער אינעם זוניקן הימל, צעבאָמקלט זיך אַ גלאָק, רופֿט און וואָרנט די זינדיקע וועלט.

שלייכט זיך אַ הייליקער אַדורך, אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט אַ שוואַרץ מיצל ווי אַ קוימען, אַ הייליק ווײַרויך־פּנים אַרומגענומען מיט אַ ברייטער שוואַרץ־זילבערבאָרד, און אַ שווער פֿאַרפֿלאָכטענעם האָרקניפּ איבערן קאַרק.

גייט אַ באָרוועסער בעל־תּשובֿה, פֿלעדערט זיך אַ ברוין קלייד, באָמבלט זיך אַ צלם אויף קרעלן, קוקן שרעקיק אַ פּאָר מאַטע אויגן פֿון אַן אַש קאָליר־פּנים מיט אַ קליין יעזוס־בערדל, אַ מיצעלע, אַ ברוין קיילעכדיקס, ווי אַ שאָל פֿון אַ קאָקאָסנוס, ליגט ווי צוגעוואַקסן צום שאַרבן. קוקן צוויי קינדערישע אייגעלעך אַרויס פֿון אַ טירשפּאַרע, אפֿשר פֿאַרבלאָנקעט ווער אַהער אַ פֿרעמדער, אַן איראָפּעער, און וואַרפֿט אַ באַקשיש אין דעם קליינעם פֿלינקן הענטעלע.

און הינטן, הײַזלעך הינטער הײַזלעך, פֿוילע ריחות, בייזע קעץ מיט לאַנגע שווערע ווידלען. יעדע קאַץ קוקט דיך אָן, באַטראַכט דיך געַנוי, פֿאַרשווינדט גיך אין די לעכער, גלייך ווי זי וואָלט געאײַלט אָנזאָגן דאָרט ווער ס׳איז געקומען.

אַ געסל רעכטס, אַ טיר עפֿנט זיך קוים, און אין דער שמאָלער דערעפֿענונג, באַווײַזט זיך אַ פֿרוי, אַ ברייטע צעלאַבערטע, בריסטן האַלב אַנטבלויזטע, אַ טאַטויִרט פּנים מיט גרינע שטערנדלעך, נישט געזשאַלעוועט גאָרנישט צו איר שיינקייט, ברייטע שיטערע באַקן מיט אַן אַמאַראַנט רויטער קאָליר, טיפֿע שוואַרצע ראַמען אַרום די אויגן, און אַלץ גלאַנצט, פֿריש מיט בוימל. הינטער איר ווײַזט זיך נאָך אַ קאָפּ, אַ קאָפּ פֿון אַ העל שטיקל אונטערוועש, אַ קאָפּ מיט געדיכטע האָר געפֿאַרבט אויף אַן אָראַנזש־קאָליר, אַ האַלב אָפּגעפֿוילטע נאָז און ביידע שושקען, וואַרפֿן מיט איין מאָל אַ וואָרט אַ שטילס, אַזוי שטיל ווי די לופֿט דאָרט: טעאַל... (קום)

אַן אַראַבער מיט וואָנצעס, באָרוועסע פֿאַרבלאָטיקטע פֿיס, אָנגעגורט מיט אַ שטריק און אַן אײַזערנער האָק, — אַ פּאָרט־אַרבעטער גייט. ער גייט אַוועקטראָגן זײַן שווייסיק פֿאַרדינסט אין באָרדעל.

קרעכצט איבער די טרעפּ אַן אַלטער נעגער, וואָס טראָגט אַ לאָגל וואַסער. לאָגלען וואַסער טראָגט מען אין די אַלטע יפֿוער מויערן, וואַסער צו שווענקען טמאַ הענט און פֿיס, וואַסער צו הייליקע צוועקן, וואַסער אין אַלע פֿאַרדעכטיקע הײַזער, ווו פֿון דער שמאָלער טיר־דערעפֿענונג הערט זיך אַ שושקען: טעאַל, טעאַל...

פון געסל צו געסל, אַלץ שטיינער, שטיינער ווי אַ פעסטונג פאַר אייביק־פאַר־משפּטע.

אַן אַנדערע געגנט, אַ געגנט פון אינדוסטריע אינעם אַלטן יפו. רויכערן ריזיקע קוימענס איבער פאַבריקן, מעכטיקע שיפן צעפּערטלען די אָקעאַנען, שניידן ערד־פּלאַנען די וואַלקנס אַדורך, פאַרצויגן דעם ערדקוגל מיט אַ געוועב פון ראַדיאָ־כוואַליעס. וואָלקנקראַצערס לעכערן די הימלען. — ליגט ביי אַ ברעג פון מיטל־לענדישן ים, אַן אַלטער שטאָטפּערטל יפו, אַן אַלטע, אַלטע זקנה, וואָס לאָזט נישט איבער איר שוועל די ווילדע ציוויליזאַציע און טעכניק.

קוועטשט מען ביי איר איַיל, מיט דער הילף פון אַ קעמל, וואָס איז איינגעשפּאַנט אין אַן אַקס, דרייט זיך אַ מאָדנער גרויסער ראָד, אין אַ געוועלב ווי אַ גרויס לאָך.

דאַרף מען שילדן, רעקלאַמעס, אַז פון דערוויטנס פילסטו דעם ריח פון איַיל? אַזאַ ריזיקע וואַנט פון אַ מויער איז פעט פון איַיל, אַז די שטיינער אַרום גלאַנצן פון איַיל און אינעווייניק, כאַטש נעם דעם אַראַבער מיט זיינע אַלע זעק און שמאַטעס, צוזאַמען מיט דעם קעמל, און קוועטש, קוועטש איַיל.

אָט ציט איינער אַ דראַטווע ביי אַן אַלטן פּרימיטיוון שוך, ווי אַ המן־טאַש. אָט איז אַ טאָקעריי: אַ דרייבאַנק, צונויפגעשטעלט ווי פון קינדערשע רעדעלעך. דער טאָקער זיצט אויף דער ערד, ציט אַ בייטשל, וואָס באַוועגט די „מאַשין”. מיט דער צווייטער האַנט האַלט ער דעם ציביק פון דער נאַרגילע, און צווישן די פינגער פון פוס ליגט דאָס אייזן, וואָס דער פוס פירט עס צום האָלץ. שניצן זיך שאָלן, שפּענער, טאָטשעט זיך אַ שטיקל האָלץ רויק און זיכער, אַן טייוולאָנישע קונצן, אַן עלעקטרישע מאָטאָרן, טראַנסמיסיעס, קאָנטאַקטן.

העגנט אַ זייטל שעפּסנפליש ביי אַ טיר, איז עס אויסגעצירט, ביים סאַמע הינטן אַ ציטרין, אַ טאָמאַטע, און אַ גרינע פּאַפּריקע. און אַ ריח נעמט אַרום, אַ ריח פון שאַשליק, פריש געבראָטן, אַ ריח, וואָס דערוואָרגן קאָן מען ווערן פון תענוג... אַ פּאַרקאָפּטשעטער אַראַבער זיצט אויף דער ערד ביי אַ פאַרזשאַווערט אייזן קעס־טעלע, און בלאָזט אין ווייכע גליִיקע קוילן. פונקען הייבן זיך אין דער לופט און פלייש בראָט זיך אויף שפּיזן. געסט, אויסגעזעצטע אויף דר'ערד, וואַרטן געדולדיק אויף אַ פּאָרציע שאַשליק.

יפו, דאָס אַלטע שטיקל יפו, וואָס ווערט פון אַלע דריי זייטן געטריבן, געטריבן פון יונגע פלינקע צוציקעס, וואָס צעטרענצלען דאָס אַלטקייט, צעמאָלט עס אויף שטויב, און שאַפט נייעס, שענערס, געזינטערס, מאָדערן און מיט העלע יוגנט־פאַרבן.

די אַלטע זקנה, יפו, אַרומגענומען מיט איר ביסל פאַרפוילט האָב און גוטס, שטייט אַן אַרויסגעשטויסענע מיט איר גאַנצן באַרג אַלטקייט ביים ברעג ים, אַ בייזע, אַן אויפגעריסענע. פענצטער ווי אויסגעטריפטע אויגן, טירן, לעכער, ווי אַנציינדיקע מיילער, ווענט, קופּאָלן, ווי אַ געל פאַרוועלקט לייב מיט אויסגעטריקנטע פּאָקן. אָפן שטייט זי, הויך פאַר דער וועלט, געטריבן פון אַלע דריי זייטן, ווי צו שפּרינגען אין ים אַריין. שיפן קומען אָן, גייען אַוועק, באַגריסן זי מיט אַ לאַנג מאָנאָטאָן רעוועז.

און אונטן ביים ברעג ים איז שוין געגאָסן אַ נייער בעטאָן, פאַרגנבעט נאָך אַ פּאָר מעטער אין ים אַריין. כוואַליעס יאָגן זיך בייזע און שטויסן זיך אָן אין נייע בעטאָנענע ווענט.

ביי די ברעגן ליגן צענדליקער בעדוינער, חורנער, צונויפגעקומענע פון מדבריות, פון ווייטע פאַרוואָרפענע סטעפּעס. ליגן און זיצן אין דער פולסטער באַקוועמלעכקייט. ציט ער זיך אַריבער די פּאַלעס פון דער אַבאַיע איבערן קאָפּ, זיצט ער שוין אין אַ געצעלט, און ביי זיך אין געצעלט פילט ער זיך שוין אין גאַנצן פריי. איז דער קאָפּ פאַרטאָן ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגן אָרט, זוכט און קוקט... ציט זיך יעדע ווילע אַרויס אַ האַנט פון אונטער אַזאַ געצעלט, און וואַרפט עפּעס אַריין אַ קלייניקייט אין ים...

שטייט איינער ביי אַ קעסטל מיט פאַרגרעסער־גלעזלעך, אַ באַהאַנגגנס מיט קרעלן, פּליטערלעך, רויטע פּאַפּירענע רויזן און קלאָגט אויס עפּעס אַ לידל: יאַ, סאַלאַם, יאַ, סאַלאַם. פיר פּאָר אויגן קוועטשן זיך אַריין אין פיר לעכער, דאָס קעסטל טרייסלט זיך וואָס אַ מאָל נערוועזער — יאַ בייע! (טאַטעלע!) מען זעט! מען זעט דעם פּאָרט פון „סקאַנדריע”, אַבו דזשילדען מיט אַ שווערד, סתּם שיינע קעניגינס, און פרויען אין חוהס קליידער, אַ וועלט מיט שיינקייט און רייץ.

ים־כוואַליעס רוישן און שווענקען זיך איינע איבער די אַנדערע, אַ קליין קלאָגעדיק שטימעלע ציקלט אַ לידל ביי אַ קעסטל מיט פאַרגרעסער־גלעזלעך: יאַ סאַלאַם, יאַ סאַלאַם.

אַן אַראַבער מיט אַ געלער באָרד זיצט פאַרלייגט די פיס פון הינטן, אַרומגעוויקלט דעם קאָפּ מיט אַ שניי־ווייס האַנטעך, גלאָצט די אויגן מעשה נביא, צוויי בלייפעדערס אין יידע זייטן איבער די אויערן, אַרומגעלייגט מיט ביכער אָנגעשריבענע פּאַפּירלעך, און זאָגט נביאות פון אַן אויסגעשפרייט טיכל אין זאַמד.

אין די קאַפעען איז פול, אַ טעראַסע פאַרהאַנגען מיט ראַגאָזשעס קעגן דער זון. זיצן כאַדזשים, עפענדים, פאַלאַכן און סתּם עולם. ווייסע זיידענע קעפּיעס, רויטע טאַרבושן, בונט־פאַרביקע קליידער. ציט מען פויל די נאַרגילעס, טרינקט מען קליינע שעלעכלעך קאַווע און מען קוקט. גרויסע שוואַרצפלאַמיקע אויגן, דריי־פּערטל פאַרדעקטע מיט וויעס, קוקן מעלאַנכאָליש אויף דער וועלט. קאַליקעס, קריפּלען מיט אויפגעדעקטע ווונדן, שלעפּן זיך פאַרביי, שטרעקן אויס הענט און בענטשן מיט אַללאַ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס אַלטע דרימלענדיקע יפו האָט נישט קיין מנוחה אויף איר עלטער. פון דריי זייטן ראַיעט אַרום איר אַ ניי צאַפּלדיק לעבן. און פון פאָרנט שטורעמט איר אַנטקעגן אַן אומענדלעכער צעכוואַליעטער ים, וואָס ווערט נישט מיד קלאַפּנדיק זיך אין די אַלטע פעלדזנשטיינער און אין די נייע בעטאָנענע ווענט, באַגלייט מיט קולות פון הונדערטער, הונדערטער פאָרט־אַרבעטער.

יפו, 1936

# אינהאַלט



## הומאָרעסקעס

## דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן